יאָסל קאָהן



# ביים ראַנד פון אָנהויב



ארויסגעגעבן פון
יאסל קאהן בוך קאמיטעט
ניו-יארק 1960

# BAM RAND FOON ONHOIB

## AT THE EDGE OF THE BEGINNING

ESSAYS ABOUT POETRY, WRITERS

AND

LITERARY CRITICISM



שער־בלאַט און אותיות האָט געצייכנט

בנימין קאָפּמאַן

„אַ פראַגמענט", „ביים לערנען", „ל"ג בעומר־טאַנץ" האָט געצייכנט

הערשל דאַנילעוויטש (הערי דעניעלס)

209

# אַ שבח

דוד דובינסקי. זיין התחלה האָט דערמוטיקט און האָט מעגלעך געמאַכט אַרויסגעבן דעם בוך. דובינסקיס פריינטשאַפט צום אידישן שעפערישן מענטשן איז שוין אַ שם דבר. זיין באַציאונג לויכטיקט מיט ליבשאַפט.

**
*

## אַן אויסגעטיילטן דאַנק

די טוער פון קאָמיטעט: ישראל ברעסלאַוו, לואיס נעלסאָן, הענעך מענדלסאָן. און דעם קאָמיטעט: מאיר קראַוועץ, לואיס ראָזנטאַל, מאַרטין ל. קאָהן, טשאַרלס זימערמאַן, יעפים ישורין, נחום כאַנין און לואיס סיגאַל.

**
*

מיט ליבשאַפט האָבן געהאָלפן די טרייד יוניאָן פירער: גדליה רובין, מאו פאַליקמאַן, פיליפ לובלינער, הענרי שוואַרץ, שעלי אַפּלטאָן, מאָריס קאָוולער, וויליאַם שוואַרץ, מעטיו שאָנוואַלד, הערי גרינבערג, מאַקס גאָלדענבערג, טשאַרלס קריינדלער, לואיס סטאָלבערג, מאָרי גראָס, הערי פישער, בענדזשאַמין קאַפּלאַן, אברהם מילער, יואל מעניסט.

**
*

אַ יישר־כוח אויך די כלל־טוער: דוד סאָן, נייטן פּאָרמאַן, לואיס וויזן, עליאַס דויטש, לאה שטיינבערג, רעימאָנד געבינער און דעם שריפט־שטעלער בערל בוים.

**
*

אַנאַ האַסקל־קריינדלער, האָט צוגעטראָגן אינטערעס צו דער מעג־לעכקייט, אַז דאָס בוך זאָל קענען אַרויסגעגעבן ווערן.

אהרן קארלין און מרדכי יפה האָבן מיטגעהאָלפן אין דער טעכני־שער אַרבעט.

## ביכער פון יאָסל קאָהן

„שטאָט" (לידער), ניו־יאָרק, 1926.

„פון יענער זייט ים" (לידער), מאָסקווע, 1931.

„קרומע וועגן" (לידער), ניו־יאָרק, 1936.

„דער מאָרגן איז אייביק" (לידער און פּאָעמען), ניו־יאָרק, 1948.

„ווי נעכטן געשען" (אויטאָביאָגראַפיע, ערשטער טייל), ניו־יאָרק, 1953.

## גרייט צום דרוק

צווייטער טייל אויטאָביאָגראַפיע
באַנד לידער און פּאָעמען
עסייען וועגן אידישע בעלעטריסטן

די וואָס ווילן מעגלעך מאַכן, אַז די ווערק זאָלן דערשיינען, קענען צושיקן אַ ביישטייערונג אָדער אַבאָנאַמענט צום מחבר.

ביזן חודש סעפּטעמבער, 1960, אויף דעם אַדרעס:

YOSL COHEN, 2950 Ocean Ave., Brooklyn 35, N. Y.

נאָכן חודש סעפּטעמבער, 1960, אויף דעם אַדרעס:

YOSL COHEN, 264 East Broadway, New York 2, N. Y.
Apt. C. 1003

## באַמערקונג

אין דער עסיי „באַדעונהיים מיט דער זון צוקאָפּנס" ווערן דערמאָנט: „גריניטש ווילעדזש": קוואַרטאַל אין ניו־יאָרק, וואו עס וואוינען קינסטלער. „דאָבעליו־פּי־עי": אין דער קריזיס־צייט פון די דרייסיקער יאָרן האָט די רוזוועלט אַדמיניסטראַציע איינגעפירט אַרבעטס־פּראָיעקטן פאַר אַרבעטסלאָזע. „דאַים": צענסענטיקע מטבע.

# פון אָנהויב צום אָנהויב

דעם בוך שיק איך ווי ס׳שיקט א מאַטראָז אַ צעטל אין אַ פלאַש. אפשר וועלן כוואַליעס עם פאַרטראָגן צו אַ ברעג און אַ מענטש וועט עפענען די פלאַש; איבערלייענען די געדאַנקען וואָס איז אויפגעשריבן, זיך דערנענטערן צו די ווערטער וואָס זיינען געפילן. אפשר וועט ער אַוועק־לייגן דעם צעטל צווישן זיינע וויכטיקע חפצים כדי אים איינהיטן.

# פּאָעט און פּאָעזיע

דער בן־אָדם פון אַלע גאָטס באַשעפעניש איז געבענטשט געוואָרן מיטן אומבאַגרייפלעכן געשאַנק — לשון; אַ געלעגנהייט צו נוצן דורך קלאַנגען־סימבאָלן, וואָס גיבן אויסדרוק צו געדאַנקען, פאַרלאַנגען און מאַכן מעגלעך אַ דערנענטערונג פון מענטש צו מענטש; פון אַ מענטש צו מענטשן.

לשון איז דערפאַר נישט בלויז דעם מענטשנס קוואַל פון פרייד און גליק, ס׳איז זיין וויכטיקסטע דערפינדונג. אַזוי פשוט ווי ס׳איז אַ וואָרט ווערט עס דורך אַן אַלגעמיינער הסכמה אָנגענומען ווי אַ סימבאָל, וואָס בלייבט מיטן מענטשן אויף אַלע דורות. אַ פּאָעמע איז אויך אַ צונויפזאַמלונג פון סימבאָלן, וועלכע גיבן אויסדרוק און שטעלן פאָר דעם פּאָעטס אויפזיכן געוויסע געשטאַלטן פון דער רעאַלקייט.

מחמת דעם. וואָס מיר באַנוצן זיך כסדר מיט ווערטער און ווערן צוגעוואוינט צו זיי ווערט פאַר אונדז פאַרלוירן זייער באַדייט. אַ סך מענטשן גייען אַזוי דורך זייער לעבן אין אָט־דעם צושטאַנד פון פאַרגעסנקייט.

די וועלט איז אונדז שוין אַזוי באַקאַנט, אַז עס האָט זיך אָפּגעטאָן דער טעם פון דערפאַרונג און די דורכלעבונגען, וואָס שאַפן די דערפאַרונגען. ס׳איז דערפאַר נישט גענוג איבערגעבן בלויז אַ געדאַנק אָדער אַן אידייע, נאָר צו אַנטפּלעקן. פּאָעזיע איז אַנטפּלעקונג. אַ פּאָעמע גיט די וועלט צוריק צום שאַפער פון פּאָעזיע אין אַלע פאָרמען פון דער אָריגינעלער פרעמדקייט, דעם אויפטרייסל פון דער ערשטער איבעראַשונג, וואָס איז מסוגל צו אָנלאָדן דעם רושם אין יעדן איינעם פון אונדז.

אַזאַ פּאָעמע, וואָס פאַרבינדט די שעפערישקייט פון ליד מיט דער אויפנעמונג פון לייענער, און דערנענטערט זיי אין חברישקייט, רעגט אָן דעם לייענער צו וועלן זיך דערקונדיקן — און פרעגן: דאַרף אַ ליד זיין פאַרשטענדלעך? אויף אַזאַ נאַאיווער פראַגע קען נאָר געגעבן ווערן דער דירעקטער ענטפער: פאַרשטענדלעך פאַר וועמען?

אַ פּאָעמע איז אַ שותפות פון וויסן און געפילן, וואָס כדי זי צו פאַרשטיין דאַרף מען האָבן פאַרשטעלונג־קראַפט און אויך אַ געוויסע באַ־

קאַנטשאַפט מיט דער קונסט פון פּאָעזיע. ביי אונדז זיינען פאַראַן ווינ־
ציק מענטשן, וואָס קענען הן זיך באַהעפטן און הן דערקענען אַ ליד.

אַמאָל זיינען אידישע לייענער געווען אָפּנעמער און אויפנעמער
פון לידער וועמענס לשון איז געווען אָרעם און די פּאָעטישע סוגעסטיעס
באַגרענעצט. אַ סך לידער זיינען געווען אומפערזענלעכע — מיט סאָ־
ציאַלע מאָטיוון וועמענס ציל איז געווען אַ פּראָגראַמאַטישער: לערנען און
רופן. די פערזענלעכע לידער זיינען געווען סענטימענטאַלע און ס׳האָט
זיי געפעלט ליריזם און טראַגישקייט, אָט די פּאַרטיפונג, וואָס רירט דעם
מענטשן און פאַרשאַפט אים דערהויבונג, פאַרטראַכטונג און אומיטל־
באַרע הנאה פון געפיל, געדאַנק, סוגעסטיע און שטורעם פון וואָרט.

דער אידישער לייענער האָט געלייענט ווינציק לידער. ער האָט נאָר
געזונגען לידער, לידער וואָס האָבן צוגעפּאַסט זיך צום געמיט פון אַ באַ־
שטימטער צייט. די פּאָעטישע ליכטיקייטן און געבעטן אין דאַוונען, פון
פּיוט, פון תנ״ך זיינען, ראשית, געווען אומפאַרשטענדלעך צוליבן לשון,
והשנית, ווייל זיי זיינען נישט אויפגענומען געוואָרן ווי לידער־שירים,
נאָר ווי תּפילות.

הערפאַר זיינען לידער פון געפיל (ניט סענטימענטן), פון אידייע (ניט
קלאַסן־קאַמף) פרעמד צו אַ סך אידישע לייענער. עס זיינען פאַראַן מענטשן,
וואָס קענען נישט מלמד־זכות זיין אפילו אויף מאַני לייבס לויטער־
לירישע לידער. אַ סך פּאָעטן ווערן פון די מענטשן פאַררעכנט ווי פּשוטע
משוגעים־לונאַטיקער. למשל, אפילו אַזעלכע פּשוטע מעטאַפאָרן ווי: „איך
קום מיט פייערדיק וואָרט און וועל פאַרגיין ווי שטורעם אויפן ים״, קען
נישט באַנומען ווערן פון אַ גרויסער צאָל לייענער. פאַר זיי איז דאָס אַלץ
אומבאַגרייפלעך. זיי קענען נישט געבן קיין באַשייד דער סוגעסטיע, אַז
אַ מענטש זאָל טראָגן אַ וואָרט, וואָס איז פייער; ווי אַזוי קען אַ וואָרט
זיין פייער? פייער איז די ממשותדיקע דערשיינונג, וואָס מ׳קען נאָר
זען מיט די אויגן. און ווי קען עס אַ מענטש פאַרגיין, ווי אַ שטורעם?

אַ סך וועלן זיך וואונדערן און ניט גלויבן, אַז עס זיינען נאָך פאַראַן
אַזוינע מענטשן, וואָס שטעלן אָט די סאָרטן עקסטרעמע קשיות. אָבער
דער משל איז צוגעפּאַסט צו טויזנטער מענטשן און טויזנטער פראַגן,
וואָס ווערן געשטעלט אויף אַנדערע שטייגערס אין זעלבן זין וועגן אַ
סך לידער. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? זיי באַנעמען נאָר דאָס, וואָס האָט
אַ פיזישן באַדייט און וואָס מ׳קען בלויז זען מיט די אויגן פון קאָפּ, נישט
מיט די אויגן פון דער נשמה. ווייל נאָר די וואָס זיינען מסוגל צו דער־
פילן פּאָעזיע קענען אַרומגענומען ווערן מיט דער פרייד און דערהויבונג
פון ליד. פאַרשטענדיקונג — איז אויפנעמונג־באַהעפטונג; אַזאַ דערגריי־

כונג איז ניט קיין אַלגעמיינע, ס'איז בלויז פאַר די יחידי־סגולה: פאַר די מאַסן האָט עס אַ קליינעם ווערט.

אַ פּאָעמע, אָדער ליד, קען אפשר באַלד נישט אויפגענומען ווערן. עס נעמט אַמאָל אַ דור אָדער אפשר מערער ביז מען דערפילט דעם טעם פון פּאָעזיע; אַ דור אָדער מערער קען נעמען ביז דאָס ליד אָדער פּאָעמע אַנטפּלעקן פון זיך דעם סוד. די ווירקטיקייט פון אַ ליד וואַקסט אַ סך מאָל מיט די ענדערונגען אין צייט. דאָס ליד, וואָס האָט די פאַרנעמלעכע מענטשלעכע אמתן קריגט אַ תיקון אין שפּעטערדיקע יאָרן. דאָס ליד־דערפאַר, וואָס ליכטיקט מיט אמת, וואָס איז און מוז זיין די ערשטע איכות פאַר פּאָעזיע, לעבט אויף און ווערט אָנגענומען פונקט ווי עס וואָלט געווען אַ לעבעדיקע באַשעפעניש.

ס'איז אויך אמת, אַז עס זיינען פאַראַן לידער וואָס זיינען פאַרפלאָנטערט אין אַ נעץ פון אומקלאָרקייטן. אַמאָל איז די טיבה די טעמע, דער באַנעם, און מאַטעריאַל מיט וועלכן דער פּאָעט שטייערט זיך. אָבער עס טרעפט אויך, אַז די אומקלאָרקייטן זיינען גאָר בכיוון מאַניפעסטירט, ווי דעם פּאָעטס ווידערשטאַנד קעגן דעם פלאַכן שטייגער פון אויפנעמען אַ ליד און די מאָנונג עס פאַרדאַרבן מיט פלאַפּלערייען, וואָס זאָלן בלויז זיין פאַרשטענדלעך פאַר קינדער און באַשרענקטע מענטשן. דער פּאָעט טוט עס נאָר פון היזק און ווידערשפּעניקייט קעגן דעם פּיליסטער, וואָס נעמט אַלץ אָן ווי אַ סדר — אָן אָפּפרעגן, אָן אָנרירן דאָס אָנגענומענע, דאָס איינגעשטעלטע. אזא פּאָעט האָט גאָר אָן הנאה צו פאַראַדירן מיט ווידער־ווילן און אפשר עקל צום קליין־בירגער, וואָס פאַרפלאַכט און באַגרענעצט אַלע מענטשלעכע ווערטן און זוכט, אַז אַלץ זאָל אַרונטערנידערן צום זיין שטייגער און ניוואָ.

אַזאַ מין פאַראַכטונג צום קליין־בירגער האָט נאָך געטע אויסגעדריקט אין זיין עצה: „זאָג עס קיינעם ניט, בלויז צו אויסגעוויילטע, דערפאַר וואָס דער המון וועט דיר נאָר פאַרחוזקן און פאַרלאַכן". אין צוגאָב — האַלטן יעדן אין אומוויסנקייט — זיך אַליין איינגעשלאָסן.

מען טאָר אָבער ניט פאַרזען, אַז ס'זיינען פאַראַן צווישן די פּאָעטן אַ גרויסע צאָל אָנשטעלער, פּרעטענדענטן, פאַלשע מטבעות, פּוסטע קעפּ און אויטגעלייזדיקטע הערצער. אויספּיר: אין אַ ליד קען זיין אַלץ וואָס ס'איז נויטיק צו דערקענען עס ווי אַ ליד, עס קען אָבער פעלן — טאַלאַנט. ס'איז נישט נאָר דאָס, וואָס לידער ווערן געשאַפן פון ווערטער, די ווערטער מוזן האָבן זיך, באַדייט, געפיל. פאַרנעם און אַ תיקון צו מענטשלעכע טרויערן און פרייזן.

ס'איז פאַראַן אַ סברה, אַז אַ פּאָעט האָט צער פון דעם, וואָס ער איז

נישט אָנגענומען פון לייענער. אָבער אָנגענומען ווערן מיינט אויך אַ סך מאָל, אַז פון פּאָעט ווערט אַראָפּגענומען. בלויז דער פּאָעט און קינסטלער בכלל, קען האָבן אַ ממשות ווען ער טראַכט ניט פון זיין לייענער אָדער פאַרערער. דאָס איז אַן ענין פאַר אַקטיאָרן. קונסט איז אַ יחידישע פאָרמע און בלויז אין דער אַטמאָספער, וואָס דער יחיד שאַפט קען קונסט האָבן אַ באַדייט און קען מעגלעך מאַכן צו אָנגענומען ווערן פונעם לייענער.

מיר לעבן אין אַן אכזריותדיקער און איבערגעקערטער צייט. מ׳האָט מורא און מ׳שעמט זיך מיט עמאָציעס. אַלץ מוז זיין געוואָגט. מען פאַרלאַכט דעם ליריקער, דעם ראָמאַנטיקער. עמאָציע דאַרף זיך גאָר פאַרשטעלן כדי צו קענען זיך דורכרייסן צום אויסדרוק. און די וואַנט, וואָס זוכט פאַרשטעלן דעם דראַנג פון אמת־לירישן ליד איז אַרומגענומען מיט שטעכיקע דראָטן. דאָס אמתע לירישע און ראָמאַנטישע ליד איז פאַרביטן מיט דידאַקטיק, מיט באַלערנטקייט כלומרשט, מיט אַנאַליטישקייט כלומרשט, פונקט ווי אַן אָפּהאַנדלונג וועגן פיזיק צי אַן אַנדער וויסנשאַפט.

וואָס איז די זוכעניש, וואָס לאָזט דעם פּאָעט נישט צורו? וואָס פאַר אַ געשטאַלט און שטייגער דאַרף געגעבן ווערן פּאָעטישן אויסדרוק? ס׳איז פאַראַן אַן אָנגענומענער כלל, אַז אַ פּאָעמע דאַרף זיין אַ מין מיטטיילונג אַ זוכן דורך לשון, וואָס איז אַ מיטל פאַר מיטטיילונג, אַזוי ווי די טבע פון ליד איז, צו מאַכן פאַרבינדונג מיטן מענטשן. אָבער אַזאַ קאָנצעפּסיע איז נישט ריכטיק. אַ ליד ווערט נישט געשאַפן צוליבן אימפּולס פאַר מיטטיילן. אַ פּאָעמע ווערט געשאַפן ווען דער פּאָעט אַנטפּלעקט פאַר זיך די רעאַליטעט, וואָס איז פון אים געהאַט געווען אַנטרונען, ווי פּוירסי שעלי האָט עס פאָרמולירט: „עס איז געווען פאַרלייגט אין צאַם פון אייגענער פאַרטרוילעכקייט״. אין צוגאָב פון אָנגענומענעם גאַנג, אופן און שטייגער.

דער פּראָצעס פון שאַפן אַ ליד איז ניט נאָר די אַנטפּלעקונג און די מיטטיילונג, נאָר דאָס ליד אַליין איז אַן אַנטפּלעקונג. אין שאַפן אַ ליד באַקאַנט זיך דער דיכטער מיט דעם, וואָס איז דורך אים אַנטפּלעקט געוואָרן. ס׳איז פונקט ווי אַ קינד, אָנהויבנדיק ערשט רעדן, לערנט דאָס וואָס ער ווייסט, און פונקט ווי אַ קינד רעדט צו זיך אַליין און קיינער שטייט נישט דערביי אים צו הערן, אַזוי אין אַ ליד — רעדט דער פּאָעט צו זיך אַליין. ער האָט איינגעשטעלט אַ פאַרבינדונג מיט זיך אַליין און צוליב דעם פּאָטענציעל מיט אַנדערע — וואָס ס׳איז געווען ריין פּערזענלעך געפיל, ווערט אַלגעמיין און אַ ציל, אַ געגנשטאַנד און אַ צוועק. וואָס ס׳איז געווען אין דער טיפעניש פון פּאָעטס עמאָציעס, קומט אַרויס צום

דרויסן. מ׳קען עס זען. מ׳קען עס באַוואונדערן און זיך טיילן מיט דער דערהויבונג פון ליד. דאָס וואָס דאָס טיילן זיך קומט דורך דער פאַר־מיטלונג פון שפּראַך שטעלט איין בלויז, אַז דער מענטש איז אַ יחיד — די „אַנדערע״ זיינען אַלע.

דער געראַנגל פון יחיד מיט זיין סביבה און דער וועלט אַרום אים; ־ער פאַרמעסט צווישן דעם „עגאָ״ און דעם אוניווערז, אָט־דער אומגלייך־כער אַנטקעגנשטעלן זיך פון די כוחות, וואָס צינדן אָן אומפאַרמיידלעכע פּראָבלעמען איז די טעמע, וואָס נעמט אַרום און אַריין דעם פּאָעט פון די סאַמע ערשטע צייטן — פון האָמערן, די נביאים, די גרויסע דיכטער פון אַלע צייטן ביז אָן היינט־וועלטיקן פּאָעט.

פּאָעזיע, ווי אַלע אַנדערע פאָרמען פון קונסט, קריגט באַדייט פון דער טראַגישקייט וואָס איז מיט אונדז, אַרום אונדז און פון אונדז. די טראַגישקייט געשטאַלטיקט זיך אין פאַרשיידענע פאָרמען פון מענטשלע־כער אַנטרינונג אָדער דערהויבונג. אין מאָמענטן נאָר, ניט אין צייט, פון דערהויבנקייט — אַנטקעגן דעם גורל פון פּאַטום, וואָס וואַרט אויף יעדן פון אונדז באַוויזט זיך בלויז לעבן אין נאָבלקייט און איידלקייט אָנגעפילט מיט צערטלעכקייט און ליבשאַפט: דער שטאָלץ און רום פון לעבן — איז פאַרגיין.

אָט־דער נישט־אָפּפרעגנדער אמת איז די מוזיק, צו וועלכע עס ציען זיך צום טאַנץ, אַלע קונסטן — אין צאָרן, פרייד, שטאָלץ, פאַרגיין און אויפליכט.

# דאָס וואָרט אין וואונדער

## (אַלף כּצם חלומדיקער חלום)

אַלף כּץ קוועליקט מיט חכמה. ער לויטערט און דערפרייט. זיינע לי־דער זיינען שטיל, ס׳איז אָבער נישט די שטילקייט וואָס מאַכט געמיט־לעך, עס טוט זיך אין זיי; זיי שפּילן זיך און נעמען אַריין אין שפּיל. ס׳איז נישטאָ קיין צייט צו זיין געמיטלעך. ס׳איז אָבער פאַראַן פון גאַנצע כּוח אין זיי, וואָס לאָזט זיך נישט איינמידן.

אלף כּץ האַלט אין וואונדער, ער פירט נישט אַריין אין אַ לאַנד נאָר אין רעגנבויגן און לאָזט שליסן אַ באַקאַנטשאַפט נישט נאָר מיט די פאַרבן און קאָלירן, נאָר אַ חברשאַפט מיט די אויסטערלישע איינוואוינער — די אַלפן אַזש ביז אויף יענעם זייט פון די תופן.

אַלף כּץ כּישופט אויס פון די אותיות אַ וואָרט, דעם וואָרט פאַרפּוצט ער מיט חנען און קרייבען. ער זעצט אים ניט אויף אַ טראָן באַשיצט פון אַ לייב־גוואַרדיע, נייערט ער שיקט אים ווי אַ פויגעלע, ער זאָל אין געפלי אָפּ־שטעלן זיך ביי פענצטער, אָנקלאַפּן אין שויבן און אָנזאָגן די בשורה: פרילינג איז ביים טיר!

אַמאָל ווערט כּצן טרויעריק, ס׳איז אָבער נישט קיין טרויער פון קלאָג; ס׳איז דער טרויער נישט פון אַוועקגיין, נאָר פון דעם נאָך נישט זיין: „דאָס ליד איז נאָך ניטאָ אויף דעם פּאַפּיר, וואָס שלומערט ווי אַ שניי־דעק אויף אַ פעלד: עס וואַרטן נאָך די ווערטער אויף באַריר צו קומען אין דער אויסגעדאַכטער וועלט". עס זוכן זיך ביידע — דער דיכ־טער און דאָס וואָרט. דער דיכטער פיבערט מיט דערוואַרטונג, אָבער: דאָך וויסן ווייסט ער, אַז אומזיסט דער זוך. ניטאָ אין ערגעץ ניט אַזאַ מין בוך צו לערנען און פאַרענטפערן דעם פרעג און ווייזן אים אַהין דעם קלאָרן וועג". קיין ביכער מיט די טיפסטע חכמות קענען נישט ווייזן דעם באַשייד, אין וועלכן דאָס ליד איז איינגעוועבט, אָבער — ביז וואַנען עס גיט זיך אַ ריר און דער וואונדער שיינט אויף און עס קומט אָן: „דער בליץ פון אומדערוואַרטעטן וואונדער־וואָרט". דאָס וואונדער־וואָרט בליצט נאָר אויף און אַלף כּץ גאַפט — עפּעס גלויבט זיך אים ניט; אָט נאָר וואָס איז עס נישט געווען און אָט איז עס ווי מיטן כּוח פון כּישוף געוואָרן. וואָרט געפּאָרט מיט וואָרט געבוירט אַ ליד, און דאָס ליד פירט

אים, נישט ער דאָס ליד. ער פירט נישט דאָס ליד מחמת עס נעמט אים אָן ביים האַנט און ברענגט אים אַריין אין דער וועלט פון אויסגעדאַכטעניש:
„עס פירט מיך ביי דער האַנט אַ ליד, נאָר ווייסן ווייס איך קיינמאָל ניט צי האָט דאָס ליד, וואָס איך געפין, דעם אָנפאַרטרויטן וואונדער־זין".

אַלף כצס חלום איז נישט קיין פאַרהאַוועטער. ס'איז נישט קיין חלום, וואָס באַווייזט זיך אין שלאָף. ס'איז אַ חלום אויף דער וואַך; ס'איז חלום מחמת עס צאַמט אָפּ דעם שפּיל פון דער פינצטערער וואָר און לאָזט וואַנדערן אין אַ וועלט פון אויסדאַכטענישן דאָרטן. אין דער וועלט פון דאָ און נישטאָ, לעבן מינים, וואָס די וואָר קערט זיך פון זיי אָפּ.

אין דער אויסדאַכטעניש ווייַנט דער פויגל דערפאַר, וואָס ער קאָן נישט דערגרייכן צום הימל. ער איז צווישן הימל און ערד; פאַר דער ערד איז ער צו גרויס, קאָן ער דאָרטן נישט וואוינען, ס'איז ענג. פאַר די הימלען איז ער צו קליין, ער וועט זיך דאָרטן נישט אָנזען, ער וועט ווערן בטל בשישים. ווייַנט ער, דער „זיז": זיז איז אַ פויגל, אַ פויגל אַ ריז, זיין קאָפּ איז אין הימל, אין ים זיינע פיס. „...ער ווייַנט, וואָס אים אייביק איז צו זיין איז באַשערט צו קליין פאַרן הימל, צו גרויס פאַר דער ערד".

אַלף כץ היט דאָס וואָרט ווי אַן אוצר, ער וויל אים דערפאַר נישט פאַרשווענדן, מחמת דעם איז ער זייער שפּאָרעוודיק מיט אים. דערפאַר אָבער טוט ער אָן יעדן וואָרט אין די קאָלירפולסטע קאָלירן און ער לאָזט באַוואונדערן זיין חידוש.

אַלף כץ איז נישט זיכער צי די קאָלירן פון זיין וואָרט לאָזן זיך אַנטפּלעקן, טוט ער תפילה: „שיק אַ שטראַל פון דער מחשבה דורך נעפּל, שלאָג דעם שטיין פון שווייגעניש און עפן אויף זיין מויל צו רעדן ביז העטסטע, ביז די לעצטע צייטן. נעם אַ וואָרט און שפּאַלט דערמיט דעם ים פון חושך, און לאָז זיך וואַנדערן צום מדבר־וועג דעם ווייטן, צום צו־געזאָגטן לאַנד פון די פאַרהוילענע באַדייטן".

פון דער פאַרהוילנקייט האָט זיך דאָס אידיש ליד קאָנטיק געמאַכט. די קאָנטיקייט האָט געדרוקט דאָס אידיש ליד צו פולער אַנטפּלעקונג — די פאַרהוילנקייט מאָנט אים צוריק. אַלף כץ, דער חלומער פון חלום, שטעלט זיך קעגן. אויב פאַרהוילעניש וועט אַוועקנעמען דאָס אידישע ליד, וואָס וועט פון חלום ווערן? דאָס וואָרט וועט גאָר קיינמאָל נישט אויפקומען, אָן וואָרט וועט דאָס ליד נישט באַשערט ווערן.

„אידיש ליד, זיד! שריי — ניט ווער אַנטשוויגן. זינג מיט יעדן אות און גליד, וויין און זינג דיין ניגון. ווייַנען מוזטו, ס'איז פאַרפאַלן, ס'איז אַ קלאָג אין דיר פאַרזייט: צען מאָל ששים רבוא גאַלן ברענען אין דיין

אינגעווייד. צען מאָל ששים רבוא שטאַמען רופן, מאָנען: „ניט פאַרגעסן!״ היל זי אין אין דיינע פלאַמען, אין די שורות פון דיין נס. ביסט דער יורש פון די רופן — טראָג פאַנאַנדער זאָס געשריי. גיב די קולות — ווערטער, גופן טראָג פאַנאַנדער זייער וויי. ביסט אַ קרוב פון נביאים, אין דיין חורבן טרייסטונג בליט — ווייַן דעם וויי, נאָר זינג פון קיום, כי לכך נוצרת, ליד״.

**איך נעם איוף אלף כצן ווי אַ ליבן בן־בית און מיט פריידן לאָז איך אים ער זאָל אַריינפירן אין דעם בוך.**

„ער קומט אַריין פון ערגעץ־וואו
און נייט מיר זיינע פליגל צו;
רעדט צו מיר מיט גרינע רייד
און מאַכט פון זיי פאַר מיר אַ קלייד;
ער גיט די ליפּן מיר אַ ריר
און זינגט אַריין אַ ליד אין מיר״

# ליכטיקייט פון וואָרט

(משה וויטיעס „עסייען וועגן ליטעראַטור“)

„עסייען וועגן ליטעראַטור“ פון משה וויטיעס, איז אַ שטיל בוך, אָבער ס׳איז אַ שטילקייט, וואָס לאָדט אָן מיט פאַרטראַכטונגען און אידייען.

דאָס בוך העלפט שליסן אַ באַקאַנטשאַפט און נאָענטקייט מיט אַן אייגנאַרטיקן שרייבער, וואָס אַנטפּלעקט דעם אמתן פּאַרנעם, וואָס די פאָרמע פון דער עסיי טראָגט אַריין אין דער טיף און אין דער ברייט.

משה וויטיעס שרייב־שטייגער זוכט נישט צו באַצווינגען, נייערט עס שאַפט גאָר אַ ווילן צו בלייבן אַ שטענדיקער צוהערער צו זיינע רייד, וועלכע ער גיט איבער מיט עלעגאַנץ און אוממיטלבאַרער פּשטות.

טאַקע תיכף ביים עפענען דאָס בוך פאַרזיכערט משה וויטיעס, אַז: „איך האָב אין מיין ווערק נישט מכוון געווען קיין אַקאַדעמישן טעקסט, וואָס פאָדערט אַן אינטראָדוקציע, אַ פאָררעדע, וואָס זאָל געבן אַ שליסל, אַביסל צעפירן דעם קאָמפּליצירטן ענין, צוגרייטן פיל־ווייניק דעם נישט פּראָפעסיאָנעלן לייענער אויפצונעמען דעם האַרבן מאַטעריאַל“. משה וויטיעס איז באמת מקיים זיין הבטחה און זיין ציל, אַז ביידע, ער און דער לייענער, זאָלן זיך דערנענטערן און פאַרשטיין.

כדי אַזאַ מעגלעכקייט זאָל מקוים ווערן איז די פאָרמע פון דער עסיי דער געראָטנסטער פאַרמיטלער. גלייך ווי מען עפנט דעם אַריינגאַנג צום בוך ווילט זיך נישט גיין צוריק. פאַרקערט, מ׳וויל נית אַרויס. דאָס בוך, אויב מ׳קען מאַכן דעם מליצהדיקן פאַרגלייך, איז אַ וואַלד, אַ וואַלד, אין וועלכן מ׳בלאָנדזשעט נישט און נישט קיין שרעק באַפאַלט, נאָר גאָר עס באַהעפט אַן אינטימקייט מיט יעדן בוים, בלעטל, און אפילו מינדסטן גראָז.

***

משה וויטיעס זאָגט, אַז ער טוט זיך נישט אָן דעם טיטל „ליטעראַטור־פאָרשער“. אים האָבן בלויז פאַראינטריגירט די ליטעראַרישע טעמעס און ווי ביי יעדן אינטעליגענטן מענטשן האָבן זיי זיך באַזעצט אין זיינע רעיונות און אים נישט געגעבן קיין רו. ער אַליין האָט געזוכט אַן הסברה

אויף די פאַרשיידענע שיטות אין דער ליטעראַטור, אין דעם אופן פון מענטשלעכן שאַפן און אין כוח, וואָס גיט זין און פאָרמע דעם מענטש־לעכן גענויס. ער אַליין האָט געזוכט דערגיין צום טיף פון די סודות, וואָס פאַרהוילן דעם כוח, וואָס שיקט דעם רוח־הקודש צום קינסטלערישן מענטשן. קיין אויבנאויפיקער באַשייד איז נישט פאַראַן. „אפילו סטודענטן זיינען אָפט געצוואונגען זיך צו גריבלען אין האַרטגעזאָטענע און טערפּקע טעקסטן, וואָס פאַרכמורעטע פּראָפעסאָרן האָבן צונויפגעשטעלט".

זייער אופן פון באַהאַנדלען די טעמעס פון ליטעראַטור און אַנדערע קונסט־פאָרמען, האָט געווירקט, אַזוי: „דאָס מענטשן וואָס לעבן זיך אויס מיט ליטעראַטור, ווערן באַווירקט פון פאַרגרייזטע באַגריפן". עס ווערט דערפאַר „געטאַפּט אַ וואַנט" אין אַלץ, וואָס איז שייך דעם תוכן און תמצית פון דער ליטעראַטור".

משה וויטיעס נעמט זיך דערפאַר אונטער צו געבן אויף אַן אינטימען שטייגער אַ פּאַרטייטש אויף פראַגן וועגן ליטעראַטור און אַריינברענגען קלאָרקייט אין דעם קאָמפּליצירטן ענין. ער נוצט די עסיי־פאָרמע, ווייל דאָס איז דער טרעפלעכסטער מעטאָד דורך וועלכן עס גיט זיך איין צו־גרייטן דעם נישט־פּראָפעסיאָנעלן לייענער „אויפצונעמען דעם האַרבן מאַ־טעריאַל". די עסיי, וואָס איז אַ חידוש צוליבן אַלמענטשלעכן אינהאַלט, וואָס זי נעמט אַריין אין איר פאַרעם, גיט דערפאַר די געלעגנהייט אַרויס־צוברענגען די געשטאַלט פון שרייבער און באַוויזן, ווי געראַטן ער איז צו געבן באַדייט און באַנעם די ענינים, וואָס פאַרנעמען זיין אויפמערק־זאַמקייט.

די עסיי, אין איר קאַלירפולקייט, גיט דעם עסייאיסט, ווי דאָס ליד דעם פּאָעט, די געלעגנהייט צו זיין פערזענלעך. אָבער אַנדערש ווי אין ליד גיט אים די עסיי די מעגלעכקייט צו פירן שמועסן, וואָס זיינען נישט באַגרענעצט צו שטימונגען, נאָר גיט אָרט צו אַלע פאַזן פון מענטש און זיין געזעלשאַפט: פּאָליטיק, ערנסטע ליטעראַטור, פאַמיליע, שפּאַס, סוב־טילע רמזים, פּאָעזיע און אפילו אינטים־פערזענלעכע הסברות.

**
*

די עסיי פאַרנעמט זיך ניט צו געבן אַן ענטפער אָדער צו פאַר־ענטפערן פראַגן. זי טיילט זיך נאָר מיט מיינונגען, סימפּאַטיעס, אַנטי־פּאַטיעס, שטימונגען, טראַכטן און הסכמה.

משה וויטיעסן איז נאָענט די פאָרעם פון דער עסיי דערפאַר, ווייל ער איז אַ שמועסער. זיין בוך „עסייען וועגן ליטעראַטור" איז אַ גרופּע

שמועסן, אָבער זיי זיינען נישט קיין צופעליקע, נאָר באַהעפט און טאַקע פאַרקניפּט דורך אַ צענטראַלע אידייע — ליטעראַטור.

דערפאַר וואָס די טעמע ליטעראַטור איז אין אויבנאָן, איז עס דער בנין אין וועלכער די טעמאַטיק ווערט צוגעפּאַסט אויף די באַשטימטע פלעצער און פאַר די נויטיקע פונקציעס.

דאָס בוך. איינגעאָרדנט מיט אַ פּלאַן, איז נישט געשריבן צוליב ווייזן קענטעניש און באַהאַונטקייט. עס לאָזט דעם לייענער נישט אַזוי גלאַט באַפאַלן ווערן פון „ליטעראַטור“, נאָר דער מחבר, בהדרגה, פירט אים פון בראשית ביז דעם סאַמע לעצטן אויפקום אין דער קונסט פון מענטש־לעכן וואָרט, געדאַנקען און אידייען.

נאָכן שטעלן זיך די פראַגע, וואָס איז ליטעראַטור? און ווי זי איז צושטאַנד געקומען, צי ליטעראַטור איז אַ פּראָדוקט פון אַ יחיד — אַ שרייבער, אָדער זי איז אויפגעקומען אין פאָלק, נישט דורך איין מחבר, נאָר איז גאָר אַן אויסדרוק פון קאָלעקטיווען שאַפן, וואָס יעדער באַזונדער האָט עטוואָס צוגעלייגט אויף זיין שטייגער ביז עס איז אין אַ פאַרטיקער פאָרם אָנגענומען געוואָרן און פאַרבליבן אין פאָלק.

משה וויטיעס ווייזט אָן, אַז ליטעראַטור איז געקומען נאָך איי־דער דעם סופר און אייִדער דעם דיכטער. דאָס לעבן אַליין, די מענטש־לעכע נשמה האָט זי אויסגעטראָגן און געבוירן — און געקומען איז זי אויף דער וועלט, ווי די פרוכט פון מענטש און וועלט, דמיון און פאַקט, טרוים און ווירקלעכקייט. אַז אָט־די וויכטיקע אָנגעזעענע אַטריבוטן, זיינען עס דעם מענטשנס געצייג, די כלי־זיין און אויך דאָס פּלאַץ, וואָס ער שטעלט אויף אין דער וועלט און וואָס האַלט אים אין איר. אָבער מ׳קען אַזוי ניט דרינגען. מענטשן האָבן נאָר קאָלעקטיוו אויסגעפירט, אָדער אויסגעפּאָלגט, מחמת ס׳איז די דערפינדערשקייט און געניוס פון יחיד, וואָס פאַרטראַכט און שטעלט אויף אַן אידייע; אַ קאָלעקטיוו שאַפט נישט. פאַר אַלע פאָרמען פון שעפערישקייט איז נאָר פאַראַן איין בורא.

משה וויטיעס נעמט אָן דעם איינגעשטעלטן פאַלשן נוסח פון צו־רעכענען שאַפונגען, וואָס האָבן נישט קיין נאָמען פון אַ מחבר, ווי אַ פּראָדוקט פון אַ מין געמיינדע, גרופּע, שבט צי פאָלקס־אויפטו.

אַזעלכע השערות קאָן מען גאָר נישט מסביר זיין. צורעכענען אַ קינסט־לערישן אויפטו פון אַ יחיד צו אַ גאַנצן קאָלעקטיוו איז נישט אָנצונעמען. קונסט קאָן גאָר נישט פאַרדייען קיין קאָלעקטיוון שאַפער און ליטעראַטור קאָן עס גאָר נישט אויפנעמען. יעדער פאָרמע פון שאַפן איז דער אויס־דרוק פון אַ יחיד; קאָלעקטיוויקייט איז דער היפוך פון קינסטלערישער שאַפונג. בלויז טעאַטער איז אַ קאָלעקטיווע פאָרמע, צוליב דעם, וואָס דאָס

פאַרשטעלן, אָדער שפּילן איז נישט שעפעריש, נאָר אַ פאָרמע פון אינטערפּרעטאַציע, וואָס איז אייגנטלעך דער גוף — די נשמה געהערט דעם דראַמאַטורג און דעם מאָלער און די אַנדערע יחידים צושטייערער.

מחמת דעם אומפּערזענלעכן באַנעם פון אַ שאַפער צו זיין אַרבעט איז נישט געווען די מידה פון אָנגעבן אַ נאָמען אויף אַ ווערק אין געוויסע תקופות פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג. דאָס האָט געשאַפן די השערה, אַז שאַפונגען אָן נעמען זאָלן פאַררעכנט ווערן אויפן חשבון פון קאָלעקטיוו. אַט־דער שטייגער ווערט נאָך גענוצט עד היום הזה. און די שאַפונגען פון יחידים ווערן צוגערעכנט צום קאָלעקטיוו און צוליב דעם טעם ווערט דאָס פאָלק דערהויבן. ווי, למשל, די דייטשן דורך זייערע שעפער; די רוסן, די פראַנצויזן, און אַזוי אַלע אומות.

(אַ ביישפּיל: מיינע אַ מעשה וועגן מיין זיידן חיים אשר, זצ״ל, וואָס איך גיב איבער אין מיין בוך „ווי נעכטן געשען" האָב איך שוין געהערט דערציילן אויף פאַרשיידענע אופנים און וואַריאַציעס אָן אָנגעבן מיין נאָמען, ס'איז געוואָרן גאָר אַ פאָלקס־מעשה.)

מחמת דעם קאָן נישט אָנגענומען ווערן משה וויטיעס אָנווייזונג, אַז די אַלע קודמדיקע שאַפונגען מוזן צוגעשריבן ווערן „צום ,פראָסטן' מענטשן, וואָס האָט צעאַקערט דעם באָדן, געלייגט גרונטן, געשאַפן שפּראַך און געצייג פאַרן גייסט" און אויף וועמען „די גרויסע דענקערס, פאָרשערס און לערער האָבן געמוזט זיך סומך זיין אויף זייער צושטייער".

דערפאַר וואָס משה וויטיעס שטעלט אויף אַזאַ טעזיס איז ער זיך טועה מיטן אויספיר, אַז: „דאָס מענטשלעכע לעבן, על כל פנים, די געזעלשאַפטלעכע אַבסטראַקציעס, וואָס די ,ריינע פאַרנופט' האָט אויסגעמוזט — מאַגנעטיזירט די זעל פון דער ברייטער מענטשהייט, נאָר דווקאַ די ליבע און קנאה, אַמביציע און אויפּערזוכט און דעם דראַנג פאַר זעלבסטדערהאַלטונג האָבן די גאַנצע ,דעה' אין דער שטייגערונג און ירידה, דעם ווילן און געפאַלנקייט פון דער מענטשלעכער מערכה אויף דער וועלט". דער אָנווייז זיינער, אַז בלויז די עמאָציעס האָבן געלייגט דעם גרונט־שטיין פון דעם מענטשלעכן אופטו און נישט דאָס מוחישע האָט געהאַט געגעבן דעם שטויס צו דרייען די ראָד פון געשיכטע, איז אַ סתירה, אַ פּועל יוצא פון פאַלשן טעזיס, אַז ס'איז די עמאָציע איבער „מוחישע" ראַציע, און אין פאַרצוג, דער קאָלעקטיוו, ווי אַ שאַפנדער כוח איבער דעם געניוס פון יחיד.

וויטיעס זאָגט זיך נישט אָפּ פון דער הנחה, אַז די דענקערס, פאָרשערס און לערערס (וועלכע זיינען גערעכנט אין אַ גרופּע צוליבן לשון רבים) האָבן צוגעטראָגן צו דער מענטשהייט גרויסע און וויכטיקע צו־

שטייערס. אָבער די שאַפונגען פון פאָלק, וואָס איז בלויז אַן היפּאָטעזע, זיינען עס די געשאַצטע און פאַרמאָגן די ווערטן, אויף וועלכער עס איז אָנגעוויזן דער יסוד פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. ווייל דאָס פּאַסט אויך אַריין אין זיין אויספיר, אַז: „לכתחילה זיינען די קונסטן געווען קעסט־קינדער ביים פאָלק". דערפאַר ווערט ביי אים דאָס מענטשלעכע שאַפן אַ מין „קינד פון פאָלק". לויט אים באַקומט זיך גאָר, אַז די שאַפונגען פון מענטש, זיינען גאָר שאַפונגען פון אַ סך מענטשן. אַז אַלע אידייען, וואָס ער רעכנט צו צום מענטשלעכן געדאַנק — „גביאישע אויפ־לייכטונג; שעפערישע פאַנטאַזיעס; פּאָעטישע אידייען, סימבאָלן און בילדער, וואָס איז די גאָב פון קאָפּ־מענטשן", זיינען גאָר באמת פריער גע־קומען צו די גאָר ערשטע מענטשן אין די פריסטע צייטן פון די עלטסטע שבטים.

אָט־די סאָרט הקירה וויל אויסדרינגען, אַז דער קינסטלער איז גאָר נישט קיין יחיד, ווייל ער האָט נישט עקזיסטירט, ער איז נישט געווען קיין מענטש. ווייל אויב אַלץ האָט געשאַפן אין סאַמע אָנהייב נאָר דאָס פאָלק, איז דער יחיד־קינסטלער, ווייזט אויס, גאָר געווען מחוץ זיין שבט אָדער גרופּע.

דער פרימיטיוו האָט אפשר געזוכט אַ באַשייד פאַרן ביסל אמת, וואָס האָט אים געדריקט. אָבער דער קינסטלערישער יחיד האָט פאַר אַלץ גע־געבן פאָרמע. ער האָט געגעבן באַדייט און געשטאַלט; דער מוחדיקער יחיד האָט געגעבן דעם באַגריף פון גאָט, פון הימל, ערד, שטערן, וואַ־סער, פייער און ליכט. ווען דער פרימיטיוו האָט זיך אָנגעשלאָגן אין די בייזע כוחות האָט ער נישט געהאַט קיין דעפיניציע פאַר גאָט. נישט נאָר האָט דער מוחדיקער יחיד פאַרטראַכט די וויזיע פון גאָט, ער האָט די געטער געגעבן אויסזענס. ער האָט דעם פרימיטיוו באַזאָרגט מיט אַ פאָרעם פון אַ גאָט, פשוט דערפאַר, וואָס דער פרימיטיוו האָט נישט גע־קענט באַנעמען קיין שום כוח, חוץ שרעק.

דער פועל יוצא בנוגע דעם פּילפול פון משה וויטיעס איינשטעל, קאָן נאָר זיין אויף דער הנחה, אַז דאָס פאָלק שאַפט נישט, נאָר פאָלגט; אַז ס'איז נישטאָ קיין שאַפונגג פון פאָלק, נאָר אין פאָלק.

אַ סך תלמודישע און קאַבאַליסטישע ווערק זיינען דערשינען אָן די נעמען פון מחברים. אויפן ספר „הלכות גדלות" איז ניטאָ קיין נאָמען פון אַ מחבר. אַזוי אויך אויף די ספרים „רזיאל המלאך", „ספר יצירה", „שיעור קומלא" און נאָך אַ סך אַנדערע. מיינט עס, אַז די ספרים זיינען פאָלקס־שאַפונגען, מחמת דעם וואָס עס איז ניט אָנגעגעבן אַ נאָמען פון אַ מחבר?

דער מענטש איז אַריינגענומען אין אַן איביקן אומרו. עס שרעקט אים דאָס פאַרגיין. ער איז אין אַ כסדרדיקן געראַנגל אין דער מיסטעריע, וואָס האַלט פאַרדעקט און פאַרבאָרגן פאַר אים דעם מאָרגן. ער איז אַן אויפהער אויסגעשטעלט צו ווערן געשעדיקט פון קראַנקהייטן, פון פּיין און פיזישע יסורים. ער איז באַפאַלן מיט קאַמף נישט נאָר פון מענטש צו מענטש, נאָר אויך אין קאַמף פון די געשלעכטער.

אָט־די אַלע אינסטינקטן און עלעמענטן, וואָס זיינען באַזעצט אין מענטשן און פון וועלכע ער האָט נישט קיין שום אַנונג און קיין קלאָרן באַגריף — אין צוגאָב די אילוזיעס, די באַוואונדערונגען פון די נאַטור־שיינקייטן, די שורשדיקע תמציתן פון מענטשן מין. אָט־די גרונט אמתן זיינען די כוחות, וואָס שטויסן אַרויס דעם מאָטיוו פאַר ליטעראַטור.

וויטיעס פאַרבינדט טאַקע דערפאַר דעם באַגינען פון דער ליטעראַ־טור מיטן אויפקום פון מענטשן. ווייל ווען די מענטשלעכע נשמה, אין אָנהייב פון די צייטן האָט צום ערשטן אויפגעוואַכט צום סוד און פּחד פון דער וועלט, איז פון דער באַהעפטונג געבוירן געוואָרן ליטעראַטור.

דער מענטש איז דאָך לחלוטין אַנדערש פון די פאַרשיידענע מינים גאָטס באַשעפענישן, נישט נאָר אין געשטאַלט און זין פון זיך, נאָר אויך אין דער דראַמאַטישקייט פון די קאָנפליקטן, אין וועלכע ער איז כסדר אַריינגעטאָן און אַריינגעוועבט. אַלץ אין אַרום איז געווען פרידלעך ביז גאָט האָט דעם מענטשן אויסגעפורעמט פון ערד.

דעם אָדם האָט גאָט צוגעטיילט אויסטערלישע חושים און ער האָט זיך מיט אים מקרב געווען. דערפאַר, וואָס דעם מענטשנס באַוויזן אויף דער וועלט איז געווען מיט מי פון גאָט, לאָזט ער אים נישט אָפּ.

גאָט האָט צופיל אַרבעט און מי פאַרטאָן אין באַשאַף פון מענטשן — ער איז אים גרינג ניט אָנגעקומען. נאָר דעם ערשטן און לעצטן טאָג פון די זעקס האָט אלהים אַריינגעטאָן מי אין באַשאַף. בלויז פאַר דער באַשאַפונג פון הימל און ערד, צו וואָס ס'קען נאָר די יצירה פון אָדם פאַרגלייכן ווערן: „בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ — ויאמר אלהים נעשה אדם בצלמנו". אָבער ברא איז דאָך פאַרנעמלעך גרינגער ווי נעשה. נעשה איז טאָן, אַרבעט און איז אָנשטרענגונג. צוליב דער מי האָט עס גאָט געשלאָסן שותפות מיטן מענטשן.

אַלע פאַרשיידענע עלעמענטן און פאַרמען, וואָס גאָט האָט צוגעטיילט האָרץ, זיינען אויפגעקומען נאָר דורך גאָטס וואָרט: „ויאמר אלהים יהי אור", און גלייך — ויהי אור. און אַזוי אויף וואַסער, אויף פייער, אויף דער איינטיילונג פון טאָג און נאַכט. אויף פיש און אויף אַלע אַנדערע לעבעדיקע באַשעפענישן לויט זייערע מינים; בהמות, שרצים, חיות, צו

שאַפן דעם מענטשן האָט אלהים געמוזט זיך מישב זיין: „ויאמר אלהים נעשׂה אָדם". אויף די אַנדערע באַשאַפונגען איז נאָר „ויאמר" און ס׳איז גלייך געוואָרן, צום אָדם איז שוין געווען אַ ישוב־הדעת.

נאָכן גאַנצן באַשאַף איז אלהים געוואָרן אומעטיק. ער האָט גע־וואוסט, אַז אָן דעם מענטשן וועט מען פון זיין באַשאַף זיך נישט דער־וויסן. ווייל די אַנדערע שאַפונגען זיינען טייל אָן גוף, נאָר שטאָף מאַסע, און די מיט גוף האָבן נישט דעם באַנעם פון יצירה. נאָר די באַשאַפונג פון מענטש וועט געבן באַדייט צו דער מעכטיקייט און וויכטיקייט פון אלהים. דער מענטש אָבער האָט נישט געוואָלט קומען. ער האָט זיך געראַנגלט מיט גאָט.ביידע האָבן זיך איינגעשפּאַרט. גאָט האָט איינ־גענומען דעם מענטשן ווען ער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט אים באַ־שאַפן אין זיין געשטאַלט און וועט אים לאָזן וואוינען אויף דער ערד, ווי זיינעם אַ פאַרטרעטער און שליח. און דעמאָלט האָט אלהים נאָכן ישוב־הדעת געזאָגט צו זיך די פאַרשטענדיקונג איז דערגרייכט — „נעשׂה אָדם בצלמנו".

דער מענטש האָט איינגעמידט גאָט. ער האָט אים אויסגעשעפּט. די אַנדערע שאַפונגען זיינען אויפגעקומען אָן אָנשטרענגונג, נאָר — יהי. אָבער פאַרן באַשאַף פון מענטש האָט גאָט געמוזט ערשט אַרונטערנידערן צו דער ערד און פון ערדס פנים אויסשניידן די פאַרעם פון מענטש און דורך מי און אָנשטרענגונג אים אָנהויכן מיטן גייסט פון גאָטהייט.

ערשט נאָכן באַשאַף פון אָדם האָט אלהים דערפילט די נויטיקייט פאַר רו: „ויכל אלהים ביום השביעי מלאכתו אשר עשׂה". אלהים איז געווען אַזוי אָנגעפילט מיט פרייד, וואָס ער האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט שאַפן אָדם, אַז ער האָט דעם רו טאָג געבענטשט און געהייליקט. נאָכדעם האָט ער שוין מערער נישט געוואָלט טאָן: „ויברך אלהים את יום השביעי ויקדש אותו כי בו שבת מכל מלאכתו אשר ברא אלהים לעשׂות".

גאָט האָט אָבער נישט געהאַלטן זיין וואָרט, זיין צוזאָג צום מענטשן. ער האָט אים געגעבן זיין געשטאַלט און זיין גייסט. נאָר סודות האָט ער דעם אָדם נישט געוואָלט אַנטפּלעקן, ווי מ׳דאַרף זיך נוהג זיין מיט אַ שותף. און אפילו דעם מקור פון וויסן האָט ער געוואָלט פון אים פאַר־באָרגן. אָבער פאַר גאָט אַליין זיינען נישט אַלע סודות אַנטפּלעקט. דער כביכול אַליין האָט גאָר קיין אָנונג נישט געהאַט, ווי אַזוי עס וועט דער בן אָדם זיך אויפפירן. דער בחיר היצורים האָט אלהים נישט צופרידנ־געשטעלט און ער האָט זיך אונטערגענומען דעם מענטשן אומברענגען. אָבער דער רבונא דעלמא כולא האָט געוואוסט, אַז מיטן פאַרגיין פון בן־אדם קומט ער אַליין אום. זיין שאַפונג בצלמו, האָט אַלע גוטסקייטן און

שלעכטקייטן פון יהוה. ביידע קאָנען ניט אָפּטיילן זיך. ביידע זוכן אויפרייסן די פאַרהוילענע כוחות.

דער אָדם ווידערשטאַנד קעגן אלהים האָט ביידע כוחות געשטעלט אין אייביקן קאָנפליקט און דער קאָנפליקט איז די דינאַמיק פון ליטעראַטור. דער מענטש האָט טאַקע אַרויסגעריסן די פאַרבאָטענע פרוכט — וויסן, אָבער אלהים האַלט אַלץ פאַרבאָרגן סודות פון אָדם און דער פאַרמעסט איז ווי פון בראשית; ווי פון אָנהייב דאָס עסן פון בוים פון וויסן — בייקומען גאָט און אויפרייסן די סודות.

***

דאָס אַנטקעגנשטעלן זיך פון אָדם קעגן אלהים; דאָס מאָגען, אַז ער זאָל האַלטן זיין צוזאָג ווי צו אַ שותף, איז די דראַמע און ליטעראַטור פון מענטשן. מיטן מענטשן, נישט מיט די אַנדערע עלעמענטן פון גאָטס באַשאַף, האָט זיך אָנגעהויבן די דראַמע פון יצירה. גאָט האָט אויפן מענטשן אָנגעשיקט און אים אַרומגערינגלט מיט בייזע כוחות כדי אים צו שרעקן, אָבער דעם פאַרמעסט האָט עס נישט אָפּגעשטעלט, אָדם וויל בייקומען גאָטס צאָרן.

משה וויטיעס דערקלערט דעם אָנהויב געבורט פון ליטעראַטור, וואָס מיינט מענטש. ער באַקאַנט און דערנענטערט מיט אַלע תקופות, וואָס דער בן אָדם איז דורך זינט ער האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן יהוה. וויטיעס צייכנט אָן, אַז אין קאַמף האָט נישט דער שכל, די ראַציע, נאָר דער אינסטינקט געפירט דעם מענטשן צום ווידערשטאַנד, און דאָס איז דער גרונט פון ליטעראַטור און דראַמע. נישט נאָר דאָס געשריבענע וואָרט, די אידייען, אָדער די פאָרמע פון שטיין און פאַרב, דער ווידערשטאַנד איז אין מענטשן און פון וועמען דאָס געשריבענע, געמאָלענע און פון שטיין־אויסגעהאַקטע, איז גאָר בכוח אויפנעמען און איבערגעבן נאָר אַ ניצוץ.

***

פאַרנעמענדיק זיך מיטן ליטעראַטור־געביט ווי די דינאַמישסטע און אַקטועלסטע פאָרמע פון מענטשלעכן אויפשטייג און קיום, לאָזט משה וויטיעס נישט דורך איין תקופה זינט דעם אָנהייב פון וואָרט, פון וואָס עס איז אויסגעוואָקסן באַוואוסטזיין און די מיטלען צו שאַפן וויכטיקע ווערטן פון מענטשלעכן געניוס.

איך וויל אָנרירן ווידער, אין עטלעכע ווערטער, די השערה שייך די אַלע שאַפונגען פון ליד, סימבאָל, מיטאָלאָגישע מעשיות, לעגענדעס,

סיפורים און עפּאָפּעיען, וועלכע דער באַוואוסטזיניקער דיכטער און שרײַבער האָט אויפגעקליבן אין פאָלק -- אין פאָלק, אָבער נישט פון פאָלק.

דאָס פאָלק בכלל האָט בלויז אַזוי פיל אַ חלק אין פאַרצייכנטן טייל פון דער ליטעראַטור, ווי דאָס מאַטעריאַל פון וואַנען און צו וועלכן דער שעפער מוז אָנקומען. דאָס פאָלק, דער קאָלעקטיוו, היט־איין געוויסע ווערטן פון יחידים, ווייל זיי דערקענען די קרובהשאפט מיט זיך, דערפאַר איז אוממעגלעך אָנצונעמען משה וויטיעס אָנווייזונגען, אַז ווען דער קינסטלער איז זיך מכין צו זיין אַרבעט געפינט ער שוין אָנגעגרייט אַ ריזיקן אוצר פון נישט פאַרשריבענעם פאָלקלאָר. אין פאָלק צירקולירן נישט קיין גאַנצע זאַכן, נאָר אָנצוהערעניש, דאָס וואָס ווערט געפונען אין רוי־מאַטעריאַל, וואָס דער קינסטלער באַלעבט און גיט דעם זין. די אמתע מעשיות, וואָס האָבן באַדייט זיינען פּראָדוקטן פון דער פאַנטאַזיע, וואָס דער „גריק", ווי עס גייט אין די מעשיות, האָט פון זיין פאַנטאַזיע אויפגעוויקלט פאַרן קרייז.

דערפאַר פאַרזיכערט זיך משה וויטיעס אין זיין טעזיס, וועלכן ער גיט אָנזען אין דער טיף און ברייט, מיט דעם, וואָס די גרויסע דראַמאַטישע דיכטער פון אַמאָל האָבן שוין געהאַט גרייט פאַר זייערע שאַפונגען אַ געוואַלדיקע ירושה (ווי וויטיעס וויל האָבן פון „פאָלקס־שאַפונגען"), וואָס דער פאָלקס־מענטש האָט פאַר דורות אָפּגעהיט.

**
*

דאָס געזאָגטע גיט בלויז אַ קליינעם באַגריף פון פאַרנעם און שטח, וואָס דאָס בוך „עסייען וועגן ליטעראַטור" האָט זיך צוגעטיילט. בהדרגה גייט מען מיט משה וויטיעסן פון אָנהייב ליטעראַטור־בראשית ביז דעם איצטער.

משה וויטיעס ווירקט מיט זיין פשטות. ער נעמט אַרויס פון דער עסייפאַרעם אַלע שפּילן און אַלע מעגלעכקייטן, וואָס אַ שמועס קאָן באַווייזן אין אינטימקייט. אין זיין שטייגער שרייבן איז ער באמת אַן איבערגעבער און דערציילער. מיט אַ פאַרנעמלעכן קינסטלערישן כוח ברענגט ער דעם לייענער נישט נאָר צו דער עפּאָכע פון די גריכישע שאַפונגען אין אַלע פאָרמען, נאָר ער לעבט־אויף און פאַרטייטשט די פאַנטאַסטישע צייט.

משה וויטיעסעס איבערגעבן דעם סיפור פון דער עדיפּוס־טרילאָגיע, ליכטיקט אויף די גרויסע טראַגיק פון דער עדיפּוס־געשטאַלט, וואָס איז אין תוך דער סימבאָל פון מענטשלעכער אומבאַהאָלפנקייט, פאַרלוירנקייט און אומזיכערקייט. וואו דער אָנזאָג איז, אַז פאַר יעדן בשר ודם איז

אַנגעגרייט זיין גורל פון פריער און ער קאָן גאָר פון דעם נישט אַנטלויפן און נישט זיך אַרויסרייסן.

דער „אָראַקל", דער פאַרטרוילעכער פון די געטער, וואָס גיט דעם מענטשן איבער זייער רצון, איז אין תוך די התראה, די וואָרנונג פון די געשעענישן, וואָס זיינען אָנגעגרייט פאַרן מענטשן און די שטראָפן, וואָס וועלן אים צוגעטיילט ווערן און פון וועלכע עס איז גאָר נישטאָ קיין שום מיטל פאַר אַנטרינען און דאָס וועט אים אַזוי נאָכגיין אויפן קורצן וועג, וואָס דאָס לעבן פירט.

וויטיעס, דער אוהב ליטעראַטור, שאַצט אָפּ דעם שעפערישן געניוס אין זיין פאַרנעם, דער געניוס, וואָס טיילט זיך נישט אין אין פעלקער און געאָגראַפיעס. אים זיינען דערפאַר נאָענט אַלע שיטות, וואָס גיבן ליטעראַטור אַ תיקון. נעענטער אָבער פון אַלע שיטות איז אים דאָס עטישע, וואָס גיט מאָראַלישן באַדייט פאַר דעם מענטשנס קיום און די ווערט פון און פאַר זיין „זיין".

די גאַנצע גריכישע צוטראָגן. פאַרדינסטן און שאַפונגען; זייער פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע און פילאָסאָפיע, און ווי עס איז אים געפעלן די עסטעטיק פון גריכישן שטייגער, אפילו דאָס מוסר זאָגן פון טהוסידיציס, נוצט ער ווי מוסטעדן פון אַטען, בלויז נאָר לשם אילוסטראַציע.

משה וויטיעס הויפּט־טאָן איז אַריינגעטאָן אין אידישקייט — וואָס פאַרטייטשט, מיינט ער: דערהויבענע מידות, וואָס קערט אָפּ פון געצן־דינסט, פון היידעניזם און פּראָקלאַמירט צום בן־אָדם דעם אומבאַנעמלעכן כוח פון אחדות הבורא.

„איך האָב גענומען ביישפּילן פון די קלאַסישע גריכן", זאָגט משה וויטיעס, „מחמת זייער ירושה פון דראַמע, ליטעראַטור און מיטאָלאָגישע קוואַלן, דינט ווי אַ דאַנקבאַרער שטאָף צו באַלייכטן מיין טעזע". אָבער ווייזט ער אָן מיט שטאָלץ: „דער אידישער זשעני, וואָס האָט געשאַפן דעם תנ"ך קאָן צושטעלן דעם רייכסטן אילוסטראַציע מאַטעריאַל פאַר דעם געדאַנקען פון פאָלק־שאַפונג, ווי דער אָנשפּאַר פון יעדער ליטעראַטור".

* * *

נאָר צוליב דעם, וואָס דער רבונא דעלמא כולא האָט אויסגעטיילט דאָס אידישע פאָלק צו דער זכיה פון זיין וואָרט און געבאָט, זיין מאָראַל און דעם דרך, אויף וועלכן דער איד און מענטש דאַרף גיין, איז געשאַפן די פאַרבינדונג פון איד צו איד — דערפאַר קען אַ איד און אַ שעפערישער איד זיך נישט אָפּטיילן פון פאָלק.

משה וויטיעס דערמאָנט: „אַ אידיש קינד, טרוג, ווערט געוואויר

נאָך אין די קינדער־יאָרן, אַז אים איז אָנגעצייכנט צו טיילן דעם גורל פון זיין פאָלק״. דער ישראל בין העמים, די ראָלע פון אידישן פאָלק צווישן די אומות איז נישט נאָר אויפן כלל, נאָר אויך אויף יעדן איינעם באַזונדער.

דער אידישער ליטעראַטור־שאַפער דאַרף „פאַרטיפן די ירושה פון די אבות״, ווייזט אָן משה וויטיעס, „און זיין ציל דאַרף זיין קינסטלע־רישע שלימות. נישט איבעררייסן מיטן פאָלק, נאָר זיך ווידמען אַרויס־צוהויבן די אייגענע גאָבן. דאָס איז דער וועג צום געבענטשטן סינטעז פון ירושה און יחידישער גדולה. נאָר גרויסע, אין אַלע צייטן, האָבן זוכה געווען צו געפינען אָט־דעם גאָלדענעם מיטלוועג״.

אַלע ליטעראַטורן, אונדזערע בתוכם, זיינען, קודם־כל, געשאַפן גע־וואָרן פון נאַציאָנאַלע שרייבערס. אונדזערע קלאַסיקער: מענדעלע, פּרץ, שלום־עליכם, רייזען, האָבן נישט געמינערט זייער גרויסן קינסטלערישן ווערט דורך גיין צום קוואַל פון דער אידישער שטעטל מיט איר לאָקאַ־לער סביבה און פאָלקס־שטייגער, וואָס איז גאָר אוניווערסאַל. וויטיעס פירט צוליב דעם אויס, אַז: „יעדע וואַגיקע שאַפונג פון ליטעראַטור טראָגט אויף זיך דעם חותם פון פאָלק״.

וואָס זיינען די מיטלען און כוחות, וואָס זיינען גורם שעפערישקייט? וואָס איז דאָס עצמדיקע אין שעפערישן פּראָצעס — פאָרעם צי אינהאַלט? סטיל צי מעכאַנישקייט?

„די פאַך־טעקסטן פון דעו שרייבעו־קונסט״, מאַכט משה וויטיעס באַקאַנט, „לערנען דעם אָנהויבער צו שנירלען אויסגעקליבענע אַקו־ראַטנע ווערטער, צו זיין געהיט מיט וואָרט־פאַרבן, צו שרייבן קלאָר, פשוט און עפעקטפול״. אָבער פירט ער אויס: „זיי ניט באַגאַבטן וועט ניט העלפן קיין אונטעררעכט, ווייל פון ביכער קען מען זיך קיין קונסט־סטיל ניט אויסלערנען״. די בעסטע שפּראַך־טעכניק אָן דער אויבער־מעלה פון סטיל, איז ווי אַ גוף אָן אַ נשמה. און דאָס האָט נאָך באַשטע־טיקט דער פראַנצויזישער געלערטער און שרייבער בופאָן, וועלכער האָט געזאָגט: „דער סטיל איז דער מענטש גופא״, און משה וויטיעס מאַכט אַ צוגאָב: „דער סטיליסט דאַרף זיין אַ מומחה אויף שפּראַך״ און ער פירט אויס, „אַז דעריבער איז נאַטירלעך, וואָס שרייבער אין אַלע צייטן זיינען די אמתע שפּראַך־מייסטער״. אָבער דאָס מיינט ניט, אַז אַקאַדע־מישע שפּראַך־גרינטלעכקייט איז אַ מוז, אַ באַדינג פאַר אַ ליטעראַט.

משה וויטיעס באַשטייט, אַז סטיל איז דער שליסל צום מענטש־קינסטלער און איז אַ ספּאָנטאַנער אויפבליץ פון דער שיינקייט און וואונ־דערלעכקייט, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין דער נשמה פון יעדער זאַך.

וויטיעס גיט אויך איבער די אַלזייטיקייט פון שעפערישן פּראָצעס, מיט די אַלע קאָמפּליקאַציעס און אייגנשאַפטן, וואָס איז פאַרבונדן אין דעם ענין פאָרעם און אינהאַלט — די פאָרעם איז דער גוף, אינהאַלט איז די נשמה, בײדע קאָן מען ניט אָפּטיילן, ווי גוף פון נשמה. בלויז נאָר דער פּרימיטיוו און דער „דרדקי מלמד לשון" וויל פּאָפּולאַריזאַציע און שטעלט זיך איין צו פאַרפלאַכן ליטעראַטור דורך אָפּטיילן אינהאַלט פון פאָרעם אין צוויי באַזונדערע עלעמענטן.

***

„עסייען וועגן ליטעראַטור" איז אַ בוך ניט נאָר אויף אידיש, נאָר אַ אידישער ספר אין גייסט, פאַרנעם און כוונה פון מחבר, ווען ענס וואונטש, אַז דער בוך זאָל ניט זיין סתם אַ בוך אויף אידיש, נאָר אַ אידיש בוך אין טאָן, גייסט און אינהאַלט, איז מקוים געוואָרן.

די עסייען אין בוך זיינען פאַרנומען אינגאַנצן פון אידישן גייסט, וועלכער טראָגט זיך אַריין אין די שמועסן וועגן די ליטעראַטורן פון די אומות העולם.

משה וויטיעס איז אַריינגענומען און אַריינגעטאָן אין אידישן באַנעם. „אין פּרט פון יראת־הכבוד צום ספר זיינען אידן געווען אַן אויסנאַם. די פּלאַסטישע קונסטן האָבן טאַקע ניט באַשעפטיקט דעם אידישן זשעני, צוליבן פאַרבאָט פון דער אמונה [אַ טעות: מיר האָבן ניט קיין סטאַטועס, וואָס זיינען געווען אויסגעקנאָטענע געצן און מיטאָלאָגישע געטער, מיר האָבן אָבער וואונדערלעכע שניצערייען: גאָלד און זילבער אָרנאַמענטן, צירונגען און קינסטלערישע שמוק־שטיקער, פאַר וועלכע מיר זיינען באַרימט צווישן פעלקער], דערפאַר האָבן חיבור און שריפט — מיט דעם אומפאַרגלייכלעכן ביבלישן, ווי אַ קוואַל פון לערע, עקזאַלטאַציע און טרייסט פאַרן פאָלק ווי משפיע געווען אויפן אידישן גייסט".

יהודה הלוי, דער פאַרנעמלעכער דיכטער, פילאָסאָף, ליכטיקע פערזענלעכקייט און העררליבענער איד האָט פאַר אונדז אָנגעוויזן, אַז גאָט האָט דורך משהן איבערגעגעבן דעם עם ישראל: „איר וועט זיין צו מיר פאַר אַ פאָלק און איך וועל זיין צו אייך פאַר אַ גאָט". אַזוי האָט גאָט געזאָגט בלויז צו אונדז, טייטשט יהודה הלוי, אָבער ניט צו קיין אַנדערע פעלקער. אויפנעמען די גייסטיקייט פון יהודה הלוי איז וויטיעס השגה און פאַרנעם. „וואָס קענען אויפטאָן פאַר אונדז אַנדערע פעלקער? פרעגט יהודה הלוי. אפילו די גרונט־קלוגע ווייד פון זייערע אָנגעזעענסטע און בעסטע מענטשן, האָט דען גאָט צו זיי אַזוי גערעדט ווי צו אונדז? האָט גאָט זיי אויסגעקליבן פאַר זיין פאָלק? ניין!! אונדז האָט ער אויסגעקליבן

און ניט זיי. דעריבער זיינען מיר די אויסגעוויילטע און זיי דאַרפן לער־
נען ביי אונדז, נישט מיר ביי זיי״.

**וויטיעס** שטעלט פעסט: „מיר זיינען דער עם־הספר, נישט נאָר פּאַר
אונדזער לערנען און אָפּהיטן די תורה, נאָר אויך פאַר טייער האַלטן די
גרויסע צאָל קריטישע ספרים אויף דער תורה. די ווערק פון די מפרשים
— די תורה־באַלייכטער: ר׳ סעדיה גאון, רש״י, רשב״ם, אבן עזרא, דער
רד״ק, דער רמב״ן, דער רמב״ם, אברבנאל, די קבלה, וואָס איז דאָס ליכט
פון פּאָעטישער מיסטיק, דער ווילנער גאון און טויזנטער גדולי ישראל,
אידישע גייסט מענטשן און גאונים״.

**דער אידישער גייסט קאָן נישט אָננעמען די אַלע טעאָריעס און טע־
זיסן פון דער גויאישער לערע. די גרויסע גריכישע שאַפונגען זיינען
אינגאַנצן פאַרנעם קעגן אידישן גייסט. נישט נאָר קען דער איד, דער
גלויבער אין בורא עולם, נישט אָננעמען דעם עפּיקורישן טעזיס, אַז גאָט
איז נישט, און אויב עס איז יאָ — האָט ער מיטן מענטשן ניט צו טאָן
— גאָט און מענטש זיינען זיך פרעמדע — די גאָטהייט אַליין איז הילפ־
לאָז. נאָר אויך די אַלע פילאָסאָפיעס פון אַטענס, וואָס האָבן געהאַט די
השפעה פון די געטער־מיטאָסן.**

**יהודה הלוי, וועלכער איז געווען פאַרטיפט אין דער גריכישער און
אַראַבישער פילאָסאָפיע, האָט זיך דעריקונדיקט, אַז די גריכישע פילאָסאָפיע
האָט אונדז, אידן, גאָר נישט וואָס צו זאָגן און אַז זי האָט נישט קיין
שום באַדייט פאַרן אידישן גייסט. ווייל אינווייניק איז זי פוסט, זי האָט
נאָר בלומען, אָבער נישט קיין פּרוכטן. יהודה הלוי וואַרפט אָפּ די שיטה
פון פּלאַטאָן, וועלכע לייקנט גאָט. יהודה הלוי ברענגט דעם אידן צו אַ
אידישער פילאָסאָפיע, אַ אידישן דרך. אַ פילאָסאָפיע ניט פון דרויסן, נאָר
פון אינווייניק, פון אידנטום גופא.**

**
*

**משה וויטיעסעס בוך איז קאַלירפול און אייגנאַרטיק. אַמאָל גייט ער
אַרונטער פון דרך און ווערט פון אַ שמועסער אַן אָראַטאָר, צוליב דעם
ווערט אָפּגעטאָן דער עקסטאַז פון וואָרט און עס ווערט פּאָזע פון דער
פּראָזע און פון מליצה, ווי, למשל, אַזעלכע אדיעקטיוון: „בעטע גע־
טאָקטקייט, געשליפענע שיינקייט, געמאָסטענער טאַקט, שיינענדיקע פּאָ־
ליטור, אַ מעכטיקער, אָבער רעזערווירטער פּאַטאָס״. אַזעלכע רייד זיי־
נען פון האָלדז נישט פון האַרץ אַרויס. ער רעדט וועגן דער אידישער לי־
טעראַטור, עס פעלן אָבער אויס די היינטצייטיקע שרייבער פון זיין איי־
גענעם דור און אויך זייערע שאַפונגען. דערפאַר זיינען „עסייען וועגן**

ליטעראַטור" אַן הבטחה, אַז משה וויטיעס וועט אונדז מזכה זיין בזמן קרוב מיט אַ פֿאַרנעמלעכער אַרבעט וועגן דער הײנטצײטיקער אידישער ליטעראַטור. אָבער די אַנווייזונגען זיינען נאָר אגב אורחא. מ'ווערט פֿאַרגי־טיקט פֿון די גרויסע מעלות, וואָס דאָס בוך פֿאַרמאָגט. פֿון דער רייכקייט פֿון לשון און טעמאַטיק. משה וויטיעס נעמט אויף דעם גאַנצן גאַנג פֿון דער ליטעראַטור, אַלע תקופות, פֿאָרמען און שיטות, וואָס באַרייכערן אונדזער וויסן. נישט נאָר פֿאַרטייטשט ער, נאָר דערקלערט מיט פֿאַרנעם, מיטן זאַפטיק לשון, וואָס ציגדט אָן אַ ליבע סיי צום ענין, וואָס ער באַהאַנדלט און סיי צו דעם וואונדער פֿון אידישן וואָרט. ער טוט אָן תענוג מיט דער ציכטיקייט, ערנסטקייט, גראַציעזקייט און עלעגאַנץ.

צו קענען שרייבן פּשוט איז אַ דערגרייכונג. משה וויטיעס הבטחה אין אַריינפֿיר צום בוך, אַז ער וועט אויך אָן אינטימען שטייגער איבערגעבן זיין שמועס וועגן ליטעראַטור, האָט ער מקיים געווען.

משה וויטיעס בוך לויטערט מיט באַשיידנקייט. די טיפֿע געדאַנקען, וואָס ער האָט דאָרט מיטגעטיילט רופֿן אַרויס טראַכטונגען און פֿאַרטראַכטונגען. זיין וואָרט איז פֿול מיט חן. ער פֿאַרמאָגט דעם כּוח פֿון ברענגען נישט גלאַט אַ זאָג, נאָר ממשותדיקע געדאַנקען. ס'גלוסט זיך דעם בוך נישט פֿאַרמאַכן, ווייל מ'וועט בענקען נאָך אים. מ'פֿאַרמאַכט אים כּדי די בענקעניש זאָל זיך רייצן און נישט לאָזן רוען. ס'איז אַ בוך פֿול מיט טעם און געדרוך, ווי פֿון פֿריש־געשניטן גראָז.

משה וויטיעס „עסייען וועגן ליטעראַטור" איז אַ פֿאַרנעמלעך וויכטיק אידישער ספֿר און רעגט אָן מיט דערהויבענע שטימונגען. ס'איז אַ בוך פֿון אַ גרויסן צושטייער צו דער אידישער ליטעראַטור און דער אידישער עסיי. אַ בוך מיט דער טעמאַטיק און דעם שטייגער איז אפֿשר איינציק ביי אונדז הן אין פֿאַרנעם, הן אין קלאָרקייט און אַ סך פּשטות.

אָט־די אַלע מעלות פֿאַרזיכערן, אַז זיינע פּראָזע, ווי ער ווינטשט וועלן וועקן אינטערעס און מ'וועט זיי געוויס ממשיך זיין. עס וועט מוזן געשאַפֿן ווערן דער המשך, שוין דערפֿאַר נאָר, וואָס, ווי משה וויטיעס באַשטעטיקט: „אונדזער ליטעראַטור אויף מאַמע־לשון מעג שטאָלצירן מיט איר פּענאָמענאַלן שפּרונג פֿאָראויס במשך פֿון בלויז אַ צוויי־דריי דורות. זאָל נאָר דעם קינסטלערישן אידישן וואָרט באַשערט זיין יאָרן און לייענער דורות".

משה וויטיעס ספֿר דאַרף אויפֿגענומען ווערן מיט אָט־דער גרויסער ליבע, אַכטונג און מיטן זעלבן יראת־הכּבוד, ווי ער האָט אים צוגעגרייט, געשאַפֿן, כּדי דורך אים זיך געבן די געלעגנהייט צו ווערן פֿאַרטאָן, דערהויבן אין גייסטיקער הנאה.

# לייוויק און זיין פּאָעטישער דרך

לייוויקס 70־יאָריקער געבוירנטאָג, גיט אַ געלעגנהייט די ליטעראַ־טור־שאַצער ווידער זיך אָפּגעבן מיט לייוויקס דרך, מאַניער און צוטראָג צו אונדזער קולטור־אוצר. יעדער באַזונדער וועט ציען שלוסן פון לייוויקס ספּעציפישקייט. אין סך־הכל וועלן זיי, ווי אַ כלל, זוכן צו פאַר־שטאַרקערן זייער אייגענעם באַשאַף — די וויזיע — לייוויק, אַרום וועמען עס זיינען שוין ביז איצט אַרומגעוועבט געוואָרן באַגריפן פון אַ מיסטי־שער געשטאַלט, וואָס איז כסדר גאָר פאַרטאָן אין פייניקן זיך צוליב מענטשלעכער בייז, אין מאָנען יושר פאַרן שוואַכן און אָפּשרייען רשעות וואָס פייניקט דעם פייניקער און געפּייניקטן.

לייוויק האָט נישט געזוכט אָפּצוטרייבן די וואָס האָבן אונטערגענומען אים אויפשטעלן ווי אַן אויסטערלישן, אַנדערשדיקן און געהיימניספולן, וועמענס לידער זיינען נישט גלאַט פּאָעזיע, נאָר אַז דורך זיי גאָר ווערט געבראַכט אַ שליחות וואָס איז אים געגעבן געוואָרן אפשר פון דער השגחה. בלויז אים, ווי אַ פּאָעט, קומט אויס, לויט די מיסטיקער און פשטלער, איז איבערגעגעבן געוואָרן די פאַרשטענדיקונג און אויך דער צער פון: „אדם לעמל יולד“.

לייוויק האָט אָנגענומען דעם שטייגער אין דער פּאָעזיע, וואָס עס האָבן אויסגעפורעמט פאַר אים שטערנזעער, מיסטיקער, ספּיריטואַליסטן און די וואָס האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט משיח־קאָמפּלעקסן.

די משיח־זוכער אין דער אידישער ליטעראַטור האָבן גאָר פאַרגרייזט און זיך אויך אָפּגעזונדערט פון דעם אידיש־טראַדיציאָנעלן משיח־באַנעם. ב. ריווקין ע״ה, וואָס האָט דער ערשטער אויפגעזוכט דעם משיחיזם אין לייוויקס לידער, איז אפשר גאָר, פאַרהוילן פאַר אים אַליין, געווען באַ־ווירקט און אָנגענומען מיטן קריסטלעכן משיח־באַגריף.

טאָלסטאָיס טייטש פון קריסטוסן און דער עטישער מיסיע פון דער פיקטיווער געשטאַלט, האָבן געהאַט אַ טיפע השפּעה אויף דער גרופּע מאָ־דערנע משיח־זוכער ביי אידן. מיט טאָלסטאָיס קריסטלעכקייט האָבן קאָ־קעטירט אַ גרויסע צאָל אידישע יונגעלייט. עלטערע תושבים געדענקען געוויס, ווי אויף דער איסט־סאַיד האָבן צירקולירט גרופּעס פון יונגע אידישע מענטשן, וואָס האָבן אויף טאָלסטאָיס שטייגער געקליידעט זיך אין אויסטערלישע לייוונטענע מלבושים; האָבן געלאָזן זיך וואַקסן בערד

און לאַנגע האָר, כּדי דורך דעם דעמאָנסטרירן אַן ענלעכקייט צו יעזוסן, וואָס זיי האָבן געזען אויסגעמאָלן אויף בילדער.

געזוכט זיך צו אידענטיפיצירן מיטן טאָלסטאָיאַניזם האָבן אין יענער צייט אַ גרויסע צאָל אַנגעהעריקע צו פאַרשיידענע רעוואָלוציאָנערע גרו־פּירונגען, באַזונדער אַ סך וואָס האָבן זיך גערופן אַנאַרכיסטן. זיי אַלע צוזאַמען האָבן עס אַרומגערינגלט לייוויקן און זיינען אין פאָראויס גע־גאַנגען אים צו דערמוטיקן און מאַכן פאַר אים פּלאַץ.

צווישן אַזן אין לייוויקס שאַפן האָבן געפירט, אַז עס זאָל זיך ביי אים אויספורעמען דאָס פּרעמדע — אַ מין קריסטוס־געשטאַלט פון דער אי־דישער משיח־אידייע.

לייוויקס שעפערישער אָנהויב איז געווען פונקט אַזוי באַשיידן, ווי די שטילקייט פון זיינע לידער. אָבער געשען איז, אַז די סיבירער לידער האָבן אָנגערעגט בענקעניש און אויפגעמאָנט ראָמאַנטישקייט. אַ גרויסע צאָל פון די, וואָס זיינען געקומען דאָ אין לאַנד, געטריבן פון צאַרישן טעראָר, זיינען שוין ביים באַקאָנען זיך מיט די סיבירער לידער, געווען איינגעאָרדנטע און אַרויפגעאַרבעטע. לייוויקס לידער האָבן זיי דערמאָנט פון דער אייגענער רעוואָלוציאָנערער פאַרגאַנגענהייט און האָט אין זיי גלייכצייטיק אויפגעוועקט אַ שולד־קאָמפּלעקס פון זייער נישט־רעוואָלו־ציאָנערן „היינט". לייוויקס אָנהייב־לידער זיינען דערפאַר געוואָרן באַענט נישט אַן אידייאישער באַוועגונג, נאָר אַ גרופּירונג. אין תוך, נישט דעם „בונד", נאָר דעם בונדיסט.

פונקט ווי אין די סיבירער לידער איז לייוויק געוואָרן דער פּאָעט פון בונדיסט, אַזוי איז ער אין זיין שפּעטערדיקער שעפערישער סטאַדיע, דורך די „שחיטה"־לידער און „גולם" פאַרנומען געוואָרן פון דער מחנה משיח־זוכער. לייוויקס ליטעראַרישער מאַניער האָט געגעבן אַ תיקון צו זייערע אייגענע באַנעמונגען און פאַרשטענדיקונגען; דערפאַר איז זיי לייוויק געוואָרן נענטער ווי די אַנדערע פאַרנעמלעכע פּאָעטן פון דער גרופּע „יונגע", באַזונדער די דריי: משה לייב האַלפּערן, מאַני לייב און זישא לאַנדוי. לאַנדוי מיט זיינע אידישע, אַביסל נירוואַנישע און אַביסל קלוג־ציניש מאַטיוון, איז געווען פרעמד פאַר זיי; משה לייב, דער שטורעמדי־קער און ווידערשפּעניקער, האָט שאַקירט; מאַני לייב איז געווען מיט גרינגן געמיט — אינגליש און ראָמאַנטיש; אַחוץ דעם, איז משה לייב געווען אַן אַריינגזאָגער; פון מאַני לייבן האָט מען זיך געקאָנט אָפּלערנען ווי צו זאָגן; לייוויק, אָבער, האָט געזאָגט. דערפאַר האָבן אים מקרב גע־ווען די היציקע מגידים, וואָס פלעגן זיך טוישן פאַרפלאָנטערטע אומ־קלאָרע געדאַנקען און זיך שפּאַרן פאַר אַ פיקטיוון קוצו של יוד.

די משיח־זוכער האָבן אין לייוויקס פּאָעטישע זאָגונגען אויפגעשטעלט זייערע אייגענע וויזיעס. אין אינהאַלט האָבן סיי לייוויק און סיי די טאָל־סטאָיאַנער אָפּגעפּירט משיח־זם פון אידישן באַנעם. ביי אידן איז משיח אַ האָפענונג, אַן אידייע, אָבער נישט קיין געשטאַלט (משיח וועט קומען אויפן ווייסן פערד, איז בלויז אַ שפּאַסיק פאָלקס־מעשה פאַר קינדער. אַחוץ דעם, האָט אידישע געשיכטע באַוויזן, אַז דער משיח־מענטש איז געווען אַ פאַלשער נביא). לויטן תלמודישן אָנווייז, וועט דער קומען פון משיחן זיין ביים קץ ערשט ווען — „אין בן דוד בא עד שתכלה פרוטה מן הכיס" (משיח וועט נישט קומען ביז ס׳וועט אויסגיין די לעצטע פרוטה פון בייטל).

משיחיזם, וואָס איז די צענטער־אידייע פון לייוויקס פּאָעטישן און וועלטלעכן באַנעם, אַנטפּלעקט זיך ביי אים דורך רייד פון אַ פיגור, וואָס איז אַ מין האַלבער אליהו און אַ האַלבער לוקאַ: אַ מין סינטעז צווישן אַ בשורה־אָנזאָגער אליהו און דעם רוסיש־מיסטישן פּויערל, וועלכער, פּונקט ווי אליהו, באַווייזט זיך שטענדיק אַ פאַרשטעלטער כדי צו ברענגען טרייסט און האָפענונג.

לייוויקס וויזיע פון אַ „דערלייזער" נעמען אָן ביי אים עטלעכע גע־שטאַלטן. צו די לוקאַ און אַנדערע פיגורן באַווייזט זיך אויך דער מטורף. דאָס האָרף זיין אַ רמז, אַז דער ניט־קלאָרער איז גראָד דער וואָס טראָגט דעם אמת און אין ס׳מבאָל, — אין אַן אומקלאָרער וועלט, איז דער נישט־קלאָרער דער בעל־שכל; די קלאָרקייט, וואָס איז גאָר אין תוך אומקלאָרקייט, וועט עס אַריינברענגען סדר און קלאָרקייט.

לייוויק זוכט דעם זין פון יצירה. אים רעגן דערפאַר אָן די פיגורן, וואָס דער רבונא דעלמא כולא שטעלט פאַר נסיונות און פּייניקונג. די עקדה און די איוב־טראַגעדיע שטייען אין אויבנאָן פון זיינע מאָטיוון און ער וועבט זיי אַריין אין תוך פון זיינע לידער.

לייוויק איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אין דער ליטעראַטור אויף די אַקסלען פון בונדיסטן און משיחיסטן מכל המינים. דער אמת־אידישער מענטש איז נישט אָנגערעגט געוואָרן פון לייוויקס מאָטיוון און זיין וועלט־און מענטש־באַנעם. דעם פאָלקס־מענטשן האָט לייוויק נישט דערנעענ־טערט און אים איז נישט געוואָרן אייגן לייוויקס שווערע עברי און די אַלע אָנוואונקען און רמזים. דער פאָלקס־מענטש האָט נישט געקאָנט ווערן נאָענט מיט אים, מחמת לייוויקן איז פרעמד דאָס געמיט פון אידישן מענטשן; פון לייוויקן איז אָפּגעטאָן די ברכה פון גרינגקייט און די מעלה פון קאָנען שוין נישט רעדן פון מיטלאָכן, נאָר אַ שמייכל טאָן מיט עמך.

דער אידישער מענטש איז געבליבן גלייכגילטיק צו לייוויקס פּאָ־עטישן מאַניער. אָפּגעזען פון דער מליצה, וואָס ווערט אים צוגעטיילט,

אַז די אידישע אַרבעטער, ווי דער „קלאָוק דזשאָינט־באָאַרד“ וויל האָבן, זיינען הערהויבן געוואָרן „דורך אייער פּערזענלעכן מוט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין דער אַלטער היים, און דורך אייערע ליטעראַרישע שאַפונגען אין אַמעריקע“, קאָן דער אידישער מענטש נישט אָננעמען און אויך נישט מסכים זיין מיט אַזעלכע רציחהדיקע לידער וואו עס ווערט געבעטן — „אַ וואַרעמע האַלדז פאַרן חלף“ — דערפאַר וואָס ער, דער חלף, „איז קאַלט און אומעטיק“.

ווי דערמאָנט, שטעלט לייוויק אַ סך קשיות און צוליב דעם ווערט אָנגענומען, אַז ער איז פאַרטאָן מיט וועלן דערגרונטעווען דאָס פאַרהוילענע. די געשטאַלטן זיינע, וואָס קומען אויף ווי ניט־דאָאיקע, שאָטנדיקע און פאַרבאָרגענע, גיבן אַן אויסרייד פאַר לאָזן זיי רעדן אומקלאָרע רייד. אָט־די פאַרפלאָנטערונגען און אומפאַרשטענדיקייטן האַלטן מענטשן פאַרגאַפט און העלפן פאַרשטאַרקערן די כמו־לעגענדע, וואָס די מאַגיקער, מיסטיקער און משיחיסטן האָבן געוועבט אַרום דעם מענטשן און דיכטער ה. לייוויק.

זיך אָפּגעבן אַ מוסר־השכל דאַרף מען פון שטייגער ווי דער אַמעריקאַנער דיכטער אַרטשיבאַלד מעקליש, פאַרטיפט זיך אין דעם איוב־פּיין. גאָט שטעלט נישט גלאַט איובן פאַר אַ נסיון, נאָר ער טיילט עס מיט אים. סיי איובס פּיין און סיי זיין נצחון זיינען אַ טייל פון כביכול, וואָס האָט אויסגעפורעמט דעם גאַנצן אוניווערז און אַלץ, וואָס ער האָט אין אים באַשאַפן.

לייוויק איז באַשטימט אַ גאָר אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט. ער זוכט אַן ענטפער צו מענטשלעכע פאַרפלאָנטערונגען און אַ באַשייד צום זין פון אַלץ, וואָס פּלאָגט דעם מענטשן־מין. ער וויל דערגיין צום כוח, וואָס קען איינשטעלן אחדות צווישן בורא עולם און דעם מענטש און צוריק באַנייען זייער בונד.

לייוויקס אַנדערשקייט, אפילו מיט פּאָזע, האָט באַשטימט פאַר אים אַן אויבנאָן אין דער אידישער ליטעראַטור. לייוויקן אָבער האָבן געטאָן שאָדן די אַלע מאַגיקער, משיח־זוכער, ספּיריטואַליסטן און פּותר־חלומניקעס. לייוויקן האָט מען אויך געשעדיקט וואָס מ׳האָט אין אים אַריינגעטייטשט, נישט אַרויסגעטייטשט.

---

דער מבולבלדיקער טאַנץ פון די מעלאַנכאָליקער אַרום ה. לייוויקן האָט גורם געווען טרויעריקע טייטשן, וואָס פּלעפן ממש. אין דער חברותא פון די פּוסט־ריידער פאַרנעמט פּסעוודאָ־אינטעלעקטואַליזם דעם אָנגעזעענסטן אָרט. וויליאַם נאַטאַנסאָן דעמאָנסטרירט די פּאַקרימונגען פון

דעם קרענקלעכער איבערטריבענער פאַרערונג פאַר ה. לייוויקן, וואָס איז גאָר אין תוך אומאידיש און אין טאָן פון קריסטלעכקייט און געצנדינסט.

ביי ווילי׳אַם נאַטאַנסאָנען איז לייוויק אין דער בחינה פון אַן „איבער־מענטש״, אַ „בחיר״ און אַ מיסטישע געשטאַלט פאַר וועמען דער רבונו של עולם אַנטפּלעקט נישט גאָר אמת און עטיק, נאָר געדעכטע וועלטן. נאַטאַנסאָנס פאַרערונג פאַר לייוויקן פירט אים אַוועק פון ראַציע און לאָגיק. די לידער וואָס ער ציטירט טוען לייוויקן נישט קיין טובה. זיי פאַרמינערן לייוויקס עטישע באַנעמונגען. אויפן סמך פון לייוויקס לידער קען מען זיך גאָרנישט אויסמאָלן צי אידישע קריטיקער וואָלטן געבליבן גלייכגילטיק צו אַזוינע שורות. „צי איז נישט מערער שגעון ווען האַלדז וואָס איז געלעגן אויסגעשטרעקט צו זיין געשאָכטן דערפילט נישט דעם גע־יאָמער פון אַ צווייטן האַלדז, וואָס ליגט ערגעץ געשוואָלן און באַדעקט מיט וואונדן? צי איז נישטאָ קיין שייכות?״. מ׳קאָן זיך משער זיין דעם אָפּרוף פון די ליטעראַטור־קריטיקער און אָנגעזעענע עסטעטן אויף אַזעלכע סאַדיסטישע רייד, ווען דער מחבר וואָלט נישט געווען לייוויק? נאַטאַנסאָן פאַרוואולגאַריזירט לייוויקס קראַנקע געדאַנקען. לויט זיין טייטש, פרעגט לייוויק אָפּ איובס עטישע שטאַרקייט און אויסגעהאַלטנקייט. נאַטאַנסאָן מאַכט ווילדע אויספירן. ער באַקאַנט מיט אַ לייוויק, וואָס האָט אַ מיסטישע באַהעפטונג מיטן רבונו של עולם: „די התגלות האָט פאַרנומען זיין תפילה״. זאָגט נאַטאַנסאָן — „זי האָט ווירקלעך [טאַקע ווירקלעך??!] געעפנט פאַר אים וויזיעס און האָריזאָנטן פון אַ נייער ערד און נייע הימלען״.

נאַטאַנסאָן צווייפלט ניט. ער פאַרזיכערט, אַז ממש ווירקלעך האָט די „התגלות״ פאַרנומען לייוויקס תפילה. אָט־די נייע וועלטן, וואָס די „התגלות״ האָט אויפגעפראַלט פון לייוויקס־וועגן, האָט געמאַכט זיכער, אַז אין זיי: „וועלן געוועלטיקן נייע באַגריפן, נייערע און טיפערע נשמה־צאַפּלענישן [??!!] פאַר אַ העכערער און טיפערער מענטשלעכער עטיק״.

איז וואָס וועט די עטיק האָבן אויפגעטאָן? „זי וועט גורם זיין אויף דער אַנטפּלעקונג פון עטישער שוואַכקייט אין תנ״כישן איוב. ה. לייוויקס באַשולדיקונג [פון עטישער שוואַכקייט ביי איובן] קאָן נישט אָפּגעפרעגט ווערן און נישט צוריקגעוויזן ווערן״. פאַרוואָס (נאָר צום שטויבען): „ווייל לייוויקס וויזיע און פאַנטאַזיע האָט זיך דערהויבן צו אַ מענטשלעכער עטיק וואָס גרענעצט זיך מיט איבערמענטשלעכקייט״. קען מען עס מסביר זיין? צו רעדן אין אַזאַ לשון וועגן אַ אידישן מענטשן, אַ דיכטער, איז נאָך נישט געהערט געוואָרן. קענען אידן זיך אויסמאָלן אָדער אָננעמען אַזאַ גער־שאַפונג? געפלעפט? אין זכות פון זיין „איבערמענטשלעכקייט״

טאדלט לייוויק איובן פאַר זיין עטיש שוואַך. לייוויק פאַרמינערט איובס ליידן, הערהפאַר וואָס ער האָט נישט פּראָטעסטירט קעגן גאָט, ביז ער אַליין איז געשטעלט געוואָרן צום פּרואוו דורך פּיין און עינויים.

אַזאַ פאַרקרימטע הסברה איז נאָך נישט געהערט געוואָרן אין דער אויפפאַסונג פון די נסיונות, וואָס גאָט שטעלט דעם מענטשן. דורכן איוב־סימבאָל גיט דער כביכול דעם בן אדם אַ פאַרגעמלעכערן פאַרמעסט: נישט צו פּראָטעסטירן קעגן גאָטס מעשים, וועלכע אַ מענטש טאָר גאָר נישט אָפּפרעגן, נאָר ווי איובס ברירה — לעסטערן... איוב האָט דעם השם יתברך נישט געוואָלט לעסטערן; טענהן — יאָ; לעסטערן — ניט!



# דער באַגינען שטייט אין מיטן הימל

(מאיר קראַווועצעס „נייער באַגינען")

נאָכן איבערלייענען מאיר קראַוועצעס בוך „אַ נייער באַגינען", ווערט מען פאַרוואונדערט, ווי מ׳וואָלט פון אַ פעקל, וואָס מען האָט צופעליק געפונען, אויפגעוויקלט אַ ווערטפולן דיפּץ. הונדערטער מאָל איז מען פאַרבייגעגאַנגען דאָס אָרט וואו דאָס פעקל איז געלעגן, נאָר מחמת ס׳איז געווען פאַרשאַרט, איז גאָר ניט איינגעפאַלן, אַז אינווייניק אין פעקל, ליגט פאַרבאָרגן אַן אוצר פון וואונדערלעכע מעשיות, וואָס דערפרייען מיט זייער פשטות, דערהויבן מיט פאַרטיפונג, און דערנענטערן מיט אַ טי־פּאַזש, וואָס איז אפשר נישט בנמצא אין דער אידישער דערציילונג־ליטעראַטור.

מאיר קראַוועץ איז נישט קיין וואָרט־פאַרשווענדער. ער איז אויך נישט קיין דעטאַליסט. בלויז עטלעכע ווערטער האָבן ביי אים דעם כוח פון אויפשטעלן אַ בנין מיט אַלע נויטיקע חפצים. ער איז ניט קיין דעקאָראַטאָר, אָבער עטלעכע שטריכן, איינציקע ווערטער, און פאַר די אויגן אַנטפּלעקן זיך אַלע מינים דעקאָראַציעס, מיט וועלכע גאָט האָט באַפּוצט אונדזער וועלטל.

מאיר קראַוועץ פאַרמאַטערט ניט מיט זיינע רייד, אָנצייכענונגען און מענטשן. פאַרקערט, מען ווערט אַריינגעוועבט אין אַלע עלעמענטן, וואָס רודערן אין זיינע געלייטערטע מעשיות. מאיר קראַוועץ קוועלט מיט רויִקער שטילקייט. דורך אָט־דער שטילקייט איבעראַשט ער מיט שטימונג און בילד־דערפינדערשקייט. מוסטערן: „די ערשטע טעג נאָך הינדעם טויט, האָט ער גאָרנ׳ט געפילט דעם פאַרלוסט. פאַרקערט, ער האָט געהאַט דעם געפיל פון באַפרייאונג, ווי ער וואָלט שוין אַ לענגערע צייט געוואַרט אויף איר טויט. די נעכט זיינען געווען שטילע, פרידלעכע, ווי הינדע וואָלט קיינמאָל ניט געווען. און אַז אַ געדאַנק איז אויפגעשוואומען וועגן איר, איז עס געווען וועגן איר הוסטן, וועגן איר כריפּענדיקן אָטעם, וואָס האָט דערמאָנט אָן אַ פאַרזשאַווערטער טיר. זיינען די ערשטע טעג אַוועק ווי אין אַ הינערפּלעטע, ניט געבראַכט ניט קיין ווייטיק, ניט קיין פרייד".

אין איין פאַראַגראַף, מיט געציילטע ווערטער, צו אויפעפענען די

פֿאַרבאָרגענע טראַכטונג פֿון אַ מענטשן ביי וועמען דאָס ווייב איז געשטאָרבן, איז באמת זעלטן צו אָנגעגעבן אין דער הערציילונג־ליטעראַטור. דערציילער האָבן גאָר אַ טבע פֿון זיך אַריינוועבן אין אַ שטראָם פֿון רייד און ווערטער. (נאָר מאַפּאַסאַן, טשעכאָוו, צי, אַשטייגער, עדגאַר אַלאַן פּאָו, האָבן געהאַט די ברכה פֿון איבערגעבן צימצומדיק אַ געשעעניש.)

צו באַוואונדערן איז קראַוועצעס שטייגער פֿון אויפֿשטעלן דעקאָראַציע. מיט ווייניק ווערטער שטעלט ער אויף אַ בילד, וואָס בלייבט איינגעקריצט סיי אין זכרון און סיי פֿאַר די אויגן: „דאָס שטיבל איז איינגעהויקערט, ווי זי וואָלט זיך געבויגן פֿון מידקייט. גראָז וואַקסט ווילד אַרום הויז. הינטערן הויז איז אַ לויפּיקער שטראָם וואַסער, וועלכער פֿאַלט פֿון אַ שטיינערנעם באַרג און ווערט פֿאַרלוירן ערגעץ אונטער דער ערד". נאָך אַן אויפֿמאַל: „דזשעקסאָן איז געבוירן געוואָרן מיט שטויב פֿון רויכיקע קוימענס אין זיינע נאָזלעכער. זייער הויז איז געווען האַרט ביי דער פֿאַבריק. ווייטער פֿון הויז האָבן זיך געצויגן קרומע געסלעך, וואו דער אומעט האָט געוואוינט. אַ שווער גרויליק לעבן איז עס געווען, שווער ביז פֿאַרצווייפֿלונג".

**
*

די דערציילונג „דאָס הויז מיטן וויס־געפֿאַרבטן דאַך", אַנטפּלעקט דעם גאַנצן מהות פֿון מאיר קראַוועצעס וועלט־און מענטש־באַנעם. די העלדן אין זיינע מעשׂיות זיינען נישט גלאַט קיין פּערזאָנען, וועלכע קומען אויף אין דער דערציילונג כדי צו לאָזן זיך דורכלעבן געוויסע געשעענישן, נייערט זיי זיינען אָנווייזער פֿון וועמען מען קען זיך אָפּנעמען אַ מוסר־השׂכל.

די העלדן נישט דורך רייד, נאָר דורך איבערלעבונגען רעגן אָן זיך צו פֿאַרטראַכטן וועגן זין פֿון זיין און דעם באַדייט צו ווערטן און אָפּשאַצונגען.

מאיר קראַוועצעס אויספֿירן זיינען גאָר סימבאָליש און מ׳קען אין זיי סיי אַריינטייטשן און סיי אַרויסדרינגען.

צוויי אָנגעזעענע עלעמענטן קומען אויף אין מאיר קראַוועצעס דערציילונגען: די גשמיותדיקע און די רוחניותדיקע. זיינע העלדן זיינען אַריינגעקוועטשט אין דער אייזערנער רייף פֿון לעבן, וואָס האַלט זיי אין כּסדרדיקער דערדריקונג. די העלדן ווילן אַ געלעגנהייט צו קענען אָטעמען, צו קענען זיך אַרויסרייסן פֿון אייזערנעם רייף אַרויס, און אין פֿאַרזוך און פֿאַרמעסט, באַפֿרייט זיך דער מענטש און צו הילף אים — גייסטיקער

כּוח, איז ער גובר דאָס גשמיותדיקע.

אין דער דערציילונג „דאָס הויז מיטן ווייס־געפּאַרבטן דאַך“, שטייען ביידע כּוחות אין פּאַרמעסט. דער מענטש יאָגט זיך אָנצוזאַמלען נאָך דערגרייכונגען, וואָס עס האָט אים זיך איינגעגעבן איינקאַסירן. אָבער דאָס איז דאָך בלויז ניט מערער ווי מאַטעריאַליסטישע עשירות. געפינט דען דער מענטש גליק און רו אין אַזאַ עשירות? זעטיקן אים דען די מאַטעריעלע רייכקייטן? מילמאַן, די צענטראַלע פיגור, האָט זיך פאַרטאָן אין זאַמלען מאַטעריאַליסטישע עשירות, מחמת גאָר ביי אים איז געלעגן פאַרבאָרגן אַ בענקעניש נאָך צערטלעכקייט, אַ גלוסט נישט צו פיזישע תענוגים, נאָר גאָר צו עכטקייט, צו אמת און ווען ער, דער סימבאָלישער מילמאַן, געגנט אָן צופעליק, ווי ס׳איז דער סדר אין לעבן, דאָס פאַרבאָרגענע הויז, וואָס שטייט פאַררוקט אויפן פאַרוואָרפענעם וועג, וועקט זיך די בענקעניש אויף אין אים און ער דערפילט ממש, אַז די צייט, ענערגיע, וואָס האָט אים געיאָגט צו קלייבן מערער און מערער מאַטעריאַליסטישע ווערטן, זיינען גאָר פאַלשע, אָפּנאַרערישע כּוחות, וואָס האָבן אים גאָר איבערגעוואַלט אַריינגעצוואונגען אין אַ פּוסטן לעבן, וואו ער האָט אומזיסט פאַרשווענדט די אמת ווערטפולע, גייסטיקע דערהויבונג, וואָס דער מענטש מוז שאַצן און טייער האַלטן.

וואָס וויל דען דער פאַרהאַוועטער מילמאַן? פאַרוואָס יאָגט ער זיך אַרום אין אייזערנעם רייף? פאַר וועמען בויט ער פאַבריקן? ס׳איז אַלץ נאָר כּדי צו קענען געניסן פון אַביסל צאַרטקייט, צו דערגרייכן אַביסל אויפמערקזאַמקייט פון ווייב. ער זאָרגט וועגן אַלץ און אַלעמען און ער בענקט גאָר זיך צו קענען דערשלאָגן מ׳זאָל וועגן אים אַביסל זאָרגן. עמיץ זאָל זיך אָנגעמען פאַר אים. עמיץ זאָל אים טרייסטן. ער האָט עס אָבער נישט. די אַלע בענקענישן רייסן אויף זיינע אָדערן. אַ נישט אויסגעלעבטע גלוסט ציגנדט זיין בלוט. די עשירות יאָגט גאָר דאָס ווייב זיך צו פאַרטאָן אַלץ מערער נישט פאַר אים, נאָר אַוועק פון אים. זי איז פאַלש און אָנשטעלעריש. אָבער צו אים איז זי אפשר אויפריכטיק. אפילו אין פאַלשקייט איז דאָך פאַראַן אויפריכטיקייט. זי שפּילט ניט און קאָקעטירט ניט פאַר אים. פאַרקערט, זי פאַרריגלט זיך אין שלאָף־צימער.

„זיין קערפּער ווייטיקט מיט אומרו. גערדאַרפט האָט ער צוגיין צו איר טיר, שטיל אָנקלאַפּן און וואַרטן זי זאָל אים אַריינלאָזן. ער ווייסט אָבער וואָס ס׳וועט זיין, ער האָט דאָס שוין אַזוי פיל מאָל פּרובירט, און איז אַוועק אַ באַליידיקטער, אַ צעווייטיקטער. ער ווייסט זי וועט עפענען אַ שפּאַרונע פון דער טיר, זי וועט זיין אָנגעטאָן אין איר זיידענעם שלאָפראָק, זי וועט אַ בלייכן שמייכל טאָן און אַ זאָג טאָן: „אָ, ניט היינט, דאַר־

לינג, איך בין אַזוי מיד! וואָס פאַר אַ ווייב וועל איך קענען זיין צו דיר?״ זי וועט אַ ליבלעכן שמייכל טאָן און פאַרמאַכן די שפּאַרונע פון טיר, און ער וועט זיך שאַרן אין פינצטערן קאָרידאָר צוריק אין זיין שלאָף־צימער״.

מילמאַנס ווייב, אסתר, פלעגט זיך גאָר איינמידן כדי דאָס זאָל קענען זיין אַ שומר, וואָס וועט דעם מאַן פאַרצאַמען דעם גאַנג צו איר. דער שומר, מידקייט, באַשיצט איר קערפּער קעגן די באַרירונגען פון איר מאַן, ווען ביי אים וויטיקט דער קערפּער אין אומרו.

דער סימבאָלישער מילמאַן טראַגט דעם יאָך נישט נאָר פון די געשעפטן, נאָר די שווערע משא פון אומבאַפרידיקונג, פון דער בענקעניש, פון אַ לעכצונג, וואָס פאַרפּייניקט און פאַרוויטיקט אים.

וויל טאַקע מילמאַן נאָר דעם גוף פון ווייב? צי די צאַרטקייט און זאָרג, וואָס ליבשאַפט פון אַ פרוי שענקט? מילמאַן וויל גאָר עכטקייט. ער האָט גאָר אַ גלוסט צו דערהויבן זיך צו די ווערטן, וואָס גיבן זיין און שטעלן אויף אַן אחריות פאַר דער באַרעכטיקונג פון זיין. אַן אויפפלאַם אין אויגן, וועלכע האָבן געליכטיקט מיט יונגקייט, האָט אים אויפגעוועקט. אין די אויגן האָט ער דערזען, ווי אַ באַהאַלטענע וועלט וואָלט דאָרט געווען פאַרשטעקט. די אַלטע פרוי, אָט־די מיט די אויפליכטיקייטן אין די אויגן, מיט אַ פּנים און הענט, וואָס זיינען געווען פול מיט פיבער, און מיט אירע ווייסע האָר, וואָס זיינען געלעגן ווי אַ קרוין אויף איר קאָפּ, האָבן אויפגעמאַנט אין אים די פאַרבאָרגענע און פאַרבאַהאַלטענע גלוסטן און אים באַהעפט מיט גייסטיקער דערהויבונג.

פלוצים איז צעשטערט געוואָרן די גאַנצע עשירות. די פאַבריקן, די דינער, דינסטן, באַדינער, חונפים, אונטערלעקער און לויב־ליוועראַנטן, דאָס ווייב און קינדער. ער איז ניי־געבוירן; ער איז צוריק געקומען אין דער וועלט אַריין, ווי אָט נאָר וואָס פון דער מאַמעס טראַכט; בלויז דערפאַרונגען זיינען געווען איינגעגעסן אין די בלוטן און ביינער. אין זכרון און אין אַ זאַק פאַרבונדן האָט ער די דערפאַרונגען געטראָגן אויפן פּלייצע, ווי אַ בעטלער, אַ פּוס־גייער. ער איז עס געגאַנגען זיך אויפריכטן אין לעבן פון דעם נע־ונדניק.

אַלץ איז געשען צופעליק. די מידקייט האָט עס אים צוגעפירט צום „הויז מיטן ווייס־געפאַרבטן דאַך״ און ווי ער איז נאָר די שוועל איבערגעטראָטן — און שוין האָט זיך געעפנט דער אַריינגאַנג וואו עס ליגט פאַרבאָרגן דער סוד פון איביקייט.

מיטאַמאָל האָט דער סימבאָלישער מילמאַן, דער מילמאַן אין יעדן פון אונדז, זיך דערקונדיקט דעם זין פון אַלץ — פון אים, מיט אים און

אַרום אים. זיין בענקעניש וועט געשטילט ווערן, די אומרו וועט אָבער ווערן שאַרפער.

אָט האָט ער אָנגעגעבנט זיין בענקעניש נאָך עכטקייט, נאָכן אמתן מענטש, דער מענטש — זיין גוף איז געלייזמט, אָבער אין די אויגן ליגט פאַרשטעקט אַ ליכטיק לעבן.

מאיר קראַוועץ אַנטפּלעקט, אַז דער זינפולער געיעג איז גאָר צו דערלויפן וואו דער אמת וואוינט אין זיין קליין אָרעם שטיבל. יעדער איז איינגעשלונגען אין אַ ווילדן האַרמידער. ס'איז נישטאָ דער אויפפּלאַם פון אָפּשטעלן זיך און פאַרקערעווען דעם גאַנג צום וועג, וואָס פירט גלייך צו דעם „הויז מיטן ווייס־געפאַרבטן דאַך". דאָס הויז איז באַשיינט מיט ליכטיקייט, וואָס פלאַמט פון אַלע פענצטער. די הויז שטייט אָביסל אָן אַ זייט פון וועג, דער ווייס־געפאַרבטער דאַך אין דער דערקען־צייכן. עס וועט נישט לאָזן פאַרבלאָנדזשען.

* * *

דער שייד־וועג אין מאיר קראַוועצעס לעבן איז געווען אַ שריפה. ס'איז נישט קיין צופעליקע שריפה, ס'איז דער פייער, אין וועלכן די גויים האָלטן אַרומגערינגלט דאָס אידישע פאָלק.

אונדזערע שכנים, די פּאָליאַקן, מיט וועמען מיר האָבן אויף דער זעלבער ערד געלעבט טויזנט יאָר, וועמענס לאַנד מיר האָבן געריימט און רייך געמאַכט. אָט־די פּאָליאַקן האָבן זיך עס פאַרלייגט אונדז אומברענגען, צונישט מאַכן אונדזער האָב און גוטס.

פאַרן קינד מאיר איז דאָס געווען אַ שאַרפע, אַ ווייטיקדיקע איבער־לעבונג. ער האָט גאָר נישט געקענט באַנעמען פאַר וואָס קומט עס אים די פּייך, זיין טאַטן, מאַמען און דער גאַנצער עדה אידן?

די נאַכט פון דער שריפה האָט געלייגט אַ פיינלעכן חותם אויפן לעבן און געדעכעניש פון צאַרטן יינגל, וועמען דער טאַטע האָט „ווי אַ שפּענדל אויפגעהויבן אין זיינע שטאַרקע אָרעמס". די נאַכט פון דער שריפה האָט גורם געווען דעם גאַנצן ווייטערדיקן גאַנג אין מאיר קראַ־וועצעס לעבן. „אָט־די נאַכט וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווייל דאָס איז געווען דער שייד־וועג אין אונדזער לעבן".

מאירן איז באַשערט געווען צו בלייבן אַ קיילעכדיקער יתום. דעם טאַטן האָבן די אויגן געטראָגן ווייט אַוועק פון גויאישער רציחה, די פּיס האָבן אָבער מערער נישט געקענט טראָגן. פריער די מאַמע, און באַלד נאָך דעם דער טאַטע האָבן די אויגן, די צעשראָקענע הילפלאָזע אידישע אויגן, וואָס האָבן געהאָלפן די פּיס לויפן אין דער ווייטער וועלט אַריין.

זיך צוגעמאַכט אויף אַלע איבּיקייטן, צוגעמאַכט, נישט צו זען אידישע טראַגישקייט און גויאישע רציחה.

אָבער דאָס קינד מאיר? ווי דער גורל פון פאָלק ישראל, אַוועק איז ער אין וואַנדער, דער קיילעכדיקער יתום.

„העי, פערד מיינער, איייל זיך צו,<br>
ערגעץ איז פאַראַן אַ לאַנד פון רו.<br>
ווייל אַלט בין איך און מיד,<br>
נאָר יונג ווען כ'זינג מיין ליד".

**<br>
*

אַוועק איז ער, מאיר, אָבער דאָס פייער, וואָס די שריפה האָט אין אים אָנגעצונדן, לעשט זיך ניט. דער פייער האָט נישט געלאָזן רואיק זיצן אין אַ געצעלט. מאיר איז געיאָגט און געטריבן געוואָרן פון הע־לישן פייער. ער האָט די פלאַמען געבראַכט, נישט צו צינדן הייזער און ברענען פעלדער, נייערט נאָר צום האַרץ פון ברודער־מענטש. מיט זיין פייער, האָט ער זיך פאַרנומען עוקר זיין דעם צינד־גייסט; ער האָט זיך פאַרנומען צו פאַרניכטן דעם אומיושר, די שנאה וואָס רייצט מענטש אויף מענטשן, די שנאה וואָס פאַרצערט דעם מין מענטש.

**<br>
*

מאיר קראַוועץ, סימבאָליש איז ער געוואָרן דאָס פאָלק ישראל, ווע־מענס הים איז פאַרברענט געוואָרן וועמענס פעלדער זיינען צעטראָטן געוואָרן, איז אַנגעקומען פון וואַנדער־וועג אין אַ ניי־לאַנד. אָבער אים איז ענג געוואָרן אין דער מדינה. ער איז אַרויס אויפזוכן די וועלט, דערקונדיקן און באַקאַנען זיך מיט איר. מאיר קראַוועץ האָט זיך נישט געקענט איינלעבן אין גרינגקייט. לייכטקייט איז גאָר אַ לאַסט, וואָס ליגט שווער אויפן געמיט.

שוין די ערשטע נאַכט אין ניי־לאַנד, האָט קאָנטיק געמאַכט דעם מאיר, דעם וואַנדערער, דעם הייסן איבערגעגעבענעם פאַרשפרייטער און רופער צו דער דערהויבונג פון „ואהבת לרעך" און אפשר נאָך מערער ווי „כמוך". פאַרן „ואהבת" איז ער גרייט געווען אומברענגען זיך.

„די ערשטע נאַכט האָב איך נישט געקענט שלאָפן. געהאַט אַ גאַנצן חדר פאַר מיר אַליין, צוויי גרויסע פענצטער, אַ ווייכע, ציכטיקע בעט — אַלץ אַזוי פיין מעבלירט, אָבער מיט דעם אַלעמען איז קיין פרייד אין מיין האַרצן ניט געווען. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך געהאַלטן אין איין

כליפּען. פאַרוואָס ?... גאָט ווייס. איך האָב געוואָלט ויסן, וואָס וועט דאָ ווערן פון מיין לעבן ? און ווען איך בין אנדרימלט געוואָרן, האָב איך אין חלום געזען, ווי רויטע פלאַמען האָבן זיך געריסן צום הימל... גע־זען אַ פעלד מיט צעשראָקענע אידן, טאַטע, מאַמע, דערנאָך בין איך געבליבן איינער אליין! אַליין!..."

מאיר האָט אַליין נישט געוואָלט בלייבן. ער האָט זיך גענומען מיט־גייער און מיט־וואַנדערער. אויף אַלע וועגן איז אים די שריפה געקו־מען אַנטקעגן און ער האָט זיך פאַרנומען זי לעשן.

***

ס'איז מערקווירדיק: אָט־דער שטורעמדיקער, אַנגעצונדענער און אויפגעשטראַלטער מאיר קראַוועץ, האָט נישט קאָנטיק געמאַכט זיין פאַר־דינטן אָרט אין דער אידישער ליטעראַטור. מחמת זיין שעמעוודיקייט און שטילקייט איז ער נישט דערזען געוואָרן, מ'איז אים פאַרביי געגאַנגען.

איך בין זיך מסופק צי אין דער אידישער ליטעראַטור זיינען פאַ־ראַן קורצע דערציילונגען מיט אַזאַ טעמאַטיק און פרעציזן סובטילן טאָן, ווי עס זיינען מאיר קראַוועצעס מעשיות.

מאיר קראַוועץ איז דער אַמעריקאַנישסטער פון אַלע דערציילער ביי אונדז. אין דער אידישער דערציילונג האָט ער אַ קרובהשאַפט מיט א. ראַבאָי, ע"ה, מחמת דער טעמאַטיק פון אַמעריקאַנעם לעבן. אָבער ראַבאָי פאַרנעמט זיך מיט איינגעוואָרצלטע, מאיר קראַוועץ מיט אויסגעוואָרצלטע: די נשרפים וועמען דאָס לעבן האָט אָפּגעטריבן פון זייערע פעלדער און וועלדער און געלאָזן פון זייערע שטיבער האַלעוועשקעס.

***

מאיר קראַוועץ קומט אַנטקעגן מיט אָפענע און נישט פאַרהוילענע עמאָציעס. ער איז אינטים און וואַרעם. אין פּראָזע איז ער דער פּאָעט. ער רירט מיט זיינע טיפע שטימונגען און דערהויבט מיט זיינע לויטערע כוונות. זייער וווינציק דערציילער קענען דורך שפּאָרעוודיק וואָרט אוי־בערגעבן קאָנטיקע און בולטע בילדער און געשעענישן.

מאיר קראַוועץ שרייבט ניט מחמת עפעקט. ער איז אָפּגעווייטערט פון דעם סאָרט שרייבער, וואָס שווימבלען איצט אין דער ליטעראַטור און וועמענס כוונה איז נישט דערציילן, נאָר איבעררעאַשן מיט פאַלשן אָנ־שטעלערישן וואָרט און פּאָזע. דאָס זיינען אַ גרופּע שרייבער, וועלכע טראַכטן צו פאַרטעלען, ווי אַזוי אַרויסצורופן רושם; זיי קלערן אויס, נישט זיי שאַפן פאַרשוינען און טראַכטן צו, נישט לעבן אויף סיטואַציעס. זיי פאַרלייגן זיך נאָר אַרויסצורופן עפעקט.

מאיר קראַוועצעס דערציילונגען רוישן נישט, זיי באַרוישן.

מאיר קראַוועצעס מענטשן זיינען ביי אים נישט קיין העלדן, אָדער גלאַט טיפּן, נאָר אייגענע. דאָס זיינען גאָר ברידער, שוועסטער, אייגן פליייש און בלוט, וועמענס צער פאַרוויייטיקט אים, און וועמענס פרייד דערהויבט אים. אָבער די אַלע ברידער און שוועסטער, טאַטעס און מאַמעס האָבן נישט קיין סך פרייד. זייער לעבן בכלל איז אַ כסדרדיקער פאַרמעסט, אַ געראַנגל, אַן ערנסטע אונטערנעמונג מיט ווייניק פרייד און דערהויבונג. דער הינטערגרונט: אָרעמקייט, געראַנגל זיך פאַר קענען אָנהאַלטן אַ מיזראַבלע עקזיסטענץ; אומעט, אַ שווערער געמיט האַלט אַריינגענומען יעדן איינעם פון קראַוועצעס מענטשן, פון זקן ביזן קינד, אפילו עופעלעך באַנעמען שוין די טראַגעדיע פון לעבן און דעם צער פון אָרעמקייט.

. עס איז אויפגעקומען אַ נייער מאיר קראַוועץ, אַ קרעפּטיקער, אַן אָנזעעוודיקער און אַ קאָנטיקער. אין בוך איז נישט אויסגעמיטן געוואָרן אַביסל קאָמפּאָזיציע־חסרונות. אַ שאַד, וואָס מ'האָט אויפמערקזאַם ניט אַכטונג געגעבן זיי אויסצומיידן. אָבער די עטלעכע גרייזן זיינען דאָך אומוויכטיק. וואָס פאַר אַ באַדייט האָבן זיי קעגן דעם פאַרנעם, ליכטיקייט און קינסטלערישן ווערט פון די עטלעכע און צוואַנציק דערציילונגען, וואָס יעדע איינע, איז באמת אַ וויכטיקער צושטייער צו דער אידישער דערציילונג־ליטעראַטור.

ווי דערמאָנט, איז מאיר קראַוועץ דער אַמעריקאַנישסטער פון די דערציילער ביי אונדז. ער האָט אַמעריקע אַריינגענומען אין זיינע בלוטן:
„איך האָב זיך דעמאָלט פאַרליבט אין אַמעריקע, אין איר ריזיקייט, איר שוואונג, דער קאָלאָסאַלקייט פון איר אָטעם, איר רייסן זיך צום הימל, איר ווילן צו דערגרייכן די שטערן און זיך פאַרמעסטן מיט גאָט. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָ ווערט באַשאַפן אַ ווערק, וואָס וועט ענדערן די וועלט, אַז דער זינגענדיקער מאָרגן וועט לעבן אין דער איי־ביקייט.

איך בין געווען זיכער, אַז דער היינטיקער טרוים וועט ווערן די מאָרגעדיקע וואָר; אַז די מענטשלעכע פאַנטאַזיע וועט אָפּווישן אַלע גרענעצן; אַז איך, דאָס אידיש אינגל פון פאָליעסיע, וועל געפינען מיין אָרט אין גרויסן וואונדער וואָס איז אַמעריקע".

דאָס אידישע אינגל פון פאָליעסיע, האָט נאָך אפשר נישט געפונען זיין אָרט אין גרויסן וואונדער־אַמעריקע. ער זוכט אים דורך זיינע פּרעכטיקע דערציילונגען. ער האָט נישט זיין אָרט מחמת ער זוכט נאָך אַלץ אויסצופאָרשן די גרויס, ברייט און ווייט סיי פון וואונדער־אַמעריקע און

סיי פון די מענטשן וואָס באַוואוינען דאָס לאַנד, זיי זיינען אויך אַ קאָלאָסאַ־לער וואונדער.

מאיר קראַוועץ איז ערלעך, ערנסט. זיין טאַלאַנט איז אַנזעעוודיק און באַשטימט. נישט קיין וואונדער, וואָס מ׳האָט אים פאַרזען. מיט אַזעלכע מעלות איז אין אונדזער וועלט שווער צו געווינען אַנערקענונג.

* * *

מאיר קראַוועצעס טיפּן און מענטשן זיינען שוין געוואָרן בני־בית. זיי זיצן שוין אַלע ביים טיש. די טיר שטייט אָפן אויפצונעמען די נייע מענטשן מיט וועמען מאיר קראַוועץ וועט באַקענען און מאַכן נאָענט. די הויז מיטן ווייס־געפאַרבטן דאַך שטייט אַביסל אָפּגערוקט פון הויפּט־וועג, דער טיש אין שטוב איז אויסגעצירט מיט כיבוד, מ׳וואַרט נאָר פאַר מאיר קראַוועצעס ברידער און שוועסטער, וועלכע וועלן פריידיקע זיך אויפזאַמלען אַזוי גיך נאָר, ווי דער באַגינען וועט זיך אויפגיין אין הימל.



# עס רעדט אַ מענטש

## (לוי גאָלדבערגס קענטיקייט אין דער פּאָעזיע)

לוי גאָלדבערג גייט ניט מיט רוישיקע טריט אין אונדזער ליטעראַטור. ער קומט ניט מאָנען. פאַרקערט, ער שטעלט זיך צופרידן מיט פּיצעלעך, וואָס דאָס לעבן קען שענקען. דאָס בענקעניש וואָס פאַרנעמט אַ גרויסן אָרט אין זיין לעבן, איז די פרייד פון דעם איינציקן טאָג, וואָס ווערט אויסגעלייזט פון וואָך־יאָר. אָט אין דעם טאָג ווערט ער אויך אויסגעלייזט, און דערפאַר איז ער אים אַזוי נאָענט. זיין לעבן ווערט אים וואויל אין דער רואיקייט פון דעם איינציקן טאָג.

„די זעקס וואָכן־טעג אָרעמע, זיי גייען איינגעשפּאַנט אין כאָמעס פון דיין יאָך. איין טאָג נאָר איז דיר אויסגעלייזט — און ווי אין נאַכט, אַ טרייסט איז ער שטענדיק דיינער, און רייך מיט יום־טוב, דיין דויער צו פאַרווײַלן".

אין אָט דעם איין טאָג, ווערט זיין לעבן אַ קעניגרייך, און עס לויכט פאַר אים אויף „אַ נר תמיד מיט יענעם היליקן גס פון קריגעלע אויל".

לוי גאָלדבערג טיילט זיך אָפּ פון גרויסע אויפשטורעמס. אים פאַר־כאַפּט ניט דאָס לעבן פון דרויסן. דער יאָך צעפּטרט זיינע אַלע האָפע־נונגען, ער לאָזט אָבער אין אים נאָר איין בענקעניש — דער טאָג־רו. אָט אין דעם גס־טאָג איז ער אויסגעשפּאַנט פון כאָמעט. ער קאָן אָנקוקן די פנימער פון זיין הויזגעזינט. ער קען דערפילן די נאָענטקייט און וואַ־רעמקייט, וואָס די וואָך האָט אין זיין משפּחה אָפּגעשפּאָרט פאַר אָט־דעם איינציקן טאָג. און אָט־דער טאָג ווערט פאַר אים אַ גס.

לוי גאָלדבערג איז ניט דער פּאָעט וואָס קומט ווענקן. זיין ליד רופט ניט צו מאַכן איבעראַנדערשונגען. ער שטעלט זיך ניט קעגן דעם וועלט־סדר. ער טראָגט ניט אָפּ פון זיין ירושה. זיין ירושה איז אים געקומען ניט פון וועלט־איבערקערער, נאָר פון אידן יראי־שמים, וואָס האָבן געשעפּט וויסן און חכמה פון לערנען משניות, פון מישן די סודות אין „געל־צע־רונצלטע משניות־בלעטער".

אָט־די טיפע חכמה, וואָס איז איינגעוועבט אין די „געל צערונצלטע משניות־בלעטער", איז געוועזן דער אָנרעג פאַר אים זיך צו דערוויסן, וואָס זיי פאַרבאָרגן. אָבער ער אַליין קען ניט דערגרונטעווען זיך צו דעם. ער וויל פרעגן, שטערט אים אָבער די ירושה:

„שעה פאַר מנחה פולע פּרוכטבאַרקייט שפּראָצט פון יצחק דאַרסקין, שפע, אין די בייטן פון זיין שטערן, אין די ווינקלען פון די ברעמען. און אָט ווי אַ באַרג אַ פּילפּול, אין שטאַמל וויל עס קלאָר מאַכן מיין טאַטע, פאַרפּלאָנטערט זיך זיין ווייסן. אידן שמייכלען, און ער נעמט זיך שעמען".

לוי גאָלדבערג איז אַ שעמעוודיקער. ער קען ניט אויפרייסן די וועלט, ווייל — „אויך איך בעל־פה: דער זין פון מיינס אַ וואָרט נעמט טונקל ווערן, און ווי מיין טאַטע אָפט פאַרשעם איך זיך, מיין אייגן קול צו הערן".

לוי גאָלדבערג וויל די וועלט ניט אויפרייסן. ער בלייבט אָבער ניט גלייכגילטיק צו די אומגערעכטיקייטן, וואָס הערשן אין דער מענטשלעכער צוזאַמענלעבונג. ער רופט ניט אָפּצושאַפן אָרעמקייט, ער שטעלט זי אונדז אַרויס אין דרויסן, מיר זאָלן אַליין זיך אויפרעגן פון דעם און זען מאַכן אַ סוף פון אַזאַ פּלאָג, וואָס איז באַזעצט אין די היימען פון ברודער־מענטש.

לוי ווערט ניט אויפגערעגט פון דער אָרעמקייט. פאַרקערט, „אַ ליכ־טיקע שיינקייט דרעמלט אין באַוואוסטזיין פון יעדן אָרעמאַן — פון דעם אָרעמאַן — וואָס פינצטערט אין זיין דלד־אמותדיקער אייניקייט, וואו די זון איז קיינמאָל ניט פאַראַן".

די „שיינקייט" איז דער באַוואוסטזיין, אַז די וועלט איז אַ קראַנקע. און ווער וועט איר אויסהיילן פון איר קראַנקהייט? ווער וועט אַרונטער־נעמען פון איר דעם „צייכן פון נדבה?" „די חכמה פון דערלייזונג". און ווער האָדעוועט אָט־די דערלייזונג? „איר האָדעווען די אָרעמע, די לאַ־מעד וואָון".

אָט־די 36 צדיקים וועלן עס אַראָפּנעמען דעם „צייכן פון נדבה"; ניט די אויפשטענדלער און וועלט־איבערקערער. אָט־די תמימותדיקע, אומבאַקאַנטע, לעגענדאַרע 36 וועלן ברענגען די ישועה. פּונקט ווי זיי, וואָס וואוינען אונטער אייביק בלויע הימלען ברענגען אים אָנזאָגן פון פרעמדע אויסגעטראַכטע לענדער און מענטשן מיט פעלדער און בערג פון אויסטערלישע קאָלירן.

לוי גאָלדבערג איז ניט אַרויס אין דער וועלט־אַריין. איז אַלץ וואָס ער דערזעט פאַר אים אַ וואונדער. זיין וואונדערן זיך קומט צו אים צו־זאַמען מיט דער ירושה. ער וויל פאַרטייטשן, ער וויל אויסקונציקן אַ פּילפּול — אָבער: „מיינס אַ וואָרט נעמט טונקל ווערן, און ווי מיין טאַטע אָפט פאַרשעם איך זיך, מיין אייגן קול צו הערן".

לוי בענקט נאָך די ערשטע יונגע יאָרן זיינע אין שטעטל. און שוין במילא נאָכן שטעטל. אין שטעטל איז אים געווען גרינגער דאָס לעבן, ווי דאָ אין געוויש. דער גערויש איז זיין שונא, ער האָט עס אים איינגע־

שפּאַנט אין יאָך און ביי אים גערויבט די זעקס טעג פון וואָך.

ס'איז אמת, אין שטעטל איז אויך פאַר אים דאָס לעבן נישט געווען קיין גרינגער. די אָרעמקייט פון טאַטנס שטוב האָט אים ביים זאָגנט גע־בראַכט צו אברהמען דעם איינבינדער. און דאָרטן האָט מען פאַר אים שטענדיק געהאַלטן גרייט:

„פּאַרטאַג האָט ביים טיר, די פּאַמוינעצע מיט איר זויערקייט און עיפּוש מיך אָפּגעוואָרט. איך פלעג זי אָננעמען ביי די אויערן, ווי אַ ראָץ אַ טויטע. זיך אָנגעטראָפן מיט אברהמען, האָט ער מיך אָנגערופן ‚טפש'! און מיט ריגזה מיך אָוועקגעשיקט וואָס איינקויפן אין קליטל".

לוי האָט ניט געקענט פאַרטראָגן אָט־דעם אופן פון באַהאַנדלונג. זיין ווירדע האָט זיך קעגנגעשטעלט. און ווען זיין בענקעניש זיך צו באַפרייען פון דעם ביטול, וואָס איז אַנטקעגנגעקומען מיט דער „פּאַמוינעצע" און דעם טיטל — „טפש", איז גאָר מקוים געוואָרן. ניט דורך זיין אויפשטאַנד קעגן דער באַהאַנדלונג, נאָר דורך דעם, וואָס מען האָט אים אַרויסגערופן קיין אַמעריקע — איז דעמאָלט אפילו האָט ער ניט געוואָלט שפייען מיט עקל אויף זיין באַלעבאָס דעם רשע.

לוי, דער יונגער לוי, קען גאָר קיין שאַרפערע און בייזערע ווערטער ניט צוואוואַרפן זיין באַלעבאָס ווי די נייעס: „איך פאָר אַוועק, מעבר לים, זיך קיינמאָל מער צוריקצוקערן".

לוי בענקט נאָך אָט־דער שטילקייט און שעמעוודיקייט זיינער. וואָס ער האָט געהאַט אויף יענער זייט פון „מעבר לים". דער גערויש פון גרויס־שטאָטישן לעבן האָט אים אַ סך מאָל געמאַכט בייז און אַרויסגע־שטויסן ווערטער, וואָס אין שטעטל וואָלט ער גאָר ניט געטראַכט, אַז זיי זיינען דאָ אין דער שפּראַך פון מענטשן.

לוי גאָלדבערג וויל רו און לעבן בשלום מיט זיין אַרומיקער וועלט. ער אַנטלויפט פון בייזקייט און בייזע רייד: „וויל שווער איז מיר אין פּאַנצער זיך קליידן, און מיט שפּיז הפקרדיק צו טאַנצן אויף ליידן מיט די פיס".

לוי וויל בלויז שרייבן לידער. לידער זיינען זיין איינציקע טרייסט אין דעם שווערן און ביטערן געראַנגל. דורך די לידער ווערט ער פון דעם יאָביקן „לואי", צוריק דעם טעם־פולער לוי. אַ גאַנצן טאָג איז ער פאַרקנעכטט ניט נאָר צו פוצן ווענט און מאַכן היימען באַקוועם, נאָר אויך צו די רייד, צו די נבול־פּה רייד פון זיינע צעך־ברידער. אָט־די שיכורע און פּרעכע רייד פאַרשעמען אים און ער בלייבט מבולבל: „איך פרעג זיך אָפּט אין אומעט גראָ: — דיכטער לוי, וואָס טוסטו דאָ?"

אָבער לוי ווערט אויסגעלייזט פון דעם, ווייל צוזאַמען מיטן ניבול־פּה ווערט אויך פּאַראומרייניקט זיין נאָמען, ער ווערט פון לוי — „לואי". אָבער, „אָט באַלד, אָט באַלד, איז שווערער טאָג־רעזום. צום טאָג, מיין אָונט, שטראַלט. ער פירט מיך צו מיין ווס. איך ווער אויס לואיס, פאַך־געזעל, און לוי, אויף אַ ליד, שטייגט העל".

לוי בענקט נאָך די אָונטן. זיי שטראַלן פאַר אים. ווייל אין די אָונטן ווערט ער אויסגעלייזט פון פאַרגרעבטן „לואי" און ער באַיום־טובט זיך צוריק מיט לוי, וואָס שטייגט העל אויף לידער.

לידער זיינען דאָס גאַנצע ראָד, אַרום וועלכע לוי דרייט זיין לעבן. פון זיינע לידער שיידט ער ניט אָפּ זיינע שטוביקע. ביי אים איז ליד זיין פרוי. זיינע קינדער און די חברים דיכטער וועמען ער האָט ליב און וועלכע ער זעצט ביי זיך שטוב־טיש.

לוי גאָלדבערג רייסט ניט אויף און צינדט ניט אָן. ער איז שטיל, אָבער ער האָט ליב דעם אויפרודער פון שעפערישקייט און דערפאַר האָט ער אַ סך אָפּשיי און געדולד פאַר אַנדערע שעפער. ער זוכט ניט קיין עולם הזה, ער וויל נאָר פאַר זיין מי אַ קליין שורהלע אויפן ברעטל, וואו עס ווערן פאַרשריבן די נעמען פון די אייביקע.

לוי גאָלדבערג האָט דורך די יאָרן פון זיין פּאָעטישער אַנטפּלעקונג ניט באַרייכערט זיין לשון און במילא אויך ניט זיין וויזיע. ער האָט אָבער זיך אויסגעברייטערט. ער האָט געקראָגן אַ לענגערן אָטעם. זיין אָטעם איז פול מיטן אָנזאָג, זיין לענגערער אָטעם איז דער שליח פאַרן „ניגון אין ווינט", וואָס דאַרף זיין שטאַרק גענוג צו קענען אָנהאַלטן דעם ניגון ביז ער דערגרייכט די אויערן פון אַ פאַרבייגייער אָדער פון אַ מענטשן אין אַ פאַרוואָרפענעם ישוב.

לוי גאָלדבערג איז געבליבן אַ זייטיקער פון די אַלע קונציקייטן, וואָס האָבן זיך צעלייגט אין דער פּאָעזיע. דערפאַר אָבער רעדט ער ווי אַ מענטש. און ווען מען לייענט לויס לידער ווייסט מען זיכער, אַז עס זינגט ניט קיין קונצנמאַכער, נאָר אַ מענטש, אַ מענטש אַן אונדזעריקער, אַ מענטש פול מיט איינזעעניש און ליבשאַפט.

לוי גאָלדבערג, דער שטילער שטוביקער פּאָעט, דער פּאָעט אָן אויגן־אויפרייסעניש, ווייסט זייער געוויס דעם גורל פון זיין ליד. ער זאָגט עס אונדז אָן גלייך אין זיין סאַמע ערשט ליד פון זיין בוך „ניגון אין ווינט". ער ווייסט, אַז ער שיקט זיין ליד אַרויס, אַז דער ווינט זאָל אים אויפכאַפּן און אפשר ברענגען צום אויער פון אַ זייטיקן, וואָס איז אַליין פאַרוואָרפן אין וויסטע־וויסטעניש.

אין ליד, וואָס איז דער אַריינפיר צום בוך און רופט זיך אויפן נאָמען

**פון בוך, זינגט דער דיכטער אויף דעם שטייגער:**

וואוהין דערגייט פון ליד אונדזער וואָרט? אוואו דער ווינט עס זער־טראָגט! אַמאָל פון אַן איינזאַם געצעלט צו אַ מענטש, וואָס חלום פון יושר פאַרמאָגט, אַמאָל צו אַן אַלטן בית־עלמין פלויט, וואו אַ סאָווע, לעבן באַקלאָגט".

**לוי גאָלדבערג וויל ניט, אַז זיין ליד זאָל בלויז זיין אַ ניגון אין ווינט. ער זאָרגט זייער שטאַרק, ווי די זאָרג פון יעדן שעפערישן מענטשן, וואָס טרייסט זיך מיט דער האָפענונג, אַז זיין ליד וועט דערגיין צו די טויערן פון עולם הבא, דערגיין צו די טויערן, ווייל ער ווייסט זייער גוט, אַז עס וועט זיין שווער זיין ליד זאָל דערלעבן אַביסל עולם־הזה. דאַרום רעדט ער זיך דורך מיטן אויסגעטראַכטן היסטאָריקער. ער שרייבט אים אַ בריוו. ס'איז פון די בריוו, וואָס אַ מענטש אויף אַ זינקנדיקער שיף שרייבט אָן און לאָזט אַרויס אין אַ פלאַש אויפן פלאַך פון ים, אפשר וועט זי עמיץ געפינען. ווייל זיכער וואָלט ער אַזאַ בריוו נישט אָנגעשריבן, ווען ער האָט ניט די האָפענונג, אַז זי וועט געפונען ווערן.**

**לוי גאָלדבערג ווייסט, אַז מיר האַלטן זיך אָן אין דעם ביסל היינט, און ער האָט אין אים ניט קיין בטחון. ער ווייסט, אַז ער מאַכט זיך נאַריש. ער אַליין גלייבט, אַז פאַר אַ אידן פון פופציק יאָר איז ניט קלוג צו שרייבן לידער און אַרויסגעבן ביכער.**

„אין מיין יונגן עלטער מאַך איך זיך נאַריש. ווי יונג איז מיין אַלט־קייט? אַ פופציק־יאָריקער! און ווייל איך געהער צו דיין משפחה ליטע־ראַריש — שרייב איך זיך דורך מיט דיר, קרוב היסטאָריקער".

**פאַרוואָס שרייבט ער זיך דורך מיטן היסטאָריקער אין דעם בריוו, וואָס לייענט זיך געענוי אַזוי? אָט פאַרוואָס:**

איך ווייס, דו וועסט קומען העט, העט שפעטער, מיט אַ הונגער נאָך וויסן — אַ ביכער־וואָרעם. וועסט פאָרשן מיין דור אין די פאַרגעלבטע בלעטער, און לייענען די פה־נקברים, אויף שרייבערישע קברים. איז שרייב איך צו דיר, ווייל עס קאָן דאָך פּאַסירן, אַז דווקא צווישן זיי, וועט מיין קבר אויספעלן. ווען טויט וועט מיט קאַלטער האַנט מיך באַרירן — קען זיין, אַז מען וועט מיר קיין שטיין גאָרניט שטעלן. עס גייט מיך שטאַרק אָן, אַז דו זאָלסט מיך קענען, ווייל וואָס האָב איך אַנדערש געהאַט אין מיין לעבן? עגמת נפש פאַר דעם, וואָס מיין נשמה פלעגט ברענען ווי אַ ליכט כדי דער וועלט מערער ליכטיקייט געבן".

איך וויל זיך דאָ נישט אָפּשטעלן, וועגן דער סוגעסטיע און שפּראַך פון דעם ליד. איך וויל דאָ בלויז אַרויספירן די זאָרג, וואָס באַפאַלט און פּייניקט דעם היינטיקן דיכטער, וואָס האָט ניט קיין עולם־הזה און ניט קיין האָפענונג פאַר אַביסל עולם הבא. זיין זאָרג איז אַזוי גרויס, אַז ער זוכט טרייסט אין שרייבן אַ ליד צו אַן אויסגעטראַכטן היס־טאָריקער, וואָס וועט אפשר ניט געפינען זיין קבר צווישן די שרייבער פון זיין דור. און ער טרייסט געזנוי, אויף וועלכע קברים עס וועלן זיין אָנ־געשריבן פה־נקבר׳ס. ער ווייסט פון יענע, וואָס זוכן זיך פאַרזאָרגן מיט פה נקבר׳ס און עס קען גרייליך זיין, אַז זיין קבר וועט אויספעלן.

גאָלדבערגס בענקעניש נאָך עולם־הבא איז דערפאַר, וואָס ער האָט ניט קיין עולם־הזה. ווייל, וואָס האָט ער געהאַט דאָ אויף דער וועלט? וויל ער כאָטש דעם טרייסט פון „נחת. וואָס וועט אים געבן אַ תיקון״.

וואָס פאַר אַן עגמת נפש האָט גאָלדבערג אויף דער וועלט? ס׳איז די פּיין פון אָרעמקייט, פון ניט אויסגעלעבטע בענקענישן און האָפענונגען.

נאָך וואָס בענקט גאָלדבערג?

ער בענקט נאָך ליבע, נאָך גוטסקייט. ער קען נישט פאַרטראָגן די רשעות פון מענטשן. ער ווייסט, דער מענטש קען זיין בעסער. ער האָט בטחון אין אים. ער האָט אָבער ניט קיין רעצעפּט פאַר אים; ער איז ניט קיין פּאָליטיקער. און ער קען אים ניט צוזאָגן, אַז דער אָדער אַן אַנדער מיטל וועט אויסלייזן דעם מענטש פון אָנגעוואָקסענער בייזקייט. ער ווייסט בלויז, אַז די פרעמדקייט און אומצוטרוי פון מענטש צו מענטש, אָט־דער אייביקער חשד, טיילט זיי אָפּ און עפּנט די גלוסט צו וועלן יענעם שלעכטס טאָן, ווייל דער צווייטער איז אַ פרעמדער. אָבער די פרעמד־קייט איז דאָך גלייך איינגעטיילט צווישן ביידן. אָט טאַקע צוליב דעם קומט דער פאַרמעסט, דאָס שטייערן זיך. און דער וואָס באַזיגט, ווערט דער מאַכט־האַלטער — דער באַהערשער.

לוי גאָלדבערג פירט ניט אַרויס אין דער ברייטער וועלט. ער נעמט אָבער אויף געסט, ווען מען קומט פון וואַנדער־וועג ביים שוועל פון זיין טיר און ער זעצט אַוועק ביי זיין טיש. גאָלדבערג נעמט אויף און בלייבט אין נייגעריקער אָנשפּיצונג נאָך דער דערפאַרונג, וואָס מען האָט אָנגעקליבן אין די מרחקים. ער וויל וויסן פון די אַלע אויס־טערלישע לענדער און טשיקאַווע מענטשן, וואָס באַוואוינען זיי. ער האַלט זיך אין שטענדיקן וואונדערן פון די ניט־דערוואַרטנדיקייטן. ער ווייסט, אַז אין יענע ערטער רעגנט און שיינט די זון. נאָר אים גייט אָן, ווי עס קומט פאַרן אויג אויף דער דאָרטיקער הימל און מיט וועלכע קאָלירן עס זיינען דאָרטן באַדעקט די פעלדער און בערג.

לוי גאָלדבערג בענקט נאָך יענע ווייטע לענדער און מענטשן. דערפאַר זיינען פאַר אים די וואַנדערער, וואָס קלאַפּן אָן אין זיין טיר, לאַמעד־וואָווניקעס. דער אויסגעטראַכטער לאַמעד־וואָוו, דאָס מוטיקע שניידערל אָדער וואַסער־טרעגער, וואָס זיצט תמימותדיק מיט אַ שמייכל און גלי אין די אויגן, געפינט אָרט ביי זיין טיש ווען ער עפנט פאַר אים זיין טיר און העלפט אים אָפּשטויבן די וואַנדער־קליידער, וואָס ברענגען מיט זיך די גרויסן פון שטויביקע וועגן אויף וועלכע ער האָט געשפּאַנט אין די ווייטע־אויסגעטראַכטע לענדער.

לוי גאָלדבערג איז ניט קיין וועלט־שפּאַנער. ער האָט ליב זיינע דורכלעבונגען, ער הערט זיך צו צו די מעשיות, וואָס דער לאַמעד־וואָווניק ברענגט אים, און ער ווערט פון פאַרגאַפונג איינגאַנצן באַנומען מיט אַ גוואַלדיקן אָפּשיי פאַר אָט־דעם וועלט־שפּאַנער. און פון דעם אָפּשיי טראָגט ער אויף זיך אַריבער די געשטאַלט פון לאַמעד־וואָוו.

זיין לאַמעד־וואָווניק איז ניט קיין זעלבסט־איינגעגלויבטקייט אין דער אויסגעטראַכטער געשטאַלט, וואָס גייט אַ שטילער אַרום אויף דער וועלט און צווישן מענטשן, נאָר קיינער אַחוץ אים און גאָט ווייסן ניט, אַז ער איז דאָס איינער פון די אויסגעוויילטע 36 צדיקים, אויף וועמען עס האַלט זיך דער קיום פון דער וועלט. ער נעמט די געשטאַלט פאַר אַ מוסטער פון שטילקייט, צדקות און גוטסקייט. און אַזוי ווי די לאַסט און דער רוטין פון לעבן האָבן אים איינגעצאַמט אין די פיר ווינקלען פון זיין שטוב, ווערט דער לאַמעד־וואָווניק דער פאַרמיטלער צווישן זיין שטוב און דער גרויסער ברייטער וועלט.

ער וויל אַרויס פון שטוב. אין שטוב איז אים אויך ניט אַזוי פריילעך. די שטוב איז דער כאָמעט, וואָס האַלט אים איינגעשפּאַנט אין עול. אין שטוב זיינען פאַראַן ווייב און קינדער, וואָס האַלטן אים אין דערמאָנען אָן דער האַרטער ווירקלעכקייט. די ווייב און קינדער דערמאָנען אים, אַז אַ מענטש דאַרף זיין אין יאָך. ער נעמט אָן יעדן טאָג דעם אויסזען פון דעם געוויינלעכן יאָך־איינגעשפּאַנטן. נאָר אין די ביינאַכטן, ווען ער קומט אָן אויסגעשעפּטער, אָן איינגעמידטער פון דער גרויקייט, עפנט ער די טיר פאַרן לאַמעד־וואָווניק און דערפרייט זיך איבער אים.

דער לאַמעד־וואָווניק טרייסט אים. ער טוט אָפּ פון אים דעם „גאַנג פון בייז״ און יובלט אויף אַלע שיינקייטן.

לוי גאָלדבערג האָט אַ באַזונדער גאַנג אין אונדזער פּאָעזיע. ס׳איז ניט קיין גאַנג מיט הילצערנע שיך, וואָס זאָגן אָן זיין קומען מיט טומל. ס׳איז אָבער אַ גאַנג, וואָס לאָזט קאָנטיק אָנזען די טריט.

**לוי גאָלדבערג: „פּירות אויף מיין בוים“**: לוי גאָלדבערגס בוים שטייט ניט אויף אַ פאַרוואָרפענעם וועג, אין אַ וואַלד, אָדער אפילו אין אַ ריי צו באַפּוצן אַלייען אָדער גאַסן. נייערט עס שטייט אויף לוי'ס ערד און קוקט אים גלייך אין פענצטער אַריין. ס'איז זיין בוים; זיין שטאַם־בוים.

אויף לוי גאָלדבערגס בוים וואַקסן זאַפטיקע פּירות, מיט וועלכע מען איז מכבד געסט. עס איז לוי'ס פּערזענלעכער בוים און איז איינגעשאַצט אין זיין פאַרמעג. דעם בוים קען מען ניט אָפּטיילן פון אַלע זאַכן, וואָס באַפּוצן לוי גאָלדבערגס היים און אַרום היים.

דעם בוים קען מען פון לוי גאָלדבערגן קיינמאָל נישט אָפּשיידן, דער בוים איז ניט קיין צופעליקייט. ער שטייט, מחמת ערגעץ אַנדערש וואָלט ער זיך נישט געקענט פילן אַזוי היימיש. צוליב דער זוניקייט פון היי־מישקייט, באַפרוכפּערט זיך דער בוים מיט גאָר באַטעמטע פּירות. לוי גאָלדבערגס וואוינונג איז נישט קיין הויז, נייערט אַ היים גאָר. אפילו אַ בוים איז צופרידן ווען ער קען געבן אַ היים ליכטיק פרייד און באַזאָרגן דאָס הויזגעזינד מיטן טעם פון פּירות.

***

די לידער אין „פּירות אויף מיין בוים“ פאַרזיכערן אויף תמיד טאַקע, אַז לוי גאָלדבערג איז דער איש תם וישר; אַז זיין שטוביקייט, זיין זיין פאַרטאָן זיך נאָר אין די נאָענטע אַרום אים, איז אין תוך גאָר אַ מין פאַר־נעמלעכע און טיפע פילאָסאָפיע. אפשר די פילאָסאָפיע, אַז אַלע אויפרו־דערונגען און טואונגען אויף דער וועלט גייען אים אָן, זיי קענען אים אָבער נישט אַרויסשלאָגן פון באָדן אויף וועלכן די מענטשלעכע געזעל־שאַפט מוז זיך אויפהאַלטן — משפחה. ביי אידן באַזונדער איז טהרת המשפחה אַ הויפּט־עיקר פון אידישן לעבן. לוי'ס פילאָסאָפיע איז אין תוך דער באַנעם פון די זיידעס און טאַטעס אונדזערע, וואָס האָבן גע־וואוסט, אַז נישט זייער פאַרטאָן זיך אין עניני־מלכות וועט ענדערן דעם וועלט־סדר, מחמת דעם האָט זיך אַ איד פאַרטאָן אין תורה און אין מעשים טובים פאַר דער משפחה; און אַזוי ווי אידן געהערן זיך אָן איינער אין צווייטן — כל ישראל ערבים זה בזה, זיינען מיר אַלע, במילא, איין משפחה.

***

לוי גאָלדבערג פאַרשטאַרקט זיין אידיש־פילאָסאָפישן אופן פון אויפפאַסן די וועלט און מענטשן דורך אַרויסהויבן דעם פאָטער אין אַ סך לידער. דאָס אָפּגעבן אַזאַ פאַרנעמלעכן אָרט דעם פאָטער אין זיינע

שטימונגען. קערט זיך אפשר, ווי אַ יוצא מן הכלל, לוי גאָלדבערג אָפּ פון דעם מאַמע־מאָטיוו, וואָס פאַרנעמט אַזאַ אויבנאָן ביי אַ גרויסע צאָל פּאָעטן. אָבער לוי׳ס נישט אָפּגעבן קיין סך אָרט צום מאַמע־מאָטיוו, איז נישט מחמת פאַרמינערן דעם געפיל צו דער מוטער, נאָר גאָר ווי אַ סימבאָל פון דער השפעה, וואָס דער פאָטער האָט געהאַט אין פאַרצייטיקן אידישן לעבן, און די גרויסע קולטור־ירושה וואָס די זיידעס און טאַטעס האָבן פאַר אונדז איבערגעלאָזן. לוי גאָלדבערגס אָנהויב ליד „תוכיק לעבן״ אַנטפּלעקט תיכף דעם גרויסן אידישן תוך פון זיינע לידער און דעם טאַטנס ירושה, וואָס מיינט אידישע מידות האָבן עס גורם געווען אָט־די סאָרטן לידער, לידער געשעפּט פון משפחה־קוואַל, לידער וואָס זיינען פאַרקניפּט, פאַרבונדן און פאַראַנקערט מיט עטיש־אידישן וועלט־באַנעם.

„כ׳האָב ניט אויפגענומען אַלץ אין מיין זכרון, כדי צו מיידן פון מיין ליד אָט־דאָס, וואָס ביליק. כ׳האָב צום גרינגסטן שטרויכל־וועג ניט איינגעוויי־קט — ניט פאַרשעמט צו ווערן, אויף די ווייסע יאָרן. און שוין נאָך די יאָרן, ווען מיין קינד דאַרף אַרבן און טראָגן אין זיין גייסט זיי מעשים מיינע, שיינע, אויך צום יענעם ראַנד, אַוואו דאָס קלאָרע, ריינע, אויפּסניי לעבט ווידער אויף, נאָך דעם פּאַטאַלן שטאַרבן. יונג האָט טיפּסטע אָרעמקייט מיך צוגעבונדן ירושהדיק צום טאַטנס שטוב, צעקרומט און מאָכיק. אַוואו זיין לעבן האָט דאָך געלויכטן תוכיק, האָט זיין הייליק לעבנס־זין מיין בלוט געצונדן״.

לוי גאָלדבערג איז פאַרטאָן אין זיין שטוב, אין זיין משפחה נישט מחמת קליין־בירגערלעכקייט, אָדער פיליסטירישקייט, נאָר גאָר כדי זיין זון זאָל קענען אַרבן דעם גייסט און די שיינע מעשים, וואָס ער האָט געאַרבט פון זיין זיידן און טאַטן.

לוי גאָלדבערג טוט אויך זיך פאַרנעמען מיט די מיסטעריעס פון לעבן און טויט. און ווי ביי אַ אידן, ליכטיקט תמיד די גרויסע מצווה פון חשוב האַלטן לעבן און דעם ווידערשטאַנד צום טויט: „בלע המות לנצח״ — טויט זאָל פאַרניכטעט ווערן אויף אייביק. לוי קלאָגט: אַ ברודער איז אַוועק אין דער אייביקייט; זיין פלייש און בלוט איז פון מלאך המות אַוועקגעטראָגן געוואָרן. אָבער באַלד טאַקע ווערט עצבות פאַריאָגט, אַ איד טאָר זיך אין דעם נישט אַריינלאָזן. אַ ניי נפש, אַ ניי אידעלע איז אויף דער וועלט געקומען. אַן אייניקל, און ער יועט געוויס ממשיך זיין די גוטע מידות און אפשר וועט ער גאָר ווערן אַ אידישער מנהיג? אַ גדול בישראל? מחמת אין יעדן נייעם אייניקל, אין יעדן צוגאָב צו לוי גאָלדבערגס משפּחה, וואָס איז די אידישע משפּחה, איז שוין אויפגעלעבט —

דער זיידע, דער טאַטע, דער המשך איז שוין פאַראַן — און „ניטאָ קיין טויט פאַר טויטע“.

אין ליד „ניטאָ קיין טויט פאַר טויטע“ גיט לוי גאָלדבערג איבער די גסיסה פון זיידן און דעם צער פון די נאָענטע. אָבער אין דער שטי־מונג פון טויט, האָט נישט דער מלאך המות די שליטה, נאָר נייערט ביים גוסס צוקאָפּנס שטייט גאָר דאָס לעבן, און די אידישע ירושה. „דער זיידע גלאָצט זיין בליק, אַ טפּאזמע, און שוין רואיק. און טאַקע תיכף — מיין טאַטע ברעכט זיך איין, און איך האָב קוים באַנומען: אין מיר איז ער אַריין — דורך מיר, צוריק צו קומען. און ער איז דאָ צוריק, איך זע זיין גייסט און ביינער: מיין זון. ער טראָגט זיין בליק, זיין האַרץ, אָן זינד, אַ ריינע. מיין טאַטע, ער וועט דורך אים אין זיינס אַ קינד זיך גרייטן. עס זאָגט אונדז אלקים. ניטאָ קיין טויט פאַר טויטע“.

לוי'ס זיידע אין אים, אין זון זיין זיידע, און אָט איז שוין לוי דער זיידע. ער רעדט שוין צום אייניקל: „איך בין דער עלטסטער בוים אין אַ גאָרטן, אַרום מיר די ערד איז פאַרדאָרנט, ווען שטורעם אַרום האָט געצאָרנט, האָט צייט מיט אַ חלף געשאָכטן“. אָבער דער זיידע לוי בעט און אין בטחון, ווי זיין זיידע: „צו וואַקסן אַ בוים נאָך די ביימער, וואָס גרויליק די צייט האָט דערשאָכטן. ביז איך וועל אַוועק פונעם גאָרטן — לאָז היטן אים, דו, זיי מיין שומר“.

דער רבונא דעלמא כולא וועט זיין אַ שומר. מחמת דער זיידע האָט שוין ווער עס זאָל ממשיך זיין. אַזוי ציט זיך עס עד סוף כל הדורות. ניטאָ קיין טויט פאַר טויטע.

***

„פירות אויף מיין בוים“ איז לוי גאָלדבערגס אַ גאָר אָנגעזעענער שטייג־ארויף. ס'איז באמת שווער אָנוויזן אויף נישט געראָטענע לידער. לוי גאָלדבערג האָט שוין פעסטגעשטעלט מיט לידער פון דעם סאָרט גע־מיט. זיין אָרט אין דער פּאָעזיע. און מחמת דעם קען מען נאָר אָנווייזן אויף בעסערע פון די בעסערע לידער.

לוי גאָלדבערגס „פירות אויף מיין בוים“ ליכטיקט מיט ציכטיקייט. אַלע לידער האָבן באַזאַכטקייט פון עלטער און רייפקייט.

דאָס בוך איז נישט גלאַט לידער וועגן משפּחה, די מאָטיוון זיינען וועגן אידישן קיום, ס'איז די אידישע משפּחה; די משפּחה פון הינ־דערטער דורות זיידעס און טאַטעס. מחמת דעם איז דאָס בוך אַ וויכטיק געשאַנק נישט צו דער ליטעראַטור אויף אידיש, נאָר צום אוצר פון אידיש — אידישקייט. פון יעדער שורה טראָגט זיך די אידישקייט ירושה און

דעם אָטעם און השפּעה פון די געשטאַלטן, וואָס האָבן אידישקייט געגעבן אַ זין און אָנהאַלט:

„ווי איר זעט, בין איך נאָך אַלץ אַ יינגל, וואָס גייט זיין טאַטן נאָך טראָט אין טראָט, וואָס אפילו איצט, אין אַ פרעמדער שטאָט, נאָך זיין ווייטן טויט, בין איך פון אים אַרומגערינגלט, איך ווער נאָך אַלץ פון זיין וואַכן בליק געהיט, ווען פון אַ קוואַל מיין ליד טרינקט זיך אָן מיט זאַפט. ווי איר זעט, בין איך נאָך אַלץ חידושדיק פאַרגאַפט, ווען איך קום צו אייער טיש, וואו איר ציילט מיך מיט".

„גאָט לאָזט מיך אַרומגיין מיט אַ טאָרבע אויף דער פּלייצע, אויף אויפצוקלייבן די ברעקלעך פון מיין אידיש־לשון, וואָס זיי וואַרפן אומזיניק אַרויס פון ביטולדיקע שוועלן. אַז אין קעהל זאָל עס מיט שטייפער צונג זיין ביז אייביק צוגעשלאָסן".

**אידיש לשון איז זין. ס'איז אַ לשון וואָס איז אויסגעווייקט אין טרערן פון טאַטע־מאַמע. אידיש לשון איז אידיש לעבן — איין בונד. אידיש לשון איז אויך פאַר דער טובה פון די טאַטע־מאַמע כדי: „אַז מיט אונדזער פאָלק זאָלן זיי, זין און פרייד געזאַנג דערהערן". דאָס וועט בייַשטייַן צו די שחרית, מנחה און מעריב תפילות. אָמן!**

# ער נעמט אַ וואָרט

(ע. פערשלייסערס „אויף שרייבערישע שליאַכן")

ביים טישל וואו מען טוישט מיינונגען וועגן ליטעראַטור, האָט ע. פערשלייסער אויף אַ שטילן שטייגער אויך צוגעטראָגן זיינע באַשיידענע געדאַנקען.

ע. פערשלייסער, ווי זיין טבע איז, זעצט זיך נישט ביי אַ טיש וואו מען האַלט וויכוחים מיט טומל. ער דערשרעקט זיך פאַר גערויש, ער האָט ניט קיין כוח איבערשרייען. פערשלייסער געפינט זיין אָרט מיט מיטזיצער, וואָס זיינען, ווי ער, שטיל און באַזאַכט. מחמת זייער געמיט, נעמען זיי ע. פערשלייסערס מיינונגען אויף מיט ערנסטער באַציאונג און געדולדיקער אויפמערקזאַמקייט.

ע. פערשלייסער דאַרף נישט שטאַרק מאַכן זיין קול כדי מ'זאָל אים דערהערן ביי אַנדערע טישלעך. ער איז נישט קיין עקזיהיבישאָניסט און נישט קיין מעלאָדראַמאַטיקער; ער מאַכט נישט קיין היציקע זשעסטן. זיינע רייד זיינען געלאַסן, אָבער זיין זאָג ברענגט צוזאַמען ביי־שטייער וואָס וויסן, אַז וואָס ער זאָגט זיינען „דברים היוצאים מן הלב נכנסים אל הלב". זיין ערנסטקייט צינדט גאָר אָן מיט דער גרייטקייט, נישט איבערצושלאָגן, נייערט אויסצוהערן, און אפשר אויפנעמען זיינע שטימונגען.

---

ע. פערשלייסער האָט די פאָטענץ פון אַ ליטעראַטור־קריטיקער, נישט קיין קריטיקער איבער ליטעראַטור. ביי אונדז איז נישטאָ קיין ליטעראַטור־קריטיק. נאָר ב. ריווקין, ע"ה, האָט געהאַט אַזאַ מאַניער, זיין שטייגער און אימפעט אָבער, איז געווען אַ שטער אין גאַנג צו דערגרייכן דעם וויכטיקן אָרט פון אַ ליטעראַטור־קריטיקער.

ע. פערשלייסער איז נישט קיין געוואָרענער קריטיקער. וועגן אים קען מען געבן דעם קלאָרן ענטפער אויף דער שאלה: „ווי אַזוי ווערט מען אַ קריטיקער?" מען ווערט געבוירן אַ קריטיקער, פונקט ווי אַ פּאָעט און נאָוועליסט; ווי אַ מאָלער. סקולפּטאָר און מוזיק־קאָמפּאָזיטאָר. אַ קריטיקער איז ניט נאָר דער וואָס האָט אַ מיינונג, נאָר אויך דער וואָס זוכט דערגרונטעווען צו דער מיסטעריע, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין דער

שאַפונג און וואָס איז פון קינסטלער אַליין פאַרהוילן.

אַ קריטיקער דאַרף קענען נישט טייטשן, פאַרטייטשן און אויסטייטשן, נאָר אַדויסטייטשן, פאַרטראַכטן זיך און זען אַרויסהויבן דאָס פאַרבאָרגענע, דאָס נישט געזעענע, דאָס וואָס אַנשטויסן זיך אויף דעם קען מען מיטן חוש פון פאַרשטיין, און דעם איינלעבן זיך אין קינסטלערס סענסיטיווקייט. אַ קריטיקער איז נאָר דעמאָלט ווערטפול ווען ער העלפט אַנטפּלעקן אין אַ קונסט־ווערק דאָס וואָס דער זייטיקער זעט נית.

די עובדא פון קריטיקער איז ניט צו שרייבן גוט צי שלעכט, אָדער נאָכטאָן אַנדערע קריטיקער נאָר אויפשטעלן פאַר זיך אַליין אַ ליטעראַ־רישע מאָראַל, וואָס זאָל אים פירן אויפן ריכטיקן וועג און היטן אים נישט נאָר פון בלאָנדזשען, נאָר פון פאַרבלאָנדזשעט ווערן.

דער קריטיקער מוז אויך האָבן זיינע צווייפלען, זיין אומזיכערקייט. ווי נאָר אַ קריטיקער וועט זיך צוטיילן די זיכערקייט, אַז ער איז גע־רעכט, וועט זיין קריטיק פאַרלירן די באַדייטונג, זי וועט אויסגעוועפּט ווערן.

ע. פערשליסער האָט די אַלע אייגנשאַפטן, וואָס גיבן אַ צוזאָג. אין אַ צאָל פון זיינע ליטעראַרישע אָפּשאַצונגען לויכטן אויף געדאַנקען און באַנעמונגען, וואָס וועקן אויף דעם בטחון: אַ קריטיקער קומט אָן אין זיער אידישער ליטעראַטור. אין אָפּשאַצונגען באַהאַנדלט ע. פערשליסער ניט נאָר דעם ווערק, נאָר אויך דעם שרייבער. דאָס איז גאָר אַ גרויסע און וויכטיקע דערגרייכונג. צו רעדן וועגן שרייבער מיינט אַ געלעגנהייט צו באַקאָנען און זיך דערנעענטערן צו אים. עס מיינט אויך שאַפן אַ זיך־דיקע און חשובע באַציאונג צום שרייבער. אונדזער קריטיק, וואָס איז אין תוך — מבינות־זאָגעריי, גייט פאַרביי דעם שרייבער. מבינות־זאָגער גיבן זיך ניט אָפּ מיטן שרייבער, נאָר זיי שטעלן דעם טראָפּ אויפן שרייבן און זיי שטעלן זיך אַרויס מיט אַ בקיאות פון קענען זאָגן אָדער אַריינזאָגן. פאַרן שרייבער האָבן זיי נישט קיין צייט און געדולד. זיי האָבן זיך מורא צורירן צו אים. דערנעענטערן זיך צום שרייבער, זיך דערקונדיקן נישט ווי אַזוי ער זאָגט, נאָר אויך וואָס ער זאָגט.

וויכטיק אַזאַ צוגאַנג איז מחמת ליטעראַטור, — אַ ליד, אַ דערציילונג, — נויטיקט זיך אין פערזענלעכער און אינטימער אויפמערקזאַמקייט. מוזיק, וואָס איז אפשר די פאַרנעמלעכסטע פאָרמע פון קונסט, ס'איז מערער אינסטינקטועל און ביאָלאָגיש, ווי די אַנדערע קונסטן, פאַרכאַפּט די אויפמערקזאַמקייט אָן וועלכע רעזערוואַציעס. ריטעם און קלאַנג ווירקן ניט נאָר אויף אַ מענטש, נאָר אויף מענטשן־קאָלעקטיוו, און טרייסלט זיי אויף. צי מען וויל, צי ניט, פון מוזיק קען מען נישט אַנטרינען. אַ בוך

אָבער דאַרף האָבן די יחידישע נאַטורקייט. מ׳קען ניט, ווי צו מוזיק, זיך נאָר צוהערן, מ׳מוז אויך קענען זען, באַנעמען, פאַרשטיין, דערפילן און זיין געדולדיק. צוליב די טעמים דאַרף מען ברענגען אין נאַטורקייט דעם שרייבער און זיין לייענער. דער קריטיקער דאַרף פאַרמיטלען און אויפשטעלן דעם שרייבער און אים ניט פאַרבייגיין.

**
*

ע. פערשלייסער, אין די אַריינפיר־ווערטער צום בוך „אויף שרייבערישע שליאַכן", פראַקלאַמירט זיין צוגאַנג און באַציאונג צום שרייבער. ער ווייזט אין דעם אָן, וואָס אַ קריטיקער דאַרף אויספירן.

ע. פערשלייסער מאַכט נאָר אַ פאַרווונד באַכצוגיין די שליאַכן פון שרייבער. ער איז באַשיידן, ער וויל זיי ניט פאַראויסלויפן, ער וויל נאָר אין זיינע אָפּשאַצונגען קענען אַריינדרינגען „אין דעם שרייבערס מהות און בולט מאַכן דעם שרייבערס קינסטלערישן באַדייט אין דער ליטעראַטור, ווי איך זע עס".

מחמת באַשיידנקייט דערשרעקט זיך ע. פערשלייסער. ער איז גלייך מודיע, אַז ער פאַרנעמט זיך ניט מיט ליטעראַטור־היסטאָרישע שטודיעס. אַזאַ ווידוי בפני כל עם ועדה, גיט אים די געלעגנהייט צו ראַטעווען פון זיך אָפּשטעלן באַריכות וועגן דער סיבה, וואָס האָט גורם געווען, אַז דער „אינגערער דור האָט ניט געהאָט דעם ברייטן שרייבערישן פאַרנעם, דעם שרייבערישן כוח הרצון, דעם דראַנג, דעם גלויבן, דעם אימפעט פון די פריערדיקע שרייבערישע דורות, וואָס האָבן געשטופּט אפילו די, וואָס זיינען געווען באַשאָנקען מיט ווייניק טאַלאַנט. עס פעלט ביי אונדזער יונגן דור דער פאַרנעם, דער כוח הרצון צו רייסן זיך, צו פראַצעווען מיט אַלע כוחות, וואָס איז פונקט אַזוי וויכטיק ווי טאַלאַנט. דאָס האָט געפעלט דעם שרייבער פון אינגערן דור".

ע. פערשלייסער פרעגט: „איז אַמעריקע שולדיק אין דעם? האָט די אַמעריקאַנער אידישע סביבה אָפּגענומען די כוחות, אונטערגעהאַקט די פליגל? דאָס און אַ סך אַנדערע סיבות..."

ע. פערשלייסער נעמט זיך ניט אונטער צו ענטפערן אויף דעם ווי. אָבער דער ליטעראַטור־קריטיקער און פאָרשער וועט זוכן געבן אַן ענטפער אויף דעם. אויף ע. פערשלייסער, וואָס האָט דעם גייסט פאַר ליטעראַטור־קריטיק, וואַרט אַזאַ וויכטיקע און פאַרנעמלעכע שטודיע.

די אידישע אַמעריקאַנער סביבה, וואָס פערשלייסער איז זיך משער, האָט עס געהאָלפן אָפּנעמען די כוחות, דעם כוח הרצון פון אינגערן דור שרייבער, צו לאָזן קאָנטיקייט אין דער ליטעראַטור, איז נאָר טיילווייז שולדיק. עס זיינען פאַראַן נאָך שותפים: די פריערדיקע אידישע שריי־

בער, באזונדער די „יונגע", האָבן געהאָלפן איינדאַרן און אָפּשטויסן אַ מעגלעכקייט פאַרן ברייטן שרייבערישן פאַרנעם פון די אינגערע שרייבער. זיי, די גרופּע „יונגע", זיינען געוואָרן אַ קאַסטע, אַ מין ליטעראַר־שער עליט, און זיי האָבן מחמת דעם נישט דערמוטיקט און מדריך געווען די אינגערע שרייבער. פאַרקערט, זיי פלעגן נאָך אָנשטעקן מיט ביטול. די שרייבער פון דער פּעריאָדע „יונגע",„אינזיכיסטן", האָבן מחמת הברה־שאַפט זיך אפילו געזאַמלט אין אַ באַשטימטן טייל שטאָט, ווי, למשל, די „בראָנקסער" גרופּע.

נאָך אַ סיבה: די „אינגערע" אין גרויס צאָל, זיינען אין דער ליטע־ראַטור געקומען ווי יחידים, נישט ווי אַ גרופּע. זיי האָבן נישט געהאַט וועמען עס זאָל זיך פאַר זיי אָננעמען, און ווער עס זאָל זיי שטויסן און דער־מוטיקן. די „יונגע" זיינען געקומען ווי אַ גרופּע און מחמת דעם זיינען אפילו די „מיט ווייניק טאַלאַנט געשטופּט געוואָרן". אַזוי אויך די „אינ־זיכיסטן", די פּראַקטישערע פון די „אינגערע", זיי האָבן שוין געעפנט טירן. א. טאַבאַטשניקן און מאיר שטיקערן האָבן די „יונגע" געטראָגן אויף די פּלייצעס. די „יונגע" און די „אינזיכיסטן" זיינען געקומען מיט שטעל, מיט חוצפּה, מיט זיכערקייט מאָנען אָנערקענונג פאַר זיך און זייער ליד.

די אַמעריקאַנער אומשטענדן זיינען אויך געווען אַ פאַקטאָר. די מער־סטע פון די „אינגערע" זיינען געקומען קיין אַמעריקע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיי זיינען גלייך אַריינגעשליידערט געוואָרן אין עול פון פּרנסה. צו דער ליטעראַטור זיינען זיי געקומען ווי געסט, זיי זיינען געווען שעמעוודיק. מחמת דעם, וואָס זיי האָבן אַרויפגעקוקט מיט יראת הכבוד אויף די עלטערע שרייבער, וואָס האָבן זיי ניט געגעבן קיין טרייסט און דערמוטיקונג, איז ביי די „אינגערע" אויפגעקומען אַ מינ־דערוויכטיקייט קאָמפּלעקס, וואָס האָט זיי געטריבן צו פאַררוקן זיך אין אַ ווינקל.

דאָס איז געווען אַ דור, וואָס האָט ניט געהאַט קיין מזל צו דער ליטעראַטור און במילא איז זייער השפּעה נישט געוואָרן אָנגעזען. אַחוץ דעם איז זיי באַשערט געווען צו זיין די לעצטע. נאָך און צוזאַמען מיט די „יונגע", די „אינזיכיסטן", זיינען געקומען יונגע מענטשן באַהויכט מיט ליבשאַפט און פאַרערונג פאַר דער ליטעראַטור און די שעפער. ווער קומט נאָך די איצטיקע אינגערע? ווייז! ווייז! אפילו אויף די שרייבער פון פּוילן און רוסלאַנד האָט מען ביי אונדז אין אַמעריקע מערער זיך אומגעקוקט און זיי געגעבן אָנזען, ווי אונדזערע „אינגערע".

די „אינגערע" אין אַמעריקע זיינען זיכער ניט געווען מינדערוויכ־

טיקער ווי די שרייבער, וואָס זיינען אויפגעקומען אין פוילן, רוסלאַנד, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. די דאָרטיקע שרייבער האָבן זייער פאָר־פולאַרטעט און באַרימטקייט דערגרייכט מחמת אויפרייסנדע סיבות. אין רוסלאַנד איז שוין ניט געווען קיין עלטערער דור שרייבער. די רעוואָ־לוציע האָט געגעבן אַ תיקון צו נייע און פרישע מענטשן. די כאַריקס, פעפערס און די אַנדערע זיינען אויפגעקומען אויסצופילן דעם חלל. מיר האָבן זייערע לידער און דערציילונגען אויפגענומען און גערימט נישט פאַר זייער ליטעראַרישן ווערט, נאָר פאַר די גרוסן וואָס זיי האָבן אונדז גע־בראַכט. מיר האָבן זיי געגעבן אַ גרויסן קבלת־פנים פאַר דעם, וואָס זיי האָבן געשפייזט אונדזער נייגיר וועגן לאַנד וואו ס'איז פאָרגעקומען די גרעסטע סאָציאַלע איבערקערעניש.

אין פוילן זיינען די געשעענישן געווען אַנדערע. אָבער דאָס אידישע וואָרט פון די אינגערע שרייבער האָט אונדז דערפרייט מיט דער הבטחה, אַז אידיש לעבן איז נאָכן מבול, מונטער און שעפעריש. אין תוך סיי פון רוסלאַנד און סיי פון פוילן איז צו אונדז געקומען אַ בשורה־ליטעראַטור.

דאָס וואָס איך ריד אָן קען שאַפן אַ געלעגנהייט זיך צו פאַרטראַכטן. מיינע אַנווייזונגען גיבן נישט קיין פולן ענטפער, אָבער ע. פערשלייסער וועט קענען דרינגען פאַר וואָס די „אינגערע" האָבן ניט געהאַט דעם אימ־פעט פון די פריערדיקע שרייבער. ס'איז נישט געווען ווער עס זאָל צע־בלאָזן. די שרייבער, די עלטערע, זיינען געווען פאַרפייניקט פון סנאָביזם און אַנגעגאַנגען איז זיי, זייערע גרופעס, זייער שבט, נישט די ליטעראַטור. זיי האָבן עס איינגעשטעלט די „גוט־ברודערישקייט" צווישן מיינע, און דעם ביטול פאַר די „יענע". די גרופעס האָבן געהאַט די געלעגנהייט צו העלפן אַרויספירן געשטאַלטן פון די „אינגערע", זיי האָבן עס געקענט, אָבער זיי האָט נישט געלוינט צו נעמען אויף זיך אַזאַ מי.

**
*

ע. פערשלייסער איז פריי פון פרעטענזיעס, אויפגעבלאָזנקייט און פאַר־ריסנקייט. זיין בוך „אויף שרייבערישע שליאַכן" קומט באַשיידן, אָבער נישט נעבעכדיק. די פאָזיטיווע אָפשאַצונגען לאָזן נישט איבער קיין שום ספק, אַז דאָס רעדט אַ מענטש מיט אַ מיינונג, אַ באַנעם און איבער אַלץ אַ שטימונג.

אין בוך זיינען אויך פאַראַן אַ סך פגימות. למשל: „מען דאַרף שטי־קערן לויבן און רימען, מען דאַרף אָבער נאָך די אַלע שבחים אויך זאָגן, אַז מען זעט עד היום ניט קלאָר שטיקערס אייגענעם וועג". ס'הייסט: „מען זעט ניט קלאָר דעם דיכטער אונטער [ער מיינט דורך] זיין ליד". אויב אַזוי, פאַר וואָס קומט שטיקערן לויבן און רימען? פאַר דעם וואָס

ער איז אָן איין אייגענעם וועג און דער דיכטער (?) קען נישט שטיצן זיין ליד ? קען מען עס פאַרשטיין ?

אַזוי וועגן טאַבאַטשניקן. אים טיילט ע. פערשלייסער גלייך ביים אָנהויב פון דער עסיי, צו בײַדע טיטולן — „דיכטער און ליטעראַטור־קריטיקער" — אַזוי וועלנדיק — „דער עיקרשט זיך אָפּשטעלן אויף טאַ־באַטשניקן ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער", ציטירט ער, פערשלייסער, טאַ־באַטשניקן אויס מיט ציטירן אַ פּאָר לידער זיינע.

ע. פערשלייסער טוט טאַבאַטשניקן אָן געוויכטיקייט מיטן דערקלערן, אַז ער, טאַבאַטשניק, האָט זיך שוין „געשאַפן אַן אַלגעמיין אָנערקענטע און בכבודיקע פּאָזיציע [אין דער ליטעראַטור], דער איינציקער פון אינגערן דור שרייבער, וואָס האָט זיך אַזוי אַרויסגעהויבן" (??). ע. פערשלייסער זוכט באַפעסטיקן: „אין טאַבאַטשניקס אַ קריטיק דערפילט מען תיכף דעם אָטעם פון אַ געבוירענעם קריטיקער". ביידע מיינונגען זיינען גוזמאדיק און האָבן נישט קיין שרייבערישן ווערט. ס'איז אַ וואַליוטע פון פּאַפּירלעך.

דאָס איז שוין נישט צו באַנעמען: „טאַבאַטשניק איז אַ בקי אין ליד, ווי אַן עילוי אין ש"ס. זיין קריטישע געניטשאַפט, ליטעראַרישע ערו־דיציע אין דעטאַלירטער חוט־השדרהדיקער אַנאַליז אימפּאָנירן". מען וואונדערט זיך פשוט: ווי קומט עס צו פערשלייסערן ? ס'איז גאָרנישט זיין לשון. מחמת דעם בלייבט דערשטוינונג פון אַזאַ התפעלות וועגן אַ מענטשן, וואָס איז נישט מערער ווי שוים אין דער ליטעראַטור און וואָס האָט נאָך בכלל נישט צוגעבראַכט קיין שום ממשותדיקן ווערטפולן צו־שטייער.

אַזוי בלייבט מען נשתומם פון אַזאַ עקסטאַז : „וויינשטיין [בעריש וויינשטיין] איז אַ פּאָעט מיט אַ גרויסן קינסטלערישן אימפּעט". „וויינשטיין, — זאָגט ע. פערשלייסער, — האָט אַן איינגעבוירענעם טאַלאַנט, דיכטע־ריש געמיט און אַ סך שעפערישן דראַנג". אָבער אַזעלכע אַדיעקטיוון זיינען נישט מערער ווי זאָגונגען, מחמת קיינער קען נישט דערקלערן, וואָס ס'איז אַזוינס „איינגעבוירענער טאַלאַנט" (?).

ע. פערשלייסער וויל האָבן, אַז וויינשטיינען איז נישט באַשערט קיין „לייכטער וועג" אין דער פּאָעזיע. שייך אַזאַ זאָרג קען מען מיט פער־שלייסערן נישט מסכים זיין. ביז איצט איז וויינשטיינס וועג אין דער פּאָעזיע געוועזן גאָר אַ גרינגער. אויב ס'האָט זיך ביי אים אַמאָל „פּאַר־האַקט", האָבן שוין גוטע מענטשן אים אַ שטופּ געטאָן.

ע. פערשלייסער שאַצט אויך אָפּ מיינע לידער און מיין פּאָעטישן דרך. אָבער ס'איז ניט פּאַר מיר צו אַמפּערן זיך מיט אים.

ע. פערשלייסערס אָפּהאַנדלונגען און אָפּשאַצונגען וועגן שרייבער און

זייערע שאַפונגען, לאָזן זיך גלייך דערקענען מיט זייער ערנסטקייט און אויפריכטיקייט. מחמת דעם קען מען זיך ניט אָנברוגזן אָדער אויפרעגן אויף אַ סך מיינונגען, וואָס רייצן מען זאָל אַ געשריי־טאָן. דער הויפּט־זכות — מען ווייסט, אַז פּערשלייסערס כוונות האָבן ניט געהאַט עפּעס הינטער־געדאַנקען.

די פּגימות אין בוך זיינען נאָר אַ פּועל יוצא פון דער השפּעה, וואָס אַ געוויסער ליטעראַרישער באַנעם און מאַנ־ער האָבן ביי אונדז געהאַט אויף אַ סך שרייבער, וואָס האָבן געריסן זיך ראַטעווען פון ביטול דורך ליגן שוויגנדיקע ביי די פיס פון די עלטערע.

ע. פּערשלייסער קען זיך איבערנעמען מיט די עסייען וועגן עלטערן דור שרייבער. באַזונדער זיינע אַרבעטן וועגן לאַמעד שאַפּיראָ און ב. ריוווקין.

אין תוך איז ע. פּערשלייסער מחמת זיין ערנסטקייט, זיין טיפע באַציאונג און זיין טאַלאַנט, אַ גאַר וויכטיקער כוח אין אונדזער קריטיק־ליטעראַטור. פּערשלייסער האָט גענומען אַ וואָרט!



# וועלט אין וועלט

(מרדכי יפה — פּאָעט און אַנטאָלאָגיסט)

ביי מרדכי יפה איז אַ וואָרט אין דער בחינה פון אַ מענטש. ער האָט טיפע איינזעעניש מיט אים. מחמת דעם גיט ער שוין אַכטונג, אַז עס זאָל ניט ליידן קיין בושה, אַז מיטן וואָרט זאָל, חס וחלילה, נישט געשען קיין שלעכטס. יפה היט, אַז דאָס וואָרט זאָל זיך האַלטן מיט ווירדע און זאָל אויסגעהיט ווערן פון פאַרשייטקייט.

מרדכי יפה שרייבט ניט פון אויבן אַראָפּ. ער און דער לייענער ווערן גאָר נאָענט און אפילו אינטים. ער פירט־אַריין אין זיין דיכטערי־שער שטוב און ביים טיש שטייט און וואַרט שוין גרייט אַ בענקל מען זאָל זיך קענען זעצן, אויב ניט לערנען, איז זיך צוהערן ווי ער לערנט און פּאַרטייטשט, דערקלערט און קלערט אויף און אין אַ לשון. וואָס איז פריי פון אָנגעבלאָזנקייט. זיין קינסטלערישער כוח נעמט אַריין אין טיפן באַ־דייט פון וואָרט. אפילו מען איז ניט באַקאַנט מיט אַלע זיינע שאַפונגען — ווערט ער נאָענט און קלאָר פון עטלעכע זייטלעך פון זיינס אַ ווערק.

מרדכי יפהס איינגעפּעסטיקטע קרעדאָ, וואָס און ווי אַזוי עס דאַרף זיין פּאָעזיע, היט אים פון אָפּווייכונגען, מחמת דעם איז ער שטרענג צו זיך און אויך צו זיין וואָרט. אַז מען גייט אַוועק פון זיין טיש וואו מען האָט זיך צוגעהערט ווי וואָרט קריגט באַדייט, האָט מען געהאַט זיך ניט נאָר דערקוואַדיקט, נאָר מען איז גאָר באַרייכערט געוואָרן מיט וויסן. מ׳דערשפּירט מיט אַמאָל, אַז מ׳איז אַריינגעוועבט אין „דערהויבענער אי־מאַגינאַציע", ווי יפה אַליין באַצייכנט אין זיין בוך „אַנטאָלאָגיע פון דער העברייאישער פּאָעזיע", וואו ער רעדט וועגן דעם „אונטערשייד אין די שירים, וואָס זיינען אויפגעקומען פאַר דעם גלות בבל און אין די שפּעטער־דיקע צייטן. די ערשטע האָבן אין זיך די שיינקייט פון שפּראַך און סטיל און די אייגנשאַפט פון דערהויבענער אימאַגינאַציע".

***

מרדכי יפה, דער פאַרנעמלעכער און אייגנאַרטיקער דיכטער, פירט אַריין פון אַ וועלט אין אַ וועלט; אַז מ׳וויל זיינען עס צוויי וועלטן;

אַז מ׳זיל דערפילט מען גאָר ס׳איז איין וועלט.

מרדכי יפה באַקאַנט אונדז אין זיין „אַנטאָלאָגיע פון דער העברייאי־שער פּאָעזיע״, מיט אַ שטייגער, וואָס איז ניי, פריש, באַלערנדיק, אינפאָר־מאַטיוו און איינציק. ער ווישט אָפּ צייט, אָרט און דורות. ער פירט צונויף מיט העברייאישע דיכטער פון אַלע תקופות. ער גיט אַכטונג, אַז ניט נאָר אַ באַקאַנטשאַפט זאָל געשלאָסן ווערן צווישן אונדז און זיי, נאָר אַ פאַר־ברידערונג, אַ קרובהשאַפט, וואָס וועט זיך קיינמאָל ניט קענען צעשיידן, נאָר וועט בלייבן עד סוף כל הדורות.

מרדכי יפה איז אַ גרינדלעכער איבערגעבער און לערער; דאָס איז ראשית חכמה. זיין שאַצן אַ דיכטער לשבח צי לגנאי איז באַפּעסטיקט מיט זיין איבערדיכטונג, וואו ער טראָגט אַריין זיין אייגענעם נוסח, פאַר־טייטש און פערזענלעכקייט.

מרדכי יפה שאַצט אָפּ, למשל, דעם פּייטן אליעזר הקליר, און באַצייכנט אים ווי דעם גרעסטן, אפילו איבער זיין רבין ינאי, וואָס האָט דער ערשטער איינגעפירט דעם גראַם.

וועגן אליעזר הקליר זאָגט ער: „הקלירן איז שווער ,איינצובייטן׳: זיין סטיל און לשון שווער און האַרט, אַזוי אַז אפילו וואוילגעלערנטע האָבן זיך אָפּטמאָל נישט געקענט אַרויספּלאָנטערן און דערגיין צום פשט. ער האָט ניט פאַרמאָגט דעם חוש פאַר ריטם און פאַר האַרמאָניע פון דער העברייאישער שפּראַך — האָט ער בכן איינגעפירט נייע ווערטער און אויסדרוקן, וואָס זיינען טיילווייז געוואָרן שטאַרק פאַרגרייזט און אַמאָל ניי און געלונגען. פון די אַנגעוואָרפענע ווערטער האָט זיך אויסגעצייכנט אַ ניי וואָרט, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דורך די שפּעטערדיקע עכטע דיכטער״.

מרדכי יפה ברענגט ניט נאָר צום לייענער דעם דיכטער דורך זיינעם אַן אייגענעם אויספיר, ער פאַרזיכערט זיינע טייטשן און אָנווייזונגען מיט אָנגעזעענע מוסטערן פון דיכטערס שאַפונגען. ווי אַן אילוסטראַציע אליעזר הקלירס „תפילת גשם״, וואָס אין מרדכי יפהס אידיש ווערט עס גאָר אָנגעצונדן מיט גרויס עקסטאַז און שטורעמדיקן פּאַטאָס. אויפן סמך פון זיין איבערריכטן, אָדער אויסדיכטן אליעזר הקלירס פּיוטים בלייבט עפּעס קשה די פריערדיקע פאַרצייכענונג, אַז „הקלירן איז געווען שווער איינצובייסן״ (אַחוץ דעם איז דאָך אַ זכות אויך, וואָס אליעזר הקליר איז טראָגער זיין „גוואַלדיקע קאָפּ־אַרבעט, אָנשטרענג און שווערקייט. אויך געווען געבענטשט מיט פאַנטאַזיע, שוואונג און חוש״).

ווי אַ מוסטער אַ פראַגמענט „תפילת גשם״:

„תפילת גשם":
„פאַראַן אַ שר, וואָס איז ממונה אויפן רעגן:
פון צאָרן און פון זעטיקייט באַשטייט זיין נאָמען.
ער ציט אַרויף געדיכטע וואָלקנס אויפן הימל
און גיסט זיי אויס אין שטאַרקע רעגנדיקע שטראָמען.
ער מאַכט דאָס פרישע וואַסער אומעטום צערינען,
עס זאָל פון דעם די ערד אינגאַנצן זיך צעגרינען.
דער רעגן זאָל, דורך שולד, נישט אויפגעהאַלטן ווערן.
בזכות די גלויביקע וואָס טוען אים באַגערן".

און אַזוי מיטן דערהויבענעם עקסטאַז אין קאַפּיטל ב':
„כ'וועל צירן דעם געדאַנק און וועל דערציילן וועגן — וואַסער, כ'וועל שילדערן אַבּיסל די באַשאַפונג פונעם — וואַסער: ס'האָט גאָט אין הויך פון הימל אָנגעזאַמלט אוצרות — וואַסער, און טיף פון דר'ערד האָט ער באַהאַלטן אָפּגרונטן פון — וואַסער. דורך זיי האָט ער געמאַכט דעם קרייז וואָס טיילט אָפּ ערד פון הימל, דעם פעסטן באָדן פון דער ערד און דעם געוועלב פון הימל".

די שורות פון אליעזר הקליר'ס פּיוטים אין אידיש לשון קומען אויף מיט פאַרנעם, מחמת אין זיי איז אַריינגעטאָן די פרייד, וואָס יפהס אי־בערדיכטונג פאַרשאַפט און דעם תענוג וואָס זיין דיכטונג־אויפדיכטונג (ווי אויפלויטער) לאָזט איבער, ניט נאָר אויפן גומען. נאָר באמת טיף אינגאַנצן ווען.

די מי, וואָס מרדכי יפה האָט אַריינגעטאָן אין די צוויי ספרים „אַנטאָלאָגיע פון דער העברייאישער פּאָעזיע", איז ווערט מען זאָל אים ניט נאָר רימען און לויבן, נאָר דערהויבן. מחמת מען קען זיך גאָר נישט משער זיין צי עס איז פאַראַן אַזאַ מאָס, מיט וועלכער מען זאָל קענען שאַצן מרדכי יפהס אויפטו פאַר אונדזער לשון הן דיכטעריש און הן גע־שיכטלעך. ס'איז ניט נאָר די אַרבעט, וואָס נעמט אַרום און אַריין אַלע תקופות פון שעפערישקייט אויף לשון־קודש און נאָר אויך די ליב־שאַפט און זאָרג פון אויפנעמען די תקופות מיט אַלע פּרטים, וואָס איז פאַרוועבט אין דעם און איז דערפאַר גאָר אַ יקר־המציאות.

**
*

דער רבונא דעלמא כולא האָט מרדכי יפהן מיטגעגעבן אויף זיין וועג צום עולם התחתון אויך דעם גייסט פון עולם העליון און אים געבענטשט מיט חן און טאַלאַנט, וואָס ער זאָל שענקען און צעטיילן צום אידישן

מענטשן. ווען דער רבונו של עולם וואָלט מרדכי יפהן ניט צוגעטיילט די ברכה, וואָלט דעם אידישן פאָלק פאַרפעלט דער תענוג, וואָס תפילות פאַרשאַפן אין לשון אידיש. און לשון אידיש איז דאָך פון דער השגחה באַשערט געוואָרן פאַרן פאָלק ישראל. אין אידיש־לשון האָבן די מאַמעס געבעטן. אין לשון־אידיש האָט לוי יצחק באַרדיטשעווער זיך אויסגעטענה׳ט מיט גאָט. און אַחוץ אים אַלע אונדזערע טייערע צדיקים און די טהרים, וואָס זיינען מיט אידיש געזאַנג און אידיש וואָרט אומגעקומען על קידוש השם.

מרדכי יפה איז געבענטשט און געראָטן אין ביידע אונדזערע לשונות. זיין ערשטע ליבשאַפט איז צום לשון פון פאָלק — צום אידיש־אידן, נאָר פאַר אים ברענגט ער די אוצרות פון אידישע דורות צום אידיש־אידן, מען זאָל זיך קוויקן מיט די גאָבונגען און באַגאַבונגען פון אידיש שאַפן.

מרדכי יפהס ערשטער אָנרעג פאַרן פאַרנעמען זיך מיט ברענגען פאַר אידן אַזאַ פאַרנעמלעכע און קאָלאָסאַלע אַרבעט, ווי די „אַנטאָלאָגיע פון דער העברייאישער פּאָעזיע“, איז געווען גאָר צו געבן אַן אָפּשאַצונג וועגן אידישע דיכטער. אין זיין בוך עסייען „רינגען אין דער קייט“, דערשינען 1939, שאַצט ער אָפּ די שעפערישע פאַרדינסטן פון פופצן אידישע דיכטער און נאָוועליסטן.

ס׳איז גאָר אין לשער מרדכי יפהס ליבשאַפט, פאַרערונג און יראת הכבוד פאַר די, וואָס זיינען שעפעריש אין אידישן לשון. מחמת דעם טעם איז יפה ב״שט קיין בייזער. אָבער מען פאַרבייט, מען פאַרגרייזט און מען פאַרטייטשט זיין ב״שט בייזקייט אויף ווייכקייט; אויף זיין „צו גוט“. טאַקע אמת: יפה איז ניט בייז, נאָר אויך גוט צום אידישן שעפערישן מענטשן, צום אידישן וואָרט. מען פאַרזעט אָבער, אַז ער איז שטרענג. ער פאַרמאָגט די שטרענגקייט פון דעם איבערגעגעבענעם פאָטער, וואָס טוט אַמאָל אַ פאָך אַ פינגער כדי צו האַלטן דאָס קינד אין דער מעלה.

מרדכי יפה איז ניט קיין שטראָפער; ער איז אפשר אפילו ניט קיין מאָנער. ער איז אַן אָפּשאַצער, און ווי אַן אָפּשאַצער פאַרבינדט ער און פאַרוועבט דעם דיכטער ניט נאָר מיט זיין ליד, נאָר אויך מיט זיין סביבה און זיין מצב ווי אַ יחיד, אַ פערזאָן אין און אויסער דער געמיינדע.

אָט־דעם שטייגער פון ליטעראַטור־קריטיק אַנטפלעקט מרדכי יפה תיכף אין זיין ערשטער אָפּשאַצונג וועגן מאָריס ראָזענפעלד אין בוך „רינגען אין דער קייט“: „אַ טראַגישע געשטאַלט פון גאָר אַ גרויסן דיכטער, וועלכער איז געוואָרן מיספאַרשטאַנען. אַמאָל איז ער געוואָרן איבערגעשאַצט און אַמאָל אונטערגעשאַצט. נישט אָנגעווענדט האָט מען קיינמאָל לגבי אים די גלייכגעוויכטיקטע קריטעריע. מ׳האָט אים ניט געזען

אין קלאָרן שיין פון שעפערישן אויפטו״.

אָט די עסיי באַקאַנט מיט מרדכי יפהס מאַניער, וואָס איז פריי פון אָנגעדרודעלקייט און פרעטענזיע. ער הויבט אָן אָן קונציקע הקדמות און רייד פון אָנשטעל. גלייך איז ער מודיע, וואָס די געשטאַלט מאָריס ראָזענפעלד איז געווען אין דער דיכטונג און ווי עס האָט זיך געוויקלט די טראַגישקייט, וואָס האָט ניט דערלאָזן אים זען „אין קלאָרן שיין פון שעפערישן אויפטו״.

אַ סך מאָל דוכט זיך אויס, אַז יפהן פעלן שפּראַך־נייַקייטן און איבערראַשנדע ווערטער. אַז ער איז נאָך אַלץ ניט אָפּגעגאַנגען פון אַלט־מאָדישן שרייבן.

אָבער נאָר אַ קינסטלער, וואָס קוועלט מיט שעפערישקייט דערגייט צום אָטעם און דאָס פאַרהוילענע וואָס איז פאַרבאָרגן אין ליד. ווידער וועגן ראָזענפעלדן אין מאַכן אַ פאַרגלייך: „צוויי סטראָפן בלויז פון אַ ליד — נאָר אַלע עלעמענטן פון עכטן לירישן סאָציאַלן ליד זיינען דאָ פאַראייניקט: בולט בילד, וואַרעמער עמאָציאָנעלער טאָן, טיפקייט פון געפיל, פשוט־קייט אין אויסדרוק, רירנד אין געמעל. און דאָ איז מער שוין ניט דער ראָזענפעלד פון צאָרן און פאַטעטיק, — נאָר דער צוווייטער פון דער אומעטיקער ליריק״.

איך נעם אַרויס נאָך אַ געדאַנק פון מרדכי יפהס אָפּשאַצונג וועגן מאָריס ראָזענפעלד, כדי צו אָנווייזן ווי גרינדלעך און טיף ער האָט באַנומען ראָזענפעלדס געשיכטלעכע עפּאָכע, זיין סביבה און וואָס עס האָט גורם געווען אָט־דעם קינסטלערישן דואַליזם ביי און אין אים: „קינסטלעריש איז זיין באַדייטונג [ראָזענפעלדס] גרויס דערמיט, וואָס דער קאָמפּלעקס פון אַלע זיינע לידער — די גוטע און די שלעכטע — איז כולל זיין קולטור־געשיכטלעכן און נאָך מער — זיין סאָציאַל־געשיכטלעכן באַרוף און ראָל. און אויך די פּאָזיטיווע אַנדערשקייט און איינגנאַרטיקער כאַראַקטער פון זיין דיכטונג״.

***

מרדכי יפה איז אַן עלעגאַנטער קינסטלער, וואָס געשטאַלטיקט זיך אין דיכטונג, אויפדיכטונג און עסייאיסטיק. זיין סטיל און שטייגער קומט אויף און ווערט פאַרוועבט אין אומפאַרגעסלעכע שטימונגען און געפילן. ער איז קינסטלעריש סענסיטיוו און פאַרמאָגט אַן אופן פון איבערגעבן טיפע זעאונגען אין דערהויבענער אימאַגינאַציע.

אין אַלע יפהס שאַפונגען הן אין זיין אייגענער דיכטונג, הן אין די אויפדיכטונגען פון אַנדערע פּאָעטן, ווערט אויך פאַרצייכנט זיין גייס־

טיקע אויטאָביאָגראַפיע. ער איז באַהויכט מיט וואַרעמער באַציאונג צום מענטשן־קינסטלער. ער פאַנגט מיט זיין פאַרבעם, מיט דער ריינקייט פון זיין וואָרט און מעטאַפאָר. די דערהויבונג שטייגט מיט דער פשטות פון זיין לשון, וואָס גיט אַלע ווערטער און פאַרגלייכן צו אַ באַזונדער חן.

די טעזע, אַז פּאָעזיע איז דער כישוף פון אילוזיע איז ניט קיין לעגענדע. מרדכי יפה האָט די אילוזיע געמאַכט פאַר אַ רעאַלן ממשות־דיקן כוח.



# דאָס אידיש וואָרט קוועלט

## (וואָלף מערקור מאַכט אַ וואַרע פאַר אידיש לשון)

נאָר דער וואָס האָט ליב די שפּראַך קען פון איר אַרויסצערטלען אַזוי פיל גוטסקייטן. בלויז אַ טיפע פאַרערונג קען העלפן איבערגעבן די פרייד, וואָס לעבעדיק וואָרט קוועלט אַרויס פון זיך. וואָלף מערקור האָט דורך זיין ליבשאַפט אונדז איבערגעגעבן דעם יום־טוב פון אידיש לשון. אידיש לשון ביי מערקורן קומט ניט מיט פאַראַד, נאָר דערמאָנט דיך, אַז דו דאַרפסט מאַכן אַ וואַרע; מען דערפילט מיטאַמאָל, ווי יענער איד, וואָס האָט אַ גאַנצן לעבן ניט געוואוסט אַז ער רעדט פּראָזע. מערקור ברענגט אָט דעם וואונדער גלייך צום גומען און פילט אָן מיט פולער הנאה פון וואונדערלעכן שפּראַך־טעם.

מערקור זוכט ניט צו איבעראַשן. ער האָט ניט קיין צייט פאַר דעם. ער לאָזט מען זאָל זיך אַליין אויפהויבן אין רושם פון זיין פליסיקן פאַר־גלייך און בילדלעכע סוגעסטיע.

מערקור איז זייער גנעדיק. ער דערלאָזט ניט זיינע העלדן זיי זאָלן פאַרמאַטערן און פאַרביטערן דאָס לעבן. זיינע העלדן זיינען ניט אויס־געקלערט כדי פון זיי אָפּצוזוקן. זיי זיינען דאָאיקע, מיר קענען זיי אַלע, ווייל מיר קענען די לעכערלעכקייט סיי אַרום אונדז און סיי אַרום די וואָס זיינען אָפּגערוקט פון אונדז. עס ווערט ניט געצ'לצ'עוועט פון אַ מענטשן, נאָר פון דער אומבאַהאָלפנקייט, וואָס מענטשן טרייבן אויף זיך אַרויף צוליב זייער בלוטיקער ערנסטקייט. עס איז דאָס אָנטאָן אויף זיך די ערנסטקייט, וואָס מאַכט אונדז לעכערלעך.

מערקור האָט ניט פיינט זיינע מענטשן, ער זוכט אויף זיי אויך ניט קיין זכות, ווייל זיינע מענטשן זיינען ניט קיין אויסטערליש באַזונדערע, וועלכע זיינען צופעליק געוואָרן מאַטעריאַל פאַרן שרייבער. דאָס זיינען מיר אַלע און אויף אַלע דאַרף קיין זכות ניט געזוכט ווערן. מערקור פירט אונדז נאָר צו צום שפּיגל און הייסט אונדז זיך באַקאָנען מיט אונדזערע הויקערדיקע נעז, מיט אונדזערע פאַרקרימטע פּנימער און די קאָמישע קנייטשן, וואָס ווערן פון די גרימאַסן.

מערקורס טעמאַטיק באַהאַנדלט טעאַטער־מענטשן און דאָס בינע־לעבן. ער טוט עס כדי דורך אָט־דעם סימבאָל צו פירן אונדז צום לעבן פון מאַסקן־שפּיל: מאַסקן־שפּיל וואָס בלייבט ניט אָפּגעשטעלט ביי די גרענעצן פון דער טעאַטער־בינע, נאָר טראָגט זיך אַרויס מיט ליאַרעם

אין די ברייטע גאַסן און דערבערענגט זיך צו שטיבער און מענטשלעכע זאַמל־פּלעצער.

טעאַטער איז נאָענט דעם מענטש, די גרויסע מאַסן מענטשן באַ־וואונדערן עס, מחמת טעאַטער לערנט די וויזהייט פון פאַרשטעלן זיך, פון זיין שטענדיק ניט דו, נאָר עמיץ אַנדערש. טעאַטער איז אים נאָענט, ווייל טעאַטער ווערט געפּראַוועט מיט פּאַראַד און בציבור. טעאַטער איז די'ער אמת פון ליגן, דערפאַר האָבן אים מענטשן האָלט, דערפאַר ווערט טעאַטער און די וואָס מאַסקירן זיך אַזוי שטאַרק הערגעגנטערט צום גלוסט און בענקעניש פון מענטשן.

טעאַטער קען ווייזן דעם מענטשן, אַז ער קען זיך פאַרמאַסקירן און ניט זיין לעכערלעך, ווייל טעאַטער ברענגט אים די לעכערלעכקייט פאַר־פּוצט מיט דער מאַסקע פון ערנסט.

מערקור האָט געשיקט און מיט גרויס געשמאַק איינגעשטעלט די אָרדענונג פון זיין טעמאַטיק. ער שטעלט אַוועק ווי אַן אַנטי־טעזיס צו דער אָנגעפּעלצטער אָפּנאַרעריי פון טעאַטער דעם טיפן טראַגיזם פון די כעלעמער חכמים. חכמה וואָס איז אייגנטלעך ניט איינפאַל, נאָר טיפע תמימות, איז אָנגעמאַסטן ווי אַן אָפּוועגד פון אָט־דער פאַרפאַרבטער וועלט וואָס זוכט חכמה אין די עלעקטרישע לעמפּלעך, וואָס דאַרפן באַפּוצן נע־מען פון מאַסן און גרימאַסן־אויסשטעלער, וואָס זוכט חכמה אין אויס־געלערנטע רייד אַרויסגעזאָגט פון מיילער, וואָס פילן ניט זייער טעם.

וואו איז אמת און יושר, דאָס ביסל וואָס דער מענטש האָט נאָך פאַר־כאַפּט אָפּצושפּאָרן? זיי זיינען נאָך געבליבן אין כעלם. אין כעלם צווישן די תמימותדיקע מענטשן, וואָס גלויבן אַלץ און אין יעדן, וואָס גלויבן אין גאָט און גלויבן, אַז דער רב איז דער וואָס איז אָפּגעהיט פון אומ־יושר און פאַלשקייט, וואָס ווייסן ניט, אַז מענטשן קוויקן זיך און פאַרגייען אין נחת פון פאַרשטעלן זיך און פון זען פאַרשטעלטע.

בלויז אין כעלם קען געדייען יושר. אָט ווי מערקור ברענגט איבער פון דער מאַסקן־וועלט צו דער וועלט פון תמימות און יושר. מער־קור הויבט אָן די כעלעמער מעשה: „אַמאָל איז געווען אַ מעשה, נאָר צי די מעשה איז אמת קען איך אייך ניט זאָגן, ס'איז אפשר בלויז אַ רמז, נאָר די מעשה קען געמאָלט זיין, ז'איז ממשותדיק און מעגלעך, געטראָפן דאָרט אין כעלם, האָט זי זיך טאָג־טעגלעך".

וואָס האָט עס געטראָפן אין כעלם: רב ישעיה און רב שמעיה האָבן זיך געקויפט אַ יאַלאָווע בהמה. וואָס האָבן די צוויי אידן געוואָלט? אַביסל פּוטער, קעז, מאַסלינקע, סמעטענע, צוואָרעך. אָבער, די בהמה לאָזט זיך ניט מעלקן. אָט־די אַלע גוטע זאַכן וואָס דאַרפן ווערן פון ביסל

מילך וואָס די בהמה דאַרף געבן „לויטן שולחן ערוך״ גיט זי ניט. זי גיט ניט, ווייל אַ בהמה איז אויך אַ באַשעפעניש, וואָס טראַכט און טראַכטנ־דיק דערטראַכט זי זיך: „נאָר די קו האָט גלייך הערשפירט, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט, אַז זי האָט ביידע שותּפים גלייך געהאַט אין אירע פּיאַטעס: זאָל די מילך ביי איר אין אייטער פאַרזויערן און פאַרוועלקן, פון צווייי אָקסן מיט איין מאָל וועט זי זיך ניט לאָזן מעלקן״.

די קו האָט געמאַכט די צוויי אידן צום נאַרן. זי האָט ניט דערלאָזן, אַז עס זאָל מקוים ווערן די דערוואַרטונג צו זיך פאַרזאָרגן מיט — פּוטער, קעז, מאַסלינקע, סמעטענע און צוואַרעך.

זיינען זיי געלאָפן צום רב, צו ר׳ יוסף לאַקש, און ער האָט גע־פּסקנט, אַז זיי זאָלן זיך צעטיילן מיט דער בהמה: „ישעיה זאָל קריגן דעם קאָפּ און שמעיה דעם הינטער־חלק״.

די מעשה לאָזט זיך אויס מיט אַ מוסר השכל, דער מוסר השכל, אַז דער וואָס האָט געקראָגן דעם קאָפּ פון דער בהמה איז געבליבן אַ קבצן און דער צווייטער וואָס האָט געקראָגן דעם הינטער־חלק איז געוואָרן אַן עושר.

אָט־דער שלוס דערמאָנט פון סאָציאַלן אומיושר, וואָס פאַרטיילט זיך צווישן מענטשן. ביידע, נעבעך, ווילן אַביסל מילך כדי צו קענען אויפשלאָגן אַביסל מילכיקע מאכלים, נאָר פאַר ביידן וויל די קו ניט געבן קיין מילך. ערשט ווען זי ווערט צעטיילט קען דער, וואָס האַלט דעם הינטער־חלק, ווערן דער עושר.

מערקורס מעשיות און מעשיות אין גראַמען זיינען אַלע געצילט צו ברענגען פאַר אונדז אַ מוסר השכל פון מענטשלעכער אומיושרדיקייט און תּקיפות, וואָס ווערט אויפגעבלאָזן אין פּשוטע פּענבערס. זיין הומאָר איז ניט נאָר כדי אונדז צו מאַכן לאַכן און אונטערהאַלטן, נאָר אויסשליסלעך כדי מיר זאָלן זען אונטער דער מאַסקע פון מענטשן, וואָס ער פירט אַרויס — אַז אין תּוך איז דער מענטש פאַרדאָרבן, אומפּרינציפּיעל און אַ שענד־לעכער אָפּאָרטוניסט וואָס וועט אַלץ אומבדענגען כדי צו קענען קריכן אויפן לייטער פון וויכטיקייט, און ער לאָזט אונדז זיך פאַרשעמען פאַרוואָס דער מענטש איז אַזוי אומעטיש און ווענדט זיך אָפּ פון עיקר, וואָס דאַרף פאַר־פעסטיקן דעם בטחון אין מין מענטש.

זיין העלד מענדל שטערנבערגער, פון דער מעשה וואָס עפנט דעם בוך, איז דער „הערשעלע דובראָוונער״, וואָס מאַכט שותּפות מיטן מזיק און שטאַרבט אַ ניט־געזעטיקטער.

די אַלע אויספירן פון איינדרוק, וואָס מערקור ברענגט אויף זיין גילדענעם שפּראַך־טעצל, שעפן ניט אויס בשום אופן די אַלע קאָליר־

פולקייטן, וואָס זיינען אויפגעבליט אין 256 זייטן פון בוך.

מערקור האָט מזכה געווען מיט אַ בוך, וואָס פרישט אָפּ און דער־פרייט סיי אונדז און סיי אונדזער׳ע האָפענונגען אויפן קיום פון מאַמע־לשון. זיין בוך איז אַ דערמאָנונג פאַר אונדז, אַז אידיש אין איר קווע־ליקייט, וואָס שלאָגט אַרויס פון מערקורס בוך, קען בשום אופן ניט אויס־געטריקנט ווערן.

מערקורס בוך דערמאָנט אויך, אַז אידישער הומאָר און אידישער גע־לעכטער לעבט און גייט אַרויס אויף דער פריי. דער מערקור־הומאָר ברענגט דעם גרוס פון אַמאָל, אַז טיף־אידיש געזעלשאַפטלעכער געלעכ־טער קומט ווידער צו אונדז אַרויס מיט אַלע וואונדערלעכע חנ׳ען און לאָזט זיך אַרויס אַוועקטרייבן די פאַרזויערטקייט, וואָס האָט זיך צעלייגט אין גאַנצער גרויס אין אונדזער שפּראַך־ווייַנגאָרטן. מערקור קומט אויך אָנצושלאָגן אין רוף־גלאָק די באַפרייאונג פון אידישן הומאָר, וואָס ליגט געפאַנגען אין די וויצן־אָפּטיילונגען פון זונטאָגדיקע צייטונגען.

מערקור האָט אויך צו זיין בוך זיך מיטגענומען אַ געראָטענעם שותף, דעם קינסטלער לאלא. ער העלפט מערקורן אויסגעשטאַלטיקן דורך צייכענונג זיינע אידן און אידעלעך, אַט־די באַ׳טעמ׳טע כעלעמער חכמים. פון יעדער צייכענונג שלאָגט אַרויס אידישער חן און אידישע ליבשאַפט. די ליבשאַפט וואָס קומט צוזאַמען מיט גוטמוטיקן געלעכטער און ניט פאַר־בייזטן אָפּלאַך.

א. אלמי, שפּילט אויף דעם „ברוך הבא", מערקורס אויפשטראַלונג אין דער איד־שער ליטעראַטור דורך זיין בוך־אויפקום. און אלמי שפּילט אויף דעם אַריינפיר מיט אַלע זיינע קענטעניש.

אגב, פאַרמאָגט דאָס בוך אויך אַביסל דעפעקטן. אָבער כדי נישט צו קאַליע מאַכן דעם וואונדערלעכן טעם פון דעם פיינעם גע־שאַנק, איז אַ פרייד נאָר איבערגעבן בלויז וועגן דער פרישקייט, וואָס שטראָמט מיט שפּראַך־קוואַליקייט. דאָס בוך איז אַ טרייסט, אַז הומאָר אין דער אידישער שפּראַך איז ניט דערוואָרגן געוואָרן. ס׳איז אַ געראָטן דערהויבן בוך.

# מאַמע־לשון באַחנט און באַטעמט

אין וואָלף מערקורס בוך „מערקוריאָזן“ דערפילט מען גלייך דעם וואונדערלעכן טעם, וואָס דאָס דערהויבן אידיש־וואָרט לאָזט איבער אויפן גומען. מערקור האָט דורך וואָרט־שפּיל, דורך עפענען די אוצרות פון מאַמע־לשון — אויפגעפרישט דעם גרויסן בטחון אין קיום פון דעם גרויס־אַרטיקער פּרינצעסין — כלה אידיש, מחמת מערקור האָט דורך זיין ליבע צום לשון און צו אידיש געלעכטער, אָנגעזאָגט, אַז נישט אַלע האָפענונגען זיינען נאָך פאַר אונדז אויסגעגאַנגען און פאַרשאָטן. מערקור איז ניט אין טרויער פאַרן המשך פון אידיש לשון. ביי אים ווערט אידיש ערשט יונג און פול ניט נאָר מיט צוזאָגונגען, נאָר אויך מיט אָנזאָגונגען.

מערקור דערמאָנט, אַז מיר זיינען נאָך אַלץ דאָס באַקאַנטע און באַרימטע פאָלק סיי ביי די אומות העולם און סיי צווישן אונדז אַליין, וואָס האָט ליב צו לאַכן, לאַכן און פרייען זיך און אָפּלאַכן פון גרעסטן צער. וואָלף מערקורס׳ בוך „מערקוריאָזן“ זאָגט אָן, אַז אידיש געלעכטער האָט זיך נאָך ניט אָפּגעטאָן פון דער אידישער ליטעראַטור און עס קומט ווידער פאַרנעמען אַ בכבודיקן פּלאַץ אין אידישן לעבן.

געווען אַ ציַיט אין אונדזער ליטעראַטור, ווען די אידישע געזעל־שאַפטלעכקייט האָט געקראָגן אַ תיקון דורך שאַרפע אָנווייזונגען, וואָס האָבן אויף אַ סאַטירישן שטייגער אָפּגעדעקט די פאַרשלויערטקייטן, מיט וועלכע מען האָט געהאַלטן צוגעדעקט פאַלשע ווינקלען אין אונדזער לעבן.

אַ גאַנצער דור אידישע שרייבער, אָנהויבנדיק פון מענדעלען, דינעזאָן, ספּעקטאָר, שלום־עליכם און שפּעטער ווינטשעווסקי, ראָזענפעלד, באַדיר און משה לייב האַלפּערן, האָבן געהאַלטן אַ שאַרף אויג אויף די, וואָס האָבן פאַרקרימט דאָס אידישע לעבן.

אַדאַנק די שרייבער, האָט זיך אונדזער ליטעראַטור געפירט ווי ביי לייטן. עס זיינען געווען ביי אונדז צייטשריפטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן צו ווייזן דעם געזעלשאַפטלעכן פּנים אין קרומען שפּיגל.

אין אַמעריקע זיינען געווען עטלעכע אַזעלכע שריפטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן אויסשליסלעך מיט ווייזן דאָס פאַרקערטע אין געזעלשאַפט־לעכן לעבן, סיי דורך וואָרט און סיי דורך צייכענונג. די שריפטן — „דער גרויסער קונדס“, „קיבעצער“ און נאָך אַזעלכע, האָבן געהאָלפן ברענגען צו דער אידישער ליטעראַטור אַ צאָל פון גאָר גרויסע טאַלאַנטן, וואָס

האָבן מיט זייער שעפערישקייט באַרייכערט דאָס אידישע וואָרט און פאַרמערט אונדזער ליטעראַטור מיט אַ צוגאָב פון אַנדערשדיקייט און קאָלירפולקייט.

דורך די סאַטירישע שריפטן זיינען געקומען און אויסגעוואָקסן: משה נאַדיר, משה לייב האַלפּערן, חיים גוטמאַן (דער לעבעדיקער), בעני פינקל, און נאָך אַ צאָל פיינע הומאָריסטן־סאַטיריקער, וואָס פאַרנעמען איצט אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער אויפשטייג־געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור.

די אַלע צייטשריפטן און דעם באַזונדערן חן אפילו פון טאָן, וואָס האָט דאָרטן געלויכטן, זיינען שוין פאַרשוואונדן, דער טרויער אָבער בלייבט.

די הומאָריסטישע צווייג פון אונדזער ליטעראַטור האָט, נעבעך, געמוזט פאַרנעמען אַ ווינקעלע, וואָס די צייטונגען שענקען, איין מאָל אַ וואָך. ווי יעדער אָרעמער אורח, וואָס לעבט אויף טעג ביים זעלבן באַלעבאָס, איז הומאָר אין די צייטונגען געוואָרן וויצן־זאָגערייען, וואָס האָט ניט קיין שום געזעלשאַפטלעכן ווערט. אַ יוצא מן הכלל זיינען חיים גוטמאַן (דער לעבעדיקער), וואָס שפּרודלט אויף מיט צוטרעפלעכע זאָגונגען וועגן געזעלשאַפטלעכע ענינים און אויך דער הומאָריסט נודעלמאַן, וואָס האָט אַ פיינעם חוש און קינסטלערישן צוטריט צום האַרץ פון דער געזעלשאַפטלעכקייט אונדזערער. מחמת דעם, וואָס אידישער הומאָר איז ניט נאָר אין גלות, נאָר איז פאַקטיש דערשטיקט און פאַרשאַרט, זיינען פשוט קינסטלעריש אומגעקומען אַ סך פון די דערהויבענע טאַלאַנטפולע הומאָריסטן.

צוליב די טעמים אַליין דאַרף מען וואָלף מערקורן אַנטקעגן קומען מיט ברויט און זאַלץ און איבּ, דעם אמת וואונדערלעכן הומאָריסט און שפּראַכן־מייסטער, אָפּהיטן ווי אַן אבן טוב.

וואָלף מערקור דערציילט ניט גלאַט אַ מעשה צוליב עפעקט. ער נעמט גאָר אַריין אין וואונדער פון מאַמע־לשון, און דאָס איז דער גרעסטער עפעקט. דורכן געשמאַקן מאַמע־לשון, שפּילט מערקור אויף יעדן וואָרט מיט באַזונדערן חן. דורך זיינע פאַרטייטשונגען ווערט דאָס וואָרט ניט דאָס געוויינלעך אַרויסגערעדטע, ווי מיר זיינען צוגעוואוינט עס אַרויסזאָגן, נאָר עס קריגט גאָר אַן אַנדער אויפלעבונג. זיין איבערשפּאַלטן ווערטער איז ניט מיט דער כוונה בלויז צו מאַכן לאַכן, נאָר כדי זיך צו פאַרטראַכטן, אַז ווערטער זיינען ניט קיין איינגעשפּאַרטע אין תפיסות פון געוואוינהייטן. פאַרקערט, ווערטער זיינען לעבעדיקע עלעמענטן, וועלכע האָבן דעם כוח אָפּצופירן פון זייער צוגעוואוינטן באַדייט און זיי אויפשפּילן מיט שפּראַך סוגעסטיעס. מחמת דעם ווערן גאָר אַזעלכע צעטיילטע

ווערטער, וואָס מ׳מיינט ס׳איז עפּעס חוזק, ווי: „פּוילע־זאָפּיעס״, „בולבע־אָגראַפּיעס״, „פּתי־מיזמען״, „מזיק־אַלישע רכילות־אפּיעס״, גאָר אָנגע־פּילט מיט שפּיל און אויך מיט טעם פון לשון.

## די וועלט אין כעלעם — אַ חלום

וואָלף מערקור האָט דערהויבן כעלעם צו דעם פאַרנעמלעכן אָרט, וואָס איז פון ששת ימי בראשית געווען פאַר איר באַשטימט. פון די אָנ־הויב צייטן נאָך, ווען כעלעם האָט ערשט דערזען די ליכטיקייט פון גאָטס וועלט, האָט זי געוואָלט מ׳זאָל איר געבן אַ תיקון. מ׳איז טאַקע אָנגע־לאָפן צו זען די אַלע כעלעמער טשיקאַוויסטן, די אַלע אויסטערלישקייטן. אָבער יעדער האָט נאָר אַוועקגעטראָגן שטיקלעך און ברעקלעך. מערקור האָט גאַנץ כעלעם, נישט נאָר די תמימותדיקע, נאָר אויך די באַרימערישע גענומען און אויסגעפּוצט מיט אַלע חנ׳ען. דורך מערקורן נישט נאָר דער־זעט מען כעלעם, מען דערנענטערט זיך צו איר און זי ווערט איינגעבאַקן אין הארצן. ניט נאָר לאַכט מען פון כעלעם, נאָר מערקור לאָזט איבער אַ גרויסע און שאַרפע בענקעניש נאָך איר.

וואָלף מערקור אין שמועס וויל מ׳זאָל וויסן, אַז אים גייט ניט אָן די וויסנשאַפט פון הומאָר: „דער בוך דאַרף בלויז באַרעדן כעלעם״. באַ־רעדן, מחמת כעלעם איז אפשר גאָר ניט קיין הומאָר; כעלעם איז די ניט פאַרשפּיצטע־פאַרשפּיצטקייט.

כעלעם איז ניט עפּעס אַ טעמפּע געמיינדע. די כעלעמער בירגער זיינען ניט קיין שטעקל־דרייער, קיין בטלנים, אָדער גלאַט פּוילי־אַקעס. כעלעם זוכט תמיד אַ וועג, אַן אויסוועג, אַן אופן, אַ תוך, אַ שטייגער. כעלעם קען ניט צוזען, ווי, למשל, די לבנה קומט און פאַרשווינדט. ווילן די כעלעמער זי פאַרהאַלטן, עס גיט זיי זיך אָבער ניט איין. אַלע כעלעמער איבער גאָטס וועלט, זיינען ווי בינען רוישיק און פאַרפּראַצעוועט, אָבער די לבנה קענען זיי ניט פאַרהאַלטן. מ׳קען ניט, ס׳איז קעגן סדר, און די כעלעמער פאַרמעסטן זיך תמיד קעגן סדר. זיי זעען ווי די לבנה טרינקט זיך אין ברונעם און זיי ווילן זי ראַטעווען פון אומקום. אַ איד מוז האָבן די לבנה, ניט נאָר פאַר באַלויכטן אים די נעכט, נאָר כדי ער זאָל זי קענען מחדש זיין. אַז זי טרינקט זיך ווערט אַ טומל, אַ גערוו־דער. מען לאָזט זיך אַוועק ראַטעווען די לבנה. אַלע כעלעמער באַמיען זיך: „די טייערע לבנה קריק אַרויס פון ברונעם ציען״.

אַלע כעלעמער האָבן צוגעלייגט אַן אַקסל און אויף דער עצה פון „קלוגן חזן״ האָט מען אַרונטערגעלאָזן אַ שטריק מיט אַ האַטשיק. דער

האטשיק, ווי ס׳איז די טבע פון האטשיקעס, האט זיך פארטשעפעט אין א שטיין און די שטריק האט פון האטשיק זיך אפגעריסן, פונקט דעמאלט איז אנגעלאפן א שווארצער וואלקן, וואס האט פארדעקט דעם הימל: „האט יעדער אויפגעציטערט: „די לבנה איז דערטרונקען אין ברונעם, ווי אין דער ערד אריין, א יונגינקע פארזונקען". נאר רעב ברוכל בעל־מופת האט געטרייסט זיי מיט כוונה: כאטש שדים שפילן זיך אצינד ארום מיט דער לבנה, וועט א פרומער יונגער גיבור מיט א כוח פון אייזן, אין טיפן ברונעם איצטער גרויסע ניסים קענען זוייזן. מיט ציצית אין די הענט וועט ער דעם אשמדאי באזיגן, די לבנה פון ימח שמוניקעס נעגל קריגן".

דער קצב־יונג רפאליק איז זיך געגאנגען מקריב זיין. ער לאזט זיך ארונטער אין ברונעם, און ס׳איז ווי מיט אלע געיעגן, ווי מיט אלע איינהיי־טונגען, ווי מיט אלע איינשטעלעניש, אז די לבנה זאל ניט דערטרונקען ווערן: „מיט מורא מ׳האט רפאליקן געלאזן אין וואסער זיבקען און געהאלטן שטארק די שטריק, ער זאל זיך ניט דערטרינקען, — ביז ער האט געשריען פון דער טיף: ,איך האב דעם פיפערנאטער!׳ מ׳האט אים ארויסגעשלעפט צוזאמען מיט א טויטן קאטער".

דאס האט זיך אויסגעלאזן פון דעם מסירת־נפש פון ניט לאזן דער לבנה זיך דערטרינקען. אנשטאט איר ארויסשעפן, איז ארויסגעשעפט געווארן „א טויטער קאטער".

---

אלע בעלעמער טיילן זיך נאר אויס מיט זייערע איינפאלן, אבער די איינפאלן זאמלען זיך אלע אויף און זיי ווערן בעלעם, און בעלעם איז ניט הומאר, בעלעם איז טראגיק, מחמת אלע בעלעמער הארעוואניעס און איינפאלן זיינען גלייך פארמשפט צום דורכפאל. זיי קענען ניט מקוים ווערן, זיי האבן ניט קיין האפט, ניט מחמת מ׳קען זיי ניט אויספירן, נאר מחמת זיי לאזן זיך ניט אויספירן. די לבנה לאזט זיך ניט כאפן אויפן האטשיק. מען קען זי פון דערטרונקען ווערן ניט ראטעווען. שטענדיק פארטרייבט זי א וואלקן. דער בעלעמער כינעזער, וואס האט אויפגע־האנגען א שפיגל איבערן בעט כדי זיך זען א שלאפנדיקן, קען עס ניט זען. דער בעלעמער הינדוס, וואס שלעפט זיין פערד, ווי דער בעלעמער־בעלעמער זיין קו אויפן דאך פון שטאל צי אויפן בוידעם צו געבן די בעלי־חי היי, אדער גראז, וואס וואקסט ביים הינדו אויפן דאך, האבן אלע א קרובהשקייט מיטן בעלעמער, וואס האט צוגעבונדן א רויט שנירל אויפן האנט, כדי ער זאל צווישן די באקעטע אין מרחץ ניט פארטוישט ווערן.

אַט־די קאַפּויערדיקייט איז אונדזערע אַלע כעלעמער קאַפּויערדיקייטן,
ס'איז דאָס אָנהאַלטן זיך אין אייגענער דערקענטעניש, אין ניט ווערן בטל
בששים צווישן אַלע, וואָס אין נאַקעטקייט זײַנען זיי גאָר ענלעך, אָדער
אויסגעגלײַכט. דאָס רויטע שנירל, דער באַזונדער קען־צייכן, וואָס דאַרף
אויסטיילן פֿון די צו וועמען מ'איז גלײַך, נאָר מען וויל עס ניט זײַן
אין יעדן פֿון אונדז ליגט כעלעם. און וואָלף מערקור טיילט אפֿילו
אויס די, וואָס דאַרפֿן זײַן פֿון יענער זײַט כעלעם. אָבער ס'איז אַ טעות.
זיי זײַנען אויך כעלעם. הײַנריך הײַנע, למשל, אָנגענומען אויף דער גאַנ־
צער וועלט ווי אַ גרויסער חכם, האָט פֿאַרגעלייגט דעם כעלעם: „די
גליקלעכסטע מענטשן זײַנען די, וואָס ווערן ניט געבוירן, אָבער זייער
ווייניק מענטשן האָבן די זכיה צו דעם". אַזאַ פּאַראַדאָקסאַלע פֿילאָזאָפֿיע
איז מיט לײַב און לעבן אײַנגעוואָרצלט אין כעלעם.
כעלעם קען גאָר קיין ליגן ניט פֿאַרדייען. כעלעם, די תמימותדיקע,
די לעכערלעכע, די טראַגישע, זוכט דעם אמת: „אין כעלעם איז געווען
אַ צײַט ווען מ'פֿלעגט רק הערן ליגן, קיין ברעקל אמת האָט מען ניט
געקענט פֿון קיינעם קריגן". ס'איז אָבער ניט אַזוי. עס זײַנען יאָ געווען
מענטשן וואָס האָבן געזוכט דעם אמת, „וואָס שווימט ווי בוימל אויפֿן
וואַסער". אָבער אין כעלעם איז דער אמת ניטאָ. האָבן די „שאַרפֿע קעפּ"
באַשלאָסן אויפֿזוכן דעם אמת און וואו קען מען אים קריגן אויב ניט אין
וואַרשע? און מ'שיקט „פּישל קאָפּ" דאָרטן עס אויפֿזוכן. לאָזט זיך
„פּישל קאָפּ" אַוועק אין דער ווײַטער, פֿרעמדער שטאָט, וואו עס געדייעט
אמת. דורך שמועסן אויפֿן וועג מיט מענטשן דערוויסט ער זיך. אַז אפֿילו
אין וואַרשע איז אויך ניטאָ קיין אמת. דאָרטן איז ער גאָר, זאָל גאָט שומר
און מציל זײַן, „אַ דבר אחר". אידן האָבן צוגעשמייכלט און פֿאַרטראַכט
געשוויגן: „דעם אמת זאָג אַ כעלעמער מיינט ער ס'איז אַ ליגן". און
אידן האָבן פּישל קאָפּ קלאָר געמאַכט: „אונדזער אמת איז גאָר אַ שוואַ־
כער, אין וואַרשע אָבער איז דער אמת אַ דבר אחר".

---

דער כעלעמער האָט ניט קיין געאָגראַפֿישע גרענעצן. קען ער ניט
מציל זײַן די לבֿנה, וואָס טרינקט זיך אין ברונעם, לאָזט ער זיך פֿון די
געאָגראַפֿישע גרענעצן צו דער וועלט אַרויס. דער כעלעמער יאָגט נאָך
די לבֿנה. ער וויל זיך אַליין פֿאַרזיכערן, אַז די לבֿנה דערטרינקט זיך ניט
גלאַט אַט אַזוי. מחמת דעם לאָזט ער זיך אַוועק פֿון יבשה אויף עבֿר הים
צו כאַפּן די לבֿנה. מערקור פֿירט אים, דעם מאַטל, און דערבערענגט אים

אין נייעם לאַנד, דאָ, אין נייעם בעלעם, איז די לבנה אַן אַנדערע, זי ווערט גאָר ניט דערטרונקען אין אַ ברונעם, נאָר אין אומעט פון טענעמענט הויז; פון „סוועט שאַפּ", פון סטרייק און הונגער. מחמת דעם איז די דאָזיקע כעלעמער לבנה ניט אַזוי לויטער, ניט אַזוי שיינענדיק און ניט אַזוי ראָמאַנטיש.

ווער איז שולדיק, וואָס אין נייעם כעלעם צערט זיך די לבנה אַזש צו שטאַרבן? דאָס זיינען שולדיק די „בורזשועז". דער כעלעמער־כעלע־מער האָט דערזען בפועל ממש, אַז די בורזשועז האָבן „גרויסע בייכער". זיי פּאַשען זיך עס אויף לבנה־שיין, דערפאַר איז זי אַזוי אויסגעצערט דאָ". „אַ גראָבן בויך האָט יעדער באָס פון קליידער־מאַרקעט, נאָר אויס־געדאַרט און אויסגעקוואַרט, הונגעריק און נאַקעט מיר ווערן פון דער שקלאַפערייַ און מאַכן זיי נאָך רייכער, בלויז אַרבעטער און אַרבעטארינס מוזן קריגן גראָבע בייכער".

מאָטל האָט זיך נאָך אין ישיבה דערוואוסט פון די דאָזיקע, וואָס ווילן אַלעמען אויסגלייכן און גליקלעך מאַכן. ער האָט עס שוין מיט אַלע תנועות פון די טריף־פסול ביכלעך איבערגעגעבן זיין „האַרצנס געליבטע", דער יפת־תואר זלאַטקע, יאַסל לאָקשס בת יחידה, „זלאַטקע, אירע באַקן ווי צוויי רויזן, מיט הימל־בלאָע אויגן און אַ קאָפּ מיט בלאָנדע קרויזן". מאָטל האָט שוין געוואוסט דעם גרויסן חילוק פון מענער ביז פרויען. אָבער — „ביידע געשלעכטער אין מאַסן וועלן קעמפן אויף דער זייט דער גערעכטער".

אין דער נייער כעלעם איז ניט פאַראַנען מערער קיין רחמים, קיין יושר. דער קבצן האָט קיין ברעקל, נאָר עס ברעקלט זיך דער עושר.

אין יענעם כעלעם האָט מאָטל געהאַט אַ פּאַרטיקע פאָרמולע, ווי אַזוי גלייך צו מאַכן און אָפּשאַפן די מחיצה צווישן נגיד און דלפן: „אַ גביר האָט ליב סמעטענע. נו, איז אַ דאַנק השם יתברך, אַ קבצן קען דערקוויקן זיך מיט מאַשלינקע און צוואַרעך. אַן ענדערונג מיר דאַרפן מאַכן ווען דאָ הערשן שלום, בלויז פאַרבייטן דאַרפן מיר די נעמען פון מאכלים: „צו רופן צוואַרעך סמעטענע און זויער מילך פּוטער. דאָס ענדערן וועט העלפן, אַז דער סוף וועט זיין אַ גוטער. די נייע נעמען מוזן אַלע נעמען זיך אין זיי־נען און גבירים וועלן אָרעמע די סמעטענע פאַרגינען".

אָבער דאָ אין דער נייער כעלעם, איז שוין מאָטל ניט נאָר אַ ראָמאַנטי־קער, אַ בעל־חלומות, וואָס אַגיטירט זלאַטקע יאַסל לאָקשס בת יחידה די גלייכהייט פון אַלע מענטשן. נאָר מאָטל באַווייזט זיך גאָר: „אַלס פירער פון די סטרייקערס איז מאָטל אויסגעוואַקסן".

וועגן מאָטלען גייען אַרום לעגענדעס. מען דערציילט זיך, אַז ער

האָט אַ גובערנאַטאָר דערשאָסן; אַז זיין טאַטע איז געווען אַ מאָסקווער „פּערווי גילדי״ סוחר. מאָטל מונטערט, רופֿט. אַ מאַסנמיטינג ווערט אַ לערן־קלאַס וועגן די „קלאַסן“: „אַ פֿייער אָנגעצונדן האָט דאָרט מאָטל ביי די מאַסן“. מחמת: „די הונגעריקע סטרייקער האָבן מאָטלען גוט פֿאַרשטאַנען“. די מאַסן האָבן זיך צוגעהערט צו אים. „די טענות פֿון די באַלעבאָס האָבן ניט ווערט קיין שישקע, מיר דאַרפֿן זעטן די נשמה און ניט בלויז די קישקע“. דער „פּראָלעטאַריאַט דאַרף גייסטיקע שפּייז“ און מ׳האָט זיך גענומען שאַפֿן אַ צייטונג: „מ׳האָט קוואָדערס און דאָלאַרן אָפּגעריסן פֿון מאָגן, אויך אוירינגלעך און זייגערלעך און רינגעלעך צוגעטראָגן“. די פּראָלעטאַרישע כּלעם האָט געשאַפֿן די צייטונג און דאָרטן האָט מען אים גענומען „האָדעווען“ — „מיט פּראָזע און פּאָעזיע און מיט פֿלאַמיקע אַרטיקלען“. מ׳האָט דעם כּלעמער אין נייעם לאַנד גענומען דורך זיין צייטונג אַנטוויקלען און אים לערנען ווי: „זיך צו האַלטן עטיקעטנע און אַ הענטשקע צו יוזן, אויף באָסעס היבעראָויגן טרעטן, נאָכדעם זיך עקסיוזן“.

כּלעם איז טראַגיש, כּלעם איז טרויעריק. די דאָרטיקע כּלעם האָט מאָטלען פֿאַרוואָרפֿן צום נייעם כּלעם. מאָטל אַגיטירט אויף אַ מיטינג פֿון העמד־ער, אונטערוועש און הויזן־שניידער. ער זאָגט זיי: „פֿון מאַרקסן לאָמיר לערנען!“ ער זאָגט: „די צייט וועט קומען...“ דער טשערמאַן האָט פֿון מאָטלען דאָס וואָרט אָוועקגענומען: „ביי דיזן מיטינג דאַרפֿן מיר ניט שעמען זיך פֿאַר קיינעם. מיר ווילן הערן וואָס מ׳זאָגט, נאָר ניט פֿון יעדן איינעם“. און די שניידער ווילן, אַז דער דאָזיקער מאַקס זאָל אַליין קומען. זאָל ער אַליין, דער „מאַקס, זאָגן וואָס ער וויל, מחמת די ברידער האָבן „פֿיינט רכילות“.

מאָטלען, נעבעך, איז טרויעריק. די ברידער ווילן ניט הערן וואָס ער זאָגט וועגן דעם, אַז מ׳דאַרף „די באָסעס אינפֿאָרמירן וועגן מאַרקס און ענגעלס. געענדערט האָט די יוניאָן דעלעגעישאָן די קאָמאַנדע, און געוואָרנט מאָטלען קעגן שאַרפֿער פּראָפּאַגאַנדע“. אויס פֿאַר מאָטלען צו ברענגען צו די ברידער דעם רוף פֿון דער „רעוואָלושאָן צו די אונטער־דריקטע מאַסן. דער רוף בלייבט אַ פֿאַרשטיקטער. די ברידער ווילן דעם סטרייק געווינען. „דעם סטרייק אַצינד געווינען איז פֿון די העכסטע אידע־אַלן, מיר דאַרפֿן ניט דאָס קאַפּיטאַל, מיר דאַרפֿן קאַפּיטאַלן“. שווער איז אים. יוניאָניזם איז ניט קיין ציל ביי אים, נאָר אַ מיטל. אָבער „די יוניאָן מאַכערס האָבן פֿאַר אים צוגעטראַכט אַ טיטל, „דער פֿאָרשער־טעאָרעטיקער פֿון אונטערדריקטע מאַסן, צו ברענגען מער קולטור און ליכט צו האָרעפּאַשנע קלאַסן“.

אַט אַזוי וואָגלט מאָטל אין דער נייער כּעלעם אָן אַ תּיקון.

**

ס'איז גאָר אין לשער די פרייד, וואָס וואָלף מערקור צינדט אָן מיט זיינע כּעלעמער. ער פאַרוויקלט אַלעמען אין דער כּעלעמער טראַגיק. אין דעם מוסר השכל, וואָס איז צוגעפּאַסט צו יעדן פון אַלע, און פון אַלע צו יעדן, טראָגט מערקור צו מיט עקסטאַז. די פּשטות פון די כּעלעמער ליכטיקט אַרויס פון פיינעם גראַם, דעם פּשוטן פאָלקס־גראַם, אין וועלכן עס איז איינגעוועבט אַזאַ אוממיטלבאַרע הכמה.

וואָלף מערקורס צושטייער צו אונדזער ליטעראַטור וועט באַשטימט אָפּגעשאַצט ווערן אין פולן ווערט.



# מיטנטאָג איז אָנגעקומען

(מעינקע קאַצם פּאָעטישער גאַנג)

קונסט אין עצם איז זוכן געבן באַדייט צו דער רעאַלקייט, וואָס דער קינסטלער זעט און לעבט איבער אין אַ געוויסער צייט. די רעאַל־קייט איז זיינע אַליין. אָבער, אַ פאַרנעמלעכנס קינסטלערס רעאַלקייט האָט דעם כוח אויך צו ווערן אַלעמענס. רעאַלקייט האָט פאַרשיידענע אויסזעענס, פאָרמען און אויסדרוקן, אַלע זיינען אָנגענומען. דער קינסט־לער נאָר קען שאַפן אַ רעאַלקייט, וואָס זאָל געבן אויסדרוק און אַלמענטש־לעכן באַדייט און אַ דויערהאַפטיקייט פאַר דור דורות.

מעינקע קאַצס פּאָעטישער שטייגער איז גאָר געווען אויפלייזן די רעאַלקייט אין חלום, אַנטלויפן פון וואָר, זיך אָפּשיידן פון דער וואַכיקייט און מאַכן פון חלום אַ רעאַלקייט.

טראָץ מעינקע קאַצס מאַניער פון מיסטיציזם־סימבאַליזם, איז לויט אים, זיין חלום געווען אַ פּשוטער: אַ חלום, אַ שטייגער, ניט פאַרפלאָנטערט און ניט צעשויבערט; אַ חלום אַ פּשוטער — אַ קלאָרער. דער אַדיעק־טיוו חלום בלשון מליצה, מיינט אויסבענקען אַ פאַרלאַנג, אַ גלוסט. מעינקע קאַצס פּשוטער חלום האָט געבענקט נאָך אַן אחרית־הימים. אַ דערהוי־בענע צייט, אין וועלכער מענטשן וועלן פאַרניכטן רשעות; זיי וועלן זיך פאַרברידערן און איינשטעלן אַ סדר געשטיצט אויף יושר, אויף איינ־זעעניש.

מעינקע קאָן האָט פון דער רעאַלקייט געוואָלט מאַכן אַ חלום, האָט זיך אָבער די פּשוטקייט פון פּשוט אַריינגעוועבט אין אַן אויפרודער. מעינ־קעס ליד איז מחמת דעם געוואָרן אַריינגעשליידערט אין כאַאָס. ווען ער האָט זיך געכאַפּט וואָס ס'איז אים באַפאַלן, האָט ער זיך פאַרנומען אַרויס־ראַטעווען אַביסל פון זיין קינסטלערישן פאַרמאָג און די מי איז פאַרגיטיקט געוואָרן.

***

מעינקע קאָץ דער מענטש האָט גרויס איינזעעניש מיטן בן אָדם און זיין געמיינדע. אים טוט וויי און עס אַרן אים די קרומקייטן, וואָס האַלטן דעם מענטשן מין געפאַנגען. ער זוכט אַ מיטל ווי אַזוי צו דער־גרייכן דירעקט צום מענטש, אים אויפקלערן וועגן אחרית הימים — וועגן

אויסוואָרצלען שנאה, וואָס ברענגט אום דעם מענטשן.

מעינקע קאַצן דעם דיכטער פּייניקן און באַאומרואיקן שטימונגען. ער איז אַריינגעכאַפּט אין אַ פּחד פאַר דער מיסטעריע פון לעבן און טויט. עס שרעקן אים די סודות און אַ צעטומלטער בלייבט ער איגעגליוועט ביים שוועל פון — באַדייט און חלל. ער וויל יעדער שטימונג, יעדן ציטער, יעדן דורכלעב געבן אַ זין, אַ פאָרעם. ער נעמט זיי באַצירן מיט וואָרט — אין געלאַף מישן זיך צונויף — בענקעניש פאַרן אחרית־הימים; דער צער צום בן אָדם; און די שרעק פאַר די אומדערקלערלעכקייטן, פאַר די סודות, די מיסטעריעס.

יאָרן האָט מעינקע קאַץ זיך פאַרטאָן. ער האָט גערעדט אַ סך רייד, זיי זיינען אָבער געווען באַגרענעצט אין אויסדרוק. ער האָט געמאַכט צייכנס — אַ גאַנץ בילד איז ניט אַרויסגעקומען.

מעינקע קאַץ האָט זיך גענומען ראַנגלען פאַר אַביסל לופט; ער האָט גענומען אָפּכאַפּן דעם אָטעם. פון „פּשוטן חלום" איז ער אַרויסגעקומען אַן אויסגעטשוכעטער, אַביסל נאָר פון די „דריי שוועסטער" און „דער מענטשן אין טאָגן". די אויגן האָט ער נאָך אָבער אינגאַנצן ניט געקענט עפענען. מיטן ביסל ליכט, וואָס איז געלעגן אויפן ברעם פון אויג, איז געווען אַ סכנה צו גיין; ביי די פּיס האָבן זיך נאָך אַלץ געפּלאָנטערט „די דריי שוועסטער".

„אַזוי פ״ל טעגלעך ברענען ווען שטאַרקע נעכט קאָרטשען ז ך אין דרייען. און אַלע זיינען מיינע, מיינע, מיינע. און אין יעדן סעגל איז פאַר־וואַנען יעדע שוועסטער — מיין שענסטע ליד. בענקט זיי אויס אַן עלנטע שפּין. איינע וויזט זיך קעגן מיר ווי אין אַ טויטנטענצל אַ לעצטער פאַר־נאַכט. גיי איך קעגן [ער מיינט אַנטקעגן] איר ווי דורך אַ שפּיגל מיט טויט פון אומבאַקאַנטע געסט און צינפּראַל זי ווי אַ וואונדער אַ פאַרמאַכטן. הערט זי מיין גאַנג־געבראַזג פון אַ קבורנס רידל, פאַרגייט זי אַזוי באַנג ווי אַ פלאַטער פון אַ שטאַרבנדיקער קראָ ערגעץ אין איינזאַמען נעסט".

באַלד מישט זיך אַריין אין כאַאָס פון „די דריי שוועסטער" גאָר אַן אַנדער געטומל — דער הור־האַ פון „דער מענטש אין טאָגן". אין „טאָגן" — אין פּראָצעס, מיינט עס, פון ערשט אָנגעהויבן ווערן. זאָגט זיך דאָרטן: שטאַלן גליען ווי קוזניעס אין די הויכן. דער ווינט אין פייער ווי אַ בלאָז־זאַק בלענדט — טורעמס קענען זייער סוף ניט דערייכן, די זון בויט באַריקאַדן — בליצן ווענט". אָדער: „קעגן אים [אַנט־קעגן, מיינט ער] הענט פון גראָבן, האַקן, דרייען, שאַרן. מויערער פון שטעט, אָנזאָגער פון שטורעמס; דורך שמאָלע געסלעך, דורך שטאָלענע לענדער, גאַסן בריקן און לייטערדיקע טורעמס דערקענען היינט זייערע

האַרן״ (דאָס ליד איז אַ געשאַנק זיין פאָטער).

אין דער כוונה פון די לידער איז איינגעוועבט אַן אידייע, אַ באַ־נעם און אַן אָפּשאַץ פון שטימונגען. אָבער דער אַנוואַרף מאַכט צונישט די אידייע און די אומקלאָרקייט צעשטערט די שטימונג.

כדי אַ ליד זאָל זיין ראוי צו ווערן געשאַצט ווי קינסטלעריש ווערט־פול, מוז עס פאַרמאָגן סענסיטיווקייט און קלאָרקייט. אָן די אייגנשאַפטן איז דאָס ניט קיין וויכטיק ווערטפול געשאַנק צום קונסט־אוצר.

אָן קינסטלערישן שכל־הישר קען מען ניט האָבן קיין עסטעטישן גע־נוס. פּאָעזיע וואָס איז נישט געשטיצט אויף טיפע עטישע און סענטיטיווע דערפאַרונגען האָט ווינציק ווערט. נאָר לידער, וואָס קענען זיך באַהעפטן אין שטימונג, אין קלאָרקייט, אין עמאָציאָנעלן כוח און טיפן דענקען, האָבן אַן אַלמענטשלעכן און אייביקן ווערט. קונסט האָט ממשותדיקערע עובדות ווי גלאַט האָבן טענות קעגן מעשים, וואָס ווערן אָפּגעטאָן אין לעבן. קונסט שאַפט פאַרמען און גיט אָרט פאַר אויסדרוק צו אַלע דערהויבענע עמאָציעס.

---

מענקיע קאַץ הויבט זיך אָן אויסצוגלייכן. זיין וואָרט נעמט אָפּשיילן פון זיך די שאָלאַכצן. דאָס וואָרט האָט ליכט דערזען און עס האַלט זיך אין פוצן כדי צו קענען זיך באַווייזן פאַר לייטן.

דאָס בוך „אינמיטן טאָג״ איז דער אָנזאָג פון אָפּשניט, וואָס מעינקע קאַץ האָט געמאַכט. מעינקע נעמט אַרויסגיין איצט זען מענטשלעכע פנימער — נישט שאָטנס. ער קומט אַרויס זיך באַקענען אפילו מיט זיין פאָטער. מעינקע טראָגט אַנטקעגן דעם מענטשן נישט גלאַט עפּעס ניט דאָ געדאַכט אידייען, נייערט אַ גוט־מאָרגן. אפילו אינמיטן טאָג קען מען באַגריסן מיט „גוט־מאָרגן״.

מעינקע קאַץ האָט אויפגעוואַכט טאַקע אינמיטן טאָג. ער ווייסט עס גענוי. אינמיטן טאָג האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט צו קענען זייסן מכוח די מעשים, וואָס דער פרימאָרגן און „דער מענטש אין טאָגן״ האָבן אָפּגעטאָן. ער ווייסט, אַז אויפן „מענטש אין טאָגן״ קען מען זיך נישט פאַרלאָזן איינגאַנצן. אינמיטן טאָג האָט ער דערזען, אַז „דער מענטש אין טאָגן״ ליגט נאָך אין חלום, ער איז באַהאַלטן אין ווערן. איצט אָבער נאָכן געוויטער, וואָס די געשטאַלט אין „פשוטן חלום״ האָט אָנגעיאָגט אויף אונדזער פאָלק און חרוב געמאַכט אונדזער האָב און גוטס, אונדזערע פרויען, מענער, זקנים און קינדער, האָט מעינקע קאַץ מיטאַמאָל דערפילט, האָט מעינקע קאַץ אַן אויפגעשוידערטער, אַן אויפגעטרייסלטער אָפּגעהאָרפּן דעם רוצחישן פאַרמעסט פון „מענטשן אין פשוטן חלום״ אומצוברענגען דאָס אייביקע פאָלק ישראל:

„איך קען ניט זען קיין פרייע וועלט אָן מיין פאָלק, אפילו אין אַ דור, וואו קיין האַר און קיין קנעכט וועט ניט זיין. ווי גליקלעך דער מענטש זאָל אין דעם ווייטן מאָרגן ניט זיין, שטעל איך זיך פאָר אַ טרויעריקן גן־עדן אויף דער ערד, אויב מיין פאָלק זאָל, חלילה, דאַן ניט זיין, פרייען זיך מיט די פריידן פון אַלע פעלקער. וואָס שייך אַ נייע וועלט? זאָל נאָר דער מענטש זיך לערנען שיינקייט און יושר פון ישעיה הנביא, וועט שוין זיין אַ וועלט אָן פייניקער, אָן געפייניקטע; אַ וועלט אָן תפיסות, אָן שלעסער אויף די טירן — וועלן שוין זיין אָנשטאָט שפּיזן צווייגמעסערס און ביימער וועלן ניט ווערן קיין תליות, נאָר פריינט פון מענטשן, שטערן און פייגעלעך".

**נאָך אַזאַ דעקלאַראַציע פאַרדינט זיין פאָטער די זכיה, נישט ווי אין „דער מענטש פון נעכטן", באַשיינט ווערן מיט דעם קלאָרן און לויטערן אידישן ליד:** „אָן דעם מעשהלע פון אַמאָל וואָלט קיין היינט ניט געווען. אָן דעם פראַגער גולם, אָן דעם טווירער באַרג, וואָלט שמשון הגיבור ניט זיין אַזוי שטאַרק. אָן דעם מעשהלע פון אַמאָל, וואָלט קיין היינט ניט געווען. אָן דעם פייגעלע פון אַמאָל, ווי וואָלט אַן עראָפּלאַן היינט געווען? ניט קיין חלום, אַ הויקער, וואָלט דערמאָנט אַ באַרג. אפילו שלום וואָלט אַן אומעטיקע טויב געווען. לחיים, צום פראַגער גולם, לחיים צום טווירער באַרג".

**„אינמיטן טאָג" (און אויך אין זיינע לעצטע אידיש־אידישע לידער) איז מעינקע קאַץ געוואָרן באַזאַכט. ער זיצט שוין רואיק און טוט שוין נישט נאָר הערן, נאָר אויך דערציילן, נישט זאָגן.**

**מעינקע קאַץ איז אַרויס פון היגערפלעט. ער גייט אַ זיכערער און גלייכער צו מענטשלעכער און קינסטלערישער שלימות. די לידער, אַ סך פון זיי, באַזונדער די סאָנעטן, אין דערמאָנונג פון זיין פאָטער, זיינען אַן אָנזאָג, אַז עס קומט אויף אַ לויטערער מעינקע קאַץ, וואָס וועט דאָס אידישע ליד באַשיינען און צוטיילן כבוד.**

„איך ווייס ניט, אויב ס'איז עוגעץ וואו אַ אידישע באָבע געווען,
וואָס האָט ניט געזאָגט, אַז: דער מיטן איז אַ גילדענער שליטן.
און ווער פון אונדז איז אין אָט־דעם גילדענעם שליטן ניט געווען?
און ווער פון אונדז וועט ניט זיין נאָך, אין אָט־דעם גילדענעם
שליטן?"

## ש. טענענבוים און די פלאַמיקע פעדער

ש. טענענבוים איז אין גרויס וואונדער פאַר אַלע גאָטס מעשים. זיין פאַרגאַפונג איז נישט בלויז פאַרן סוד פון גאָטס באַשאַף, נאָר אויך פאַר דער גרויסער מיסטעריע פון מענטשלעכער שעפערישקייט, וואָס האָט נישט קיין בחירה, נאָר ווערט אָנגעטריבן פון גייסטער און דעם „דע־מאָן" אַליין.

וואָס איז דער מענטש? אַ נישטיק זעמדל, וואָס ליגט פאַרוואַלגערט וואו ס'ווינט און שטורעם האָט אים פאַרטראָגן. אַ זעמדל מוז צומאָל נישט ליגן ביי ים־ברעגן, עס קען אים גאָר זיין באַשערט פאַרבלאָזן צו ווערן אין זומפּן. עס קען גאָר זיין היים ווערן אין פינצטערע וועלדער, וואָס שטייען פאַרזונקען אין מיסטעריע און שרעקן מיט זייער געהיימניספול־קייט. פּונקט ווי דאָס זעמדל האָט נישט קיין אויסוואַל, קיין ברירה, אַזוי אויך דער מענטש, דער בן אדם, די באַשעפעניש, וואָס גאָט האָט איינגע־טיילט זיין געשטאַלט, ער האָט אויך נישט קיין בחירה. ווייל — „נישט איך. נאָר אַנדערע גייסטער אונטער מיר, אין מיר און איבער מיר שרייבן מיינע שריפטן". פון „וועלט־אַל" דיקטירט מען טענענבוימען ווי צו שאַפן, און ווי „אַ שטאָלצער קנעכט" פאָלגט ער אויס אָט־דעם מיס־טעריעזן באַפעל.

טענענבוים זאָגט וועגן זיך, אַז ער איז נישט מערער ווי „אַ האַנט", אַ מין שטומער פאָלגער פון די באַפעלן, וואָס עס לייגן אויף אים אַרויף די „גייסטער".

אָבער טענענבוים אַליין ווייסט, אַז ער פאָלגט נישט אַלץ אויס אַזוי שטום. דערפאַר וואָס ער איז „אַ שטאָלצער קנעכט", נאָרט ער אַ סך מאָל אָפּ זיינע באַפעלער, וואָס זיינען נישט מערער ווי „גייסטער" און ער טוט אויך שרייבן מיט האַרץ, נישט נאָר מיט „האַנט".

עס מאַכט נישט אויס וויפל בייזקייט עס זאָל נישט אויסגיסן דער „דעמאָן", וואָס רוקט דעם שטומען פאָלגער אין האַנט אַ פעדער, וואָס איז לויטער „פייער" און זאָגט צו אים מיט „צעבראָכענעם מויל", ער זאָל אָנשרייבן דעם „יאָמער פון דער גאַנצער וועלט", קען עס גלאַט אַ שטו־מער פאָלגער נישט אויספירן, עס מוז אויך זיין דאָס האַרץ דערביי, אַ האַנט אַליין קען עס נישט טאָן. און טענענבוימס האַרץ איז אָנגעפילט מיט צער און רחמנות אויפן מענטשן, וואָס האָט פאַרשעמט גאָט, וואָס האָט

אים געשענקט זיין געשטאַלט. ס׳איז גאָר פאַרקערט. נישט די האַנט פאַלגט דעם „דעמאָן״, וואָס גיט זעם קינסטלער אַ פייערדיקע פעדער, נאָר גראָד דאָס האַרץ פון קינסטלער, וואָס גיט דער האַנט אַ פעדער, נישט נאָר מיט פייער און צאָרן, נאָר אויך מיט ליבשאַפט און רחמים.

טענענבוים פּרובירט דערקלערן גאָט, אָבער די דערקלערונג נעמט נישט אַרום די אַמבאַגרייפלעכקייט פון גאָט. טענענבוים זוכט נאָר פאַר־איינפאַכן זיין באַנעם פון דער מיסטעריע גאָט, אין דער פאָרמע פון אַן ענטפער צו דער קשיא פון זעם וואָס עס באַדייט רעליגיעזקייט. נאָך דעם ענטפער פון „כוחו וגבורתו מלא עולם״, אַז אַלץ איז גאָט און גאָט איז אומעטום, פון אַ מילבל ביזן מענטש, בלייבט נאָך אַלץ דער סוד פאַרהוילן פון דעם וואָס איז גאָט, ווייל אפילו דער מענטש אַליין איז ניט אַנטפּלעקט, און אין זיין בוך „אַ האַנט פאַרשרייבט״ איז דער מענטש אין מיסטעריע און דער מחבר גיט אָפּ דער מיסטעריע אַ גאַנצן קאַפּיטל.

אַזוי ווי גאָט איז אַלץ, איז ער שוין במילא שעפעריש, ווייל ער איז דינאַמיש און אַלץ וואָס איז שעפעריש איז גוט. טענענבוים, דער האַר־ציקער, גוטער און סענטימענטאַלער, וואָס זוכט אויס אַ זכות אפילו אויף אַ רשע, קען ביי זיך נישט פועלן, אַז שעפערישקייט קען אויך זיין שלעכט און צעשטעריש. פאַר אים איז דאָס אַ פּאַראַדאָקס. שאַפן אַליין איז אַן אַקט פון דערהויבונג און גאָט דער אַל־באַשאַפער איז דורך דער־הויבנקייט אויך פול מיט גוטס, איינזעעניש און רחמים.

אַלע פאַרדאַרבנקייטן זיינען נישט קיין מעשים, וואָס גאָט האָט באַ־שערט, נאָר זיי זיינען רעזולטאַטן פון מענטשן, ווייל וואָס איז דער מענטש? אין טענענבוימס אָפּהאַנדלונג „די מיסטעריע מענטש?״ שטעלט זיך דער מחבר די פראַגע, וואָס ווערט נישט פאַרענטפערט, נאָר שטעלט דעם מענטשן אויס צו גרויסער לעכערלעכקייט, — דער מענטש, דער וואָס איז געשטעמפּלט מיט גאָטס געשטאַלט, דער קינסטלער איז דער וואָס דערהויבט דעם זין פון מענטשלעכן זיין אויף דער וויסטער ערד.

דורות גאַנצע שעפער און דערהויבער, וואָס האָבן פאַרשענערט דעם זין פון לעבן, זיינען אויפגעקומען און אַוועק איבערלאָזנדיק זייער ירושה פאַרן מענטשן־מין. אָבער וואָס איז דער מענטש אַליין? אָט דער פאַר וועמען ראַפאַעל האָט אויסגעמאָלן אַ מאַדאָנע; די אַלע אַנדערע שעפער: דאַנטע, בייראָן, שעלי, היינע, לערמאָנטאָוו, ניטשע, עמפּעדאָקלעס, סאָקראַ־טעס, אַנאַרקרעאָן, האפיז און העלדערלין, יהודה הלוי, דוד המלך, דער באַשאַפער פון תהלים, שלמה, זיין זון, דער שאַפער פון שיר השירים, משלי און קהלת און די גאַנצע משפּחה פון די אידישע נביאים? דער מענטש אַליין איז דער אייביק לעכערלעכער און אייביק טראַגישער.

טעגעגבוים מאַכט די גאָטהייט כלו זכאי. חייב איז נאָר דאָס מענ־טשעלע, דאָס גאָרנישטל. גאָט איז גוטסקייט, שלעכט איז נאָר דער מענטש.

טעגעגבוים צעגייט זיך מיט קהלתן אין באַגריף פון דעם זכאי און חייב, שייך גאָט און מענטש.

לויט קהלתן, האָט גאָר גאָט באַשאַפן אַ שלעכטע וועלט און קיין מענטש קען זי נישט ענדערן. די וועלט קען נישט אויסגעבעסערט ווערן: „ראה את מעשה האלהים, כי מי יוכל לתקן את אשר עותו״ (קוק אָן די שאַפונג פון גאָט, וואָרום ווער קען עס אויסגלייכן, וואָס ער האָט קרום געמאַכט).

אין אַלץ איז שולדיק בלויז דער מענטש. מיט גאָט וויל גאָר טע־נעגבוים נישט האָבן קיין וויכוחים. אַזוי ווי גאָט איז גוט, איז ער אויך גערעכט, און אפילו ווען ער טוט אָפּ שלעכטס איז דאָס ביי אים אַ שפיל אַזאַ, אַ וויץ אַזאַ. שניי־שטורעמס, פייער־שפייענדיקע בערג, אויפגעשטו־רעמטע ימען, פאַרפלייצונגען, אַנשיקענישן — דאָס איז אַלץ אַ וויץ אַזאַ ביי גאָט, דער מענטש אָבער, אויף וועמען גאָט האָט זיך אָנגעזעצט איז שולדיק אין אַלע שלעכטקייטן. ער וויל דעם מענטשן שטראָפן פאַר זיינע זינד, טוט ער עס נישט מיט רחמים, נאָר ער טוט נאָך דעם מענטשן, ער מאַרדעט אים און שיקט אויף אים אָן אַלע פורעניותן.

טעגעגבוים האָט גאָר קיין איינזעעניש נישט מיטן מענטשן. ער האָט אים נישט געערן, ווייל דער מענטש איז פאַלש און אייגננוציק.. דער מענטש איז געגליכן צו אַ בהמה, זיין צייט פון לעבן איז קורץ און פונקט ווי די בהמה וועט ער אוועק אין דער פאַרגעסנקייט און דער וואָס באַנעמט אָט־די טראַגעדיע פון דער מענטשלעכער נישטיקייט און איינרעדעניש, איז באַרעכטיקט צו קריגן אויפגעזן און אויפמערקזאַמקייט.

טעגעגבוימען זיינען גערן און נאָענט די וואָס שטעלן זיך קעגן די אויפפירונגען פון פיליסטער. ער האָט פיינט די קליינבירגער מיט זייער איבערטריבנקייט און פאַלשע מאַניערן, און זייער זשעדנעם געיעג נאָך עולם הזה. נאָענט און ליב זיינען אים די ווידערשפעניקער.

טעגעגבוימען נעמט אַרום אַ גרויסע און טיפע ליבע צו די טראַגישע קינסטלערישע געשטאַלטן, וואָס האָבן נישט באַנומען די ווערט פון רע־אַלקייט און האָבן זיך אין איר נישט געקענט איינלעבן. ווי קינדער האָבן זיי נישט פאַרנומען די וואָרנונג פון גוטע און פרומע מענטשן, אַז שפיל מיט שוועבעלעך קען פאַרברענען.

טעגעגבוימען זיינען ווי אייגן לייב נאָענט די קינסטלער־וואַגאַבונדן, וועלכע גייען אַרום פרעמדע און פאַרשטויסענע אין דער פיליסטישער

וועלט־געמיינדע און טרייבן זיך מיט האַסטיקייט צו זעלבסטצעשטערונג.

אין יעדער חברותא פון פראַנסוא ווילאָן, ווערלען, רעמבאָ, באָדלער, וואַן־גאָג און די אַנדערע פון אָט־דער עקזאָטיש־נוראָטישער משפחה, איז טענענבוים נישט נאָר נאָענט, נאָר איינגעוואָקסן ווי פון איין אָפּשטאַם. עס איז קינסטלערישע בלוט־פאַרוואַנדשאַפט.

די קינסטלער־וואַגאַבונדן און עקזאָטישע פּערזענלעכקייטן זיינען אַ טייל פון טענענבוימס באַנעם און באַציאונג צו דער געשטאַלט נישט פון גלאַט אַ מענטש, נאָר פון אַ קינסטלערישן מענטשן.

טענענבוים איז אַ ראָמאַנטיקער און איז שטאַרק באַווירקט פון צוויי קולטורן, די פראַנצויזישע און פּוילישע, וואָס האָבן אַ מין פאַרוואַנדשאַפט.

טענענבוים לעבט מיט דער פראַנצויזישער ראָמאַנטיק און מיט דער איבערטריבענער פּוילישער העפלעכקייט. ער האָט ליב אַלץ, וואָס איז בלאַס און פאַרצערטלט. מיט גרויס איינזעעניש און ליבע טוליעט ער זיך צו אַלץ וואָס איז „וואויל געבוירן״; אים זיינען נאָענט אַלע כללים פון עטיקעטישן שולחן ערוך; ער האָט האַלט צו געשטאַלטיקן און זיך פאָרשטעלן זיינע פרייליינס — בלאַסע, צאַרטע און קרענקלעכע. און גערן באַזינגט ער די פאַרחלשט־פאַרליבטע, וואָס האַלטן כסדר אָן דעם מאַניער פון ראָמאַנטישער העפלעכקייט.

צוליב אָט־די אַלע טעמים איז טענענבוימען דערווידער טומל, גערויש און אויך באַרעדעריי. ער איז אַ גייסטיקער אַריסטאָקראַט און עסטעט, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין טומל, גערויש און בראַזגעריי פון אַ ווילדער ציוויליזאַציע.

טענענבוים איז טיף איינזאַם אין אָט־דער פאַרגרעבטער און מגושמדיקער, מאָדערנער געמיינדע. אפילו אין קאַפע, וואו עס דאַרפן זיך אויפהאַלטן קינסטלער, איז אים אומעטיק; דאָרטן איז ער אויך איינזאַם. ער, דער ראָמאַנטיקער, קען נישט פאַרטראָגן דעם ביטול און ציניזם פון די כלומרשטע קינסטלער, די קאַפע־זיצער.

טענענבוים וויל זיך אָפּרוען פון דעם אַרום, פון דער סביבה ווען עס איז פרעמד די ראָמאַנטישקייט פון אַריסטאָקראַטישע סאַלאָנען, וואו עס פאַרקערן קינסטלער. ער אַנטלויפט, נישט אין וואַלד, נאָר ביים ים ברעג, וואו אויף דער „גאָלדענער פּליאַזשע באַוועגן זיך טויזנטער נאַקעטע גופים״. ביי דעם ברעג האָט ער ליב צו קוקן — „צו דעם בלוי פון הימל און צום נאַכלעסיקן שפּיל פון די וואָלקנס״. אָבער דער האַרמידער פון דער שטיינערנער, אייזערנער און ברוטאַלער שטאָט, לאָזט אים נישט רויִק באַנעמען דעם נאַטור־שפּיל פון ים און מענטש.

די וואַכיקע, גרויע און אומראָמאַנטישע מענטשן יאָגן אים אויך אָן

ביים ים ברעג, איבעראַל זיינען זיי פאַראַן: אין דער בוכהאַנדלונג, אין קאַפע און אויך ביים ברעג ים.

טענענבוים האָט זיי פיינט און ער יאָגט זיי פון זיך, און די רייד וואָס ער וואַרפט אַרויף אויף די דאָזיקע לייט, זיינען בייזע און צאַרנדיקע. טענענבוים באַווייזט, אַז ווען עס דאַרף פאַרטיידיקט ווערן רו און ראָמאַנטישקייט, איז אויך כשר אַ שאַרפער און בייזער ווידערשטאַנד, וואָס זאָל מיט צאָרן לאָזן וויסן די לייט, אַז דער דיכטער ציט נאָר זיין שווערד צו די וואָס טראָגן אַ מאַנטל פון פּראָפּעטן, אָבער אין תוך זיינען זיי גאָר אומווירדיקע און פאַלשע לייט.

„משפּט מיך נישט ביים ברעג ים, איר פאַלשע לייט, איר איינגעוויקטע אין זינד ווי נאַסע שמאַטעס. איר אונטערשמייכלער און בעל־קנאה מענטשן, איר נישטיקע ברואים, משפּט מיך נישט ביים ברעג פון ים וואו איך קוק ניט צו אייך, נאָר צו העכערע און שענערע זאַכן. איך האָב, אין אמתן געזאָגט, קיינמאָל אויף אייך נישט געקוקט. איך האָב געקוקט ווייטער פון אייך, העכער פון אייך, איבער די האָריזאָנטן, צו גאָט".

טענענבוים, דער אַריסטאָקראַט, איז מודה, אַז ער האָט קיינמאָל אויף די לייט נישט געקוקט, זיי האָבן נאָר געמיינט אַז ער האָט מיט זיי אַ שייכות, איצט זאָגט טענענבוים אָפן צו די לייט און צו דער וועלט — אַז ער האָט גאָר געקוקט אויף העכערע זאַכן, איבער די פאַלשע און נישטיקע לייט, און נישט צו זיי.

**
*

ש. טענענבוים איז נישט גלאַט אַ שיין־שרייבער. ער האָט אַן אידייע און אַ באַשטימטע פאָרשטעלונג פון דעם ווי אַ מענטשלעכע געמיינדע דאַרף אָנפירן מיטן לעבנס־סדר. ער ווייסט, אָבער, אַז דער מענטש איז פאַרדאָרבן און אייגננוציק. נאָר די וואָס ליידן לייטערן זיך און די וואָס לייטערן זיך דורך ליידן זיינען די אמתע בירגער פון מין וואָס טראָגט דעם טיטל מענטש.

דער מענטש איז דער טייוול, ער האָט זיך אָפּגעקערט פון גאָט און פירט גאָר מיט אים אַ כסדרדיקן קאַמף. זיין כוח איז אַזוי מעכטיק, אַז גאָט אַליין דערשרעקט זיך פאַר זיין באַשאַף: „גאָט האָט אָפטמאָל מורא צו שטיין פאַרן מענטשלעכן געניוס — פאַרן מענטשלעכן ריכטער און נביא. גאָט האָט מורא פאַרן שטערבלעכן מענטש, וואָס איז גאָטס קאָנקורענט".

דער מענטש איז טראַגישער ווי גאָט, ווייל דער מענטש איז שטערבלעך. און אין גורל וואָס גאָט באַשטימט פאַרן שטערבלעכן, מוז דער מענטש זיך לייטערן, און לייטערן דורך ליידן. אָבער נאָר דער דיכטער,

דער קינסטלער, קען עס אַלץ דערפילן און באַווייזן און ער קען באַנעמען די באַדייטונג פון גיין צו גאָט און זינגען שירה צו זיין גרויסקייט, גאַנצקייט און אומענדלעכקייט.

דאָס לעבן פון עקזאָטישן, בלאַסן און צאַרטן קינסטלער אויף דער וועלט איז נישט קיין גרינגער. ער גייט דורך זיין לעבן אין צער און פיין, און פאַרשיידענע אָנשיקענישן פּלאָגן אים — פון מענטשן ביזן מיקראָב, וואָס צעלעכערט זיין גוף און פאַרשלאַפט אים: „איך ראַנגל זיך אין מיין קורצן לעבן מיט אייביקייט און מיט אומענדלעכקייט. איך פאַרבלוטיק דאָ אין קראַנקהייטן, אַן אייביק פאַרוואונדעטער — בשעת איך זינג גאָטס שטאַרקייט און מעכטיקייט. גאָטס אומצעברעכלעכער גאַנצקייט און גרויסקייט״.

אַחוץ באַהעפטונג מיטן ליידנדיקן מענטשן, האָט טענענבוים אויך אַ גרויסע ליבע צו דער נאַטור. צו פעלדער, צו בלומען (באַזונדער), צו דער לבנה און צו אַלע אויסשטאַטונגען, מיט וועלכע גאָט האָט באַפּוצט די וועלט. טענענבוים האָט ליב אַלע גאָטס באַשאַפונגען, אַחוצן מענטש.

אין זיין שטימונג „שפּעט ביינאַכט״, פון בוך „אין גאָטס געשטאַלט״, פאַרגייט דער מחבר אין גרויס באַוואונדערונג און פאַרוואונדערונג פון דעם אָרט און גורל וואָס גאָט האָט באַשערט ביימער. אַלץ איז אין גרויס סוד איינגעוויקלט. גאָט האָט נישט אויפגעדעקט דעם סוד פון באַשאַף און די מיסטעריע פון באַשאַף ווערט נאָך טיפער אין די וועלדער.

פון די ביימער טראָגט זיך תפילה און הייליקייט. זיי דאַווענען און שאָקלען זיך און אויף זיי פאַלט אַ ליכט „ווי איבער שעקספּירס געשטאַלטן, און אַ ליכט פון אוראַלטע אידן״.

ביימער זיינען ווערטפולער פאַרן אוצר פון וועלט־אַל ווי מענטשן. מענטשן קוילען זיך איינער דעם צווייטן, ברענגען זיך אום. שטעלן איין גרענעצן און היטן זיי מיט טויטלעך געווער. „ביינאַכט זיינען ביימער די קעניגן פון דער ערד. די צווייגן פאַרבינדן זיך מיט די צווייגן און בינדן אַ גרויסן וואַלד. אַ וואַלד וואָס פאַרנעמט די גאַנצע ערד. די ביימער זיינען די בירגער פון אַלע לענדער. ווען מלחמה גייט אָן צווישן די מענטשן, זיינען די ביימער — מאַרטירער. זייער לייב ווערט צעשאָסן און צעשטאָכן. פילע ביימער ווערן פאַרברענט און מיטן וואָרצל פאַרניכטעט. נאָר אומדערשראָקן שטייען די ביימער. איך פיל זייער עקזיסטענץ. זייער גייסט. יעדער צווייג איז אינטעליגענט. יעדער בלאַט איז אַ סענסיטיוו אידעלע האַנט. עס אָטעמט, עס ציטערט. די ביימער זיינען גייסטער. זיי זיינען איינגעהילט אין געטלעכן נעפל. אין וואונדער וואַל״.

אַזאַ אָדע האָט דער מענטש זיך ביי טענענבוימען נישט פאַרדינט.

און נישט נאָר די ביימער, נאָר אינזעקטן זיינען אים נעענטער און חשובער. אינזעקטן זיינען נאָך דאָ געווען פאַר אדם און חוה. ביי טענענבוימען זינגען און שפּילן אינזעקטן. דער מענטש? — ער שלאָפט נאָך און איז אין אַ מידן שלאָף. „אָבער די אינזעקטן שפּילן און זעגן און זינגען. עס איז אַ רייף געזאַנג פון ליבע און טויט".

די מענטשן האָבן נאָר די ערד פאַרנומען אויף אַ ווײַלע. אין דער ווײַלע האָבן זיי געוועבט שטאָלענע שפּינוועבס פון אימפּעריעס און שטאַטן. האָבן פאַרשריבן זייערע קעניגן, פּרינצן, דינאַסטיעס און האָבן אויף פאַר־טרעטן איינגעוועבט די געשטאַלטן פון זייערע דיקטאַטאָרס, הערשער און באַהערשער. אָבער דאָס איז נאָר אויף דערווייל — „מיט די קעפּ אין דער ערד גייען אומבאַקאַנט אַוועק די מאַסן, אָבער די ערד, דער אומגע־הויערער פּלאַנעט, געהערט צו די אינזעקטן".

***

טענענבוימס פילאָסאָפישער באַנעם פון דעם זיין און נישט זיין, פון ווערט און אומווערט, פון זין און זינלאָזיקייט איז גאָר ענג פאַרבונדן מיט זיין שרייב־מאַניער. די דערשיינונג איבערגעוועלטיקט אים און אין זיין שאַפן פאַרבאַרגט ער עס נישט. מען דערפילט נישט נאָר עמאָציאָנעל טענענבוימס ווערן איבערגעוועלטיקט, נאָר מען זעט עס ממש אָפּטיש. זיין לאָזן פריי, אומקאָנטראָלירט אַ סך רייד, פאַרמאַטערן אַ סך מאָל דאָס אויג און אויך דעם געדולד.

טענענבוים איז אומגעדולדיק, אָבער פּאַראַדאָקסאַל. אָנשטאָט צו זיין שפּאָרעוודיק אין געציג אַנצויאָגן דעם אַנטלויפנדיקן געדאַנק, געפיל און שטימונג, פאַרפלייצט ער זיין געציג מיט אַ שלל פון איבעריקע רייד און אויסדרוקן, פאַרגלייכן און שטימונגען. צו אים פּאַסט זייער דער פאַר־גלייך: „איך שרייב אַ לאַנגן בריוו, דערפאַר וואָס פאַר אַ קורצן האָב איך נישט קיין צייט און געדולד".

טענענבוים האָט אַ געוואַלדיקע ליבשאַפט פאַר דעם הויכן וואָרט און גראַנדיעזער פּראָזע. ער קאָנטראָלירט אָבער נישט נאָך אַ סך מאָל דעם זין פון אַן אַרויסגעזאָגטן פאַרגלייך אָדער פּראָזע. אין זיין שטימונג „צו וואָס שטראָפן", פון בוך „אין גאָטס געשטאַלט", זאָגט ער צו די שטראָ־פער: „משפּט מיך נישט ביים ברעג פון ים, איר פאַלשע לייט, איר איינ־געוויקטע אין זינד ווי נאַסע שמאַטעס". עס הייסט, אַז נאָר ביים ים זאָל מען אים נישט משפּטן. ערגעץ אַנדערש מעג מען אים יאָ משפּטן. עס איז אויך שווער צו פועלן דאָס מ'קען דורכלאָזן אַזאַ זאַג, ווי: איר איינ־געוויקטע אין זינד ווי נאַסע שמאַטעס". עס הייסט, טרוקענע שמאַטעס זיינען ריין פון זינד, נאָר ווען זיי ווערן נאַס ווערן זיי זינדיק. בכלל,

דער פאַרגלייך זינדיק ווי אַ שמאַטע איז אומלאָגיש. אַ שמאַטע קען נישט זיין זינדיק און זיכער נישט אַזוי, אַז זי זאָל דינען ווי אַ פאַרגלייך־אַדיעק־טיוו מיט די זינד פון אַ מענטשן.

אַז איך האַלט שוין אין אַנווייזן, איז נויטיק צו ברענגען אַ מוסטער פון דעם אַ סך מאָל נישט געראָטענעם זאָץ־געבוי, די שפּע און איבעריקע רייד און ווערטער, אָן וועלכע דער זין און באַדייטונג פון דער שטימונג אָדער עסיי, וואָלט נישט געליטן, נאָר פאַרקערט, עס וואָלט געבראַכט אַ סך מערער קינסטלערישע שלימות.

טענענבוים הויבט אָן זיין שטימונג „דאָס קעצל — שפּעט ביינאַכט" פון בוך „אין גאָטס געשטאַלט" אויף דעם שטייגער: „שפּעט ביינאַכט — אַ מידער פון אַלע קאָמעדיעס און אַלע טראַגעדיעס — איינגעביסן פון די ציין פון לעבן און פון טויט — פון די פילע וועטערן דורכן טאָג, און דורכן גאַנצן ווינטער געשלאָגן — קום איך אַהיים, מיין קאָפּ — אַ טעלעסקאָפּ דורך וועלכן איך האָב געזען אַלע ערדישע קרעאַטורן און אַלע הימלישע גייסטער".

דער צווייטער פאַראַגראַף איז שוין דירעקטער און קאָנצענטרירטער און וואָלט מיטן צוגאָב פון איינעם אָדער צוויי ווערטער געקענט געניצט ווערן פאַרן אָנהויב פון דער שטימונג. דער צווייטער פערז זאָגט גלייך אָן פאַרדרייעניש: שפּעט ביינאַכט קום איך אַהיים און ווי נאָר איך עפן די אַלטע טיר פון אַלטן הויז (צו וואָס איז נויטיק ביידע אַדיעקטיוון — ווי אַלטע טיר און אַלטן הויז?) — זע איך ווי דאָס קעצל ליגט אויף די טרעפּ — דאָ האָט זיך געדאַרפט פאַרענדיקן דער פאַראַגראַף. אָבער די טבע פון מחבר איז צו זאָגן נישט נאָר, אַז עס איז געווען אַ קעצל — „נאָר אַ קליין בערגל פליוש".

טענענבוים, אָפּגעזען פון אַלע חסרונות, וואָס ער קען פאַרריכטן סיי דורך זעלבסט־קריטיק, און סיי דורך מיישב זיין זיך און געטרויען די אויסבעסערונג פון אַ גוטן קריטישן חבר, איז פון די גאָר ווינציקע ביי אונדז הן מיטן אייגנאַרט און הן מיט זיין שרייב־מאַניער. בנוגע זיין אויפפאַסונג פון וועלט און קינסטלער האָט ער צו אונדזער ליטעראַרישער בירגערלעכקייט צוגעטראָגן דעם ריח פון גרויס־שטאָט און גרויס־וועלט. ער האָט אונדז געבראַכט באַקאַנטשאַפטן מיטן וועלט־קינסטלער סיי פון בילד סיי פון קלאַנג און סיי פון וואָרט. ער האָט אונדז אינטים באַקאַנט מיט דער טראַגעדיע פון דעם קינסטלער־וואַגאַבונד. ער האָט אונדז דער־נעענטערט מיט די וואונדער־געשטאַלטן: רעמבאַ, ווערלען, באָדלער, און נאָך צענדליקע טראַגיש־קינסטלערישע מענטשן, זייער לעבנסוועג און אויך מהות. טענענבוים האָט די קינסטלער אַריינגעפירט אין אונדזער אידיש־

בירגערלעך, פיליסטעריש און קליין־שטעטלדיק ליימיק ביידל, און האָט זיי מיט ליבשאַפט און איינזעעניש פאַרחברט מיט אונדז.

טענענבוים איז אַ קינסטלער פון אַ וויכטיקן ווערט. און זיין אָרט אין דער ליטעראַטור איז דערווייל איינציק. ער איז אַן אינטערעסאַנטער און עקזאָטישער קינסטלער. זיין שרייבן איז נישט געצילט צו דערגרייכן בלויז די געדאַנקען, נאָר אויך די געפילן און האַרץ. ער איז ליריש, צאַרט, איז אָנגעפילט מיט בענקשאַפט און טרויער.

טענענבוים שרייבט נישט נאָר מיטן האַנט, ער שרייבט מיט האַרץ און דערהויבענעם געפיל און מיט אַ פייערדיקער פעדער, וואָס איז פול מיט ליבשאַפט און רחמים.

***

**טענענבוים אין אַ גליאיקן קוש מיט אַנאַ פראַנק**: מיט זיין טאָג־בוך וועגן אַנאַ פראַנק, האָט ש. טענענבוים צוגעבראַכט אַ וויכטיקע אַרבעט צו זיין ליטעראַרישן אוצר. דאָס אַליין, וואָס ער האָט זיך פאַר־נומען דערגרונטעווען די שטימונגען און געפילן פון אַ אידיש־קינד, וואָס איז אומגעקומען על קידוש השם צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן פון אונ־דזער פאָלק, איז אַ פאַרנעמלעכער אויפטו, וואָס האָט אַ וויכטיק ליטעראַ־טור־היסטאָרישן ווערט.

אַנאַ פראַנק איז באַרימט געוואָרן טאָקע דורך איר טאָגבוך. אָבער אויף די שטימונגען וואָס דאָס אידל־געפילפול קינד האָט פאַרצייכנט, האָבן זיך אָנגעיאָגט און זיינען באַפאַלן מחנות סוחרים: הענדלער, מעק־לער און ליווערטאַנטן.

אַנאַ פראַנק איז גאָר, רחמנא לצלן, געוואָרן אַן אַקטריסע. זי האָט זיך שוין באַוויזן אויף טעאַטער פלאַטפאָרמעס און אויף קינא עקראַנען. די ליווראַנטן האָבן זי ניט געמאַכט, ווי דעם סימבאָל פון געפּלאָגטן פאָלק ישראל, נאָר ווי עפּעס אַ מיידעלע, וואָס איז אומגעבראַכט גע־וואָרן פון שלעכטע מענטשן.

אַנאַ פראַנק איז גאָר, רחמנא לצלן, געוואָרן אַ גוט־געשעפט, אַ קוואַל פאַר פרנסה. דורך אַנאַ פראַנק, וואָס איז שוין געוואָרן ליטעראַטור, ווערן אַגיטירט די נידערטרעכטיקע שעקספירישע זאָגונגען פון שיילאָק, אַז מ'פּייניקט אידן, טוט זיי ווי. ס'הייסט, אידן זיינען אויך מענטשן.

ש. טענענבוים האָט זיך פאַרנומען אויסלייזן אַנאַ פראַנק פון די סוחרים און מעקלער און ברענגען זי צוריק צום שורש — צום טאָג־בוך. אָבער ס'איז טענענבוימס טאָג־בוך. דורך אים רעדט ער זיך צו־

נויף מיטן צאַרטן אידיש־קינד וועגן שוידערלעכן גורל, וואָס איז באַפאַלן אונדזער פאָלק, וועגן שרעקלעכן אידישן חורבן: וועגן די רציחות וואָס די דייטשע גזלנים און אויסוואורפן האָבן אָפּגעטאָן צו די הונדערטער טויזנטער, אַ מיליאָן גאָר, ווײ! אַנאַס און חנהס, שרהלעך, יאַנקעלעך און שלמהלעך.

אַנאַ פראַנק און ש. טענענבוים קלאָגן, וויינען און זיינען אויפגעשוידערט צוזאַמען מיט אונדזער געפּלאָגט, געשלאָגן און געפּייניקט פאָלק. זאָגט טענענבוים: „דאָס דאָזיקע טאָג־בוך אַנאַס איז דער איינציקער אויסדרוק פון אַ מיליאָן אידישע געשאָכטענע קינדער. אָט אין נאָמען פון דעם דאָזיקן מיליאָן קינדער רעדט אַרויס אַ קינד פון אַ באַהעלטעניש אין האָלאַנד". אַלע קלאָגן: דוד המלך האָט צו גאָט געיאָמערט. יונה הנביא און אַזוי אויך דער גרויסער מקונן ירמיה. אַנאַ פראַנק שרייט אויך אַרויס אַ גרויסן ווײ. זי שרייט נישט נאָר פאַרן מיליאָן אומגעבראַכטע אידישע קינדער, נאָר פאַר אַלע מיליאָנען אידן, וואָס די מערדערישע נאַציס האָבן אומגעבראַכט.

ש. טענענבוים איז אַריינגעטאָן אין צער פאַר דעם מיליאָן אידישע קינדער. אַנאַ איז נאָר ביי אים אַ מין סימבאָל, אָבער אַ סימבאָל פון אידישער צאַרטקייט, עטיק און דערהויבענער גייסטיקער גבורה. עס וואונדערט זיך און פרעגט ש. טענענבוים: „פון וואַנען האָט אַנאַ פראַנק אַרויסגעוויזן אַזוי פיל גייסטיקע שטאַנדהאַפטיקייט, אינטעלעקטועלן באַלאַנס און כאַראַקטער גבורה?" דער ענטפער איז קלאָר און ליגט אויבנאויף: „זי איז געווען אַ אידישע טאָכטער. זי האָט געשעפּט איר איבערמענטשלעכע גבורה פון די קוואַלן פון פאָלק. אַנאַ פראַנק איז אויסגעוואָקסן צו אַ פולקאָם־באַוואוסטזיניקע, גרויסע אידישע טאָכטער, וואָס האָט פון פאָלקס־מאַרטירער־געשיכטע געירשנט און דעראָבערט איר אומגעהויערן גייסטיקן כוח און מעכטיקן כאַראַקטער".

מחמת דער אויסשטראַלונג פון אידישער גייסטיקער דערהויבונג, וואָס אַנאַ פראַנק האָט אַזוי שטאָלץ דעמאָנסטרירט, איז זי געוואָרן דער סימבאָל פון אַלע, וואָס זיינען אַוועק אויף קידוש־השם. און דאָס אידיש פאָלק האָט איר געגעבן אַ תיקון צו קענען דער וועלט לאָזן וויסן, ווי אַ אידיש קינד שטאַרבט. עס שטאַרבט כדי צו הייליקן דאָס פאָלק וואָס הייליקט גאָטס נאָמען.

ווי דאָס אידישע פאָלק, האָט זיך אויך ש. טענענבוים פאַרבונדן מיט דעם ליכטיקן אָנדענק פון די אַנאַ פראַנקס. ער האָט זיך מיט זיי אַלע פאַרקנסט אויף אַלע אייביקייטן.

ש. טענענבוימס טאָג־בוך וועגן אַנאַ פראַנקס טאָג־בוך, איז אַ דער־

הויבן אידיש ווערק. אין היכל פון אונדזער אידישקייט ליטעראַטור וועט די דאָזיקע אַרבעט דאַרפן פאַרנעמען אַן אָנגעזעען אָרט. בכלל איז דאָס בוך עסייען, דערציילונגען און מיניאַטורן, וואָס האָט אויך אַריינגענומען די שטימונגען וועגן אַנאַ פראַנק, גאָר איינגעגעבן. ער גיט אָפּ אַ צאָל דיכטער זייער פאַרדינטע אָפּשאַצונג. באַזונדער קען מען מיט גרויס ליב אויסטיילן טענענבוימס אָפּשאַצונג פון מאָלער שאול ראַסקינס אַרבעט וועגן קבלה און עס ווערט פאַרצייכנט טאַקע ווי „קבלה אין וואָרט און בילד". און אויך זיין דערגיין צו דער נייקייט, טיפקייט און אָריגינעלקייט פון דיכטער ירמיה העשעלעס. אין תוך עס איז אַ וויכטיק און פאַרדינסטפול בוך און דאַרף אַרויסרופן אינטערעס מחמת זיין קאָלירפולקייט און אייגנאַרטיקייט.



# יצחק ליבמאַן — אין ליכט פון זיינע ווערק

אין צווייטן ליד פון בוך „געזאַנג צום פאָלק", איז יצחק ליבמאַן אין גרויס צאָרן אויף די אידן, וואָס זוכן כּלומרשט לשם „וועלט־אויסלייזונג" געפינען אַ זכות אויף די דייטשע רוצחים. ליבמאַן גייט אפילו אַרויס פון דער הנחה, אַז מען טאָר נישט ווייזן קיין שום פריינטלעכקייט צו „אַ גוטן דייטש".

ליבמאַן האַלט, אַז פאַר דייטשן איז נישטאָ פאַראַן קיין שום מחילה. אידן טאָרן גאָר נישט טראַכטן פון אויסלעשן דעם צאָרן קעגן דעם מער־דערישן און בייזן פאָלק. גויים ווילן זיך האַלטן מיט די דייטשן, איז דאָס זייער ענין; גויים לעבן און פירן זייער ווירטשאַפט און מלוכה מיטן כּוח פון שווערד. ביי זיי מאָרד איז גאָר העלדישקייט. אידן טאָרן בשום אופן נישט פאַרגעסן, ווי זיי האָבן נישט פאַרגעסן עמלקן, אַז דייטשן האָבן זיך פאַרלייגט אויפן עם קדוש און עס שיעור־שיעור אומגעבראַכט.

מיין אָפּשטעלן זיך גלייך אין אָנהויב אויף דעם ליד איז נישט נאָר צוליבן קינסטלערישן ווערט, נאָר דערפאַר וואָס עס גיט אונדז אַ געלעגנ־הייט צו דערקענען די געשטאַלט פון יצחק ליבמאַן און דורך אים — די שטימונג און באַציאונג, וואָס די אינטעליגענץ און אויך דאָס פאָלק אין דער ברייט און טיף, האָט צו דער גרופּע אידן, וואָס האָבן זיך פאַר־נומען „אויסלייזן די וועלט" מיטן כּוח פון דעם מאַן: „וואָס אַז זיין שטאַרקער אָרעם נאָר וויל, בלייבן אַלע רעדער שטיל".

אידער קאָמוניסטן האָבן זיך פאַרנומען ברענגען סאָציאַליזם אויפן שאַרף פון שווערד, אין יענע גאָלדענע פאַרגאַנגענע צייטן, ווען מען האָט נאָר גערעדט וועגן סאָציאַליזם און „אַלוועלטלעכער אויסלייזונג", וואָלטן אַזעלכע רייד, וואָס ליבמאַן האָט געבראַכט אין זיין ליד „העי, דערלייזער", דערקלערט און אָנגענומען געוואָרן ווי רעאַקציע. די גע־שיכטע האָט אָבער איבערגעקערט אָט־דעם באַגריף: רעאַקציע איז גאָר אין די רייד פון דעם דאָזיקן „אויסלייזער", וואָס האָט נישט אויסגעלייזט, נאָר אויפגעלייזט.

ליבמאַנען דינט דער פּאָעטישער מעטאָד צו גאָר גרעאָטן. ער האָט די געלעגנהייט דורך דעם מיטל איבערצוגעבן שטימונג און פּראָפּאַגאַנדע: לידער קען מען סיי זינגען און סיי דעקלאַמירן. און וואָס קען זיין צוגע־פּאַסטער, ווי אַ געזאַנג און דעקלאַמאַציע, אויף וועלכע געביטן יצחק ליב־מאַן איז אַ גרויסער מאַדים.

אין אינטימע לידער איז ליבמאַן עכט און רירנד. מען קען ניט בלייבן גלייכגילטיק און מען מוז טיילן זיך אין שותפות מיט זיינע שטי־מונגען און בענקשאַפטן. דאָס ליד — „צו מענטש אַזאַ אין פינטעלע ניו־יאָרק" באַקאַנט נישט נאָר מיט ליבמאַנס שטימונג, נאָר אויך מיט זיין שטייגער פון אויפנעמען דעם גאַנצן כישוף, וואָס הייסט ניו־יאָרק. וואָס איז מענטש אין ניו־יאָרק — „אַ פינטעלע", אָבער אין דעם ריזיקן קאַסטן צווישן די פינטעלעך „איז דאָכט יעדער איינער דיר אַ פריינט". דאָס פינטעלע קומט נישט אום דערפאַר, וואָס „עס שיילט פון דאָרט זיך אויס אַ מענטש געזיכט, און עס רוט דיין וואָרט שוין איצט אויף היי־מיש לאַנד".

ווען ליבמאַן קערט זיך אָפּ פון אַגיטירן און פּראָפּאַגאַנדירן, וואָס דאָס איז די אַרבעט פון פּאָליטיקער און זשורנאַליסטן, דערהייבט ער זיין ליד און דערבערענגט עס אין כישוף־שטיבל וואו עס וואוינט די בתולה־פּאָעזיע. און ווען ליבמאַן בלייבט נאָענט מיט זיך אַליין, אָפּגעשיידט פון פּאָליטישן און זשורנאַליסטישן גערודער, באַווייזט ער, אַז מען קען שרייבן שטימונגען מיט אַ סאָציאַלן מוסר־השכל און עס זאָל זיין אמת גוטע פּאָ־עזיע. פאַר אַ מוסטער קען און דאַרף גענומען ווערן די באַלאַדע „דער פאַרשטויסענער פויער".

***

כדי צו פאַרשטיין ליבמאַנס מאַניער אין דער פּאָעזיע, מוז מען זיך ווענדן צו די אַנדערע צוויי ביכער, וועלכע באַגלייטן דאָס בוך פּאָעזיע. די צוויי באַגלייטער גיבן אונדז אַ פּירוש אויף דער געשטאַלט: יצחק ליבמאַן.

לייענענדיק די דריי ביכער קען מען נישט באַשטימען, וועלכע אַר־בעטן האָט ליבמאַן אָנגעהויבן פריער.

מען מוז האַלטן אין זינען, אַז ליבמאַן איז נישט געקומען צו דער אידישער ליטעראַטור ווי אַ שמח־בחלקו. אים האָט נישט באַפרידיקט גלאַט אָפּדרוקן אַ ליד צי אַ לידל. ליבמאַן איז גלייך געקומען מיט אַ שליחות, אַן אידייע. פריער האָב איך שוין דערמאָנט, אַז ליבמאַן איז נישט געווען גלאַט אַזוי אַ פּאָעט אָדער שרייבער, נאָר ער האָט געהאַט אַ פילאָזאָפיע און ליטעראַרישע טעאָריע.

ליבמאַן איז געקומען ווערן אַ מדריך אין דער אידישער ליטעראַטור. ער האָט געזאַמלט אַרום זיך די אַלע, וואָס זיינען אים געווען נאָענט ליטעראַריש און עמאָציאָנעל. עס איז נישט קיין וואונדער דערפאַר, וואָס אים האָט געהאַלטן צוגעבונדן צו מיכל ליכט און הערמאַן גאָלד. אין זייער שרייב־מאַניער האָט ליבמאַן געזען אַ מרידה קעגן דער בירגערלעכ־

קייט, וואָס האָט זיך באַזעצט אין דער אידישער פּאָעזיע.

עס וועט נישט זיין איבערטריבן די פאַרצייכנונג, אַז ליבמאַן איז געווען דער לינקער פליגל פון די „אינזיכיסטן", „אולטראַ־מאָדערניסטן" און אַלע סאָרטן פאָרמאַליסטן. און מען קען דאָ אָנווייזן, אַז אַרום ליבמאַנען האָבן זיך אין די מיטן צוואַנציקער יאָרן געזאַמלט אַלע יונגע פּאָעטן, וועלכע זיינען געווען אונטער דער השפעה פון דעם נאָך־מלחמה־מאָדערניזם.

ליבמאַן, ווי געזאָגט, איז נישט געקומען אין דער ליטעראַטור אָפּ־צודרוקן אַ ליד, נאָר זאַמלען אַרום זיך אַ גרופּע, וואָס זאָלן געבן אויס־דרוק צו אַ ריכטונג און באַנעם אין דער ליטעראַטור.

אַחוץ דעם איז ליבמאַן נישט גלאַט אַ ליטעראַט, נאָר ער האָט עמאָ־ציאָנעלע און אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונגען מיט אַן אידייע און אָנגענו־מענער ריכטונג אין אידישן לעבן. אין תוך איז ליבמאַן נישט קיין קאַפּע־זיצער, נאָר אַן אָנטיילנעמער אין אַלע געשעענישן, וואָס טוען זיך אָפּ אין אידישן לעבן.

אָט־די אידיש־געזעלשאַפטלעכע באַנעמונג זיינע האָט ליבמאַן געגעבן אויסדרוק אין זיינע צייטשריפטן, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, און אַ סך מאָל איז שווער אָפּצוטיילן וואָסער טייל פון אידיש־געזעלשאַפטלעכע אויפ־טואונגען פאַרנעמען אַ גרעסערן אָרט אין ליבמאַנס לעבן, די קינסטלע־ריש־שעפערישע, צי די געזעלשאַפטלעך־אָרגאַניזאַציאָנעלע ?

די דריי ביכער ליבמאַנס גיבן גענוי איבער די גאַנצע און פול־שטענדיקע עמאָציאָנעל־קינסטלערישע און געזעלשאַפטלעך־אידייאישע גע־שטאַלט זיינע. קיינער קען נישט טועה זיין, ווער און וואָס איז יצחק ליב־מאַן און וועלכע אידייאישע אָנגעהעריקייטן ער האָט.

ליבמאַן אין זיינע אָנגעהעריקייטן איז נישט קיין זייטיקער און גלייכ־גילטיקער. ער איז אַ שטראָפער און מאָנער. פונקט ווי אין דער ליטע־ראַטור, אַזוי אויך אין אָרגאַניזאַציאָנעל־געזעלשאַפטלעכן לעבן, באַקעמפט ער טריפה כוונות. זיינע מאָנונגען, וואָס ער האָט באַטיטולט ווי „קאַפּיט־לען פון דער וואָך" האָבן דורך די שפּאַלטן פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" אַ סך מענטשן, וואָס טוען אָפּ מעשים רעים, נישט געלאָזן רוען.

זיינע געזעלשאַפטלעכע מאָנונגען זיינען שאַרפע און אַ סך מאָל אויפ־געברויזטע. ליבמאַן קען גלאַט און רואיק נישט דורכלאָזן אַן עוולה. ער ווייסט, אַז ער שלאָגט זיך אָן אין אַן אייזערנער וואַנט, אָבער ער איז זיכער, אַז אפילו דורך אַן אייזערנער וואַנט קען אויך זיך דורכרייסן אַ וואָרט, אַ זאָג און אַ געשריי.

ליבמאַנס באַקעמפן עוולות, ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע, האָט אים נישט פאַרזאָרגט מיט קיין וואַרעמער מערכה. די וואָס ער האָט

אַנגעגריפֿן און אָפּגעדעקט, האָבן קיין סך לויב צו זיין נאָמען נישט צו־געטראָגן.

ליבמאַנס פּאַרדינסטן, וואָס שייך אידיש לעבן און אידיש שעפֿע־רישקייט, האָט נאָך ביז איצט נישט געקראָגן די אָביעקטיווע אָפּשאַצונג. בלויז אַ מענטש מיט אַ טיפֿן גלויבן און גרויס בטחון קען מיט אַזאַ עקשנות מאַכן מעגלעך, אַז אַ אידישע ליטעראַריש־געזעלשאַפֿטלעכע שריפֿט זאָל כּסדר דערשיינען.

ליבמאַנס אָרט אין אידיש־געזעלשאַפֿטלעכן לעבן איז אַ באַשטימטער און פּאַרצייכנטער. די דריי ביכער וואָס ער האָט צוגעטראָגן צום אידישן בוך־וועזן איז נאָר אַן אָנדייטונג פֿון זיין פֿיל־פּאַרביקייט.

ליבמאַן האָט אויסגעלאָזן די געשיכטלעכע פּעריאָדן פֿון די אָנ־הויב ליטעראַרישע יאָרן זיינע און פֿון יענער וואונדערלעכער אויפֿבלי־עפּאָכע אין דער אידישער ליטעראַטור. עס פֿעלן אינגאַנצן אויס אין די „בויער און שאַפֿער פֿון מיין דור", די בויער און מיטשאַפֿער ליבמאַנס.

ליבמאַן איז פֿילפּאַרביק סיי מיט זיינע מעלות און סיי מיט זיינע חסרונות. אין אָט דעם ווירוואַר פֿון דער איצטיקער צייט איז פֿאַר־שטענדלעך, אַז אַ דערשיינונג אין דער אידישער ליטעראַטור און אידיש לעבן, ווי ליבמאַן, זאָל זיך אָנשלאָגן אין ביטול און בייזקייט. ס'וועט אָבער אַמאָל קומען אַ רואיקע און באַזאָכטע צייט, אַ צייט פֿון אָפּשאַצונג און באַנעמונג און אָביעקטיוון צוגאַנג, וועט אויך געגעבן ווערן מיט פֿאַר־שטענדיקונג אַן אַנאַליז איבער ליבמאַנען און זיינע צוטראָגן צו דער אידי־שער ליטעראַטור סיי דורך זיך, און סיי דורך דעם אויפֿטו, וואָס ער האָט געוואַרעמט און מדריך געווען שרייבער און קינסטלער, וואָס וואָלטן אָן אים נישט געהאַט די געלעגנהייט צו ברענגען זייערע צוטראָגן צום אידישן קולטור־אוצר.

ליבמאַן שאַצט גאָר געגוי אָפּ די גלייכגילט און ברוטאַלקייט פֿון אונ־דזער לעבן און סביבה. ער האָט רחמנות אויף זיינע לידער, וואָס ער שיקט זיי אַרויס צו דער וועלט און עס טענהט צו אים דאָס לידער־ביכל: „ווי האָסטו דאָס האַרץ איצט אַרויסשיקן מיך, אַ פֿאַריתומטן, אין אַ וועלט פֿון כולי־ברוט? וואו איז דאָס סענסיטיווע אויער, ביי וועלכן דו וועסט מיך קענען לאָנדן? וועד איז דיין פֿריינט, מיט מאַכט אין זיין האַנט און מיט גאָט אין זיין האַרצן, וואָס וועט מיך, אין רגע פֿון סכנה, אונטער זיין שוץ וועלן נעמען?"

ליבמאַן ענטפֿערט די טענות פֿון ביכל וואָס ער באַטיטולט: „ערב־ביכל". ערב־ביכל, ווייל ער איז אין ספֿק צי דאָס ביכל וועט קאָנען איבער־גיין פֿון „ערב" צו „כולו".

ליבמאַן האָט גרויס בטחון. ער ווייסט, ערגעץ־וואו װעט זיך געפי־נען אַן אויער, וואו זיין וואָרט וועט קענען לאַנדן, און טאַקע נאָר צוליב די עטלעכע צדיקים האָט ליבמאַן געשיקט זיין וואָרט אין דער וועלט אַריין. ווייל: „אין ליכט פון כולו ברוטס שאָטענען די שטיל־טרעטלענ־דיקע אַדעליגע. אין די צעפינטלטע הימען זייערע וואַכן די אָנגעשפּיזטע אויערן פון די תמימים אויפן צאַרטן קול פון דעם נע־ונדניק. מיט בטחון אין דיין טראָט, מיט אמונה אין דיין קאָפּ װעסטו געניג דעם מין מענטש, וואָס איז נאָך מענטש, אָנגעגענען און וועסט זיכערן שוץ ביי זייגע שוועלן, די איינלאַדנדיקע, געפינען".

מיט אמונה נישט נאָר אין קאָפּ, נאָר אויך אין האַרץ מוזטו זיך אָנ־געגענען מיט אַ עמיצן, וואָס וועט פאַר דיר זיין טיר עפענען, אַן אָרט ביי זיין טיש פאַר דיר מאַכן און אַ זויבער גלעזער צוגרייטן. די לאָמ־טערן איז נאָך ניט אויסגעלאָשן!

# זעליק דאָרפמאַן רעדט מיט געזאַנג

זעליק דאָרפמאַן רעדט אין קורצע שורות. זיינע לידער קען מען זאָגן — און די מעלה — נאָכזאָגן. ער לעבט ניט אין דער פּאָעזיע אויף ברייטן פאַרנעם, נאָר איינגעצוימען און אריינגענומען אויף אַ פּיטשינק שטיקל ערד אין אַ ליימיק שטיבל. זיינע השגות זיינען אויך קליינע.

זעליק דאָרפמאַן דערלאָזט זיך ניט אַריינפלאַנטערן אין עקסטאַזן און אויפשוימונגען פון שטימונגען. ער שמועסט געלאַסן, פאַמעלעכדיק, אָן גע־איילע. ער ווייסט, זיין וואָרט איז אפשר ניט באַפּוצט, דערפאַר אַז מען טראַכט זיך אַריין, באַנעמט מען, אַז ס'איז ניט גלאַט אַ וואָרט, נאָר דער תוך, וואָס ליגט אין זאָגן.

זעליק דאָרפמאַן דערציילט אין שורות, ערשט שפּעטער כאַפּט מען זיך, אַז דאָס זיינען גאָר לידער; דער טעם בלייבט און געדויערט לאַנג.

זעליק דאָרפמאַן רעדט זיך אַ סך מאָל אויס אויסטערלישע טשיקאַ־וואַסטן, וואָס רופן אַרויס גאַפונג. אין ליד „אַ תפילה", פון בוך „אַמאָל איז געווען אַ מלך", בעט ער, הער רבונו של עולם זאָל אים שענקען „די אַלטע גראַקייט פון זיין זיידן". אָבער וואָס עס מיינט „אַלטע גראַקייט" קען מען גאָרניט מסביר זיין. גראַקייט ביים גראָען זיידן, איז דאָך אַלט־קייט. אָבער מען שטויסט זיך אָן, אַז זעליק האָט געמיינט דעם זיידנס טיפע עלטער.

נאָך אַ טשיקאַווער זאַג פאַרוואונדערט און רופט אויך אַרויס אַ שמייכל:
„איבערהויפּט בעט איך דיר, גאָט, נישט צו פאַרגעסן, ווען איך וועל שטאַרבן, זאָלן מענטשן מיך נישט פרעסן". נישט ביים לעבן זאָל מען אים ניט „פרעסן", וואָס איז אַן אדיעקטיוו בדרך משל, נאָר גאָר נאָכן לעבן, שוין זייענדיק טויט? דאָס איז זיכער עפּעס אויסטערליש. אַז מען וויל זיך לאָזן פאַרטשעפּען פון אַזאַ זאַג, דאַרף מען זיך פאַרנעמען מיט אַ גרינטלעכן זיך אַריינטראַכטן כדי צו קענען דערגרייכן אַ פּסיכאָ־אַנאַליטישן פּאַרטייטש.

אָבער זעליק דאָרפמאַן האָט אויך ליטעראַטור און גאָר דערהויבענע לי־דער. דאָס ציקל לידער „דער פעטער משה", פון בוך „אַמאָל איז געווען אַ מלך", איז אין גאַנצן תוך אַ מוסטער פון פאָלקס־מעשה. אונדזער לי־טעראַטור איז דאָך אין מהות אַ פאָלקישע. זעליק דאָרפמאַנס לידער־ציקל „דער פעטער משה", האָט דאָרטן אַ גאָר חשובן און פאַרנעמלעכן

אָרט. די לידער וואָס הויבן זיך אָן, ווי דער פעטער משה האָט פיינט דאָס ווייב, „נאָר די קינדער בינדן אים צו, פאַר ליבע קינדער איז ליב די מי...״. זעליק און דער פעטער משה שיידן זיך ניט דורך דער גאַנצער צייט פון רוסיש־פּוילישן קריג, און ער פאַרענדיקט מיטן קלימאַקס — די הינריכטונג פון פעטער משה.

ווער גייט עס דאָרט ? ווער קומט עס אַנטקעגן ? פון יענער זייט, פון יענע וועגן . דער מאַן וואָס גייט, גייט און דערגייט צו די וואָס שטייען ווי יענער גרייט. זיי פרעגן איט אויס און האַלטן זיין באָרד... ער ענטפערט נישט קיין וואָרט און רירט זיך ניט פון אָרט. ער פאַרמאַכט די אויגן, די ליפן בלויז צוקן. ס׳איז דער פעטער, אַ צעבלויטיקטער זקן. זיי טוען אים אויס אינגאַנצן נאַקעט, זיין הוילער גוף מיט וואונדן צע־פלאַקערט. זיי טראָגן אים צו — ער איז נישט שווער — צו אַ בוים, וואָס איז נאַקעט ווי ער. און בינדן זיין גוף מיט שטריק. ער עפנט די אויגן — זיין לעצטער בליק. זאָל לעבן דער אָדלער ! זאָל לעבן פוילן ! און מען שיסט אין אים אַריין זעכצן קוילן״.

זעליק דאָרפמאַן, איז בעצם אַן איגנאַרטיקער פּאָעט מיט אַן אָנגעזעג־ענעם פאָלקישן טאָן. אַמאָל דערזעט מען ביי אים אַ ניצוץ פון אַן אַנדער פּאָעט, באַזונדער משה לייב האַלפּערנס ריטעם. אָבער דאָס איז ניט מחמת נאָכמאַכונג, נאָר אַ מין עמאָציאָנעלע קרובהשאַפט מיט אַ דיכטער וועמענס ריטעם, פאַרנעם און וואָרט האָט זיך איבערגעלאָזן אין געמיט.

זעליק דאָרפמאַנס אויטאָביאָגראַפישע אויפצייכענונגען ברענגען צו אַ נעענטערער באַקאַנטשאַפט הן מיטן מענטשן און הן מיטן דיכטער. עס ווערן אויך קלאָר אַ סך פון דאָרפמאַנס פּאָעטישע מאַניערן: „מיין יחוס״: — — — „דער זיידע נחום בער האָט געהאַקט טאָרף. די באָבע מלכה איז געגאַן מיט אַ קוישל אויפן דאָרף. דער טאַטע איז געווען בלינד אויף אַן אויג — אין בעקעריש! קעלער פאַרברענט זיינע טעג. די מאַמע האָט געזאָגט ווידוי מיט זיך אַליין, ווייל אין אונדזער שטוב איז קיינער ייִדיש געווען. און איך — אין ווער נאָך אַליין באַגלייט פון דער טאָובע, וואָס כ׳האָב אָנגעטאָן יונגערהייט״. אַחוץ עטלעכע באַשיימפּערלעכע פאַרגריי־זונגען, ווי למשל, „האַקן טאָרף״, מחמת טאָרף שניידט מען אויס, איז דאָס ליד אַ גאָר שטאַרקער אויפטו.

זעליק דאָרפמאַן איז אַ דיכטער מיט טיפע געפילן, ער דעמאָנסטרירט זיך ניט מיט איבערגעטריבענער, אויסטערלישער עמאָציע, ער האָט אָבער ליבשאַפט און דערהויבענע פריינטשאַפט. ער איז אַ סך מאָל אָפּגעזונדערט. איבערגעשראָקן, אָבער דאָס איז נאָר מחמת די „טאָרבע״, וואָס ער האָט אָנגעטאָן אויף זיך יונגערהייט, ציט אַרונטער אַן אַקסל.

**זעליק דאָרפֿמאַן מאַכט ניט קיין מאָדערניסטישע קונצן אין זיינע לידער. ער איז געבענטשט מיט פֿאָלקס־מענטשלעכקייט און די ברכה פֿון פשוטקייט טראָגט ער אַריין אין זיין וואָרט.**

„פשוטע ווערטער זיינען אַזוי שיין,
ווי קינדערשע בעקעלעך מיט גריבעלעך חן.

זיי טוליען זיך ווי אָרעמע ברידער,
דערקענסט זיי אין סידור, אין הערלעכע לידער.
אַז זיי רעדן, רעדן זיי אמתע רייד.
אַז זיי לאַכן, לאַכן זיי אמתע פֿרייד.

די וואָס ווערן אין לעבן באַטריגט,
און די וואָס ווערן פֿון לעבן באַזיגט,
זיצן אין אָוונט, ביי אַ לעמפּעלע שיין,
און טרינקען די ווערטער ווי טרערן מיט וויין.

זיי טרינקען, און טרינקען און חלומען איין,
דאַן קומט די מעשה אין זייער חלום אַריין
און טראָגט זיי אַוועק אין וואונדערלעכע ערטער,
אַ, פּראָסטע, וואונדערלעכע ווערטער!“



# גלאַנץ־לעיעלעס און זיינע פּאָעטישע קרעדאָס

דעם דיכטער גלאַנץ־לעיעלעס האָב איך תמיד געשאַצט. טאַקע דער־פאַר, וואָס אונדז האָבן צעטיילט אַ סך חילוקי־דעות וועגן פּאָעזיע, בין איך געווען אַנגערעגט פון גלאַנץ־לעיעלעס קאַמף און דעם באַשטיין, אַז זיין קרעדאָ איז גוט פאַרן געזונט פון פּאָעזיע. אין גערויש פון קאַמף האָט גלאַנץ־לעיעלעס, ווי דער כּלל איז מיר ווידערשטעדלער, מבטל געמאַכט די גאַנצע אידישע פּאָעזיע ביז אים, און ער איז באַשטאַנען, אַז נאָר די קרעדאָ פון מאָדערניזם וועט אויסמעקטשלען די אידישע פּאָעזיע און איר באַפרייען פון: „ישיבה־בחורישער ראָמאַנטיק, רוח־הקודשדיקער בטלנות און מיסטיפיקאַציע לשם נאַציאָנאַלן מהות".

עס זיינען געווען און עס זיינען פאַראַן נאָך איצט פּאָעטן, וועמען עס אַרט ניט דער ענין פּאָעזיע. זיי זוכן נישט דעם פּאָעט און נישט די פּאָ־עזיע. נייערט בלויז אָנשרייבן אַ ליד. מיטן אויפקומען פון די „אינזי־כיסטן" איז אַרויס אין דער פּאָעטישער וועלט אַ גרופּע, וואָס האָט אויפ־געוועדערט די גלייכגילטיקייט סיי פון פּאָעט און סיי פון פּאָעזיע לייענער. די „אינזיכיסטן" האָבן אַרויסגעשטעלט אַ פּראָגראַם, נישט נאָר ווי אַזוי צו שרייבן פּאָעזיע, נאָר וואָס צוגעבן צום ליד, און מיט דעם באַפרייען דער לידס אויסזען פון צוריקגעשטאַנענקייט און פּאַרציטיקייט.

די „אינזיכיסטן" זיינען כמעט אַלע געווען נישט נאָר פּאָעטן, נאָר אויך באַגרינדער און פּאַרטייטשער פון פּאָעטישן מהות. אַחוץ גלאַנץ־לעיעלעס האָבן געשריבן וועגן פּאָעזיע: יעקב גלאַטשטיין, ברוך מינקאָוו ע"ה, און אָפּגערעדט שוין פון די, וואָס האָבן זיך מקרב געווען מיט די „אינזיכיסטן". ווי מיכל ליכט, ע"ה, יעקב סטאָדאָלסקי, ב. אלקוויט, בערנ־אַרד לואיס, ע"ה, און ראובן לודוויג, ע"ה.

דער קאַמף פון די „אינזיכיסטן" איז געווען נישט בלויז לשם פּאָעזיע, נאָר פאַר אַן אָרט אין דער פּאָעזיע, אויף אָנגענומען ווערן. אין תוך איז דער קאַמף געווען פון די „שויבן־קוקער" קעגן די „שטוב־זיצער". ווי די טבע פון איינגעזעסענע, וואָס האָבן מורא אויפרודערן דעם „סטאַטוס־קוואָ", איז דער קבלת־פּנים פאַר די „אינזיכיסטן" נישט געווען קיין פריינדלעכער און וואַרעמער.

גלאַנץ־לעיעלעס אַן עסיי אָפּצושלאָגן די נעגאַטיווע מיינונגען אויף זיין ערשטער לידער־זאַמלונג „לאַבירינט" איז געווען אָנגעלאָדן מיט ביי־טערניש. די עסיי איז געווען באַאיוו, אָבער פאַר יענער צייט האָט מען

געקענט אָפּקומען מיט ווינציק זאָגן און נאָך ווינציקער וואָס צו זאָגן. גלאַנץ־לעיעלעסן האָט געאַרט, וואָס מ׳האָט נישט אָנערקענט זיינע „לאַבי־רינט״־לידער. פאַרזען האָט ער אָבער, אַז דאָס וואָס איבער צוואַנציק רעצענזענטן האָבן אים „אָרומגעצופּט, ווי אַ הון ערב יום־כּיפּור״ (נאַאיזו, אַ הון צופּט מען נאָר ערב יום־כּיפּור ? נאָר אַזוי האָט זיך אַ זאָג געטאָן אין יענע פאַרצייטיקע צייטן) איז גאָר געווען דער אָנזאָג, אַז ס׳קומט אַ נייע פּאָעטישע פּערזענלעכקייט צוזאַמען מיט אַ נייע פּאָעטישע באַגריי־דונג אין און פאַר דער אידישער ליטעראַטור. דאָס וואָס מ׳האָט גלאַנץ־לעיעלעס לידער אויפגענומען מיט רוגזה איז גאָר געווען דער אָנרעג, וואָס די לידער האָבן גורם געווען.

פון יענעם ענטפער אין סיכסוך וועגן די „לאַבירינט״ לידער ביז גלאַנץ־לעיעלעס עסיי וועגן מאָדערניזם, איז אַוועק אַ משך פון כמעט ניינצן יאָר. אין זשורנאַל „אינזיך״, נומער 31, יאַנואַר 1937, פאָרמולירט גלאַנץ־לעיעלעס די קרעדאָ פון מאָדערניזם, וואָס איז, לויט אים, אַ קאַמף פון אינטעלעקטואַליזם קעגן עמאָציאָנאַליזם און ראַציאָנאַליזם. דער מאָ־דערניזם־אינטעלעקטואַליזם שטעלט אויף דעם „מוז״: „נישט קיין אויס־געדראָשענע, זינגעוודיקע גראַמאַטיק׳, נאָר לעבעדיקע אינדיווידועלע ריטמען סיי אין געבונדענעם גראַם־און מעטער־קאָמבינאַציעס סיי אין פרייען פערז״. לעיעלעס שטילט איין, ער בעט מ׳זאָל זיך נישט שרעקן פאַר „ניי־פאָרמירונגען״. צום סוף פירט גלאַנץ־לעיעלעס אויס מיט זי־כערקייט, אַז אַנדערש זיין אין דער פּאָעזיע, אַנדערש גיין ווי אין אָנהייב פון „לאַבירינט״ וואָלט ער נישט געוואָלט.

פון יענער צייט איז אַוועק אַ גוואַלדיקער אָפּגאַנג. גלאַנץ־לעיעלעס איז נישט בלויז אָנערקענט, נאָר אויך פרעמירט געוואָרן. און נישט ער, נאָר די גרופּע דיכטער, וועלכע האָבן אָנגענומען גלאַנץ־לעיעלעס דרך אין דער פּאָעזיע און זיינען אין בראשית פון זייער אויפקומען אין דער ליטעראַ־טור באַהאַנדלט געוואָרן מיט גרינגשעצונג, זיינען איצט אָנגעזעענע און חשובע בירגער אין ליטעראַרישן לאַנד. זיי זיינען גאָר געוואָרן די „שטוב־זיצער״, וועלכע טיילן אויס די „שטעט״, ווער פאַר וועמען. אָבער דער ענין פּאָעזיע און וועלכער דרך דאַרף גענומען ווערן — דער אינטעלעק־טואַלער אָדער דער עמאָציאָנעלער, איז נאָך אַלץ נישט קלאָר.

די שאלה איז נאָך אַקטועל: קאָן עס געמאָלט זיין, אַז מיר זיינען אָפּגעגאַנגען אַזאַ מהלך, אַז אַלע, וואָס האָבן צונישט געמאַכט דעם מאָ־דערניזם־אינטעלעקטואַליזם פון גלאַנץ־לעיעלעס קרעדאָ האָבן עס איצט אָנגענומען ווי אַ פּאָעטישן סדר ? אָדער גלאַנץ־לעיעלעס און די „אינ־זיכיסטן״ האָבן זיך רעפאָרמירט, מאָדיפיצירט, געמאַכט הנחות ?

אין דער אמתן האָבן ביידע צדדים אָפּגעוואָרפן עקסטרעמען און די דערנענטערונג איז צושטאַנד געקומען ווען די „אינזיכיסטן“ האָבן זיך אָפּגעזונדערט פון דער פאַלשער פאָרמולע — אינטעלעקטואַליזם ווערסוס עמאָציאָנאַליזם. ס׳איז צוגלייכלעך, אַז מ׳קען ניט קיין פּאָליטישע פּראָגראַם צו־פּאַסן צו פּאָעזיע, און דאָס איז חל אויף אַלע סאָרטן פּראָגראַמען.

די טעאָריע פון אינטעלעקטואַליזם־מאָדערניזם, וואָס מיינט נישט אָפּצו־שטיין פון דער מאָדערנער צייט און מחמת דעם די נויטיקייט אַריינברענ־גען אַ וויסנשאַפטלעכע טערמינאָלאָגיע אין ליד, האָט פּאָעזיע פּאַרוואָכע־דיקט און האָט גורם געווען, אַז מ׳זאָל זיך אָפּקערן פון פּאָעזיע מחמת די קאָמפּליקאַציע, וואָס די פרעמדע ווערטער און טערמינען האָבן צוגעטשע־פּעט צו פּאָעזיע.

דער קאַמף פאַר און קעגן נישט ווי מ׳דאַרף דערקענען פּאָעזיע, נאָר קעגן און פאַר פּאָעזיע, איז אין תוך דער ווידערווילן פון אינטעלעקטואַל קעגן דעם עמאָציאָנעלן. פּלאַטאָ האָט פון זיין רעפּובליק אויסגעשלאָסן פּאָעטן. פאַרקערט, פּוירסי שעלי האָט פאָרגעלייגט, אַז פּאָעטן זאָלן ווערן די געזעצגעבער.

* * *

מ׳דאַרף זיך משער זיין, אַז גלאַנץ־לעיעלעס האָט רעוויזירט אַ סך פון זיין דעקלאַריטיווער קרעדאָ. ער וואָלט טאַקע געוואָלט אָנהייבן ביים אָנהויב פון „לאַבירינט“, אָבער זיין דרך וואָלט געוויס געוואָרן אַן אַנ־דערער. ער וואָלט אַזוי נישט באַשטאַנען אויף ריינעם אינטעלעקטואַליזם און במילא וואָלט זיין טעאָריע פאַר „פאַרשטענדיקער און אומפאַרשטענ־דיקער פּאָעזיע“ געפאַלן געוואָרן אַנדערש.

מ׳דאַרף זיך משער זיין, אַז גלאַנץ־לעיעלעס און זיינע שטיצער האָבן פאַרביטן דעם טערמין עמאָציאָנאַליזם. געמיינט האָבן זיי סענטימענטאַ־ליזם. דער פּרימיטיוו האָט נישט געקענט באַנעמען די אימאַזשן, דעם נייעם מעטאַפאָר און כדי אים פאַרשעמען האָט מען אים דערקלערט פאַר אַ נישט אינטעלעקטואַל.

צוליב דעם טעם איז אויך אין טראָץ געבוירן געוואָרן די השערה פון פאַרשטייך און נישט פאַרשטיין פּאָעזיע. גלאַנץ־לעיעלעס האָט גע־שריבן קלאָרע, פאַרשטענדיקע און טיף עמאָציאָנעלע לידער. מ׳קען אָנ־טרעפן פון זיי אַ גאַנצן שלל אפילו אין „פאַביוס לינד“, וואָס איז אַלט שוין באַלד אַ פערטל יאָרהונדערט. גלאַנץ־לעיעלעס שפּעטערדיקע און איצטיקע לידער זיינען זיכער פאַרנעמלעכער און אָנגעזעענער. פאַר אַ באַווייז זיין ליד „ביימער“ אין „פאַביוס לינד“: „דער פּאַרק שטאַרבט אָפּ. איבער יעדן גרינעם קאָפּ בלאָנדזשעט פרעגנדיק מיין אויג. איך האָב

נישט מורא פאַר טויט. נאָר פול באַלאָדן מיט שרעק איז מיין יעדער טאָג פאַר דער פילפאַך־געקאָוועטער וואָג אין לעבן. יעדע נאַכט ווייס איך ניט, וואָס איך וועל טאָן מיטן מאָרגן, יעדע נאַכט ווערט מיין מוח געוואָרגן פון דער קלאָג: דיין הײַנט איז געוועזן אַ שילטעניש אין מויל, און אַ צעקרימעניש, און פאַרלוירעניש. דער פּאַרק שטאַרבט אָפּ. גיט מיר פון אייער רו, אָ, צווייגנדיקע ברידער! גיט מיר אייער חכמה, איר שטייגנדיקע געדולדיקע שוויגער".

פאַר וואָס דאָס ליד דאַרף טראָגן אויף זיך דעם עול „אינטעלעקטואַליסטיש" איז שווער מסביר זיין. ס'איז אַ ליד מיט טעם, סובטילקייט, שטימונג און טרויער מיט אַ פריש־יונגן מעטאַפאָר.

טאַקע צוליב דער סיבה איז כדאי צו שמועסן מיט גלאַנץ־לעיעלעסן וועגן דער קרעדאָ זיינער, וואָס איז אין סתירה מיט זיין טאַלאַנט.

לאָמיר זיך דערקוטדיקן: גלאַנץ־לעיעלעס שטעלט דעם אינטעלעקטואַלן מאַניער אין דער פּאָעזיע אין אויבנאָן. לשם דעם טעם גיט ער אָן הכשר אַלע פאַרפּלאָנטערטע רייד און אומקלאָרע געדאַנקען, וואָס ווערן אויפן סמך פון אינטעלעקטואַליזם אַריינגעבראַכט אין פּאָעזיע. גלאַנץ־לעיעלעס האָט געשאַפן אַ פאָרמאַליזם, וואָס, אין תוך, איז עס קעגן דעם באַדייט פון פּאָעזיע.

טעכנישע עלעמענטן, האַלט גלאַנץ־לעיעלעס, האָבן אַן אָרט אין דער פּאָעזיע מחמת מיר לעבן אין אַ מאָדערנער־טעכנישער צייט. פּאָעזיע אָבער קען נישט באַדינען און געבן אויסדרוק צו אַלע מענטשלעכע איינפירונגען. דאָרטן וואו דער פּאָעט האָט עס געפּרובירט טאָן איז דאָס ליד געוואָרן מעכאַניש.

מאָדערניזם־אינטעלעקטואַליזם איז נישט אינדיווידואַליזם, ווי גלאַנץ־לעיעלעס וויל האָבן. דערפאַר וואָס עס וויל אָפּווענדן פון הויפּט־אָנרעג פון פּאָעזיע — עמאָציע. דער אינטעלעקטואַליזם האָט אַן אָרט אין דער שרייבערשער פונקציע — פּובליציסטיק. אַריינברענגען פּובליציסטיק, ווי אַן אָנגעזעענעם שותּף צו פּאָעזיע איז פונקט ווי מישן וואַסער מיט אויל.

די מחיצה צווישן פּאָעט און פּראָזאַאיקער באַשטייט אין דעם, וואָס דער פּראָזאַאיקער האַלט זיך אָן אין פּראָגראַם פון רעאַליזם, געשטיצט אויף פאַקטן. פּאָעזיע אָבער האָט נישט און קאָן נישט טראָגן אַן אחריות פאַר דער לאָגיק פון טעאָריעס. פּאָעזיע איז נאָר פאַראַנטוואָרטלעך צו איינענער לאָגיק — און דאָס איז: די קראַפט פון פאָרשטעלונג — פאַנטאַזיע און אימאָזשן. אין צוגאָב נוצן אַ ריכטיקן מעטאַפאָר און אַ סך מאָל אָפּהיטן די טעכנישע כללים.

פּאָעזיע קערט זיך אָפּ פון פאַקט. פּאָעטן האָבן אַן אחריות נאָר צו

זייער קונסט. רעליגיע, טראַדיציע, מאָראַל, פּאַטריאָטיזם און סאָציאַליזם קענען אָנווייזן, אַז אין אַ סך פון זייערע טעזיסן איז פאַרוועבט פּאָעזיע. דער עיקר אָבער פון פּאָעזיע איז נישט דער פאַקט, נאָר די וויזיע.

פּאָעטן קענען געוויס באַגייסטערן פּאָליטישע פּאַרטייען. אָבער פּאָעטן אַליין זיינען גאָר נישט קיין אויסגעהאַלטענע פּאַרטיי־מענטשן. ס'איז שוין באַוויזן געוואָרן, אַז פּאָעטן און אַלע סאָרטן קינסטלער, זיינען די שווערסטע געטראָפּענע, ווען אַ רעליגיע אָדער אַ געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, פאַר וועלכע זיי האָבן געקעמפט קריגט מאַכט. די אָרדענונגען ברענגען מיט זיך תמיד אַ פאַרמינערונג פון קינסטלערישע ווערטן.

גלאַנץ־לעיעלעס איז באַשטאַנען, אַז אינטעלעקטואַליזם איז דער היפוך פון עמאָציאָנאַליזם, נאָר דערפאַר, וואָס עמאָציאָנאַליזם איז פּרימיטיוו און אינטעלעקטואַליזם מיינט, טראַכטן, דענקען. טראַכטן אָבער מיינט נאָך נישט אינטעלעקטואַליזם. דער עדשטער אַרויסרוף פון דאָס פאַרבאָרגענע, רעגט אָן דעם פּאָעט נישט נאָר צום וואָרט, נאָר אויך צו וויזיע און סוגעסטיע. נייקייט פון אַ וואָרט איז נישט קיין פּועל יוצא בלויז פון טראַכטן, נאָר אויך פון דער וויזיע — די וויזיע ברענגט אַרויס סוגעסטיע און די סוגעסטיע באַנייט דעם געדאַנק און מיט דער נייקייט ווערט געבוירן דאָס פרישע סוגעסטיווע וואָרט. דער דיכטער דאַרף קענען דורך געפיל און וויזיע געבן דעם רעש פון אַנטפּלעקונג.

צו טראַכטן, פאַרטראַכטן, נישט צוטראַכטן, איז אַ שותּף צום שעפערישן פּראָצעס. אינטעלעקטואַליזם אין שטייגער, ווי גלאַנץ־לעיעלעס האָט געזאָגט און איז באַשטאַנען אין דער עסיי אין „אינזיך", איז פרעמד פּאָעטישע שעפערישקייט.

מחמת דעם אַנטקעגנשטעלן אינטעלעקטואַליזם קעגן עמאָציאָנאַליזם, פאַרנעמט זיך גלאַנץ־לעיעלעס אויפשטעלן אַ טעזיס פון „פאַרשטיין" און „נישט פאַרשטיין". אַזוי ווי אינטעלעקטואַליזם פאַרנעמט זיך מיט פרעמדע ווערטער און טערמינען, מאַכט עס דעם לייענער מבולבל און ער קען עס נישט מסביר זיין. גלאַנץ־לעיעלעס וויל דערפאַר דעם „פאַרשטיין" און „נישט פאַרשטיין" דערקלערן דורך לאָגישע פאַרטיישונגען. אַ מענטש אָבער, וואָס לייענט פּאָעזיע וויל נישט קיין פאַרטייטש פאַר אַ ליד, ער וויל אינספּירירט און באַווירקט ווערן פון פּאָעזיע, נישט דערקלערט ווערן.

די אויספירן דאַרפן, גלויב איך, באַווייזן דעם היפוך פון אינטעלעקטואַליסטישן טעזיס, וואָס גלאַנץ־לעיעלעס אין בונד מיט די אָנגעזעענע פּאָעטן פון זיין גרופּע, האָבן געפּריידיקט און פאַרטיידיקט.

כדי צו פאַרשטאַרקערן זייער טעזיס האָבן זיי גענוצט די זעלבע

וואָפן, וואָס מען האָט געניצט קעגן זיי — מבטל מאַכן. זיי האָבן דער־פירט צום אַבסורד פון פשוט אָפּחזקן פון עמאָציאָנאַליזם און שטעמפּ־לען „געפיל־פּאָעזיע״ ווי אַ פּראָדוקט פון „פּרימיטיוו״. אגב אורחא, א. לוצקי, דער פּרימיטיוו שבפּרימיטיוו, איז בשום אופן נישט געווען קיין עמאָציאָנעלער דיכטער.

צו געבן פאַרצוג איין עלעמענט אין אַרסענאַל פון פּאָעטישער שע־פערישקייט, איז פאַלש. אין אמתן איז סיי גלאַנץ־לעיעלעס און סיי יעקב גלאַטשטיין ערשט אָנגענומען געוואָרן, ווען זיי האָבן דורך עמאָציאָ־נעלע לידער גערירט עמאָציאָנעל זייערע לייענער. מיר זיינען אַן עמאָ־ציאָנעל פאָלק און מיר קענען נישט סובל זיין טעכנישע רייד אויסגע־שטעלט אין שורות, וואָס טוען זיך אָנגעבן — פּאָעזיע.

גלאַנץ־לעיעלעס איז נישט קיין רעאַקציאָנער און מחמת דעם האָט ער שוין זיכער רעווידירט זיין אַמאָליקן טעזיס. גלאַנץ־לעיעלעס איז אַ טיפער און עכטער מענטש, אַ פּאָעט, וואָס אַ ווערט ביי אים איז נישט אַ ליד, נאָר די אויפדעקונג און אַנטפּלעקונג פון ליד, און דעם גרויסן וואונדער פון קרעאַטיוויקייט.

גלאַנץ־לעיעלעס איז אַ דענקענדער מענטש. אין דער יוגנט האָט ער דענקען פאַרביטן אויפן אדיעקטיוו־אינטעלעקטואַליזם. פאַר יענער פּרימיטיווער צייט האָט געפּאַסט אַזאַ מין באַגרינדונג פאַר דער אַנדערש־קייט פון פּאָעטישן מאַניער.

גלאַנץ־לעיעלעס באַנעמט טיף און גרינגטלעך, אַז מיר זיינען פול מיט סתירות. אין די סתירות איז איינגעוועבט דער אמת וועגן לעבן. לעבן, ווייסן מיר, איז גורם שעפערישקייט, די סתירה אָבער איז, אַז דער שעפער פון אומשטערבלעכע ווערטן ווייסט, אַז ער אַליין איז פאַרמשפּט צו פאַר־ניכטונג.

**
*

מיר לעבן איצט אין אַ וועלט, וואָס ווערט רעגירט פון די „איך ווייס בע־סער״. אין אַלע לענדער פאַרטראַכטן רעגירונגען יעדן טאָג (די פאַרלאַ־מענטן זיינען אין פולן שוואונג), ווי אַזוי די בירגער זאָלן זיך אויפפירן און וואָס זיי זאָלן טאָן. רעגירונגען זאָגן אַ דעה, וואָס מ׳זאָל טאָן מיטן געלט, מיט דער צייט און אפילו מיט די לעבנס. מחמת דער צערודערונג אין וועלכער מיר לעבן, גיבן זיך מענטשן אונטער: „נו, זאָגן זיי, רעגירונגען ווייסן בעסער״. מיר, ווייזט אויס, האָבן גאָר אַ קליינעם באַגריף, וואָס פאַר אַ שאָדן עס האָט געטאָן דער קונסט דאָס איבערטראָגן אינדיווידועלע אינטואיציע אויף אָנווייזונגען, וואָס מ׳גיט דעם שעפערישן מענטשן, פון די „איך ווייס בעסער״ טענדענצן.

דער פּאָעט (און אַלע קרעאַטיווע קינסטלער) פילט, אַז ער לעבט אין אַ וועלט, וואו אַלץ איז אַלגעמייניזירט און גענעראַליזירט, און דאָס איז סם פאַרן קינסטלער און פאַר קונסט. גלייכצייטיק זיינען פּערזענלעכע ווערטן, וועלכע דער פּאָעט האַלט טייער און היט אָפּ אין דער איצטיקער צייט, גאָר נישט וויכטיק און ווערט נישט געשאַצט.

אַזאַ צושטאַנד שטעלט אויף פאַרן פּאָעט און קינסטלער גרויסע נסיונות: וואָס פאַר אַן אויסוועג אַחוץ עסקעיפּיזם בלייבט פאַר אים? רעוואָלוציע! רעוואָלוציע באַדייט אַן אַנדער סאָרט געזעלשאַפטלעכער סדר, אַ סדר אפשר וואו דער יחיד וועט ווערן געזעלשאַפטלעך אייגנטום.

אַ פּאָעט, אַ געזעצגעבער, ווי שעלי האָט זיך פאָרשטעלט איז גאָר אוממעגלעך אין אונדזער מאָדערנער געזעלשאַפט. עס באַקומט זיך גאָר, אַז דער אינדיווידואַליסט־אויפשטענדלער איז אַן איבערבלייבעכץ פון דער צייט ווען דער בורזשוי איז געווען אַן אינדיווידיאַליסט. די היינטיקע בורזשואַזיע, „איך ווייס בעסער״, זיינען גאָר נישט פריינטלעך צום ווידערשטענדלער, פאַרקערט, זיי שטעלן אים אַרויף אויפן שוואַרצן־צעטל. און דאָס אָפּקערן זיך פון ווידערשטענדלער איז אָנגענומען נישט נאָר ביי דער בורזשואַזיע, ביים קליין־בירגער, נאָר אויך צווישן די אַזוי־גערופענע שרייבערישע און קינסטלערישע געזעלשאַפטן. גלאַנץ־לעיעלעס ווייסט, אַז מ׳האָט נישט גערן קיין אַנטקעגן־שטעלער, וואָס האָט אַן אייגענע מיינונג. ער איז געווען אַ קרבן פון אַן ענלעכער באַציאונג.

פון דעם אַלץ, וואָס בלייבט פאָרט פאַרן פּאָעט צו טאָן? זיך פאַרטאָן אין וואונדער פון פּאָעזיע! פּאָעזיע האָט אַלע נויטיקע און שטאַרקע אַרויסרופן צום פּאָעט. ערשטנס איז פּאָעזיע אַן אָפּהיטער פון לשון: פּאָעזיע איז דירעקט, פּערזענלעך און עקזאַקט.

מיר לעבן אין אַ צייט ווען ווערטער ווערן פאַרדרייט, — אַבסטראַקט, גענעראַליזירט, אומפּערזענלעך און אומקאָרעקט. פּאָעזיע אָבער שטעלט זיך קעגן דער סאָרט וואולגאַריזאַציע און גיט נאָר די אמתן אַ באַדייט אויף דער שפּראַך פון פּאָעזיע — אין לשון פון אייגענער אימאַזשיניסטישער לאָגיק.

די צייט, אין וועלכער מיר לעבן, רופט אַרויס אויף אַ פאַרמעסט דעם אינדיווידום. דער קאָמערציעלער אינדיווידואַליזם שטעלט און האָט אַוועקגעשטעלט אין גרויס סכנה דעם קינסטלערישן אינדיווידואַליזם. דער קאָמערציעלער אינדיווידיאַליזם שטיצט זיך אויף דער הסברה, אַז דער אינדיווידום האָט נישט קיין שום ווערט, אַחוץ נאָר צו אָפּשפּיגלען, נישט מערער, די קאָנפליקטן פון געזעלשאַפטלעכן סדר. פּאָעזיע אָבער פאַרבינדט און פאַרזיכערט דאָס אויפלעבן זיך פון אינדיווידום. פּאָעזיע איז

אַן עדות, אַז דער יחיד איז נישט דער אינדיווידואַליסט־אַוואַנטוריסט, נייערט גאָר דער פּשוטער אינדיווידואַליסט. דער וואָס טראָגט קרעאַטיוויקייט ווי אַ קרוין. פּאָעזיע, אין גלאַנץ־לעיעלעס טייטש, „איז דאָס, וואָס אַ וויכטיקער פּאָעט שאַפֿט“.

צו זיין צופרידן מיט דעם, וואָס מיר ווייסן, איז באַרויבט ווערן פון דער אויפדעקונג־פרייד.

פּאָעזיע קען נישט, ווי שעלי האָט געוואָלט, ווערן אַן אַנוויזער פאַר געזעצגעבונג, אָבער זיכער קאָן נאָך פּאָעזיע זיין די העכסטע און דער הויבנסטע פרייד פאַרן מענטשן־מין.

# דער אייביקער ניגון

(זעליק העלערס בוך „שבת״)

דער כביכול האָט נישט נאָר געשענקט דעם אידיש פאָלק שבת — ער האָט אויך דעם טאָג געהייליקט: „ויברך אלהים את יום השביעי ויקדש אותו״. אידן האָבן זיך פאַרוועבט מיט דער קדושה און דערהויבן דעם טאָג נישט בלויז פאַר רו, נאָר אויך פאַר לערנען תורה; פאַר זינגען אַ לויב דעם בורא; פאַר עקסטאַז.

לכבוד דעם בונד, וואָס גאָט האָט געשלאָסן מיטן פאָלק ישראל, האָט ער אים איבערגעגעבן די פרייד פון דער כלה שבת און מיט דער פרייד האָט דער איד, אַן אויסגעשטראַלטער, זיך אויסגעטיילט פון אַלע אומות. שבת און איד איז אַריינגענומען איינעם אין צווייטן נישט אָפּצושיידן. שבת איז דער אייביקער בונד צווישן אלהים און איד.

וואָס איז דער טעם פון שבת? פון דער רו און לייטזעליקייט?

שבת האָט זיך געשטייגערט צווישן אידן אויף פאַרשיידענע אופנים. שבת איז געקומען צו אידישע קינדער וואו זיי האָבן נאָר זייער געצעלט אַוועקגעשטעלט: אין אַפריקע, אין תימן, אין די פאַרוואָרפנסטע טיילן פון גאָטס ערד. שבת איז אויך געקומען אין די אידישע שטעטלעך אונדזערע פון פוילן, ליטע, אוקראַינע, רומעניע, אונגאַרן, גאַליציע און אַלע מקומות וואו דער גלות האָט אונדז נאָר פאַרוואָרפן. שבת האָט געלויכטן פון אידישע פנימער, פון אידישן געמיט, פון אידישע בגדים.

דער ערב שבת, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן גלייך נאָך הבדלה, האָט שוין אויפגערודערט דעם איד מיט בענקעניש — צום אָנקומען פון שבת. שבת האָט דעם אידן פאַרהיט פון טומאה און דערבראַכט צו גאָט און אים געגרייט זיך איינשטעלן מיט מסירת־נפש פאַר דער ליכטיקייט פון שם ברוך שמו, וואָס האָט אים געגעבן די גרויסע מתנה, וואָס קיין אומה ווייסט גאָר נישט דעם טעם פון דעם.

מיר אַלע האָבן געהאַט די זכיה צו פילן דעם תענוג פון שבת, די גרויסע הנאה פון שבת. צו לויבן שבת מיט געזאַנג און פרייד. צו די זמירות האָט דער פּאָעט זעליק העלער צוגעבראַכט אויך זיין ניגון דעם אויסטערלישן, אייגנאַרטיקן און דערהויבענעם ניגון פון אונדזערע שטעטלעך און אונדזער חרוב געוואָרענעם לעבן. זעליק העלערס איבער־

געבן אין פערזן די אַלע שטימונגען פון דעם שבת, וואָס מיר האָבן גע־קענט און געלעבט מיט און אין אים. „ס׳בעמט די זון פאַרגיין אין מערב, אידן מאַכן קראָמען צו: שבת קודש קומט אין שטעטל, ברענגט אין קאַכיקייט די רו״.

אין קאַכיקייט קומט די רו פון שבת. ס׳איז נישט קיין פאַרגליווערטע רו, ס׳איז נישט קיין טעמפּע רו. אַלץ איז איינגעהילט מיט שבת. „ס׳איז די שטוב שוין פול מיט שבת, פון דער וואָך קיין סימן מער: פריילעך, ליכטיק יעדעס ווינקל וואו מ׳גיט זיך נאָר אַ קער״. ס׳איז די שטוב שוין פול מיט שבת, קדושה־חן אויף אַלץ געשפּרייט; אָ, מה טובו אוהליך... זע וואָס שטייט פאַר דיר געגרייט״.

וואָס איז געווען גרייט פאַרן אידן? הייליקייט און דערהויבונג. אפילו די שפּייז האָט געליכטיקט: „אויפן טיש צוויי שיינע חלות מיט אַ טיש־טעכל פאַרדעקט״. די חלות, ווי אויסגעפּוצטע כלות, האָבן פון צניעות זיך צוגעדעקט די קעפּ, פאַרשטעלט אַביסל די פּנימער און פאַרדויטלטע וואַרטן זיי אויף דער ברכה, וואָס מ׳וועט איבער זיי און פון זייערטוועגן מאַכן; אויף דער בענטשונג, וואָס איז זיי באַשערט איידער זיי טרען אַן תענוג דאָס אידיש הויזגעזינד.

זעליק העלער לעבט נישט בלויז אויף אין דמיון דאָס פּנים פון שבת, ער ברענגט צוריק אין פערזן, באַצירט מיט פשוט אידיש וואָרט, די בענ־קעניש און פרייד פון שבת.

שוין גלייך דאָס ערשטע ליד זאָגט אָן, אַז נישט די שנאה, וואָס איז אויפ־געפלאַמט קעגן פאָלק, וואָס לעבט צווישן פעלקער און נישט זיין לעבן וואָס איז הפקר, האָט דעם אידן אָפּגעפרעמדט פון שבת. נאָך פון די צייטן ווען ער איז געזעסן ביי די טייכן פון בבל איז שבת געווען טרייסט. ביי די טייכן פון בבל האָט מען די האַרפן אויפגעהאַנגען אויף ווערבע־בוימער, שבת האָט מען אָבער נישט פאַרשוועכט, זי איז די איינציקע געבליבענע: „גאָט און תורה און זי — אין מיט״.

שבת — צו די גרויסע אידישע געשטאַלטן, וועלכע האָבן באַפּוצט שבת מיט זייער שבת, קומט אויך צו זעליק העלער מיט אַ באַשיידענעם צושטייער. אויף זיין שטייגער ברענגט ער אויך צו די תפילה, וואָס די מאַמע האָט געזאָגט, „שטיל און ווייך״, ביים ליכט־בענטשן. אַלע זינגען צו שבת שירה: שלמה גבירול, אבן עזרא, יהודה הלוי. אפילו היינריך היינע, דער אָפּגעפרעמדטער, דער אַנטרינעקער פון אידישן פאָלק, ער האָט באַקומען תיקון דורך זיין „שבת ליד, זיין נשמה האָט געוויינט, ווי ס׳ווינט זיך אויס אַ איד״.

אָבער דעם אמתן באַדײַט פון שבת גיט נאָר דער פרומער איד.

דיכטער האָבן טאַקע באַזונגען די „מלכה־שבת" — „שענער אָבער און פיל ליבער נעמט דיך אויף דער פרומער איד". דערפאַר, וואָס דער פרומער איד לעבט אין דער קדושה פון שבת — שבת טרינקט אים אָן מיט נגינה, מיט עקזאַלטאַציע. ער פרייט זיך מיט דער וועלט, וואָס אלהים האָט באַשאַפן און ווי אלהים רוט ער דעם זיבעטן טאָג און בענטשט און לויבט זיין נאָמען, ברוך הוא, ברוך שמו; ווייל אים האָט אלהים אויסגעוויילט צו טיילן די רו פון וועלט־באַשאַף און וואָס ער האָט די זכיה צו קענען מיט דערהויבונג דאַנקען דעם בורא עולם, וואָס ער האָט אים באַשערט צו זיין אַ קינד פון אויסגעוויילטן פאָלק.

עס לעבט אַ פאָלק צווישן פעלקער, צווישן גרויל און שנאה־פלאַם. ווי ביטער ס'איז דער גלות, שבת אָבער איז דעם אידנס כלה. זי איז דעם אידנס איינציקע געליבטע: „גאָט פון איין זייט, תורה פון דער צווייטער און שבת — אין דער מיט".

די טאַטעס פוצן זיך אויס לכבוד שבת: „ביי דעם שפיגל, אַ פאַר־פוצטער, שטייט דער טאַטע, קאָקעטירט: וויל געפעלן זיין דער ,כלה', גלייך אַ ליבע מיט איר פירט. אָבער בייז איז ניט די מאַמע, זי פאַרגינט אים נחת־שעה: יאָ, זי קומט דאָך יעדן פרייטיק צו דעם ,חתן' אירן דאָ".

יעדער איד גייט איר אַנטקעגן, זי באַגעגענען מיט פרייד: „שבת־מלכה איז איר נאָמען, ער בלייבט טריי איר ביזן טויט".

צום קינד אַנטפּלעקט זיך שבת גאָר אין אַן אַנדער געשטאַלט. זיין שבת האָט ער גאָר אַנדערש אויסגעחלומט. פאַרן דערוואַקסענעם איז שבת „אַ כלה", אַ „מלכה": „בואי כלה, בואי כלה". דער דערוואַקסענער זעט „שבת־כלה". פאַרן קינד איז דער מאַמעס געשטאַלט — שבת. ער זעט איר ווען זי איז פאַרטאָן אין די הכנות: זי קויפט איין; גרייט צו; באַקט, שייערט, פוצט, וואַשט; טוט אָן די קינדער די שבתדיקע בגדים. זי צירט אויס דעם טיש מיט חלות, מיט ליכטער. ערשט ווען זי אַן אויס־געצוואָגענע, אַן אויסגעפוצטע באַווייזט זיך — ליכטיקט זי אויף מיטן שיין פון דער שכינה — און שבת איז אָנגעקומען. ס'ווערט גלייך די שטוב אָנגעפילט מיט שבת, שבת איז פול אין אַלע ווינקעלעך: „פון דער וואָך — קיין סימן מער: פריילעך, ליכטיק יעדעס ווינקל וואו מ'גיט זיך נאָר אַ קער".

די מאַמע ברענגט אַריין שבת. אין איר זכות קומט זי, די כלה, און ביידע באַהעפטן זיך אין קדושה. ווען זי צינדט אָן די ליכט צעזינגען זיך די מלאכי השרת: „לכו נרננה לי״", און „התעוררי, התעוררי, לכה דודי לקראת כלה, פני שבת נקבלה". „ברוך אתה — האַר פון וועלט" און זי בענטשט ליכט.

די טאַטעס זיינען פאַרטאָן אין פאַרבעטן שבת: „בואי כלה, בואי כלה". די מאַמע אָבער רעדט זיך דורך מיט שבת — זי בעט פאַרן מאַן, פאַר די קינדער און פאַרן פאָלק ישראל. זי איז אַרומגענומען און אַריינגענומען אין גרויס בטחון, אַז עס וועט קומען ישועות אויף גאָטס פאָלק: גאָט וועט ווידער דאָס פאָלק ישראל שענקען זיין לייטזעליקייט.

„מאַמעס מילדע טויבן־אויגן, אַזוי סודותדיק און זאַכט: הייליק ווי די ליכט געבענטשטע אינעם פרייטיק אויף־דער־נאַכט — און — — ערד און הימל טוט אַ שידוך יעדן פרייטיק אויף דער נאַכט: גאָט איז דער מסדר־קדושין, ער אַליין די ברכה מאַכט". דער רבונא דעלמא כולא האָט צונויפגעפּאָרט שבת מיטן אידן — דורכן בונד, וואָס ער האָט געשלאָסן מיט די בני ישראל אויפן הייליקן סיני־באַרג.

אלהים האָט גערוט אויפן זיבעטן טאָג. ער האָט אים געהייליקט און געשענקט דעם פאָלק, וואָס ער האָט אויסגעוויילט: „ויברך אלהים את יום השביעי ויקדש אותו, כי בו שבת מכל מלאכתו אשר ברא אלהים לעשות".

אלהים האָט פאַרענדיקט דעם גאַנצן באַשאַף און האָט גערוט. די אידן, וועמען ער האָט איבערגעגעבן די דערהויבונג און פרייד פון רו־טאָג האָבן אויפגענומען מיט עקסטאַז: „כי בו שבת מכל מלאכתו אשר ברא אלהים לעשות".

גאָט האָט פאַרטאָן נישט מערער ווי זעקס טעג צו דערגרייכן די רו. די אידעלעך זיינע טוען שוין מיליאָנען זעקס טעג פאַרטאָן כדי צו דער־גרייכן דעם „כי בו שבת" — און יעדער טאָג פון יעדן וואָך איז נישט מערער ווי אַן הכנה פאַרן אמתן טאָג, דעם טאָג ווען ערד און הימל זיינען זיך משדך.

דער בורא עולם האָט נישט געהאַט קיין ערב. נאָכן באַשאַפן דעם מענטש האָט ער פאַרענדיקט. דער מענטש אָבער פאַרענדיקט קיינמאָל ניט; ער האַלט זיך כסדר אין באַהעפטן מיט דער שכינה.

ביי אידן איז נישט רואיק שבת — פאַר גאָט האָבן מלאכים געזונגען שירה. אים, דעם בורא עולם, איז אומעטיק; צו וועמען זאָל ער שירה זינגען? ער האָט געשאַפן און אָנגעזאָגט — אַז דערפאַר דאַרף מען אים לויבן און רימען. דער איד אָבער קאָן אַליין שירה זינגען, ער דאַרף נישט קיין מלאכי השרת. דער איד איז עס גורם, אַז „שבת! שבת! זינגט דער הימל און די ערד, זי זינגט אויך מיט שבת! שבת! גאָט, דו גרוי־סער! האָסט אונדז אין אַ בונד געשמידט — און קוקט נאָר אַן דעם שיינעם דרויסן, בלוי דער הימל אויסגעשפרייט".

פאַר אַלע גאָטס קינדער איז באַשערט זען דעם „שיינעם דרויסן און דעם

בלויען הימל״, אָבער פאַר די וואָס האָבן די זכיה צו זיין די קינדער, וואָס האָבן אָנגענומען דעם אחדות הבורא איז באַשערט צו זען דעם הימל קומען צו ערד אַראָפּ און היילקן זי מיט אַ קוש.

* * *

אַלע לויבן און געזאַנגען זיינען צוגעטיילט דער כלה־שבת. שיר השירים איז נישט קיין בענקעניש נאָך אַ פיזישער געליבטער נאָכן לייב פון דער כלה, נייערט גאָר איז דאָס געזאַנג צוגעטיילט דער תורה, צו שבת. דער שיר השירים, דאָס געזאַנג פון די געזאַנגען, מלך שלמהס הייליק שיר פאַרפּוצט די כלה: „ס'איז דיין קוש און ליבע דיינע ליבלעכער ווי ווין צו מיר״. די כלה שבת זינגט צו כנסת־ישראל און צו דער שכינה, וועלכע זיינען אין דער וועלט ווי איינס: „כ'וועל מיין שענסטע קלייד היינט אָנטאָן, ס'וועט דיר וואויל זיין, מיין לבוש; וועסט מיך, ליבסטער מיינער, צערטלען, מיך באַהעפטן מיט דיין קוש. שיין ביסטו, געליבטער מיינער, ווי אַ הירש אַזוי געשווינד. שפּרינגסט אַריבער בערג און טאָלן, ווי אַ שטיפעריש יונגער הינד. ביסט פון אַלעמען דער טייערסטער, פון דיר שענער — איז ניטאָ. קום און גיב מיר פון דיין ליבשאַפט, האַרץ גייט אויס פאַר אָט־דער שעה״.

דער איד האָט איינגאַנצן זיך אָפּגעגעבן צו דער כלה־שבת: „ניט די וואַסערן פון ימים וועלן אונדז צעשיידן מער — אונדזער ליבע איז אַ ריינע, הייליקע, יאָ, ווי גאָטס באַשאַף״. צו זיין באַשאַף שטייט דער רבונו של עולם אויף דער וואַך אָפּצוהיטן זיין אויסדערוויילט פאָלק: „לא ינום ולא יישן שומר ישראל״. ער היט זיין קרוין: ער האַלט אַן אויג, אַ וואַך־אויג אויף זיין בן־יחיד און לאָזט אים אין גלות נישט אָפּ.

דער תענוג פון שבת ליכטיקט און לויטערט און פאַרבינדט דעם אידן מיטן סדר פון יצירה: „ברוך שאמר והיה העולם, ברוך הוא, ברוך עשה בראשית״. איז וועלט־באַשאַף אַ יש מאין? צי אַ קדמון איז די וועלט? עס פאַרטיפט זיך דער איד אין די אַלע טיפע רעיונות, וואָס די תורה רעגט אָן: „גיי שעפּ־אויס די סתרי־תורה — גרונטלאָז, סודות־דיקער קוואַל״. אָבער דער וואָס לערנט טראָגט אַ ליכט פון גאָט אין האַנט! תורה איז אייביק לעבן, אייביק לעבט דערפאַר דער איד.

דאָס גאַנצע הויזגעזינד איז פאַרטאָן אין תורה; דער טאַטע — אין בית־מדרש; די מאַמע מיט דער צאינה־וראינה: „האָט איר ווען געהערט דעם ניגון פון דער מאַמעניו אַמאָל? שטיינער פלעגט זי קענען רירן מיט איר תחינהדיקן קול״. די יונגוואַרג האָט זיך אויך מתעסק געווען: „די ,סאָבראַני׳ — ווייט פון שטעטל, ערגעץ־וואו קאָנספּיראַטיוו. דאָרטן קלערט מען אויף די יוגנט, לויט דעם „קלאַסן־קאַמף באַ־

גריף". אין די וועלדלעך האָט מען אויסגעלאָדן רייד, וואָס האָבן אָנגע־זאָגט אויף אַ קומען פון אַ משיח — עס וועט זיין אַ נייע וועלט, אַ וועלט פון יושר און פאַרברידערונג. אפשר גאָר די אמתע וועלט, וואָס גאָט האָט צוגעזאָגט דעם בן־אדם?

* * *

צו פרייען זיך מיט שבת איז אַן אייביקער געשאַנק, יעדער שבת איז אַ בראשית: „ישמח משה במתנת חלקו, ישמחו במלכותך". אין שבת קאָן אַלץ אַריינגעטייטשט און פאַרטייטשט ווערן. דערפאַר וואָס שבת איז די אייביקייט פון מענטשלעכער טיפער דערהויבונג און אויפ־שטראַלונג. אין שבת קאָן מען זיין פערזענלעך און אין אחדות מיטן פאָלק. בלויז פון גוי האָט זיך אָפּגעטאָן די הייליקייט פון שבת.

זעליק העלער זינגט דעם שיר פון דעם שבת אין אונדזערע שטעט־לעך. פון שבת, וואָס האָט אונדז דערפרייט און אָנגעטאָן מיט טיפן באַ־נעם און באַהעפט דאָס גאַנצע פאָלק ישראל מיטן בורא עולם. גויים האָבן זיך געשלאָגן צווישן זיך, ווייל זיי איז נישט געשענקט געוואָרן די הייליקייט פון שבת. בלויז אין אחרית הימים וועט דער גוי דערפילן די קדושה, דעמאָלט וועלן אַלע געבוירענע בצלם אלהים ווערן זיינע קינדער און זיי וועלן ערשט פאַרשטיין און באַנעמען דעם גרויסן תענוג, וואָס אלהים האָט פאַרשאַפט זיין פאָלק ישראל. אין דעם גרויסן תענוג: „ס'טו־אַכט דער גוי אַצינד מיט קנאה; זעט נאָר — זעט זיין שטאָלצן טראָט! זעט אַ גאַנג — אַ גאַנצער יחסן, אַ בן־יחיד ביי זיין גאָט". דער איד אָבער באַדויערט גאָר דעם גוי דערפאַר, וואָס ער האָט נישט קיין שבת; דער איד, דער בעל הרחמים, טרייסט זיך — זאָל נאָר „משיח קומען, וועט דאַן יעדער זיין אַ איד".

זעליק העלער ברענגט אונדז זעם טעם פון שבת, וואָס איז געקומען צו אונדז אין די שטעטלעך און ער פאַרטוט אונדז אין בענקעניש און צער, וואָס די שטעטלעך און די שטראַלענדיקע אידן, וואָס האָבן זיי באַ־וואוינט זיינען אָפּגעווישט געוואָרן. פון די פענצטער שיינט נישט מערער די שבת־לייכטער. אָפּגעטאָן געוואָרן איז די קדושה און הימל און שטערן זיינען אין טרויער אַרומגענומען. צו זיי דערגייט נישט מערער דאָס קול, וואָס האָט מיט זמירות געשיקט אַ לויב צום כביכול. זיי קוקן אַרונטער מיט צער אויף דער אייביקער וואָך, וואָס האָט דאָס שטעטל איינגעשמידט. דער רוצח האָט פאַריאָגט שבת — האָט גאָט אים דערפאַר אַריינגעטאָן אין טרויער פון וואָכיקייט. ביים אידן איז וואָך נאָר אַן הכנה צום שבת, פונדעסטוועגן נעמט ער אויף די וואָך שטום און פאַרטראַכט. ער איז אָנגעפילט מיט אבלות, ער באַגלייט שבת אַרויס מיט תהילים: „תהילים

וואָרט אין שעה פון שקיעה, טרייסט די אבלדיקע זעל".

אפילו די יוגנט, די בעלי־חלומות פון אַ „נייער־וועלט", זיי אויך: „פון פעלד, ווי שטומע שאָטנס, קערט זיך יוגנט אום אַהיים". אויפן פעלד דאָרט איז געבליבן זייער כשופדיקער טרוים. און די מאַמעס בעטן: „זאָל משיח קומען שנעלער, מיט דיין ווילן — היינטיקס יאָר: זאָל שוין זיין אַ סוף צום גלות, זאָל דער חלום ווערן וואָר".

צוזאַמען מיט זעליק העלערן פאַרגייען מיר זיך אין בענקעניש נאָך אונדזער שטייגער, נאָכן קאָך פון אידיש לעבן, נאָכן שבת, און די ליכטיקייט וואָס האָט דעם אידן אַריינגענומען: „אויס דער תענוג פונעם שבת, אויס די פרייד פון קינדער־טעג; יאָ, דאָס לעבן, ווי אַ יתום גייט פון מיר פאַרשעמט אַוועק. יאָ, איך טרוים פון יענע יאָרן, איצטער אין מיין גרויען היינט: אָ, איר ווייטע קינדער־יאָרן! אָ, דו שבת־לויטערער, איצט איז מיר פון אייך געבליבן בלויז אַ חלום און ניט מער!"

* * *

זעליק העלער שבת־לידער זיינען אַ בונד פון סענטימענטן, בענקעניש, התלהבות, עקזאַלטאַציע און פאַטאָגראַפישן רעאַליזם. אַ סך לידער זיינען אין דעם סטיל און שטייגער פון פאַטאָגראַפיע. זיי ליידן אויך פון דעם, וואָס עס פעלט אַ נייער גראַם און שפּראַך־איינפאַלן. אַ סך מאָל לאָזט זיך דערקענען דאָס אויספעלן פון שפּראַך־סוגעסטיעס און פרי־שערן וואָרט. אָבער די לידער האָבן די גרויסע מעלה פון איבערראַשן אפילו מיט אַלטמאָדישקייט. העלער, איז מען זיך משער, האָט גאָר געווינט מיט אַ כיוון זיך ניט גענומען צו נייקייטן הן אין לשון, הן אין מאָלן, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז זינגען וועגן און צום שבת, קאָן מען און מ׳מוז נאָר מיטן וואָרט, וואָס האָט געשטייגערט אין די שבתדיקע שטעטלעך, ביי די שטראַלענדיקע אידעלעך.

די פּאָעמע און אַלע לידער באַזונדער, ווייען מיטן ריח פון איילן און ווירעכן, וואָס מ׳האָט געגרויכערט צום רבונא דעלמא כולא.

שוין ביים אַריינפיר צום ליד קומט אַנטקעגן דאָס ליכטיקע געזיכט — די פאַרשוין — די מאַמע. זי איז די ליכטיקייט, וואָס שבת האָט איר געציירט. זי האָט פאַריאָגט די וואָך און אַן אויסגעפוצטע איז זי ביים שוועל געשטאַנען מקבל שבת זיין: „אשת־חיל, ליבסטע מיינע, פרוי און ווירטין, הייליק פרום, נאָך אַזאַ וועד קאָן געפינען, אַזאַ שיר השירים־בלום. אשת־חיל, וואו געפינט מען אַזאַ ערלעך ריינע זעל? ניט יעדער איז דאָך זוכה צו גענישן אַזאַ גליק. כ׳וועל נישט בייטן אויף בריליאַנטן דיין הן־כשרזיקן בליק".

העלערס בוך, טראָץ דעם לשון, וואָס איז, ווי דערמאָנט, אַביסל פאַר־

עלטערט, דערפרישט מחמת דער געלעגנהייט פון שליסן באַנטקייט און קאָנט־
שאַפט מיט אַזאַ גאַנצן אידן, וואָס טראָגט אַנטקעגן אַזוי פיל ערלעכקייט
און דערהויבענע רייד. העלערס בוך „שבת" ברענגט זיך ווי אַן אָנגעזען
צושטייער אין דער אידישער ליטעראַטור. העלערס ערנסטקייט, התלהבות,
שטימונג און טיפע ליבע צו אידישקייט און צום אידישן וואָרט איבערגע־
וועלטיקט. זיין בוך דערהויבט און לאָזט ווערן אינגאַנצן פאַרנומען מיטן
טעם און תענוג פון שבת.

ס'איז נאָר אַ פאַרדרוס, וואָס אַזאַ פיין בוך איז גאָר פאַרזען געוואָרן.
עס באַווייזט נאָר, אַז ווען זעליק העלער וואָלט געהאַט עפּעס אַ צד ביים
ליטעראַרישן טיש, וואָלטן זיך אויפגעמאָנט געוואָרן די שבחים, וואָס דאָס
בוך פאַרדינט.

אַ גאָר דערהויבענעם שבת מוז צוגעטיילט ווערן צו דר. שלמה גאָלד־
מאַן, ע"ה, פאַרן פאַרשטעלן די פּאָעמע דורך אַן עסיי, וואָס ליכטיקט מיט
גרויס אידיש וויסן און טיפער פשטות און דערפרייט ממש מיט יעדן
וואָרט און געדאַנק:

„וואויל איז דעם, וואָס האָט דעם גלויבן
ער וועט תמיד זיין באַזונגט
מיט דער הייליקייט פון לעבן,
מיט אָט־דער און — יענער וועלט,
,יום שבתון, יום מזמדים',
ליכטיקט יעקבס שיין געצעלט...
וואויל איז דעם, וואָס האָט דעם גלויבן
און מיט שבת — איז באַזעלט...

# מיט דער מאַמעס ברכה פאַר אַ שמירה

## (בערטאַ קלינגס לידער קומען אַנטקעגן)

ווען מ׳קומט פון וואַנדער שטייט שוין בערטאַ קלינג ביי דער שוועל פון הויז. דעם ברוכים הבאים טראָגט זי אַנטקעגן גלייך ווי מען עפנט די טיר. צום באַדעקטן טיש טראָגט זי אָן כל־טוב און מיטן קלוגן גלי אין אירע אויגן, פאַריאָגט זי די מידקייט פון וואַנדערער.

מיט בערטאַ קלינגס ברכה איז דער וואַנדער־וועג ניט קיין שווערער. ווען מ׳איז צו דער וועלט אַוועק, האָט מען זיך געלאָזן אויף גאָטס באַראָט, מחמת מען האָט געוואוסט, אַז ס׳וועט באַגלייטן אין שטילקייט בערטאַס אַ תפילה, אַז אין דעם גאַנג זאָל מען קיין שטער ניט באַגעגענען: „ניט פאַר־געס מיינע נעכטיקע טרערן, זיי זאָלן אויף מיין חשבון גערעכנט ווערן. כדי איך זאָל פאַר היינטיקער פרייד, ניט דאַרפן צאָלן מיט לייד. העלף מיר גאָט, מיין פיין צו שטילן, גיב מיר כוח צו ברעכן מיין ווילן; איך זאָל זען די וועלט מיט מיינע אויגן אָפן, אין די שווערע טעג זאָל איך קענען האָפן״.

בערטאַ קלינגס לידער זיינען די ברכות, וואָס עס נעמט מיט זיך מיט דער וואַנדערער, דער רייזנדער. דאָס שניידערל וואָס לאָזט זיך צופוס איבער דערפער, דער תהילים־איד, און דער לאַמעד־וואָווניק נעמען מיט בערטאַס לידער אין זייער תפילין־זעקל; אַלע נעמען עס ווי אַ שמירה, מחמת זיי ווייסן, אַז בערטאַ וועט זיך איינשטעלן פאַר זיי: „קינד מיינס, קיינער קומט ניט דעם עלנטן אַנטקעגן זיינע שווערע וועגן, ניט מיט וואַ־סער, ניט מיט ברויט צו פאַרגרינגערן זיין נויט. קיינער טיילט זיך ניט מיט זיינע לייד, קיינער זוכט ניט אים צו געבן פרייד. אויב דיר איז, גאָט באַהיט, באַשערט דעם וועג פון עלנט אויף אונדזער ערד, וואו וועל איך נעמען נאָך אַ לעבן, איך זאָל דיר עס קענען געבן?״ בערטע זאָרגט: די וואַנדערער ווייסן אָבער, אַז ניט עלנט זיינען זיי אין גאַנג, וואָס עס פירט דער ווייטער וועג. קיינער וועט קיין שלעכטס ניט טאָן און פאַרשעמען בערטאַס קינדער. זיי, די וואַנדערער ווייסן, אַז בערטאַ וועט עס ניט דערלאָזן. „קינדער מיינע, איך זאָל וויסן וואו מענטשן וועלן אייך פאַרשעמען, וואָלט איך פריער זאָרטן קומען און פאַר אייך דאָס אָרט פאַרנומען. איך זאָל ווּיסן וואו די געפאַר וועט. גאָט באַהיט, אייך גיין

אַנטקעגן, וואָלט איך מיט פרייד פאַרלאָפן אייך די וועגן".

ס'איז ידוע, אַז בערטאַ קלינג ליכטיקט מיט זאָרג; אַז זי פרייזיקט מיט די גוטסקייטן, וואָס גאָט האָט איינגעטיילט די מאַמעס. זי בעט דעם רבונא דעלמא כולא, פאַר אַלע וואַנדערער — פאַרן עלנטן, פאַרן פאַרלאָ־זענעם, אַז אויף די וועגן זאָל זיי באַשערט ווערן אָנגעגענען לויטערע מענטשן מיט אויסגעשטראַלטע פנימער: „עס זיינען דאָ פנימער אַזעלכע גוטע, וואָס זיינען ווי די זון אין קאַלטע טעג. זייער בליק וואַרעמט איט־לעכן, וואָס קומט זיי אין וועג. פאַרנומער זיי, גאָט, אויף אַלע שטעגן און וועגן, זיי זאָלן יעדן עלנטן אַנקומען אַנטקעגן".

---

בערטאַ קלינגס לידער זיינען ניי און פריש, ווי ס'איז אַלעמאָל פריש די זאָרג און צאַרטקייט פון דער מאַמען. אין אירע לידער דאַרף מען זיך ניט מיען אַריינלייענען, זיי ציען אַריין און ס'ווילט זיי זיך גאָר ניט פאַרלאָזן. ס'איז אַ מורא, אַז ווען מ'וועט זיך אָפּקערן אויף אַ ווייל וועלן זיי פעלן; מ'מוז זיי מיטנעמען מיט זיך — אין די בלוטן, אין האַרצן, אין זכרון.

בערטאַ קלינגס לידער דריקן אויס איר באַשיידנקייט. זי מאַכט ניט קיין אָנשטעל און פרעטענזיעס זיינען פון איר אָפּגעטאָן. זי דאַרף נישט טראָגן קיין קרוין פון גינגאָלד און בריליאַנטן. פון איר שטערן־טיכל גאָר פּלייצט אויפליכט פון מאַמעשער איידלקייט.

אין בערטאַס שטוב דאַרף מען ניט ווערן איינגעלאַדן. זי קוקט תמיד אויס די אויגן פאַרן גאַסט, זי גאַרט נאָך אים: „געסט דאַרפן היינט צו מיר קומען, און דו האָסט מיין הויז מיט זאָרג דורכגענומען. זיי קומען מידע פון ווייטע וועגן, און איך וועל מיט פרייד זיי קומען אַנטקעגן. אַזוי לאַנג פאַרן טאָג געוואַרט, אַזוי פיל נאָך אַלעמען געגאַרט. טו מיין שטוב זעם צויבער אָן — זאָל איטלעכער פון זיי זיך פילן אויבנאָן. קענסטו פון די זאָרגן מיך ניט באַפרייען היינט — זאָל דאָס אָפּקומעניש זיין פאַר מיר און מיינע פריינט..."

מען ווייסט, אַז אין בערטאַס שטוב איז דער טיש תמיד פאַרפוצט מיט אַלדאָס גוטס. מ'ווייסט, אַז זי וועט ניט פרעגן וואו די טריט האָבן געפירט, נייערט זי וועט אָפּשטויבן די בגדים און מיט שטילע רייד, אָנ־שטאָט צושטייך, וועט זי אין צערטלעכקייט אויפוועקן לויטערע דערמאָ־נונגען פון אַלע אָוועקגעגאַנגענע יונגקייטן.

בערטאַ קלינג נעמט ניט אַריין אין איר משפחה, מ'איז גאָר קיינמאָל ניט אָפּגעשיידט און אָפּגעטיילט געוואָרן פון איר.

בערטאַ קלינגס לידער, ווי דער מאַמעס רייד און דער מאַמעס גע־

זאַנג, האָבן נישט קיין חסרונות. לייענען אירע לידער איז אַ טיפע דער־הויבונג. מ׳קען זיך גאָרנישט משער זיין ווען בערטאַ קלינגס לידער וואָלטן געבליבן אין איר זינען, אין איר האַרצן, אין איר קול, פאַרבאָרגן פון דער אידישער ליטעראַטור, וואָלט דאָס לידיקע אָרט געטרויערט.
בערטאַ קלינג איז אין זאָרג און צער פאַר יעדן בן אָדם — פאַר אַלע מענטשן קינדער. איר טוט וויי מענטשלעכע אומבאַהאָלפנקייט און טראַגיק. זי איז אײַנגאַנצן אַריינגענומען אין רחמים. אירע תפילות צו גאָט דער׳גייען, מחמת זיי קומען פון די צניעותדיקע ליפּצן פון אַ פשוטער אידישער טאָכטער.

„היט אָפּ דעם גלויבן
פון מיינטוועגן,
שיק דעם אמת
מיר אַנטקעגן.
מאַך מיר גרינג דעם שווערן וועג,
און גאַנצער — די צעריסענע טעג.

זאָל בלייבן מיין טיר
פאַר אַלעמען אָפן;
און די שווערע טעג
זאָל איך קענען
האָפן...״

# דאַרף מען פּאָעזיע פאַרשטיין אָדער דערפילן?

אויף מיין ליד „פריקד“ האָט די רעדאַקציע פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע“ אָפּגעדרוקט אַ מין קשיא פון אַ לייענער, וואָס האָט דעם אָטעם און די פּאָעטישע סוגעסטיעס פון ליד נישט געקענט מסביר זיין. „דאַרף מען פּאָעזיע פאַרשטיין אָדער דערפילן?“ איז דער פאַרזוך צו ענטפערן אויף דער קשיא, וואָס איז נאָך און וועט מסתמא פאַר אַ סך מענטשן זיין ניט קלאָר. מחמת פּאָעזיע לאָזט זיך ניט דערקלערן, ווי עס וואָלט גע־וועגן אַ מין טעאָריע (אגב אורחא, טעאָריעס לאָזן זיך אויך ניט דער־קלערן. דערפאַר אַזוי פיל חלוקי־דעות). צו זאָגן אָבער, אַז פּאָעזיע איז אומקלאָר איז אַן אבסורד און איינרעדעניש.

דער חשובער קריטיקער י. ראַפּאַפּאָרט, האָט אויך מיט אַן אַרטיקל אין דער „פ. אַ. ש.“ געזאָגט זיין מיינונג וועגן ענין פּאָעזיע. ער האָט אויסגעפירט, אַז פּאָעזיע איז נישט צוגלייכלעך צו אַנדערע קונסט־פאָרמען, מחמת וואָרט איז נישט פאַרב. יעדעס וואָרט איז אַ זעלבשטענדיקע שאַ־פונג פאַר זיך גופא. „ווען וואָרט ווערט בלויז טינטער־מאַטעריאַל, ווי קלאַנג און פאַרב, טויג עס ניט פאַר דיכטונג“. דיכטונג דאַרף מאַכן לעבעדיק דאָס וואָרט.

י. ראַפּאַפּאָרט ווייזט אויך אָן, אַז אין לייענערס גלייכגילטיקייט איז גאָר אַמאָל שולדיק דער דיכטער, „וועלכער פאַרמאָגט ניט די קראַפט אים אָנצינדן“. ער פירט דערפאַר אויס: „זעען מיר דאָך אָפט, אַז אַ לעזער, וואָס איז קאַלט צו איין דיכטער, ווערט אָנגעצונדן דורך אַ צווייטן“.

אין זעלבן נומער „פ. אַ. ש.“ וואו עס איז דערשינען ל. שיינס בריוו מיט דער קשיא, איז אויך געווען אָפּגעדרוקט אַ בריוו פון אַ לעזערין, ליליאַן באַק, פון נעשאַנאַל סיטי, קאַליפאָרניע. זאָגט זי: „נאָך אַ זאַך, מיט וועלכע איך בין צופרידן, איז יאָסל קאָהענס „אַ פרייד“. הלוואי וואָלט איך עס געקענט איבערזעצן. עס איז עפּעס זיכער ניי פאַר דער „פ. אַ. ש.“ צו האָבן אַזאַ ליד“. ס'איז גאָר אַנדערש, ווי ראַפּאַפּאָרט טייטשט. דאָ איז גאָר איין פּאָעט, צוויי לייענער, איין ליד, צוויי מיינונגען.

---

„איך בעט מיר מוחל זיין פאַר מיינע, אפשר, קלאָץ־קשיות וועגן ליד „אַ פריידל“, פון מיין חשובן לאַנדסמאַן יאָסל קאָהן, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין דער „פ. אַ. ש.“

זאָגט מיר, וואָס איז דאָס פאַר אַ פרייד:

„דער אַנזאָג פון לעצטער שעה״.

אָדער אין צווייטן אָפּזאָץ:

„פרייד, וואָס מיין פנים וועט ל׳גן צום הימל
און באַזן מיין קבר אין פרימאָרגן טוי״.

אָדער אין דריטן אָפּזאַץ:

„וועסט מיטנעמען אַ לעצטן שטראַל״.

און אין לעצטן אָפּזאַץ:

„אַ פרייד — וואָס עס שטייט שוין דערנעבן
דער טאָג וואָס ברענגט דיך נענטער צו גאָט!״

בעט איך אייך, זאָגט מיר, וואָס איז דאָס פאַר אַ געדריי פון ווערטער און געדאַנקען? ס׳קען זיין, אַז איך, אַ פשוטער לעזער, קען ניט פאַרנעמען דעם היובן גראַד פון אָט־דעם ליד. אָבער די לייענער פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע״ זיינען דאָך ניט אַלע אַזוי באַגאַבט, אַז זיי זאָלן אַלץ פאַרשטיין. דערפאַר טאַקע וויל איך וויסן.

איך ווייס, אַז יאָסל קאָהן האָט ניט געהאַט גענוג פרייד אין זיין לעבן. לייען איך איצט מיט פאַרגעניגן זיינע — זונען־אויפגאַנגען, בלומען, מאָרגן־טוי, לעבן און פרייד. אָבער אַז ער וויל דאָס אַלץ פאַרפאַקן אין איין קבר... און מיר זאָגן, אַז דאָס איז אַ פרייד, קען איך איינפאַך ניט פאַרשטיין.

אייער לייענער און פריינד״,

לואיס שיין

איך האָב געקענט אַפּפטרן שיינס, ווי ער אַליין רופט עס אָן, „קלאָץ־קשיות״ מיטן פּאָעט בראַונינגס זאָג: „אַז ווען ער זעצט זיך שרייבן ווייסן נאָר גאָט און ער וואָס ער וויל, אָבער ווען עס איז שוין אָנגעשריבן, ווייסט נאָר גאָט אַליין, וואָס ער, דער מחבר, האָט געוואָלט״.

מיין פריינט און לאַנדסמאַן שרייבט, אַז ער פאַרשטייט ניט דאָס ליד. אָבער פון זיין בריוו ווערט באַוויזן, אַז ער פאַרשטייט יאָ, נאָר פאַר אים איז קשה, פאַרוואָס אין ליד איז דער גאַנג צו טויט אויך פרייד. ער זאָגט: „זאָגט מיר, וואָס איז דאָס פאַר אַ פרייד דער אַנזאָג פון לעצטער שעה?״

ווי עס ווייזט אויס, האָט די עלטער אָנגעשטעקט מיין לאַנדסמאַן מיט פחדנות. איך ווייס, אַז ווען מיין פריינט לואיס שיין, איז געווען באַקאַנט מיטן געשמאַק־אינטימען נאָמען — לייבקע נאָסקעס, איז ער מיט גרויס פרייד געגאַנגען אַ גרייטער שטאַרבן אויף די באַריקאַדן.

פון דעם איז צו דרינגען, אַז עס איז יאָ פאַראַן פרייד, וואָס ברענגט

נענטער צו גאָט. פֿאַר אים דעמאָלט איז עס געווען די דערנענטערונג צו דעם סאָציאַליסטיש־זשאַרגאָנישן פּזמון: „פֿרייהייט, גלייכהייט און ברי־דערלעכקייט". אַ פּזמון, וואָס ער האָט אָנגענומען מיט אַזוי פֿיל ערנסט־קייט, אַז ער איז אַפֿילו גרייט געווען זיך מקריבֿ צו זיין און טאַקע מיט פֿרייד. דאָס מיינט, אַז דער ענין פֿון צוגאַנג צו טויט, איז רעלאַטיוו.

ווי עס ווייזט אויס פֿון שייַנס בריוול, גייט עס ניט אַזוי אין דער שטימונג, וואָס דאָס ליד ברענגט, נאָר אין דעם, וואָס ער אַליין זאָגט: „איך בעט איך, זאָגט מיר, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ גערעדריי פֿון ווערטער און געדאַנקען?" ווייטער: „עס קען זיין, אַז איך, אַלס איינפֿאַכער לעזער, קען ניט באַנעמען דעם היכן גראַד פֿון זיין ליד, אָבער די לעזער פֿון דער פֿרייע אַרבעטער שטימע' זיינען דאָך ניט אַלע אַזוי באַגאַבט, וואָס אַלץ פֿאַרשטייען זיי?"

אונטער אָט־דעם תּמ'עוואַטן זאָג „ניט פֿאַרשטייך", איז פֿאַרבאַהאַלטן זייער אַ סך „ביטראָסט" און איבערקליגלקייט. אָנמעסטן אויף דעם אַ פּראָווידיאַנישן מעטאָד, מיינט עס, אַז דער לעזער איז נעבעך אַ קרבן פֿון שרייבער, וואָס „דרייט ווערטער און געדאַנקען" און אַזוי ווי ער, דער לעזער, פֿאַרשטייט ניט, קומט אויס, אַז דער שרייבער איז אַ נחדניק, אַ גאַרניט און אַ „טשייניק־האַקער". ווען אַ לייענער דענקט אַזוי וועגן אַ שרייבער, ווערט ער דער, דער לייענער, ביי זיך מערער חשובֿ און תּקיף. ער שטעלט זיך איבערן שרייבער. דער שרייבער איז אַ צעטומלטער מענטש, אַ בטלן. אָבער ער, דער לעזער, איז אַ גראַדליניקער, אַ גרויסער בר־דעת מיט אַ לאָגישן קאָפּ.

דער ענין פּאָעזיע לאָזט זיך ניט אָפּפּטרן מיט אַ מאַך מיטן האַנט, אַז מען פֿאַרשטייט ניט.

פּאָעזיע איז ניט קיין ענין פֿאַר פֿאַרשטיין, נאָר דערפֿילן. עס איז ניט קיין פּאָליטיש־עקאָנאָמישע טעאָריע; פּאָעזיע איז אויסערן גבֿול פֿון דיאַלעקטיק.

פּאָעזיע רעגט אָן דעם געפֿיל און, פֿאַרשטייט זיך, אַז אויב דער לע־זער לייענט פּאָעזיע ווי אַן אַדווערטאַיזמענט קען עס פֿאַר אים זיין ניט נאָר נישט קלאָר, נאָר פּשוט משוגעת.

אין טאָג־טעגלעכן געברויך באַנוצן מיר זיך מיט קלאָרע מיטלען און צייכנס. איינס און איינס איז צוויי; אַ טיש קען ניט זיין קיין בענקל, און אַ טיר איז ניט קיין פֿענצטער.

פּאָעזיע נעמט זיך ניט אונטער קלאָר צו מאַכן אָנגענומענע פֿיזישע באַגריפֿן און צייכנס. שפּראַך־מיטלען נוצן אַלע, אָבער שפּראַך איז ניט נאָר אַ מיטל אויף צוזאַמענריידן זיך וועגן שאַפֿ־ענינים, וועגן קליידער,

אָדער וועגן אַנדערע באַדערפענישן, וועלכע האָבן קאָנקרעטע נעמען און באַצייכענונגען. נאָר אויך אַן אופן פון אויסדריקן געפילן, שטימונגען און זעאונגען.

ס'איז אויפן זעלבן שטייגער ווי קלאַנגען אין האַרמאָנישער פאָרם שאַפן מוזיק, ווי אַ פאַרב־האַרמאָניע שאַפט מאָלעריי א. אַז. וו.

ווען איר זעט אַ רעגנבויגן, ווערט איר זיך ניט אַוועקשטעלן פרעגן, וואָס פאַר אַ כעמישע עלעמענטן שאַפן עס די פיל־קאָלירקייט. אפילו ווען מען ווייסט דעם טייטש, איז די התפעלות דעמאָלט ניט אויף דער דערקלערונג פון די פיזיקער, נאָר אויף דער דערשיינונג פון רעגנבויגן.

ניט אַלץ קען דערקלערט ווערן דורך איינפאַכקייט. עס איז פונקט ווי מען קען ניט דערקלערן די אייביקע פראַגן פון קינדער: „ווי הויך איז עס?" אָדער „פאַר וואָס איז עס אַזוי?" ער אַלייך נוצט טערמינען, וואָס ער קען ניט דערקלערן. אַ שטייגער: „דאָס טעלערל פון הימל".

אַלץ וואָס מיר קענען זען און הערן אָן אָנשטרענגונג איז קלאָר.

זען קלאָרע הימלען, הערן קלאַנג פון גלעקער, פאַרשטיין אַ גוטן טע־לעפאָן־שמועס, אָט־די אַלע באַגריפן פון פאַרשטענדלעכקייט, ווען מיר ווענדן עס אָן אויף פאָעזיע, מוז די פיזישע באַדייטונג פאַרלירן דעם ווערט.

לאָמיר עס דעם פריינט שיך, וועלכער, ניט ווילנדיק, באַנוצט אין זיין אומגאַנג־שפּראַך פאָעטישע טערמינען, וואָס זיינען איבער פיזישע באַ־דייטונגען, געבן צו דערקלערן מיט אָט־דעם משל: אַלץ וואָס מיר קע־נען באַנעמען פיזיש איז קלאָר. ווען מיר זוכן צו גרייכן אַ גאַס און גע־פינען דעם נומער פון אַ הויז, איז אַלץ פאַר אונדז קלאָר פאַרצייכנט, דאָס איינציקע וואָס בלייבט צו טאָן איז זיך נאָכפרעגן. ווען מען קריגט די דירעקציעס גייט מען אָן שוועריקייטן צו די דריי בלאָק לינקס, די צוויי בלאָק רעכטס און גלייך צום נומען 35. דאָס איז זייער איינפאַך און עס איז גאָר קיין אָנשטרענגונג נישט עס צו פאַרשטיין. און אויפקלערן עס קען אַ ליאַדיע פאָליציסט.

אויב ליטעראַטור און פאָעזיע בתוכם, דאַרפן געמאָסטן ווערן לויט דעם שטייגער דעמאָלט איז אָך־און־וויי צו אונדזער גאַנצער קולטור. דע־מאָלט קענען מיר רואיק אַריינגעמען טעלעפאָן דירעקטאָריס און שפּייז־מעניוס אין צעטל פון ליטעראַטור. ווייל זיי זיינען ניט נאָר קלאָר, נאָר איינפאַך און פאַרשטענדלעך. לויט דעם באַגריף דאַרפן טעלעפאָן־ביכער, מעניוס א. אַז. וו. אָנגענומען ווערן ווי אַ געהויבענע פאָרמע פון קלאָרן אויסדרוק.

פאָעזיע קען ניט האָבן אָט־די קלאָרקייט פון אַ צייטונגס־אַרטיקל, וואָס

דאַרף אינפאָרמירן און פאַרטייטשן לויפיקע געשעענישן.

פּאָעזיע גיט ניט נאָר איבער אין מינימום ווערטער מאַקסימום געדאַנקען, נאָר גיט אויך איבער געפילן, פאַרבעס, געראַנגל און וויזיע.

צו דערפילן, ניט פאַרשטיין פּאָעזיע, דאַרף דער לייענער אַליין זיין מסוגל צו ווערן אַ פּאָעט. ער דאַרף זיין אַזוי סענסיטיוו כדי צו קענען אויפנעמען דעם געפיל פון פּאָעט און זיך באַהעפטן מיט זיין וויזיע. דאָס ליד ווערט דעמאָלט אַ פאַרמיטלער צווישן לייענער און פּאָעט.

ניט אַלץ קענען עס באַנעמען. ניט אַלץ בכלל קענען מענטשן באַנעמען. עס מיינט אָבער ניט, אַז אויב אַ מענטש קען ניט דערפילן קיין ליד ווערט עס דורך דעם פאַרמינערט. עס זיינען פאַראַן אַ סך זאַכן וואָס גייען אָן אין און אַרום דעם מענטשן, וואָס ער קען ניט דערפילן און אויפנעמען. און פאַרקערט, זיינען פאַראַן זאַכן אין געשעענישן, וואָס ער נעמט יאָ אויף. מערסטנס זיינען עס קלאָרע, באַלדיקע קעגנשטאַנדן.

צו פּאָעזיע דאַרף מען זיין גרייט עמאָציאָנעל און זיך איבן דורך לייענען אַ סך. פּונקט ווי מען מוז קולטיווירן דעם אויער כדי צו דערפילן דעם פאַרנעם פון מוזיק, פון אַ בעטהאָווען סימפאָניע. דער געזעץ איז דער זעלבער.

אָבער וואָס פאַרשטייט יאָ דער לאַנדסמאַן שיין, שייך פּאָעזיע?

זיין פּאָעטישע דערציאונג שטאַמט פון די רעוואָלוציאָנערע לידער, וואָס ער האָט געזונגען ווען ער איז נאָך געווען לייבקע באָסקעס, און פון די סענטימענטאַלע לידער, וועלכע האָבן מיט אָרעמע שפּראַך־מיטלען צום גראַם איבערגעגעבן די אָפּקומעניש פון „אַ געזינד זאַלבע אַכט”.

פון יענע יאָרן איז שוין אָפּגעגאַנגען אַ גאַר ווייטער מהלך. אפילו לייבקע באָסקעס איז שוין ניט דער זעלבער, ער איז איצט לואיס שיין, און פון לייבקע באָסקעס ביז לואיס שיין, זיינען אַ סך וויכטיקע און גרויסע זאַכן געשען אין דעם שטיגער לעבן פון יחיד און פון דער געזעלשאַפט.

שפּראַך איז נאָר איינגעגליווערט ווען זי ליגט אין אַרכיוו. אַ לעבעדיקע שפּראַך וואַקסט און אַנטוויקלט זיך. און צוזאַמען בייטן זיך מענטשלעכע באַגריפן און באַנוץ־מיטלען ענדערן זיך.

דער היינטצייטיקער פּאָעט מוז די נייע באַגריפן און שטייגערס געבן נייעם אויסדרוק און נייע פאָרמע.

דעם פּאָעטס מאַטעריאַל איז וואָרט און שפּראַך, ווי ביים מוזיקער — קלאַנג און ביים מאָלער — פאַרב. ער דאַרף דורך אָט־די באַגרענעצטע מיטלען, וואָס שפּראַך און וואָרט דאַרפן געשטאַלטיקן, איבערגעבן זיינע געפילן און זעאונגען, און ס׳איז פאַרשטענדלעך, אַז אַ סך פון זיינע זעאונגען, וועלכע קריגן אַ תיקון דורכן וואָרט זאָלן זיין ניט קלאָר. אַמאָל דוכט זיך

דעם לייענער, אַז די שולד איז די ניט קלאָרקייט פון וואָרט. ווי אַ כלל אָבער איז די שולד — אָפּגעשטאַנענקייט און באַגרענעצטער באַנעם פון די וויזיעס און שטימונגען, וואָס דער פּאָעט האָט אַריינגעטעמט אין וואָרט.

אַ פּאָעט איז לויטן פּאָפּולערן באַגריף — אַ בעל־חלומות. האָט לואיס שיין פאַרנומען אַלע חלומות, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן צום מענטשן? אַ טייל פון די חלומות זיינען רעאַליזירט געוואָרן, אָבער זיי האָבן געקראָגן אויסדרוק אין מעכאַנישע פאָרמען.

פּאָעזיע איז ניט קיין מעכאַנישער שטייגער. פּאָעזיע קען נאָר רעאַליזירט ווערן ווען דער לייענער ווערט אַ שותף צום פּאָעט. אויב דאָס געשעט ניט, איז פּאָעזיע ניט נאָר ניט קיין פאַרשטאַנענער ענין, נאָר פּראָסט און פשוט אַ טויטע פאָרמע פון אויסדרוק פאַר דעם געפיל־גלייכגילטיקן לייענער.

# דער פּאָעט זוכט זיך

(משה שטיינגאַרטס „אַליין")

מאָדערניזם אין פּאָעזיע איז בחינה פון אַ מעסער מיט טעמפּע קלינג־לעך. זען זעט עס אויס מיטן אויסזען פון אַ מעסער, טאָן עפּעס מיט אים קען מען ניט; עס שניידט ניט.

מאָדערניסטישע דיכטער ליגן אַלע מאָל איבערגעצויגן מיט אַ צודעק. זעלטן אַז עמיץ פון זיי זאָל אַביסל אַרויסרוקן דעם קאָפּ. מחמת זיי רעדן פון צודעק אַרויס, איז דער קול דומפּ און ניט קלאָר.

משה שטיינגאַרט, אַ געפאַנגענער אין דער מאָדערניסטישער תפיסה, וואַרט אָפּ אַביסל דעם צודעק, מחמת ער וויל כאַפּן פרישע לופט קען מען הערן, דערגייט אַמאָל אַ זינפול וואָרט. און אַז מען שטרענגט אָן דעם געהער ווי געהעריק ווערט מען פאַרגאַפט דערשטוינט: ער רעדט ווי אַ פּאָעט דאַרף רעדן, עס קומען אויף קלאָרע ווערטער. מיט אימפּעט און נייגיר וויל מען זען ניט פאַרשפּעטיקן קיין איין זילבּ זיינס, מחמת ער קען גאָר באַלד צוריק פאַרשטיקן זיך מיטן צודעק.

משה שטיינגאַרט וויל גראָד זיך אַרויסצורייסן פון דער פאַרשפּאַרטקייט, ער וויל אַרויס פון דער תפיסה. אַ סך מאָל גיט זיך אים איין, נאָר עס טרעפט אויך ביי אים — ער דערשרעקט זיך פאַרן דרויסן, פאַר דער קלאָרקייט פון טאָג און ער לויפט צוריק אין געפאַנגענשאַפט.

משה שטיינגאַרט האָט מורא פאַר ראָמאַנטישקייט, זיין ראָמאַנטישקייט איז — „ראָמאַנטיק". אין ראָמאַנטיק בענקט מען ניט, מ'צערטלט ניט מ'נעמט אויך ניט פאַר עדות די ראָמאַנטישע דעקאָראַציע — די לבנה און שטערן. אין „ראָמאַנטיק" זאָגט ער: „איך קום נישט צערטלען דיינע האָר, וואָס זיינען קיינמאָל בלאָנד נישט געווען, נישט קוקן אין דיינע טויאיקע אויגן, וואָס זיינען קיינמאָל בלוי נישט געווען". צוליב וואָס מאַכט עס שטיינגאַרט אַזאַ גאַנג? צוליב: „איך קום דיר בלויז אַ קוש געבן — אַ גוטע נאַכט זאָגן און נישט זיין". אַ קוש געבן; אפשר פּאָטערלעך אויפן שטערן.

אָבער מ'טאָר ניט טועה זיין. אָט דאָס „ראָמאַנטיק" ליד איז אַ שטי־מונגספולע, אַ בענקענדע, אָנגעפּילט מיט צאַרטע רייד, דערהויבן צו אַ רעזיגנאַציע, באַזונדער אין לעצטן פערז פון דעם דריי־פערזיקן ליד.

דאָס ליד „ראָמאַנטיק" גיט אַ געלעגנהייט זיך צו באַקאָנען מיט

משה שטיינגארטס פּאָעטישן אָטעם און די שטימונג פון זיינע לידער אין בוך „אַליין". ס'איז סימבאָליש פאַרן געפיל פון דיכטער, וועלכער דערוויסט זיך אין זיין איינזאַמקייט, אַז ער איז אַן אַליינינקער און ניט אין דער פּאָעזיע, נאָר אין דער וועלט, אין דער סביבה און דער מענטשלעכער געמיינדע.

די שטימונג פון „אַליין" — מאַכט קאָנטיק אַ געשטאַלט פון אַ דיכטער, וואָס קען זיך ניט אַריינוואַקסן אין דער גרויקייט פון פיליסטערישן סדר. דער דיכטער קען זיך ניט איינשפּאַנען אין דעם „שאַלן", דעם „שרייען" און „קלאַפּן" — אין דעם וויר־וואר וואו מען הערט נישט קיין קול, נאָר אַ גרויס געוויי, וואָס עס טראָגן אָן די געשרייען אפילו פון די פלייטן און די פידלען.

דער דיכטער משה שטיינגארט איז אַליין — ער איז אַ שוויגער און אויב ער רעדט, איז דאָס צו זיך. ער שמועסט צו זיך, ווייל ער זוכט נאָך אַלץ דערקונדיקן ווער ער איז. ער פּרובירט זיך דערקענען: „איך בין איינהאַלט פון האַרבן וואָרט און חלום פלאַטערדיקן זאַץ — ווער וועט זערשפּירן דאָס קאָכיק בלוט פון שטאַר פאַרהלומטן שוויגער?" און מחמת דעם, וואָס ער איז זיכער, אַז קיינער וועט נישט נאָר ניט דערשפּירן, נאָר וועט זיך ניט אָפּשטעלן אַ בליק צו טאָן אויפן שווייגער. פאַרשטאַרקט ער זיין זעלבסט־דערקענטעניש: „מיין וועג איז טיפער, איינזאַמער, באַזונדער". אָבער ער איז פאָרט ניט אַליין, ער ווערט באַגלייט. „ס'איז מיין האַרץ אַ פלאַם וואו איך וואַרעם מיך אָן".

דער דיכטער, דער „אַליין", דער איינזאַמער און באַזונדערער, האָט אַ פלאַמיק האַרץ, וואָס ניט נאָר וואַרעמט עס אים, נאָר צינדט אים אויך אָן, און אין טאַנץ, וואָס ברענט אויף אין אים, טראָגן זיך פונקען ביז די הימלען און דאָרטן ווערן זיי שטערן.

---

משה שטיינגארט איז אַ יוצא מן הכלל צווישן די מאָדערניסטישע דיכטער. ער זוכט גראָד געבן זיין ליד זין. אויף אַ מין שטייגער איז ער אַן עקזיסטענציאַליסט. ער, ווי אַן „אַליינינקער", וואָס איז במילא דער גורל פון יעדן עכטן קינסטלער, עסטעט און עטיקער, פרעגט כסדר: „ווער בין איך? וואָס איז דער באַדייט פון מיין עקזיסטענץ ווי אַן אויסגעטיילטער יחיד?" ער זוכט אַן ענטפער אויף דעם, אַן ענטפער, וואָס אפילו די וויכטיקע באַגרינדער פון עקזיסטענציאַליזם: פּאַסקאַל, קירקעגארד, דאָסטאָיעווסקי, ניטשע און מאַרקס האָבן נישט געהאַט קיין באַשייד.

משה שטיינגאַרט, דער איד, ווייסט, אַז אידישקייט, די תּורה האָט דעם ענטפער. זיין איז נאָר באַשערט כדי דינען דעם בורא עולם, לויבן אים און פרייען זיך מיט זיין באַשאַף. און אָנזאַמלען אַ סך מעשים טובים.

אָבער, משה שטיינגאַרט, אַ קינד פון זיין צייט, פון אַלצאַיינס, וואָס אין אים: „זיצט דער ברוגז פון צעוואונדיקטע נעכט״, קען עפּעס ניט פועלן אָנצונעמען דעם אידישן תּוכיקן און זינפולן באַנעם פון אונדזער זיין. מחמת „מיר זייגען די שטרוי־זעק פון אַ רייף פאַרשניטן פעלד [?], דער עכאָ פון אַ נאָכגעלאָזטן בויגן. מיר ציילן אונדזער ווילן אין אייביק אַריין און אונדזער דויער, אין נעפּל פון באַהויכטער שויב״.

ווי אַזוי קענען מיר וויסן דעם באַדייט, דעם זין און טעם פון זיין, אַז מיר לעסטערן גאָר דעם בורא עולם? „מיר זינגען לידער פון טויטע לעבנס און פאַרפּילדערן דיין געזאַנג מיט אויסגעטראַכטער פרייד. מיר נערן זיך אויף אומעטיקן הונגער און לעסטערן דיין נאָמען מיט תּמימות־דיקע רייד. נאָר דו באַזינגסט מיט זין אונדזער אַלעמענס אומזין. מיר גלויבן אין אומגלויבן פון פאַרהוילענעם גאָרנישט. מיר פלאַסטערן אַלע וועגן פון אייגענער פאַרלענדונג. און דער גרעסטער אומזין זיינען מיר און פרוכפּערן אונדזער געלעכטער קעגן דיר, אָ, מיין גאָט!״

**
*

אַ סך לידער משה שטיינגאַרטס אין בוך „אַליין״ האָבן אַ גאָר וואונ־דערלעכן פּאָעטישן טעם. אַ טייל האָבן פאַרנעם, קלאַנגפולקייט, אַ פער־זענלעכן טאָן און ועל־כולם זינפולקייט.

משה שטיינגאַרט איז נישט קיין רוישיקער, אומרואיקער פּאָעט. אָבער אין אַלע לידער כמעט לאָזט זיך דערקענען אַ ברויזיקייט און אימפּעט.

משה שטיינגאַרטס ליד פאַראינטערעגירט ניט, אָבער עס פאַראינטע־רעסירט. אַ סך מאָל געפינט מען אָן שטרויכלונגען און דאָס אויפנעמען אַ ליד ווערט שווער. אָבער מען מוז זיך קענען אַריינלייענען אין זיינע לידער. משה שטיינגאַרט צינדט ניט אָן. ער לאָזט אָבער אויך ניט גלייכ־גילטיק.

משה שטיינגאַרט איז אַן ערנסטער מענטש און דיכטער. ער האַלט זיך אין כסדרדיקן זוכן; ער ראַנגלט זיך אַרויסצופּלאָנטערן פון די מאָ־דערניסטישע צוזעקאַכצן. זיין עכטקייט, זיין ערנסטקייט און שכל הישר וועט אים העלפן זיך אויפזוכן.

„דו, וואָס האָסט מיך געגעבן דעם כּוח זיך צו ראַנגלען
מיט דעם אייביקן סוד פון טאָג און נאַכט,
וועסט אויסלעשן מיינע אויגן —

מיט אַ לעצטן בליק אין גאָרנישט אַריין.
און איך וועל דיר באַווייזן
מיט דעם נישט דערלאָשענעם פלאַם וואָס הערט
אַרויס ברעג פון מיין צאַפלדיקער ליפ.

און פאַרשטילן וועסטו מיך מיט לעצטן וויג־ליד.
זינגען וועסטו מיך פון אייביקן ראָד וואָס דרייט זיך
אַריבער די דעכער פון צייט און טויט...
אַריבער די ליכטער וואָס פלעמלען אין געלאָקער
פון מיינע נישט געזעטיקטע אויגן.

און קומען וועל איך צו דיר מיט ליידיקע אָרעמס.
מיט געלע פינגער פון אָפּגעגאַנגענעם בלוט.
און דו וועסט צונעמען מיין פאַרגיין
ווי אין בראַנד אַן אונטערגעגאַנגענע זון.

# אויף אַ שרייבערישער מסיבה

(מרדכי ירדנים „אינטערוויום מיט אידישע שרייבער")

אַ סך שרייבער האָבן פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פּראָגראַמען, אָבער זייער שרייבערישער קרעדאָ איז פאַרהוילן. ס'זיינען פאַראַן שרייבער, וואָס נעמען נישט אפילו די מי צו פאַרטראַכטן זיך וועגן זייער באַציאונג צו ליטעראַטור און ליטעראַרישע ענינים. מחמת דעם איז צו לויבן מרדכי ירדנים אויפטו פון אויפזאַמלען צען (סימבאָליש אַ מנין) שרייבער און דורך שמועסן מיט זיי לאָזן דעם אידישן דעת־הקהל זיך דערקונדיקן, זייערע שטימונגען און אָפּשאַצונגען פון און וועגן ליטעראַטור.

נאָך אַ וויכטיקן צוטראָג האָט געמאַכט מרדכי ירדני, און דאָס איז: אָנרעגן די שרייבער, זיי זאָלן זיך אָפּרייסן פון דעם שרייבער־רוטין און נעמען אָפּגעבן אַ חשבון־הנפש טאָקע וועגן תוך פון דער אידישער ליטעראַטור.

בכלל רעדן זיך שרייבער זעלטן צוזאַמען וועגן עניני־ליטעראַטור. ווען מ'איז געווען יונג און שרייבן איז געווען עפּעס אַ מלאכת־קודש, מ'האָט געציטערט איבער יעדן וואָרט און יעדער שורה האָט גע־מוזט האָבן אַ באַדייט, דעמאָלט איז דער אויסטויש מיט געדאַנקען און שטימונגען געווען אַ מין סדר־היום צווישן שרייבער. פאָעטן פלעגן ביי יעדן געזעמל פאַרלייענען זייערע לידער און נישט נאָר אין געזעמל, אינ־מיטן גאַס פלעגט מען זיך אָפּשטעלן און לייענען לידער איינער פאַרן אַנדערן.

די דערהויבונג און יום־טוב האָט זיך שוין אָפּגעטאָן סיי פון שריי־בער און במילא פון דער ליטעראַטור, ווען יונגקייט מיידט איצט אויס. אָט־די קללה, ווייזט אויס, איז באַפאַלן דאָס גאַנצע אידישע לעבן. מרדכי ירדני, וואָס איז אַן ענטוזיאַסט און גרויסער בעל־בטחון, טיילט אויך מיט זיינע שטימונגען בנוגע דער ירידה פון חזנות. אין זיין אַריינפיר צום אינטערוויו מיטן דיכטער ב. י. ביאַלאָסטאָצקי דערציילט מרדכי ירדני, אַז זיין ליבע צו זינגען און די גרייטקייט עס צו טאָן ביי יעדער געלעגנ־הייט, האָט אים צווישן די פּראָפעסיאָנאַלן געשאַפן דעם טיטל „אַ גרינער אויף דער פור". ער פלעגט זיך נישט לאָזן בעטן אויף יעדער מסיבה, וואו ער האָט געזאָלט אונטערהאַלטן מיט געזאַנג. אָבער, פירט אויס ירדני: „איצט נישט מערער". פאַרוואָס? „מחמת דאָס אַרומיקע אי־

דישע לעבן איז גרוי און וואַכעדיק, אַ גייסטיקער מדבר — עפּנט זיך נישט דאָס מויל צו זינגען".

אַזוי טראַגיש האַלט נאָך נישט אין דער אידישער ליטעראַטור. מ'שרייבט לידער, מ'דרוקט ביכער. אָבער עס פעלט דער בטחון אין קיום. עס קומען נישט צו די, וואָס דאַרפן ממשיך זיין אידישע גייסטיקייט דורכן אידישן לשון. דערפאַר דאַרף מרדכי ירדני געלויבט ווערן פאַר דער מי, וואָס ער האָט אַריינגעטאָן כדי צו געבן דעם קינפטיקן ליטעראַטור־היסטאָריקער און פאָרשער אַ געלעגנהייט זיך צו באַקאָנען מיטן מצב פון דער היינטצייטיקער אידישער ליטעראַטור, וואָס איז אַזוי בולט דעמאָנסטרירט אין די ירידה־שטימונגען פון די צען שרייבער אין זייערע שמועסן מיט מרדכי ירדני.

**
*

מרדכי ירדניס „אינטערוויוס מיט אידישע שרייבער" איז אַ סימפּאָזיום, אויף וועלכן עס ווערן אַרומגערעדט אַ סך ענינים פון דער אידישער ליטעראַטור. ער האָט דאָ געגעבן שרייבער די געלעגנהייט צו האָבן אַ געדאַנקען־אויסטויש, וואָס דאָס אַליין איז אַ זעלטנקייט ביי אונדז. באַזונדער האָט יעדער פון זיי זיכער זיין מיינונג וועגן ליטעראַטור. אָבער צען שרייבער אַרום דעם פיגוראַטיוון „רונדן טיש" זאָלן זיך פאַרנעמען מיט ליטעראַטור ענינים איז אַ גאָר וויכטיקע געשעעניש. מרדכי ירדניס אויפטו איז געווען צו זען, אַז די שמועסן זאָלן נישט גיין לאיבוד, מען זאָל זיי נאָר אויפזאַמלען און איינהיטן אין אַ בוך, וואָס דאָס אַליין גיט די געלעגנהייט צו קענען זיי אויפזוכן און זיך באַקענען מיט זייער פאַרשיידנאַרטיקער אַנדערשקייט פון דענקען, וואָס דאָס אַליין איז דאָך אַ חידוש.

אין דער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע האָט מען ווינציק גערעדט אין דער טיף וועגן ענינים פון ליטעראַטור. מ'האָט זיך געקריגט, געאַמפּערט, אָבער אויפשטעלן אַן ערנסטע ליטעראַטור־קריטיק איז קיינעם נישט איינגעפאַלן. עס האָבן זיך אויסגעהאָדעוועט רעצענזענטן, מבינות־זאָגער, אָבער אַ גרינטלעכע ליטעראַטור־קריטיק איז ביי אונדז נישט צושטאַנד געקומען. די סיבה ליגט אין דעם, וואָס, ראשית, האָט דער אידישער שרייבער געהאַט אינזינען בלויז זיין ליד אָדער מעשה, און ממש באַלד טאַקע געזוכט איינמאָנען אַביסל לויב, נישט אָפּשאַצונג. והשנית, אַ סך אידישע שרייבער זיינען צו־יונג געוואָרן ציניקער. אַ שבח קומט דער גרופּע „אינזיכיסטן" מיט גלאַנץ־לעיעלעס און יעקב גלאַטשטיין בראש,

וואָס האָבן געזוכט צו סטימולירן אַן אינטערעס אין ליטעראַטור־קריטיק.

אין מרדכי ירדניס בוך „אינטערוויוס מיט אידישע שרייבער" רעדן צען שרייבער ערנסט וועגן אַלע סיבות (איינגעשלאָסן דאָס אויספעלן פון אַ ליטעראַטור־קריטיק), וואָס האָבן גורם געווען די ירידה אין דער אי־דישער ליטעראַטור. אַחוץ דעם באַקאַנט מען זיך מיט צען באַזונדערע שרייבערישע פּערזענלעכקייטן, וועמענס ליטעראַרישע דערציאונגען און השפּעות זיינען פאַרשיידנאַרטיק און אַנדערשדיק.

***

די ירידה אין אונדזער ליטעראַטור איז פאַרגעקומען מחמת אידן האָבן גענומען זיך אָפּקערן פון אידישן לשון. אַריינגעשליידערט די אַסי־מילאַטאָרישע טענדענצן ביי דעם אַמעריקאַנער אידן האָבן די אויסוואַנ־דערונגען, דאָס אָפּרייסן זיך פון אידישן שורש; די פרעמדקייט און פאַר־לוירנקייט פון אַריבערגעקומענעם, איז געוואָרן אַ ציל פאַר אַלערליי אַסימילאַטאָרן די סאָציאַליסטן, אַנאַרכיסטן און די אַנדערע פון זייער מין אָפּצואווענדן דעם אידישן מענטשן פון זיינע טראַדיציעס און שאַפן נישט בלויז אַ ווידערווילן צום אידישן סדר פון דורות, נאָר אויך אים לערנען ער זאָל האָבן אַ ביטול צו זיין אייגענעם לשון. דער ציל פון די אַלע אַנשיקעניישן אויפן דערשראָקענעם אידישן אימיגראַנט איז געווען: פּראָפּאַגאַנדע פאַר מאָדנע פרעמדע אידייען און נישט פאַר אי־דישן המשך.

מען שניידט איצט, וואָס ס'איז דעמאָלט פאַרזייט געוואָרן. די צען שרייבער, מיט וועלכע מרדכי ירדני שמועסט, רירן טאַקע אָן אָט־דעם טראַגישן פאַקט, און יעדער באַזונדער גיט אַן אַנדער אָפּשאַצונג וועגן די סיבות, וואָס האָבן גורם געווען די ירידה אין אידישן לעבן און במילא אין דער אידישער ליטעראַטור.

דער דיכטער ב. י. ביאַלאָסטאָצקי איז אַ בעל־בטחון. טראָץ דעם, וואָס ער גלויבט, אַז די בלי־צייט פון אידיש איז פאַראיבער, מאַכט ער אַ הנחה: „נאָכן בליען קומען בלעטער, רייפקייט. אויך נאָכן בליען קען אַ בוים זיין שיין. לאָמיר דעם בוים נישט אַרונטערהאַקן, כל־זמן ער יואָקסט און גיט אַרויס פירות" (אויב ער גיט אַרויס פירות בליט ער דאָך).

פון דעם וואָס דער חשובער דיכטער ב. י. ביאַלאָסטאָצקי האָט גע־זאָגט, קען מען ניט דערגיין פאַר וואָס די בלי־צייט פון אידיש איז פאַר־איבער און ווער ס'האָט געהאָלפן אָפּשטעלן די בליאונג. די טרייסט, ביאַלאָסטאָצקיס, אַז נאָכן בליען קען דער בוים אויך זיין שיין. איז בלויז מליצה. זיין האָפענונג, אַז אין די שטאַטן פאַרמירט זיך אַ אידיש־רע־

ליגיעזן לעבן, און די „רעליגיעזע מאָטיוון, מיסטיש־רעליגיעזע וועלן אויפקומען אין אידיש, איז נישט מערער ווי אַ פראַזע. די וועלטלעכע אידן האָבן דערוויל דערגרייכט איין ציל פון זייערע אַסימילאַטאָרישע פאַרזוכן: אָפּפרעמדן דאָס אידיש קינד פון אידיש, מחמת זיי האָבן אים נישט געגעבן קיין תוך, קיין אינהאַלט. פון רעליגיע אָפּפרעמדן האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן. דער אַמעריקאַנער איד קומט צוריק צום שורש פון אידישן קיום — צו רעליגיע. מחמת די אידישקייט פון וועלטלעכן איד איז פוסט, ליידיק, אָן תוך און איז אייביקע וואָך.

דער נאָוועליסט יצחק באַשעוויס, נעמט־אויף דעם ענין מצב פון אידישער ליטעראַטור ברייטער און דערפאַר פאַרנעמלעכער. ער ווייזט אָן, אַז ליטעראַטור גייט וואו דאָס פאָלק גייט. ב'ישטאָ קיין אַנדער אופן פאַר שאַפן דעם קיום פון ליטעראַטור. יצחק באַשעוויס דערמאָנט וועגן צוויי שטראָמען אין אידיש־אַמעריקאַנעם לעבן: אַסימילאַציע און צוריקקער צו רעליגיע. די אַסימילאַטאָרן בויטיקן זיך נישט אין אידיש. די רעליגיעזע — וועגן זיי קען מען נאָך נישט וויסן צי אידיש וועט האָבן אַן השפעה אויפן אידיש קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. ס'איז קשה און נישט קלאָר, ווען מ'רעדט וועגן אידיש, צי מיינט מען אידישן גייסט, צי אידיש־לשון?

יצחק באַשעוויס באַשולדיקט, אַז אידישע שרייבער זיינען שותפים אין שאַפן די ירידה, מחמת זיי האָבן איבערגענומען פון דער אַמעריקאַנער גאַס די מידה פון רעקלאַמע און קאָמערציאַליזם. באַשעוויס אויספיר: קליקעס טויגן נישט מחמת זיי שפּילן פּאָליטיק. דער מוסר־השכל: דער אמתער קינסטלער באַהעפט זיך מיט דער פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט פון פאָלק.

דער שריפטשטעלער ב. צ. גאָלדבערג, האָט אָנגערירט אַ חולאת, וואָס איז געוואָרן דער מלאך המות פאַר דער אידישער ליטעראַטור. ער ווייזט אָן, אַז די צדקה־פאָנד אַגענטורן זיינען געוואָרן אַן אינדוסטריע און מחמת דעם האָבן זיי אַרויפגעלייגט אַ טויטע האַנט אויפן אידיש־שעפערישן לעבן. ב. צ. גאָלדבערג מאַכט די שווערע באַשולדיקונג, אַז נישט בלויז די צייטונגען, די רעדאַקטאָרן און אַרויסגעבער זיינען אין דער אַרענדע פון רעליף־אָרגאַניזאַציעס, נאָר אַז „מיטן כוח פון וועכנטלעכע טשעקס, זיינען אידישע שרייבער „געצוואונגען” צו פאַרקויפן זייער געוויסן און פאַרוואַנדלען זיך אין „טשאַרלי” מעקאַרטיס”. וואָס מיינט: נאָכזאָגער, קוקלעס אין די הענט פון די בויך־רעדנער.

דער סובטילער הומאָריסט חיים גוטמאַן (דער לעבעדיקער), רעכנט די סיבות פאַר ירידה צו צו דער פרימיטיווקייט און אויך אַסימילאַטאָ־

רישקייט פון די וואָס האָבן געשאַפן די אידישע ליטעראַטור און פרעסע אין אַמעריקע. די מחנה איז באַשטאַנען פון: משכילים, האַלב־געבאַקענע אינטעליגענטן, דריי־פערטל אַסימאַלאַטאָרן און קרענקלעך פאַרליבטע אין די רוסישע און דייטשע שפּראַכן און ליטעראַטורן. אַחוץ דעם ווייזט חיים גוטמאַן אָן אויפן אמת, אַז די מערסטע טאָן־געבער אין דער פרעסע און ליטעראַטור זיינען געווען פאַרטיי־פירער, פּאָליטישע מענטשן, וואָס זייער ציל איז געווען: פּראָפּאַגאַנדע פאַר סאָציאַליזם, אַנאַרכיזם, פריידענקעריי און אַנדערע אַנשיקעניש.

חיים גוטמאַן רעדט פון דער אַסימילאַטאָרישער טענדענץ צווישן דער אידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט קאָקעטירט מיט „איסט־בראָדוועיסקאַיא אול־צאַ״. די אידישע רעדאַקטאָרן, שרייבער, פירער, זיינען גאָר עמאָציאָנעל געווען אין רוסלאַנד. אידיאיש האָבן זיי געלעבט מיט דער האָפענונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

חיים גוטמאַן מאַכט אויך די באַשולדיקונג, אַז אידישע שרייבער האָבן נישט אויפגענומען די גייסטיקע ווערטן פון היגן לעבן, ווען זיי האָבן זיך אַ קער געטאָן מיטן פּנים צו אַמעריקע, נאָר — „דאָס וואולגאַרסטע, ביליקסטע, שרייענדיקסטע און ערגסטע, מיט האַק און פּאַק — און נאָך אַ סמיטשיק אַריבער״. אין דעם געיעג האָט מען נישט נאָר פאַרלוירן די אידעאַלן, נאָר אויך — „די אייגענע פּנימער. מ׳איז געוואָרן פיליסטעריש״. ער, גוטמאַן, מאַכט צונישט אונדזער פּאָעזיע, ער איז זי מבטל און מיט ביטול דערקלערט ער: פּאָעזיע איז „אַן אינדוסטריע״, די צווייטע נאָך „דער יאַרמולקע״. גוטמאַנס רעזיגנאַציע: „ס׳איז אַ כמורנע פּאָעזיע — וואָס שמעקט מיט זקנה״.

דער פּעליעטאָניסט ברוך שעפּנער האָט געמאַכט זיין אויספיר: „אויף דער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע ליגט אויסגעגאָסן אַ טרויער און פּאַטאַליזם״. עס נעמט זיך דערפון, מיינט ער, „וואָס די שרייבער אין פּוילן זיינען געזעסן אויפן וואָגן פון אידישן לעבן, בעת די אידישע שרייבער אין אַמעריקע זיינען ניט געפאָרן אויפן וואָגן פון אידישן לעבן, זיי זיינען געשטאַנען אָן אַ זייט. זיי האָבן זיך פאַרשפּאַרט אין אַ געטאָ״. די געטאָ איז צושטאַנד געקומען מחמת די אידישע שרייבער אין אַמעריקע האָבן נישט געשפּילט קיין שאַך מיט די אַמעריקאַנער שרייבער. אַזאַ אויספיר איז ניי און טשיקאַווע. עס זיינען געווען גאָר אַנגעזעצענע סיבות: שפּראַך, פרעמדקייט און דער אופן פון אויסלעבן זיך. דעם אידישן שרייבער, דאָ הי, איז גאָר נאָענט געווען דער רוסישער אָדער דייטשער שרייבער. חיים גוטמאַן האָט גענוי עס קלאָר געמאַכט.

איך געדענק אפילו צייטן ווען מ׳פלעגט קומען איינער צום צווייטן.

אידישע שרייבער פלעגן קומען אין גריניטש ווילעדזש און אַ סך פון די אַמעריקאַנער שרייבער פלעגן קומען אין „ראַיאַל קאַפע". פאַרוואָס ס׳האָט זיך ניט איינגעשטעלט קיין שטאַרקערע נאָענטקייט האָט אין תוך צו טאָן מיטן שטייגער פון אַמעריקאַנעם לעבן: קאָמערציאַליזם און רעקלאַמע, אין וואָס אַ סך אַמעריקאַנער שרייבער זיינען געניזוקט געוואָרן.

א. אַלמי, דער אַלזייטיקער שריפטשטעלער און דיכטער, לייגט די שולד פאַר דער ירידה אויפן מאַנגל אין אינספּיראַציע. „דעם אידישן שרייבער", האָט געזאָגט א. אַלמי, „פעלט אינספּיראַציע פון געפיל". א. אַלמיס סך־הכל איז: דער אַמעריקאַנער אידישער קיבוץ האָט אַ צוקונפט, וואָס וועט געגעבן ווערן דורך: סינאַגאָגן, טעמפלען און שולן. אָבער זיי וועלן גאָר נישט האָבן קיין שייכות מיט אונדז. ס׳וועט אַלץ געטאָן ווערן אָן דער געמיינזאַמער אידישער שפּראַך — וואָס מיינט אידישע קולטור. „געמיינזאַמע שפּראַך איז דאָס וואָס בינדט איד מיט איד". אָן אַט־דער פאַרמיטלונג: „וויסן מיר דאָך אַלע, וואָס פאַר אַ פּנים עס האָבן באַקומען די אידן פון פראַנקרייך, דייטשלאַנד און איטאַליע".

דער עסייאיסט ש. טענענבוים קומט צו אויספירן, וואָס פּאַסן אַ שטי־מונגס־מענטש. ער נעמט אָן, אַז די אידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע אין אַ וואָכעדיקע. עס פעלט איר סיי פרומקייט און סיי נאָסטאַלגיע. טענענבוים באַשולדיקט, אַז די דיכטער, וואָס רופן צו רעליגיע האָבן אַליין נישט קיין מינדסטע רעליגיעז געמיט. אין אַמעריקע, ווייזט אָן ש. טע־נענבוים, איז נאָך נישט געשאַפן געוואָרן קיין איינציק רעליגיעז בוך, מחמת עס זיינען גאָר ניטאָ קיין רעליגיעזע דיכטער. ער פירט אויס: אויף שאַפן פרומע ליטעראַטור, פאָדערט זיך אַ אמתדיקער גלויבן, קאָסמישער באַהאוסטזיין, און די רעליגיעזע נאַאיוויטעט פון אַן עפּאָכע". דער חשובער ש. טענענבוים וויל, אויב נישט אַזאַ גאָט־עקזאַלטאַציע ווי ביי די נביאים, איז כאָטש ערלעכקייט און ערנסט. אָבער ביי אַ סך אידישע דיכטער און שרייבער אין אַמעריקע „איז רעליגיע אַ קאַריערע, רעליגיע איז פּסעוודא און די תשובה איז פאַלש".

דער עסייאיסט משה וויטיעס טרויערט, וואָס מיר האָבן אַ ליטעראַ־טור אָן לייענער: „מיר האָבן אַ ליטעראַטור פון וועמען דאָס פאָלק האָט זיך אָפּגעקערט — איינגאַנצן זיך מייאש געווען און לאָזט אונדז איבער צו שרייבן איינס פאַר ס׳אַנדערע".

משה וויטיעס באַשולדיקט נישט קיין גרופּע אָדער ריכטונג, וואָס איז געווען אינסטרומענטאַל אין שאַפן אַסימילאַטאָרישע טענדענצן. ער גע־פינט אַ זכות אפילו אויף די „פּאַרטיי־מיסיאָנערן, וואָס האָבן געזוכט צו באַקערן דעם אידיש־ריידנדיקן עולם אויף דער איסט־סאַיד צו זייערע

איזמען. ווער ווייסט, צי מיר וואָלטן געהאַט אַ מערער אָנגעזעענע אידישע פרעסע״. פאַרשטייט זיך: נישט די פאַרטיי־לייט, שולדיק איז גאָר דאָס פאָלק אַליין.

די אימיגראַנטישע אידישע מאַסן האָבן אין נייעם לאַנד זיך אָפּגעזאָגט פון זייער „אייגן לעבן, פון זייער קולטור און פאָלקס־שטייגער״. אַלע האָבן זיי זיך איבערגעגעבן: „צו דער היילעקער עובדא פון זיך אַמעריקאַניזירן, און די קינדער האָבן זיי איבערגעלאָזן צו דער גאַס און דעם גייסט פון קאָלומבוסעס מדינה״. מחמת דעם: „איז דער שעפערישער נערוו ביים פאָלק אַטראָפירט געוואָרן״. משה וויטיעס איז מלמד־זכות אויף אידישע שרייבער, מחמת ס׳איז ווילד און אַבסורד צולאָזן די הנחה, אַז אידישע שרייבער ווילן באַגיין גייסטיקן זעלבסטמאָרד און זיינען גאָר „פאַראינטערעסירט אין אונטערגראָבן זייער אייגענעם באָדן און אומברענגען זייער אייגענעם קיום״.

יצחק ליבמאַן, דיכטער, שריפטשטעלער און לאַסט־טראָגער פאַרן אידישן וואָרט, באַשטייט, אַז די אידישע ליטעראַטור ליידט אַחוץ פון סטאַגנאַציע און בלוט־אָרעמקייט, גאָר אינגאַנצן פון אַ נייער חולאת — אינפלאַציע: וואָרט־פאַרפלייץ. דער מיין איז: די שרייבער קענען נישט דעקן דעם אמת, וואָס דאַרף זיין דער באַגלייטער פון וואָרט. אין תוך — מ׳רעדט אַ סך פאַלשע רייד: דאָס מויל רעדט, אָבער נישט דאָס האַרץ. די מחשבות זיינען גאָר פאַרטאָן אין גשמיות, אין איינקאַסירן פערזענלעכן נוצן.

יצחק ליבמאַן זוכט אויסצופירן, אַז גאָר די אומאחריות פון שרייבער, האָט גורם געווען די גלייכגילטיקייט צום אידישן וואָרט און דאָס וואָס דער לייענער אַנטלויפט פון דער אידישער ליטעראַטור. יצחק ליבמאַן מאַכט אַן אויספיר: אידיש אין אַמעריקע דאַרף נאָך האָבן אַ גואל. זאָלן נאָר די פאַרטייען אָפּטרעטן אַביסל, וועלן במילא מוזן קומען פון פאָלק די אמתע פאָלקס־מענטשן און זיי וועלן אויסלייזן דאָס אידישע וואָרט פון דער דיקטאַטור און אַרענדע, אין וועלכע די פאַרטייען האָבן אַריינגענומען דעם אידישן לעבן און במילא די ליטעראַטור (מיט מיר פאַרפילט זיך די צאָל צען. אָבער מיינע געדאַנקען ווערן געניי אַרומגערעדט דאָ אין בוך).

**
*

די געדאַנקען פון יעדן באַזונדערן שרייבער, איז ניי און פריש. יעדער איינער נעמט אויף דעם ענין ליטעראַטור־ירידה גאָר אויף אַן אַנדער שטייגער. די צען שריפטשטעלער האָבן דעמאָנסטרירט אַ זעלבסטשטענדיקע אָפּשאַצונג און צוגאַנג. טאַקע אָט־די אַנדערשדיקייט און די שטימונגען און אויסטייטשונגען, טיילן אויס דאָס בוך „אינטערוויוס מיט

אידישע שרייבער", ווי אַן אויסנאַם, אַ יוצא מן הכלל.

מרדכי ירדני האָט געבראַכט צו דער אידישער ליטעראַטור אַ בוך גיט מחמת רעקלאַמע פאַר זיך, צי פאַר די צען שרייבער, נאָר ווייל אין בוך ווערן דעמאָנסטרירט צען וויכטיקע און אינטערעסאַנטע מיינונגען וועגן איצטיקן מצב פון אונדזער ליטעראַטור.

מרדכי ירדני איז אויך נישט קיין זייטיקער אויפזאַמלער פון די מיי־נונגען, וואָס די שרייבער האָבן אַרויסגעזאָגט. ער איז אויך אַ מיט־שמועסער מיט די שרייבער און דאָס גיט אַ געלעגנהייט זיך דערוויסן זיינע אייגענע שטימונגען בנוגע אונדזער ליטעראַרישן מהות און מצב.

מרדכי ירדני שטעלט פאַר יעדן באַטייליקער פון דעם „רונדן־טיש"־שמועס מיט גרויס ווירדע און יראת־הכבוד. אַזאַ אַכטונג און ליבשאַפט צו דעם שרייבער־מענטש איז ביי אונדז אַ יקר־המציאות. מרדכי ירדני איז געבליבן דער ראָמאַנטיקער, דערפאַר אַרן אים עוולות. ווען ער וואָלט געווען אַ ציניקער, וואָלט ער געקענט מיט חוזק אַ מאַך־טאָן מיטן האַנט און זאָגן: אַ מבול אויף זיי.

מרדכי ירדני דאַרף באמת געלויבט, געריממט און געשאַצט ווערן פאַר דער מי, ליבע און געדולדיקייט פון געבן דעם אידישן פאָלק און דעם קינפטיקן געשיכטע־שרייבער אַזאַ פיינע מתנה, ווי דאָס בוך „אינטערוויוס מיט אידישע שרייבער".



# ווינט פון שליאַך

(דוד ראַפּאָפּאָרטס בוך „תאוות אונטער די שטערן")

דער פּאָעט איז אין אייביקן געפּאַנג. אַ מינדסטע דערשיינונג, אַ מינדסטער געדויש, רופט אים צו זיך און פאַרבאָרגט זיך נאָכדעם אין טויזנטער סודות. דעם פּאָעטס אויג קאָן זיך קיינמאָל נישט זעטיקן מיט גאָטס וועלט.

דוד ראַפּאָפּאָרט גיט אַ זין דעם פּאָעטס געפּאַנג. ער איז דאָס אייביקע קינד, וואָס קוקט אויף דער וועלט מיט חידוש. ער קוועלט פון לעבן, אָבער עס באַקומען אים ניט די תאוות — אַ טרויער נעמט אים אַרום.

וואָס זיינען די תאוות, וואָס לאָקן פאַרן פּאָעט־קינד? קינד־פּאָעט?

דער פּאָעט, דער תמימותדיקער, דער גלויבער, באַנעמט גאָר אַנ־דערש דעם באַדייט פון תאוה: ס'איז נישט די גלוסט צו זעטיקן זיך מיט גשמיותדיקע זאַכן, ס'איז גאָר די גלוסט, ווי דוד ראַפּאָפּאָרט זאָגט אין זיין שלום ביים שוועל פון פּאָעטישן שטיבל; ס'איז די תאוה פון באַהעפטן מענטש און גאָט.

אָבער וואָס פאַר אַ מענטש און וואָס פאַר אַ גאָט קענען און זיינען שוין נאָנט דעם דיכטער? דוד ראַפּאָפּאָרט שטעלט דעם מענטשן פריער ווי גאָט. ביי אים איז דער מענטש וויכטיקער. גאָט האָט מען שוין פאַרביטן, פון גאָט האָט מען זיך אָפּגעקערט, פון מענטשן אָבער קאָן דער מענטש נישט אַנטרינען: אַלע צוזאַמען זיינען שותפים צו איין גורל; אַלע צוזאַמען ווערן געפּלאָגט פון זעלבן אכזריות און אומיושר, דעם אָרעמאַן און דעם רייכן איז באַשערט איין סוף — צער קלייבט נישט אויס צווישן עושר און אביון; צווישן שטאַרקן און שוואַכן; צווישן אַנגעזעענעם און אומבאַדייטענדן. גאָט איז אויסגעהיט פון די אַלע בייזע אַנשיקענישן, זוכט דער מענטש דערפאַר אַ גאָט, וואָס איז אים נענטער, וואָס קען ווי ער ליידן און מחמת דעם צוזאָגן אַ בעסערע מערכה אויף דער ערד, אַ מער גליקלעכערן לעבן — און פאַרן פּאָעט די פרייד פון געפונג; די ברכה פון קענען דערגיין נענטער צום מענטשן — פון געבן אים די פרייד פון פרייד. ס'איז דעם מענטשן, וואָס דער פּאָעט זוכט און פון מענטשן צו גאָט, ניט פון גאָט צום מענטשן.

דוד ראַפּאָפּאָרט האָט דערפֿאַר געגעבן דעם מענטשן דעם איבערגאַנג אין זיינע מחשבות און אויך אין זיין זוכן אַנטפּלעקונגען; נישט גאָט האָט ער געוואָלט זאָל זיך אַנטפּלעקן, נאָר דער מענטש.

דער דיכטער דוד ראַפּאָפּאָרט איז אַוועק פֿון גאָט, אָבער דער מענטש, פֿאַר וועמען ער האָט עס געמאַכט אַזאַ וואָרע און צוליב וועמען ער האָט פֿון גאָט זיך אָפּגעקערט, האָט אים אַנטוישט. דוד ראַפּאָפּאָרט האָט זיך אַזוי פֿאַרטאָן אין וועלן טאָן פֿאַרן מענטשן, אַז ער האָט גאָרנישט געהאַט קיין צייט זיך אומקוקן, וואָס ס'איז געוואָרן פֿון דיכטער — פֿון אויפֿ־שטורעם וואָס האָט צעבראָכן גאָט און זיך פֿאַראייניקט און פֿאַרבונדן מיטן מענטשן פֿאַר וועמען ער האָט זיך אַוועקגעלאָזן זוכן אַ נייעם גאָט. דער דיכטער האָט זיך אָפּגערוקט און האָט אים געלאָזן, דוד ראַפּאָפּאָרטן, זיך פֿאַרטאָן אין געררודער און שמייעריייען פֿאַרן בן־אָדם.

ווען דוד ראַפּאָפּאָרט האָט דערזען, אַז דער מענטש איז נאָך נישט מסוגל צו קענען פֿאַרבייטן שנאה אויף ליבע; פֿאַרברידערונג אַנשטאָט אומיושר; זאָרג איינער פֿאַרן צווייטן אַנשטאָט רציחה איז דער פּאָעט ווידער געקומען צו אים און ביידע צוזאַמען — דוד און דער פּאָעט — זיינען אַוועק אויפֿזוכן גאָט: „איך קער זיך אום צו דיר, גאָט, פֿון אַ לאַנגער בלוטיקער נסיעה, פֿון גויאישן טומאהדיקן וועלט־מבול אַן אויס־געוואַשענער, אַ ריינער". דער פּאָעט, וואָס האָט זיך שוין איינגעאַנצן באַ־העפֿט אין דוידן האָט זיך אומגעקערט נישט גלאַט צו גאָט, נאָר צו זיין גאָט, צום גאָט פֿון די אבות, דעם יהוה צבאות.

דער אמת איז, אַז דוד ראַפּאָפּאָרט איז גאָר קיינמאָל נישט אַוועק פֿון זיין גאָט. ער איז אים גאָר געגאַנגען אויפֿזוכן ביי די גויים. ער האָט געמיינט די גויים האָבן אויך, ווי גאָטס־קינדער, אים אָנגענומען: די גויים, די רוצחים, די פֿעלקער, וועלכע לעבן און שטאַרבן מיטן שווערד, האָט ער געגלויבט, אַז אלהים איז אויך ביי זיי: „דאָרט וואו איך האָב דיך געזוכט ביסטו נישטאָ, און ס'איז אויך נישט געבליבן קיינער". קיינער איז נישט געבליבן? געבליבן זיינען זיי, נאָר ווי פֿריער איינגעזונקען אין טומאה.

אַ גרויסע פֿרייד נעמט אַרום דעם דיכטער, וואָס ער איז אַוועק פֿון די טמאים. די משא, וואָס ער האָט גענומען אויף זיך ווערט גרינגער. די אויסלייזעריי, וואָס האָט די משא אַזוי שווער געמאַכט פֿאַרשווינדט, עס האָט זיך אומגעקערט צוריק די גאַפֿונג: „ווידער פֿליסט דער טייך און וואַשט די ברעגן, ווידער שפּראָצן וואַסער־ליליעס צו קושן די זון"

אַלץ לויכט אויפֿדאַסניי. די וועלט פֿון טומאה ראַנגלט זיך אין דער אייגענער אומווירדיקייט. דער פּאָעט האָט נאָך גאָט נישט צוריקגעפֿונען:

„אין פלי אויף די ברעגן פון דיין הימלשן ראַנד, ערגעץ־וואו געפינען וועל איך דיך, מיין גאָט". אַז ער וועט געפינען גאָט, וועט דער פּאָעט אים אַוועקשענקען דאָס טייערסטע פאַרמעגן זיינס — ער וועט אים אומ־קערן: „מיין נשמה מיט מיין פאַרשטאַנד".

* * *

דוד ראַפּאָפּאָרט האָט ליב פּאָעזיע סכנת־נפשות. ער ציטערט פּשוט אויף פון אַ פּאָעטישן קלאַנג. ער פאַרגייט זיך אין תענוג פון טעם, וואָס פּאָעזיע לאָזט דערפילן. ער איז אַ זוכער. ביי אים פּאָעזיע איז נישט נאָר גלאָט אַזוי אָנשרייבן אַ ליד, נאָר ס'איז אַ כלי־זיין, וואָס ער נעמט צו־הילף אויפצוריייסן דאָס פאַרבאָרגענע, כדי צו געבן דעם „זיין" אַ זין. ליד אַליין איז זין. אָן דעם ליד איז דאָס לעבן ליידיק און זינלאָז. מחמת דעם טעם גיט ניט דער פּאָעט אַ תיקון דעם ליד צוליב עפּעס נישט קיין עכטע אָדער זעלבסטנוצייקע כוונות.

די וועלט נעמט נישט אָן דעם דיכטער, זיין ליד איז פרעמד דער געמיינדע. אָבער דאָס וועגדט נישט אָפּ דעם פּאָעט. ער שרייבט „פאַר", אָבער דער „פאַר", מיט אים איז ער נישט זיכער, מיט „זיך" אָבער איז ער באַשטימט. ער ווייסט דעם טעם און די הנאה פון ליד. ער פרעגט: „צו וואָס לידער? — צו פרעזערווירן דעם פלאַם פון היינט: לידער פאַר וועמען? לידער פאַר זיך און אויך פאַר..."

פּאָעזיע איז דוד ראַפּאָפּאָרטס ערשטע און צערטלעכסטע געליבטע. אין פּאָעזיע איז אַלץ אַריינגעטאָן: פּאָעזיע איז בראשית און אפשר פאַרן אָנהויב. דערפאַר: „פּאָעזיע איז גאָט, גאָט איז פּאָעזיע", און אויב גאָט איז פּאָעזיע איז דאָך אין זיין באַשאַף אויך פּאָעזיע; לעבן, ליבע, און אַלץ וואָס גיט אַ ווערט דעם בן־אָדם און זיין זכיה צו זיין דער בחיר היצורים.

דוד ראַפּאָפּאָרט פאַרמינערט דעם זין פון לעבן, פון די וועמען איז נישט געשענקט געוואָרן די פרייד פון שאַפן פּאָעזיע: „צו לעבן אַ פול לעבן, מוז מען זיין אַ פּאָעט". אָן פּאָעזיע איז אַלץ פאַרשמעלערט און פאַרפלאַכט און זאַכן האָבן נישט די פרייד פון אמתן באַדייט, וואָס לעבן איז און דאַרף זיין. צו ווייסן, אַז ס'איז פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט, מוז מען האָבן אַ נשמה, וואָס איז געבענטשט מיט גלויבן. כדי צו באַהעפטן זיך מיטן פּאָעט מוז מען מסכים זיין זיך צו לאָזן פאַרבעטן אין זיין וועלט. דערפאַר: „אַ ליד קאָן מען נישט אויסטייטשן. יעדער מענטש לעבט אַריין זיין אייגענעם געמיט אין ליד".

דוד ראַפּאָפּאָרט ברענגט נישט נאָר זיין אייגן ליד, ער וויל אויך שותפים; ער וויל נישט קיין אורחים אין זיין פּאָעטישער וועלט. ער וויל, אַז די וואָס וועלן אָנגעגענען זיין ליד זאָלן עס מיטנעמען ווי אַ מיט־

גייער — און צוזאַמען וועט אויפגיין דאָס ניי, די אויסגעטרוימטע „וויזע־וויזען״, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט זיך טיילן און דערהויבן ווערן צו דער דערהויבונג, וואָס ליבשאַפט איז גורם אויפן מענטשן.

* * *

מחמת דוד ראַפּאָפּאָרט האָט ליב פּאָעזיע, האָט ער שוין, ווי אַ פּועל־יוצא, אויך ליב דאָס לעבן. ער איז אַ טרוימער און אַ גרויסער בעל־בטחון. זיין ערשט ליד אין בוך, „תאוות אונטער די שטערן״, גיט זיך אָפּ מיט זינגען אַ לויב צום לעבן: לעבן איז אַלץ; נישטאָ קיין אַנדער אופן, וואָס זאָל קאָנען פאַרטרעטן לעבן. לעבן איז ליבע; לעבן איז אין גאָט; לעבן זיינען אַלע תאוות; לעבן איז דער פּאָעט, דערפאַר איז פּאָעזיע לעבן. און ווי דאָס לעבן איז אַ מיסטעריע, אַזוי איז אויך דאָס ליד און מיטן ליד אַלץ וואָס האָט נאָר אַ זין.

דער פּאָעט דוד ראַפּאָפּאָרט איז אין איין חידוש. אין אַלץ זעט ער לעבן, אַ פשיטא שוין אין לעבן אַליין. אין סוד וואָס קומט אויף מיטן אַריינגאַנג פון אַ נייעם נפש צום מענטשלעכן מין. און ער ווערט, ראַ־פּאָפּאָרט, אַנגעצונדן מיטן וואונדער פון באַשאַף: „היינט האָב איך זיך געזען הענגען אין דיין וויגל, זון מיינער, אַ וואַקסנדער בוים״. אַ ניי נפש, אַ גרויסע פרייד צו דער פרייד פון לעבן. אַ געזאַנג ווערט געבוירן צו־זאַמען מיטן מענטשעלע.

נאָך אַ באַשעפעניש בצלם אלהים, און דער שטאַם ווערט שטאַרקער איינגעוואָקסן. אַ זיכערקייט הויבט אויף, ווי אַ שטורעם ווינט און פאַר־טראָגט צו די בערג: „און איך זינג, כ׳גיי אויף מיט די שטאָלצע ראַקי־בערג אומדערשראָקן שטאַרק — און כ׳וועב זיך אין לעבן אַריין״.

* * *

דוד ראַפּאָפּאָרטס פאַרליבטקייט אין לעבן, ברענגט אים אויך זאָרג. ער איז אַ מענטש מיט גרויס איינזעעניש. זיין האַרץ איז אָנגעפילט מיט ליבשאַפט. אים אַרט פאַרוואָס צער פאַרביטערט די לעבעדיקע; פאַרוואָס דאָס לעבן איז בייז צו די וואָס האַלטן עס אויף, וואָס גיבן עס אַ זין; פאַרוואָס באַשטראָפט לעבן פּונקט די, וואָס גיבן דעם חשיבות דורכן שע־פערישן מענטשן.

דער דיכטער, דער קינסטלער, איז פאַרפייניקט פון איינזאַמקייט. ראַ־פּאָפּאָרט פאַרגייט זיך נישט אין צאַרן קעגן אומיושר, נאָר אין געוויין פאַרוואָס גראָד דעם דיכטער, דעם בחיר, דעם געפילפולן, דעם שאַפער, וועלכער איז אפשר נענטער צו גאָט, ווי וועלכער עס איז בן־אָדם, אַז אים זאָל נאָר באַשערט זיין די „קאַלטע ווענט״. אים פייניקט ווי. ס׳איז אים נאָנט דער קראַנקער דיכטער און ער טרייסט אים: „ליבער דיכטער,

צינד אָן דיינע דאגות ;וי פייער אין ווינט. דיין היימלאָז ליד פליט ברעגלאָז ווי נחס שלום־טויב״. דער פּאָעט ראַפּאָפּאָרט פאַרברידערט זיך מיטן קראַנקן דיקטעד: „אין הער דיין נשמה פון דער ערד וואַקסן אויף אַלע וועגן פון דיין נע־ונדנעם גאַנג״.

פּונקט ווי עס אַרט ראַפּאָפּאָרטן דער צער פון דיקטער, וועלכער איז סימבאָליש קראַנק און פאַרפייניקט פון איינזאַמקייט און אַליינקייט, אַזוי לאָזן אים נישט צורו די עוולות, וואָס מענטש באַגייט קעגן מענטשן. אַזוי קלאָגט ער אויך און וויינט. ער ווערט אַ מקונן אויפן גורל פון פאָלק ישראל. דאָס פאָלק ישראל האָט אין גלות, ביי די טייכן פון בבל נישט געקאָנט פאַרגעסן ציון. ווי אַזוי קאָן עס פאַרגעסן ווערן דער בראָך און צאָרן, וואָס איז באַפאַלן דעם פאָלק ישראל? דער רוצח האָט זיך פאַרנומען אים עוקר זיין: „ט׳איז פינצטער אין מיטן טאָג, אין די פוס־טריט פון נביא גיי איך נאָך און זאָג: פון די טיפענישן פון געשענדעטן קבר, לעבנסלאָז איז מיין פאָלקס יעדער אבר. פון אינגעווייד קאַלכאויוון מענטשן אַש הויבן אָן אָטעמען ביינער; ותחית המתים רעש״. אָבער טרייסט, פריי זיך פאָלק ישראל. דיין גאָט, דער אל רחום, האָט דיך נישט פאַרלאָזן, ביסט זיין אויסגעוויילט פאָלק. ער, אלהים, וועט דיך מציל זיין פון רוצח: „מלאכים מיט פייערפליגלען, אין גאָטס געשטאַלט, געקומען זיינען און פאַרבלאָנדזשעט אין דאָרנוואַלד. פאַרגאָסן מיט בלוט און שנאה איז דער רונד־אַרום״. געזאָגט האָבן די מלאכים: „ישראל, גאָט האָט באַפוילן: קום! איינגעזאַמלט האָבן די מלאכים גאָטס קינדער, ווי פאַסטוכער נאָך אַ שטורעם זייערע שאָף און רינדער״.

צוזאַמענגענומען האָט גאָט זיינע איבערגעשראָקענע שעפעלעך און האָט זיי אַרויסגענומען פון דאָרנוואַלד, געקומען איז הילף: „נישט וויינען וועט דער נביא מער, גאָטס וואָרט פלאַקערט אין זיין צאָרן. דער וואַלד גאולהדיק שפּרייזט, פאַרווישן וועט ער דעם דאָרן״.

* * *

דוד ראַפּאָפּאָרט איז אַ פּאָעט אַ זוכער. ער וויל דערגיין וועגן מענטשן, לאָזט ער זיך צום מענטשן. ער איז נישט קיין יושב־אוהל. ער איז אַנדערש, ווי עס זיינען, אין כלל, אידישע פּאָעטן. ער איז געגאַנגען איבער דער ברייט און טיף פון לאַנד און האָט פאַרזוכט דעם זיסן און ביטערן טעם פון אַ וואַנדערער. ער איז אַוועק זיך באַקענען מיטן לאַנד נישט דורך די פענצטער פון אַ שנעל־צוג. נאָר מיט די אויגן, וואָס האָבן אַריינגענומען אין זיך די וועגן און יעדער פאַרבאָרגן ווינקל וואו זיינע באָרוועסע פיס האָבן צוגעבראַכט.

ראַפּאָפּאָרט קאָן דאָס אַמעריקאַנער לאַנד אין גאַנצער פראַכט. נאַ־

קעט ערד פון די אַמעריקאַנער וועגן איז געווען אַ בעט פאַר אים. געוויקט האָט אים דער זעלבער רעגן, וואָס האָט די פעלדער אָנגעטרונקען — דער רעגן וואָס האָט אים געטריבן זוכן שוץ, האָט ליבשאַפט אָנגעגאָסן פון די פעלדער, וועלדער, ביימער. איעדער גראָז, איעדער בלעטל איז זיך פאַרגאַנגען אין פרייד און געזאַנג, אין תאווה און תענוג. דער פּאָעט־וואַגאַבונד, איז אַריינגענומען געוואָרן אין דער פרייליכער מחנה — ער איז געוואָרן אַ טייל פון די שירה־זינגער פון די: „צו די אָפענע שליאַכן, צו די מאַיעסטעטישע בערג, צו די תאווהדיקע פעלדער, צו די אוראַלטע וועלדער און פריי־פויגלשן פליגל — פלי פון שטאָטישע תפיסות, מיין געפאַנגענע זעל".

אָפּגעשמידט פון שטאָט־לאַסט, פון האַרמידער, פון דער גלייכגילט איז דער פּאָעט אַרויס ווערן אַ וואַגאַבונד; נישט בלויז באַוואונדערן, נאָר אויך צוזאַמענגיסן זיך מיט גאָטס וועלט: „העי, סטעפּעס! פּרעריעס! מדבריות! נעמט מיך אויף! אומאַרעמט מיך! ווי אַ אינגל צו אַ מיידל קום איך צו אייך — מיט אויסגעשטרעקטע פאַרליבטע הענט; פון אַ שטאָט אָן האַרץ, פון שטומע ווענט".

די פעלדער, וועלדער און זייער רהבות ווערן זיין קיניגרייך. אַלץ קריגט אַ זין און געשטאַלט: די שטיינער זיינען ווייס־אויסגעוואַשן פון וואַסער. דער ווינט קושט זיי". ערשט איצט פאַרשטייט דער פּאָעט דעם זין פון זיין אין דער קיניגרייך פון אָפענעם פנים. די פעלדער און וועלדער לייגן זיך אויס פאַרפוצטע פאַר דיר, דאַרפסט נאָר קאָנען אויפדעקן די פאַרבאָרגנקייט, וואָס רעגט און רופט צו דער געהיימעניש. צווישן גראָזן, ביימער און פעלדער, וואַקסט אַרויס דער אמת; אַלץ טוט זיך אָן מיט ממשות, אַלץ קריגט אַ ווערט. אַלץ ווערט אַ באַדייטונג: „איך לעב איצט, איצט איז לעבן שיין, איך וויש אויס לבנהס אויגן און זי שיינט מיט זילבער־חן — מיינע פיס פאַראַנקערט אין דער אדמה, מיינע אויגן באַצירן גאָט". ליב איז יעדער שפּראָץ: „איז צו וואָס זוכן גליק איבער זיבן ימען? כ'לעב נוׄיט גרעזל און בלעטל־ווינט".

***

דוד ראַפּאָפּאָרט איז פון די ווינציקע אידישע דיכטער, וואָס איז צופוס אַוועק זיך באַקאָנען מיט דער יפת־תואר־אַמעריקע. ער איז אַוועק צו זען דעם וואונדער פון יעדן טאָג, וואָס איז אַ בראשית. אין שטאָט זיינען אַלע טעג געפאַנגען אין אַן אייזערנעם קאַסטן, אָבער אויף די אָפענע פּרעריס, אויף די פעלדער און וועלדער ווערט יעדן טאָג געבוירן אַ ניי־לעבן, יעדן טאָג פאַנגט זיך לעבן אָן אויפסניי.

דוד ראַפּאַפּאָרט קומט צוריק אין שטאָט אַריין אָנגעלאָדן מיט

זי ריחות פון פריש־געשניטן היי. עס פאַרדריסט אים דאָס קומען צוריק. ס'איז אים שווער איינשפּאַנען זיך אין שטאָטישן עול, אין צאַם: „איך האָב איבערגעלאָזט מיינע צעשויבערטע וועלדער". און איינזאַם איז געבליבן דאָס טייכל. וואָס וועט די זון איצט טאָן? „די זון טרינקט זיך אין טייכל, דאָס טייכל וואַשט די שטיינער אַרום". ביים טייכל פייניקן נישט קיין דאגות, מ'ווערט צוריק אַ קינד: „כ'נעם אַ זשמעניע גאָלדענע שטראַלן, איך צילע אין אַ סטענגע זיי אַן, דאָס וואַסער רופט מיט אַ פריילעכן שאַלן, איך אין טייך, און שטעל אַלץ אין גאַן".

אין שטאָט איז אומעטיק. דער גערויש איז אַפּנאַרעריי. אַלץ איז איינזאַם אין שטאָט. דער איינזאַמסטער פון אַלעמען איז דער דיכטער. אָט נאָר וואָס האָט ער געהאַט חברים, וואָס האָבן גערעדט צו אים נישט אין אַ מענטשלעך לשון, אָבער פאַרשטאַנען איך דערפילט האָבן זיי אים טיפער, ווי די וואָס הערן זיינע ווערטער, זיינע רייד. אין שטאָט איז קאַלט. אַלץ איז פאַרייגענומען אין איינזאַמקייט: „איינזאַם וואַרט די נאַכט אין דרויסן, פאַרגוואַלטיקט ווערט זי פון שטורעם־ווינט: דער אָרעמער דיכטער איז פאַרשטויסן — היימלאָז וואַנדערט ער מיט די הינט". אויף די וועגן זיינען זיינע מיטוואַנדערער געווען — זון, הימל, לבנה און די מיליאָנען שטערן, וואָס זיינען אַ סך מאָל געווען אַ צודעק. דאָ אָבער אין אייזערנעם קאַסטן: „די וועלט פון אמת שטאַרבט פון הונגער. דעם דיכטערס פליגלען צאַפּלען זיך אין איר נעץ. גרויזאַם בייטשט זי זיינע צאַרטע פינגער פון אָנהויב גאָטס וועלט ביז איר קץ".

**
*

דוד ראַפּאָפּאָרט איז צווישן די ווינציקע אורבאַנישע דיכטער אין דער אידישער ליטעראַטור. ער איז אַזוי אורבאַניש — אַז ווי יעדער גרויס־שטאָטישער איז ער געלאָפן פון שטאָט אַרויס צו דער אָפּנקייט פון פעלד, שרעק פון די פרעיריס און דעם סוד פון וואַלד. „תאוות אונטער די שטערן", וואָס איז דעם דיכטערס ערשטער בוך, גיט גלייך אַ געלעגנהייט צו דערזען די געשטאַלט פון אַן אייגנאַרטיקן פּאָעט. זיין בוך איז פאַרביק און רעגט אָן מיט דעם אויפשפּיל פון זיין טעמאַטיק, וואָס לאָזט זיך ניט איינשפּאַרן אין איין פאָרמע פן דער וואָרט קונסט.

*   *   *

דוד ראַפּאָפּאָרט איז אַ מענטש מיט אַ וואַרעמקייט, וואָס וויל גלייך שליסן באַקאַנטשאַפט. פון אָנהויב בלייבט מען מיט אים אָפּגעווייטערט, עפּעס איז אָבער פאַראַן אין ראַפּאָפּאָרטס ליד, וואָס אויב מען וויל אַוועק־

פון דעם לאָזט עס ניט. ס'דוכט זיך, אַז מ'וועט עפּעס אָנווערן: מ'מאַכט עטלעכע טריט — און איידער מ'האָט צייט — ווערט מען נישט בלויז דערנענטערט, נאָר נאָענט.

צו ראַפּאָפּאָרטס לידער טאָר מען נישט צוגיין ווי אַ סנאָב, ווי אַ פּאַר־ריסענער. מ'מוז זיי מקרב זיין, ערשט דעמאָלט פאַרשטייט מען זייער ווערט, מחמת, ווי דערמאָנט אין אָנהייב, איז ראַפּאָפּאָרט נישט קיין גלאַט אַזוי זיך אַ לידער־שרייבער, נישט קיין פּאָעט בלויז לשם ליד. ער האָט אויך אַ מעסעדזש. וואָס פאַראינטעריגירט — איז אָדער די שליחות. די אידייע פון ראַפּאָפּאָרטס ליד האָט אַ גרויסע ווירקונג: אָדער מען קערט זיך אָפּ פון אים, אָדער מ'נעמט זיך דערנענטערן צו אים.

דוד ראַפּאָפּאָרט האָט אַן ענלעכקייט צו די אַמעריקאַנער דיכטער, וואָס האָבן באַזונגען די שטאָט. ער האָט אַן ענלעכקייט צו קאַרל סאַנד־בורג אין דער טעמאַטיק. פּונקט ווי סאַנדבורג דער באַנעמער פון „רויך און שטאָל", איז גאָר געבליבן דער נאַאיווער טרובאַדור, דער תמימות־דיקער אַמעריקאַנער פאָלקס־מענטש, אַזוי טראָגט זיך פון ראַפּאָפּאָרטס אויפפירונג און טעמאַטיק אַ תמימות און נאַאיווקייט. פאַרשטייט זיך, אַז ראַפּאָפּאָרטן פעלט סאַנדבורגס סובטילקייט און אויך טרובאַדוריש־קייט. קינסטלעריש איז צווישן זיי אַ מהלך, אָבער דער מהלך איז אויך פאַרבונדן מיט דערציאונג, סביבה און שטייגער. ראַפּאָפּאָרט איז מיט אַלע זיינע וואַנדלונגען און אומוואַנדלונגען געקומען צוריק זוכן גאָט. גויים אָבער, ווי דערהויבן זיי זאָלן נישט זיין, זוכן נישט גאָט, זיי האָבן אים אַ פּאַרטיקן פאַר אויסשטעל אין די קלויסטערס. אָט־די גרויסע מחיצה צווישן אונדז, וואָס ווייסן אַז אחדות־הבורא איז גאָט, און ביי זיי איז גאָר גאָט אַ בשר ודם, צו וועלכן מ'באַדאַרף זיך בוקן און טאָן תפילה. אָט־די מחיצה טיילט אָפּ די שאַפונגען פון איד און נישט־איד.

דוד ראַפּאָפּאָרטס אַ צאָל לידער ליידן פון חסרון, וואָס פון זיי איז אָפּגעטאָן געוואָרן דער כוח פון קלאָר מאַכן אַ געדאַנק. די ווערטער זיינען איינגעפלאָכטן און לאָזן זיך נישט אויפפלאָנטערן. אָבער באַלד פאַרחידושט ער מיט פּשטות, קלאָרקייט און שטורעמדיקייט, וואָס קומען גראַדע אויף אין די שטילע לידער. די פאַרפלאָנטערונג שטאַמט פון דעם, וואָס ער גיט זיך אַ פאַרוויקל אין פרעדיקן, אין אַ מין פּראָפּאַגאַנדע. טראָץ דעם וואָס ער דערקלערט: „כ'בין נישט קיין ,באַלאַנגער', נישט — דאָ און נישט — דאָרטן", קאָן ער ניאַגאַראַ ניט פאַרגלייכן מיט „אַ מיליטאַנטע אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע". פון אַזאַ פאַרגלייך ליידט דאָס גאַנצע ליד און בכלל איז עס אַ שלעכטער מעטאַפאָר. קיין שטור־רעמדיקערע זאַכן אויף דער וועלט, ווי אַן „אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע"

— נאָך רחמנא לצלן, אַ מיליטאַנטישער״ איז גאָר נישט פאַראַן? און אַ צונויפגוס מיט אַזאַ דערשיינונג, ווי ניאגארא קאָן גאָר פאַרגליכן ווערן צו אַן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע? אַחוץ דעם דער סדר פון דער־מאָנען געשעענישן איז שייכות מיט טעמעס, טראָגן דעם חותם פון פּובליציסטיק.

אָבער דאָס זיינען אַזעלכע חסרונות, וואָס אַזאַ דיכטער ווי ראַפּאָפּאָרט, ווען מ׳ווייזט עס זיי אים אָן וועט ער גרינג פאַרריכטן דעם פּאָעטישן אויפנעם פון אַזעלכע אומפּאָעטישקייטן. דערפאַר אָבער זיינען זיינע לי־דער פון פּאָעט — וואַגאַבונד עכט — און רוישיק מיט שטימונג. ראַ־פּאָפּאָרט דערהויבט זיך אין לידער, אין וועלכע ער זוכט אויפדעקן פאַר־באָרגענקייטן: אין לידער פון שטילקייט און רעזיגנאַציע. אַ שווייגנדי־קער נעמט ער באהבה אויף אַלץ וואָס גאָט האָט באַשערט. זיינע לידער וואָס פרייען זיך מיט לעבן, נעמען אַריין אין קאָראַהאַד, זיי פאַריאָגן עצבות. מ׳איז זיך משמח מיטן געשאַנק, וואָס גאָט האָט צוגעטיילט און פאַרטיילט.

דוד ראַפּאָפּאָרט איז געקומען צו דער אידישער ליטעראַטור פון אַ וואַנדער־וועג. ער איז אָבער געקומען נישט קיין אָפּגעפרעמדטער. ער איז פאַרטאָן אין ליבשאַפט צום אידישן וואָרט און דעם אידישן שעפער. ער טראָגט צו זיין חלק צום ליטעראַטור־אוצר. ראַפּאָפּאָרט, צוליב זיין גרויסן בטחון, קומט ער צו דער ליטעראַטור אַ פרישער, זיין פאַרנעם ברייטערט זיך אויס. אין אים איז רייף און ס׳לעבט דער אָנזאָג פון דאָס פאַרנעמלעכן און וויכטיקן אידישן ליד. אַזעלכע לידער, ווי „אַ געבעט״, וואָס אין בוך „תאוות אונטער די שטערן״, זיינען דער צוזאָג פאַרן גע־וויכטיקן ליד, וואָס ריפּט שוין אין אים. דאָס ליד „אַ געבעט״ איז די הבטחה.

נישט קיין סך אידישע דיכטער האָבן געזונגען וועגן אַמעריקע. דוד ראַפּאָפּאָרט איז צווישן זיי דער פאַרליבסטער. צו די ווילדע אָפענע פּריעריס קומט ער מיט דער פאַרליבטקייט פון יונגקייט: „ווי אַ אינגל צו אַ מיידל קום איך צו דיר, נעם מיך אויף״, זאָגט ער צו די פּרעיריס. אַזאַ פאַר־ליבטקייט סעוואַנאַדירט מיט דער פשטות, איז זעלטן אָנגעגעבן אין דער אידישער פּאָעזיע.

די וואַגאַבונדישע שירים זיינען טאַקע דערפאַר גאָר ענלעך צו די לידער פון אַ סך אַמעריקאַנער דיכטער וואָס האָבן באַזונגען אונדזער לאַנד. מהמת דעם קאָן דוד ראַפּאָפּאָרט רעאַליזירן אַ וויכטיקע דערוואַר־טונג אין דער אידישע פּאָעזיע. זיינע צוטראָגן פון לידער, וואָס אָטעמען מיט אַמעריקע, איז אַן אָנזאָג פון אַ קאָנטיקן צושטייער צו דער אידישער ליטעראַטור און אידישן ליד.

# די גאָבן פֿון עכטן ליד

## (ראָזא נעוואָדאָווסקאַ אין אונדזער פּאָעזיע)

עכטע דיכטונג אַ סך מאָל טיילט זיך אָפּ פֿון לידער, וואָס קענען פֿאַררעכנט ווערן ווי דערגאַנצטע מייסטערישקייט. עס טרעפֿט גאָר, אַז עכטקייט און מייסטערשאַפֿט זאָלן זיין באַזונדער. מ׳קאָן נישט אָפּלייקענען דאָס עס זיינען פֿאַראַן גוט געמייסטערטע לידער, וואָס זיינען נישט קיין דיכטונג. די דאָזיקע לידער האָבן אַלע תּנועות און באַדינגונגען, וואָס ס׳איז נויטיק פֿאַרן מעכאַניזם פֿון ליד, אָבער עכטקייט איז פֿון זיי אָפּגעטאָן. די גלייכגילטיקייט וואָס אַזעלכע לידער לאָזן איבער, איז אַ באַוויז פֿון זייער קינסטלערישן אומווערט. פֿאַרקערט, עכטע לידער דערנענטערן און לאָזן איבער דעם רושם, וואָס דערהויבט און פֿילט אָן מיטן עקסטאַז פֿון אמת און געפֿילפֿולקייט.

די הויפּט־דערקענטעניש פֿון דיכטערישער עכטקייט איז דער אינדיווידועלער פּאַרנעם, וואָס אַנטפּלעקט זיך אין די שטימונגען, ביואַנסן און דורכפֿילונגען פֿון ליד, און אויך די באַזעלונג און איכות פֿון איינהאַלט. דער ערשטער באַדינג איז דעם דיכטערס באַנעם פֿון מענטש; פֿון אים פֿערזענלעך און די שטימונג וואָס האַלט אים איינגעוועבט. עס איז דער חשבון־הנפש, וואָס שטעלט דעם מענטשן פּנים אל פּנים מיטן דיכטער און זיין דיכטונג. אין תּוך — עכטקייט איז פֿאַרבונדן מיט וועלט און מענטש און ווי אַזוי דער דיכטער באַלויכט די טעמאַטיק.

ראָזא נעוואָדאָווסקאַ איז מקיים אַ סך פֿון דער קרעדאָ, וואָס לאָזט דערקענען אַ עכט ליד. אפֿילו אין דער דערקלערונג אין אָנהויב פֿון איר בוך „אַזוי ווי איך בין“, דערשינען אין 1936, באַקענט די דיכטערין מיט איר באַנעם און אויפֿנעם פֿון ליד און זי לייגט פֿאָר אַ קרעדאָ, וואָס קען אויך זיין באַצייכנט אַ סך דיכטער: „דער וועג דורך לידער איז דער וועג פֿון מענטשן צו זיך אַליין; ליב איז מיר שווייגן און וואַרטן אויפֿן וואָרט, וואָס רייפֿט זיך; אויך איז מיר באַקאַנט די פֿרייד פֿון אָפּהיטן דעם אָטעם פֿון שטילע ווערטער ווען פֿון אַלע זייטן לויערט רעש“.

אַזאַ „אני מאמין“ מאַכט באַקאַנט און צייכנט אָן ראָזא נעוואָדאָווסקאַס שטיקל פּלאַץ אין דער אומענדלעכער וועלט פֿון דיכטונג. די דיכטערין מאַכט קלאָר, אַז איר דיכטונג קומט נישט אויף מיט רעש און רעקלאַמע.

אמת, זי פילט דעם רעש, אָבער זי האָט זיך אויסגעלערנט איינצוהיטן און אָפּהיטן דעם שטילן וואָרט; דעם וואָרט וואָס רייפט זיך אין שווייגן.

****
***

ראָזא נעוואָדאָווסקא איז אַ ראָמאַנטיקערין. די ראָמאַנטישע דיכטונג, באַזונדער פון רוסן, איז איר נאָענט, און זי איז פון זיי גאָר שטאַרק באַ־ווירקט. איר איז אפילו נאָענט אַזאַ דיכטער אימאַזשיניסט ווי סערגעי יעסענין. די דיכטערין איז אויך אַרומגענומען פון ראָמאַנטישער באַסטאַל־גיע. אידייאיש זיינען פאַר איר געאָגראַפישע גרענעצן אָפּגעווישט. זי טיילט ניט איין די וועלט אין מחיצות, אין קעסטלעך. עמאָציאָנעל אָבער האָט זי אויסגעוויילט פיר לענדער, וואָס צינדן איר בענקעניש, מחמת זיי האָבן איינגעקריצט אין לייב אַ חותם. אין אויבנאָן ביי איר איז דאָס אויסגעחלומטע לאַנד פון די תפילות. זיי שטעלט אַנטקעגן צוויי ממשות־דיקע פיזישע לענדער פאַזע צווייי פאַנטאַסטישע: סאָוועטנלאַנד, וואו איר יוגנט האָט געבליט, און אַמעריקע, וואו זי איז רייף געוואָרן. פאַזע — אידיש־לאַנד און די אויסגעפּוצטע כלה ציון, דאָס לאַנד פון אונ־דזערע תפילות. אין די תפילות: „וואָס מיינע עלטערן האָבן מיט בענ־טשונג דריי מאָל אַ טאָג דערמאָנט", און: „אויף ברעגן ברייט פון דער וועלט — ווערט יעדעס לאַנד אַ נאָענטע... אומעטום דער זעלבער מאַטער, פּיין און שווערע נויט... פיר באַזונדער וועל איך דאָך צווישן אַנדערע דערמאָנען און בענטשן, ווי מען בענטשט אין הונגער דעם שוואַרצן לאַבן ברויט".

****
***

ראָזא נעוואָדאָווסקא טיילט ניט אויס איר טעמאַטיק צו באַשטימטע מאָטיוון. אירע אויגן נעמען אויף אַלע זעאונגען און איר שטימונג גאַנצע דאָס ליד. זי איז אָנגערעגט פון אַלע פריידן און טראַגישקייטן, וואָס פאַנ־גען דעם בן אדם. זי איז באַצוואונגען פון אַ בענקעניש פאַר וואַנ־דער. איר ציט צוריק צו דער „היים". אפשר אין אַט־דעם „דאָרט" וועט אויפקומען צוריק דער טעם פון יונגקייט פון דעם אַנהויב און ס'וועט אויך זיך אָפּטאָן די מידקייט פון וואַנדערער. „אָט דאָ, דאַכט זיך, נישט לאַנג צוריק, איז מיין וויגעלע געשטאַנען — און אַ לעבן אָפּגעפּלאָנטערט באַלד, דורך ווייטער וועלט געפלויגן, שטיי איך איצט מיין ווייטע היים, ביי דיינע שטילע ווענט..."

ראָזא נעוואָדאָווסקא האָט ושטאַרק ליב איר „היים", מחמת די דאָזיקע בענקעניש פאַרבינדט ניט נאָר מיט איר יוגנט, נאָר אויך מיט משפחה, באַזונדער מיטן פאָטער. אים האָט זי ליב, סכנות נפשות; ער איז פאַר איר דער אויסדרוק פון אַלדאָס גוטס און מענטשלעכער שלימות: „דורך אַלע טעג מיינע האָט איך דיינע ווערטער, זע איך דיין געזיכט און דיינע דינע, ברוינע הענט. דיינע רייד איבער מיר, ווי געטרייע שטילע וועכ־טער פירן מיך אויף וועגן, איבער אָפּגרונטן ביים ראַנד".

די דיכטערין האָט ניט קיין ווערטער איבערצוגעבן סיי איר ליבשאַפט און סיי איר בענקשאַפט צום פאָטער. זי האָט נאָר אַ חלום וואָס דער־פרייט זי: „ווידער זיין לעם דיר, לעם דיינע הענט געטרייע און דיך צו זען און הערן דיין געזאַנג. און אין דיינע אויגן, מיין פאָטער, דאָס שטיל ליכט און פייער פון דיין וואָרט געדעכטן דעם אמת און זיין קלאַנג".

ראָזא נעוואָדאָווסקא גייט ניט צו דער וועלט, אין דער וועלט אָדער דורך דער וועלט, נייערט אין האַרץ פון דער וועלט — אין מיטן — דורך דער וועלט גייט זי מיטן קאָפּ „אין די וואָלקנס" — די אויגן — זיי נעמען אַרום די פּראַכט פון בערג. אָבער ווען זי גייט אַריין אין מיטן — איז עס גאָר אַן אַנדער וועלט. אין דער וועלט, אַז זי קומט אַריין, הערן זיך גאָר ניגונים, קלאַנגען און אַלץ איז אַרומגענומען מיטן כישוף פון געזאַנג.

*****

ראָזא נעוואָדאָווסקאַס ראָמאַנטישקייט איז אַלזייטיק. זי איז ניט נאָר אָפּגעגעבן צו בענקעניש נאָך סימבאָלישקייטן, נאָר זי איז אַריינגענומען אין דעם לויטער פון דער ליבשאַפט צום געליבטן; זי טראָגט צו אים איבער די פאָטער־ליבשאַפט און אים בלייבט זי טריי. זי קען זיך ניט אָפּשיידן פון געליבטנס געדעכעניש אפילו ווען זי איז פון אים אָפּגע־שיידט. אפשר וויל זי גאָר זיך ניט אָפּשיידן פון דעם „אים". זי פּרובירט זיך אָפּפרעמדן — אים פאַרבייטן פאַר אַ שפּאַציר — אַ שמועס מיט אַן אַנ־דערן. אָבער: „איך האָב מיט אים שפּאַצירט, ווייל דו ביסט ניט געווען. איך האָב אויף יעדן איינעם דיין אָנגעזיכט געזען. ער איז מיט מיר גע־גאַנגען און האָט ווי זון געברענט — פון באַוויר דעם קלענסטן פון מיינע קליינע הענט. רייד האָט ער גערעדט, וואָס גיבן דו און פרייד. איך האָב זיך גאָרניט צוגעהערט צום קלאַנג פון זיינע רייד. איך האָב נאָר דיך געזוכט, איך האָב נאָר דיך געזען. איך בין צווישן טויזנטער מיט דיר אַליין געווען".

די שטימונג פון ראָמאַנטישקייט, וואָס פרויען דיכטערינס ברענגען אַריין אין דער ליטעראַטור, איז פול מיט טעם און חן. די אַנדערשדיקייט איז עקזאָטיש ביז גאָר. אַ דיכטער וואָלט באַשטימט נישט געקענט אויף אַזאַ־דעם שטייגער איבערגעבן די ראָמאַנטישקייט פון אַזאַ־דעם זומערדיקן אָוונט: „דו ביסט צוגעגאַנגען, שטיל געזאָגט: גוט נ׳אָוונט, — האָסטו מ׳ר אויסגעשטרעקט דיין צאַרטע האַנט, האָב איך דערזען פאַר זיך רייפע פעלדער קאָרן, דערהערט פון זאַנגען דעם געזאַנג. מיר האָבן שפּעט שפּאַצירט דערנאָך דורך דער נאַכט דער בלויער, געזען מיליאָנען פייערלעך פון שלאָפנדיקער שטאָט... אין קלאַנג פון דיינע רייד האָט זיך געהילט מיין אויער, שטיל אין מיר געזונגען האָט דיין נאָענטער טראָט. די נאַכט האָט זיך געטוליעט אין איר שטילסטן אומעט, בלייכע שטערן האָבן אָנגעזאָגט: באַלד קומט אַ נייער טאָג. יעדער איז געוואָרן, ווי אַ העלער טאָג פון זומער — ס׳האָט פרייד געפרעגט אָן ווערטער: האָסטו מיך ליב? אָ, זאָג..."

ראָזא נעוואָדאָווסקא איז ניט נאָר אָן אייגנאַרטיקע דיכטערין, נאָר אויך איר אויפנעם פון שטימונגען טיילט איר צו גאָר אַ באַזונדער אָרט צווישן די דיכטונגען פון פרויען. אירע לידער זיינען ווייבלעך, אָבער איר זיינען אויך נאָענט אוניווערסאַלע מאָטיוון, וואָס איז אַן הויפּט־מעלה פון דיכטונג ביים מאַן. אירע ניו־יאָרקער־ניו־יאָרקישע לידער און די ליד צו יעסעניגען שליסט אַ סינטעז צווישן דעם אוניווערסאַלישקייט און ווייבלעכקייט אין די מאָטיוון, וואָס ראָזא נעוואָדאָסקא לעבט אויף מיט ליכטיקער דיכטונג. אַ פּיוט, וואָס זי האָט געדרוקט אין „ביאַליסטאָקער שטימע" אַנטפּלעקט אויך דער דיכטערינס טיף־אידישן גלויבן און דער־הויבענעם רעליגיעזן עקסטאַז. דער פּיוט „פייער" איז אינגאַנצן באַוועלט מיט אידישן גייסט.

ראָזא נעוואָדאָווסקא פאַרמאָגט אַביסל באַרעדעוודיקייט און אויך איז זי ניט פריי פון פּראָפּאַגאַנדערשקייטן. אָבער זי פאַרגיטיקט מיט קלאָר־פולקייט און תוכיקייט פון איר טעמאַטיק און מיט דער לויטערקייט פון אירע ראָמאַנטישע לידער. נאָר דאָס אַליין, וואָס זי איז פריי פון געקינסטלט־קייט מאַכט זי ראוי צו ליב און אויפמערקזאַמקייט.

ראָזא נעוואָדאָווסקא דערלאָזט ניט דעם חשד צו זיך, אַז מען האָט איר ניט אָפּגעשאַצט ווי געהעריק. זי לאָזט זיך אויך ניט פאַרפייניקן פון טרויער, וואָס דער מצב פון אונדזער לשון און ליטעראַטור יאָגט אָן אויף אונדז. איר בטחון אין אייביקייט פון לשון איז ווי די אייביקייט, וואָס איז באַשערט דאָס ליד. זיי האָבן אַ בונד: דאָס לשון און דאָס ליד זיינען געווען און וועלן זיין עד סוף כל הדורות.

„איך שטיי אין שטיל ביים ראַנד פון ראַנדן
אין פרישן לויטעור פון פאַר־טאָג,
די ליכטיקייט ווערט פול מיט אָנזונג
און איך דערהער אַ קלאָרן זאָג;

„ס'איז נאַכט אַוועק, און ס'שלאָפן שטערן.
דו זעסט זיי ניט. זיי זײַנען דאָ.
איך הער דעם קול פון אַל־דערהערן
אין פרישער שיין פון מאָרגן־שעה.

„און ס'ווידערהאָלט דער אַל־דערהערער:
בין געווען, וועל זיין און איך בין דאָ״.

# די האַנט וואָס האַלט דעם שליסל

(א. אַלמיס דיכטעריש־פילאָסאָפישער אמת)

וועגן א. אַלמי האָט מען נאָך ביי אונדז נישט געשריבן אין דער טיף. מ׳האָט געשריבן רעצענזיעס, אַמאָל מיינונגען, אָבער זיין קאַליר־פולקייט און אַנדערשדיקייט מאָנט אַן אַלזייטיקע אָפּשאַצונג — זיך צו דערגרונטעוועון נישט בלויז צו אַלמי דעם קינסטלער, נאָר דעם מענטשן, די אָנגעזעענע פערזענלעכקייט מיט אַלע זיינע מעלות און סתירות.

אַלמין קאָן מען נישט פאַרבייגיין מיט גלאַט אַ זאָג. זיינע געדאַנקען, גלויבונגען און דער שייכות צווישן גאָטהייט און מענטש רופן אַרויס טראַכטונגען, טראַכטונגען וואָס פירן צו מעדיטאַציע און חשבון הנפש. דער קהלת־געמיט פון דעם „הכל הבל", וואָס קומט־אויף פון דעם נישט־וויסן, וואָס און פאַר וואָס, קאָן אויפרירן אפילו אַ ווילדן עולם־הזהניק און אים נישט לאָזן גלייכגילטיק.

אַלמי באַצווינגט ניט, ער רופט נאָר אַרויס ספקות און מאָנט מ׳זאָל נישט גלאַט אָננעמען זאַכן אין אויבערפלאַך. ביי אַלמין איז שרייבן אַ תיך — אַ מין מלאכת הקודש; דאָס וואָרט איז אַ שליח דורך וועמען ער שיקט — נישט בלויז וואָקאַלן, נאָר אַן אידייע, וואָס זאָל אים קאָנען דערנענטערן מיט אַן אַנדער בן־אָדם און כדי מיט אים זיך אויפהויבן פון דער טעמפּקייט, גלייכגילטיקייט און ציבישקייט, וואָס זיינען באמת די שותפים פון רשעות און רציחה. דערפאַר, ווען מ׳רעדט פון אַלמין, קאָן מען זיך נישט באַנוגענען מיט בלויז אַן אָפּשאַצונג אָדער אַן עסיי. אַלמי איז אַזאַ געשטאַלט צו וועמען מ׳דאַרף זיך דערנענטערן כדי אים דערקענען.

צוליב דעם טעם קאָן מען נישט רעדן וועגן איין אַרבעט זיינער, אָדער איין בוך, נאָר פון דער גאַנצער אַלזייטיקער און פאַרנעמלעכער פערזענלעכקייט.

קאָן מען דען אָפּגעבן אַ חשבון וועגן אַלמין אין אַן עסיי? אפילו נישט אין אַ גרעסערער אַרבעט. די רשימה פון זיינע טעמעס איז אַ גרויסע און פאַרשיידנאַרטיקע. ס׳איז גאָט, מענטש, אוממענטש און פּחד; ס׳איז דער זוכן, דער שטויס צו דערגרונטעווען. די גאַפונג, די מאָנונג און אויך די אויפוואַרפונג, שטראָפונג און דעם מוסר־זאָגן. דעם הכל־הבל און פיזישן תענוג.

א טיכטיקע באקאנטשאפט און א אויסגעברייטערטע אלזייטיקע אר־בעט איז נויטיק, כדי צו קאנען, — נישט אויסשעפן, נאר באקענען זיך און אנווייזן אויף דעם אריגינעלן שריפטשטעלער, פאעט, ליטעראטור־קענער און ראנגלער מיט אידייען.

נישט האבנדיק די מעגלעכקייט צו פארנעמען זיך מיט אזא אנגע־זעענער ארבעט, מוז איך זיך באנוגענען מיט איבערגעבן בלויז א ניצוץ פון רושם, וואס אלמיס שריפטן האבן געהאט אויף מיר.

* * *

אלמי, וואס נעמט נישט אן, נאר פרעגט אפ, האלט זיך אן אין געדאנקען, וואס ער לאזט זיי נישט א טרייסל טאן. זיי ווערן טאקע ביי אים נישט קיין עיקרים, אבער ער באשטייט, אז מ׳זאל זיי נישט בלויז פארשטיין, נאר אויך זיך דערנענטערן צו זיי און זייער פראבלעמאטיק.

די הויפט־שטימונגען אין צענטער פון אלמיס באנעם זיינען: וועגן וועלט — דעם מענטש און זיין געמיינדע; עסטעטיק — עטיק און די באַ־ציאונג צווישן מענטשן; די גאפונג פארן באשאף — דעם כוח פון בורא עולם; די שרעק פאר דעם טויט — מיסטעריע און די האפענונג אויף אן השארת־הנפש.

אלמי טיילט צו דעם עסטעטישן געפיל אין מענטשן דעם אויבנאן. ער זוכט באגרינדן, אז עטיק איז ניט די ערשטע סיבה און איז נאר א פועל־יוצא פון עסטעטיק. די השערה זוכט ער צו פארשטארקערן מיטן טעזיס, וואס אויך פרויד ווייזט־אן, אז דער מענטש ווערט געבוירן בכלל אן וועלכן קלארן באוואוסטזיין, אבער — באשטייט אלמי — דער עס־טעטישער חוש איז דער ערשטער, וואס א בן־אדם דערפילט עמאציאנעל.

פון קינדוויז אויף, זוכט אלמי אנצואווייזן, איז דאס דער גומען, וואס פארמאגט די סענסיטיווקייט צו קענען אפקלייבן און אויסטיילן, וואס איז גוט און פארקערט. אלמי פארנעמט זיך עס צו באגרינדן מיט דעם, אז וואס ס׳איז שייך עטיק איז עס ביי קינדער נישט בנמצא, ווייל זיי זיינען גרויסע אכזרים. פון דעם דארף מען דרינגען, אז עסטעטיק רופט נישט ארויס קיין רציחה און איז גאר א סטימולירנדיקער כוח פאר פרידן און רו.

צו מאכן אזא איינטיילונג איז נישט ריכטיק. ס׳איז אמת, מען קומט נישט אריין אין דער וועלט מיט א געוויסן, אבער די גוטע מידות, וואס מ׳לערנט בעמען אריין סיי עטיק און סיי עסטעטיק. עס טרעפט — און ווי א כלל אין א גאר גרויסע צאל, אז מענטשן, וואס האלטן זיך פיזיש

זויבער, פוצן זיך און לאָזן אַ שפּרינקעלע נישט פאַלן אויף זייערע בגדים און האָבן אויך אין צוגאָב גוטע סענסיטיווע גומענס, זיינען גאָר ווילדע רוצחים און גזלנים.

מ׳באַגעגנט מענטשן, וואָס מיאוסן און קרימען זיך, קאָנען נישט פאַר־ליידן געוויסע מענטשלעכע דעפעקטן, און זיינען דערביי אַליין נישט נאָר געשלעכטלעכע, נאָר אויך עטישע פּערווערזן.

ווי אַזוי קאָן מען עס גאָר אויסטיילן פון די הויפּט־מענטשלעכע מעלות אַ פיזישע אייגנשאַפט איבער אַ גרונט־פּרינציפּ, אויף וועלכער עס איז געשטיצט די מענטשלעכע קולטור און די באַציאונג און אויפפירונג פון מענטש צו מענטשן.

אַלמי אַליין וואַרפט אָפּ די אויפפירונגען פון אומעטישע מענטשן און ער באַקלאָגט זיך ניט, וואָס אַן אומעטישער מענטש האָט זיך געהאַלטן פיזיש נישט זויבער, נאָר דערפאַר, וואָס מ׳איז זיך משער, דער פּראָנט מיטן סענסיטיוון ראַפינירטן גומען איז גאָר באַגאַנגען עוולות קעגן זיינעם אַ מיט־מענטשן און חבר. אין תוך דאַרף אַ מענטש זיין תוכו כבורו, ווי אויסערלעך אַזוי אינערלעך.

אָבער, אויפפירונגען פון מענטשן טיילט אַ סך מאָל זיך אָפּ פון איין מאָס אָדער אַן אַנדערער. און טראָץ דעם, וואָס מיר אינדענטעפּיצירן עטישע עבירות מיט אַן עסטעטישער טערמינאָלאָגיע, ווי: „ס׳איז נישט שיין", „מיאוס", „עקלדיק", „אָפּשטויסנדיק" א. אַ. וו. וואָלט זיכער געווען אַ גרעסערע ברכה פאַר די מענטשן, ווען אַט־די אַלע אין צילינ־דערס און אויסגעפּוצטע, וואָס רוקן זיך מיט עקל אָפּ פון אַן אומצוכט; וואָס עסן מיט גאָפּלען און פירן זיך לויט דעם עסטעטישן שולחן־ערוך, וואָלטן געווען אפילו אַביסל ווינציקער עסטעטיש און אַביסל מער עטיש.

טאַקע אַט־די אומעטישקייטן אַרן און טרייסלען אַלמין אויף. ער קאָן נישט פאַרטראָגן די אומעטישע דרכים פון די, וואָס גיבן דער ליטעראַטור אַ שם־רע און טוען פאַרכאַפּן אַלץ פאַר אייגן נוצן. אַלמי איז אין גרויס צער, וואָס ביי אונדז זיינען אפילו די עסטעטיקער, געוויס די שארית־הפליטה פון אונדזער גרעסטן חורבן, נישט געלייטערט געוואָרן. זיי האָט דער חורבן, ווי גאָר נישט אָנגערירט, רחמנא לצלן. עפּעס ווי עס וואָלט נישט געווען אויפגעשטאַנען אַ רוצחיש פאָלק, וואָס האָט זיך פאַרנומען אַלע אידן צו פאַרטיליקן.

טראַגיש! אַלץ איז ווי געווען. קיין שום שנוי; פּאָליטעקערייי, קנאה־שנאה.

**ביי די אַנדערע פעלקער זיינען די מושלים זייערע גזלנים, וועלכע ברענגען אום מענטשן פאַר אַ פּיקציע, אָדער צוליב סאַדיסטישער**

הנאה; אַ גלוסט זיך צו איזהעקעווען, ווייל דורך דעם ווערט דערמאָנסט־רירט אויטאָריטעט און הערשאַפט.

אויפן סמך פון אָננעמען, אַז דער בנין פון דער מענטשלעכער גע־מיינדע ווערט אויפגעהאַלטן סיי אויף רציחה און סיי אויף שווינדל און אָפּנאַרעריי, ווערן קליינע טענות און תרעומות צוגישט.

אַלמי דערמאָנט עטלעכע עוולות, וואָס מענטשן (גראַדע זייער עס־טעטישע און פיין־שמעקער) האָבן געטאָן קעגן אים. אויף עטלעכע פאַר־דריסט אים באַזונדער: יוסף קאהאַן, דינגאָל און י. ל. זלאָטניק „אַן אָר־טאָדאָקסישער רב פון גרויסן יחוס". אַלמין אַרט, וואָס די עטלעכע מענטשן זיינען יעדער פון זיי געווען: „נאה דורש ואין נאה מקיים".

די שאַרפּע טענות קעגן אויערבאַכן און דינגאָל זיינען נול, פאַרשטייט זיך, אין פאַרגלייך מיט די אַלע רציחות, אין וועלכע די וועלט איז איינ־געזונקען. אָבער שייך די עוולות, וואָס אויערבאַך האָט שוין אָפּגעטאָן קעגן קאָלעגן זינט ער האָט אַלמין ווילד מבייש געווען קומט אים, אויער־באַכן, נישט נאָר מאַכן אַן אויפוואורף, נאָר פשוט פאַרדאַמען.

טראָץ די אַלע נישט פיינע, כאָטש מילדע האַנדלונגען פון די עטלעכע מענטשן, פאַרדריסט אַלמין נישט אַזוי די אויפפירונג קעגן אים, ווי דאָס, וואָס אָט־די מענטשן לערנען אַנדערע גוטע מידות, אָבער זיי אַליין זיינען גאָר אומעטישע מענטשן. אַלמי איז אַ מאָראַלישער מענטש. ער גלויבט אין תוך פון עונש און שכר און אַז נישט נאָר דער רשע, נאָר אפילו די וואָס חברן זיך מיט אים: „הונף לרשע נופל בידו", וועלן באַקומען אַ שטראָף.

* * *

א. אַלמי, ווי אַלע סענסיטיווע, עטישע און דענקענדיקע מענטשן, איז פאַרנומען מיט דער מחשבה פון לעבן און טויט. אַלמי נעמט נישט אויף דאָס כּאַרגייך, ווי אַ געשעעניש פון וועלכער מען דאַרף נישט רעדן — ווייל דאָס געפיל פון ניט צולאָזן דעם געדאַנק פון טויט ברענגט מנוחה. פאַרקערט גאָר, פאַר אים קאָן באַדאַכטקייט און מנוחה נאָר צושטאַנד קומען, ווען מיר וועלן שלום מאַכן מיטן טויט. עס קאָן נישט זיין קיין שלום אין לעבן, ברענגט אויס אַלמי, אָן שלום מיטן טויט: „מיר קענען נישט געהעריק דערקענען דאָס לעבן, אויב מיר דערקענען נישט דעם טויט".

אַלמי אילוסטרירט זיין באַנעם, מיט אַן ענטפער, וואָס קאָנפוציוס האָט געגעבן זיינעם אַ תלמיד: „ווי קאָנען מיר וויסן וואָס טויט איז, ווי־באַלד מיר וויסן ניט וואָס ס'איז לעבן". צוליב דעם, וואָס פאַר אונדז זיינען פאַרהוילן די סודות פון לעבן און טויט, דאַרף מען אַלץ אָננעמען

באהבה סיי דאָס זיין און סיי דאָס פאַרגיין. צוליב דעם טעם קאָן אַלמי בשום אופן נישט סובל זיין די סתירה ביי פרומע, גאָטס־פאַרכטיקע מענטשן, טראָץ וואָס זיי האָבן נישט קיין ספקות אין השארת הנפש און אין עולם הבא, זיינען זיי אין פחד פאַרן טויט.

אפילו די אגדות וועגן דער פחדנות פון משה רבנו, ווען ער האָט זיך געראַנגלט מיטן מלאך־המות, איז אַלמין נישט צום האַרצן. אַ פיינ־לעכן איינדרוק האָט אויף אים געמאַכט דעם ווידערשטאַנד, וואָס משה האָט געגעבן גאָטס גזר.

אַלמיס אויפנעם פון ענין לעבן און טויט, איז נישט אָנגעוויזן אויפן אידישן וועלט־באַנעם, דורך וועלכן דער איד לייגט אַ הויפט־געוויכט אויפן „דרך־החיים", אויף דער אידישער פרייד מיט געבורט און טרויער מיט טויט: „אין השכינה שורה לא מתוך עצבות". ס'איז אויך נויטיק צוגעבן, אַז דער איד גלויבט אין אַן אייביקן לעבן. מיט ביאת המשיח און די אידישע פילאָסאָפיע פון לעבן און טויט דערפירט צום קלימאַקס — בלע המות לנצח; אויף אייביק זאָל טויט אומגעבראַכט ווערן. אַ איד האַלט נישט, אַז שטאַרבן איז עפעס אַ מצווה. ער גייט מוטיק שטאַרבן בלויז אויף קידוש השם.

* * *

פאַר וואָס וויל עס עפעס דער מענטש ווידער געבוירן ווערן? פאַר וואָס איז השארת הנפש אַזאַ גרויסע גלוסט און שאַרפער פאַרלאַנג ביי מענטשן?

השארת הנפש איז דאָך נישט נאָר אַן ענין, מיט וואָס רעליגיע פאַר־נעמט זיך. דער פילאָסאָף, דער ראַציאָנאַלער דענקער ווערט אויך באַאומ־רואיקט פון דער טראַכטונג: איז דאָס אַלץ? נאָך יאָרן מי, רויש, אויפטו און דערגרייכונג, וועל איך ווערן שטויב און מיין געדעכעניש וועט פאַר־גיין? אונדזער פאַרגיין זוכט אַ באַשייד.

דער מענטש זוכט אַ באַשייד, אַן ענטפער אויפן נישט ווערן. איז דאָס דער פחד פאַר וואָס די מיסטעריע פון טויט אַנטפּלעקט זיך נישט פאַר אונדז און וואָס טרייבט אונדז צו האָבן האָפענונגען אויף אַ צוריק־קומען?

נישט נאָר רעליגיע זאָגט צו אַ תחית־המתים, אויך די ספּיריטואַליס־טיק פאַרזיכערט, אַז די טויטע זיינען גאָר לעבעדיק, מ'דאַרף זיך נאָר קענען מיט זיי פאַרבינדן, נויטיק איז בלויז דאָס קעסטל, וואָס זאָל פונקט ווי פאַר די קלאַנגען אויף ראַדיאָ, קולות און געשטאַלטן ווי אויף טע־לעוויזיע, זיי קענען אויפנעמען.

אַלע מענטשן פילן, אַז זיין איז אַ משונהדיקע ראָד, אין וועלכער מ׳האָט אונדז, אָן אונדזער הסכּמה, אַריינגעשלײדערט. די וואָס גלויבן אין השארת הנפש ווייסן, אַז פון דער ראָד וועלן מיר זיך קיינמאָל נישט אַרויסדרייען, ס׳איז אַ כּסדרדיקער קומען און פאַרגיין, אַזוי גאָר אָן אַ סוף. זיין מיינט נישט בלויז אין דער מענטשלעכער פאָרעם, נאָר אויך אין די געשטאַלטן פון אַלע משנה הבריות. די פּאַטענץ פון לעבן איז אייביק פאַראַן, פונקט ווי אייביק איז אייביק. די וואָס וועלן געבוירן ווערן אפילו אין אַ מיליאָן יאָר אַרום, זיינען דאָך שוין איצט אפילו פאַראַן אין ערגעץ. זיי וואַרטן בלויז אין דער ריי, נאָר פאַר דער האַנט, אָט־די פאַקטיש־סימבאָלישע האַנט, וואָס שטויסט אַריין אין לעבן, פונקט ווי אַלמין אין זיין פּרעכטיקער און אפשר נישט צופעליקלעכער מעשה אין אָנהויב פון בוך: „חשבון און סך־הכּל״.

די פּאַטענץ פון לעבן איז אין כּסדרדיקן געלאַף און דורך פאַרשייד־זענע אומבאַהוואוסטע און אומדערקלערלעכע סיבות געשטאַלטיקט זיך לעבן אין די מיליאָנען פאָרמען. די פויגל, די חיה, די פיש, די פלאַנץ און דער מענטש.

אַלמי שרעקט זיך פאַר השארת הנפש. ער מאָלט זיך אויס, אַז אויב השארת הנפש — איז קומען צוריק אין מענטשלעכער פאָרעם כּמעט דער זעלבער אַלמי, און דאָס פילט אים אָן מיט פּחד, ער וויל נישט! איין מאָל איז עד לרוב.

ניטשע האָט אויך פאַר אַ ווײַלע, מיט שרעק, אויפגענומען די השערה פון השארת הנפש. ער האָט אַזאַ ווידערגעבורט אָפּגעוואָרפן. אָבער שפּע־טער צו, ווען די מורא פאַר אַזאַ מעגלעכקייט איז אויסגעוועפט געוואָרן, האָט ער נאָך אַ ישוב־הדעת ראַציאָנאַליזירט אַזאַ אויפקום און האָט אפילו מיט הנאה אויפגענומען די הנחה, אַז נישט נאָר אין באַנייאונג, נאָר ער איז אפילו גרייט דורכגיין אין דעם צווייטן לעבן די זעלבע רוטין פון ערשטן (די מעשה איז וועגן ניטשעס משל, אַז אַ דעמאָן לייגט אים פאָר קיינמאָל נישט שטאַרבן, נאָר אָנשטאָט זאָל ער עקזיסטירן מיטן זעלבן רוטין פון לעבן.)

דער וואָס גלויבט אין השארת הנפש, קאָן גאָר אַנדערש ביי זיך נישט פועלן, אַז ער וועט אויפקומען אין דער זעלבער פאָרמע. די וואָס גלויבן באמונה שלמה, שתהיה תחית־המתים, צווייפלען נישט אויף קיין האָר, אַז דער מענטש האָט אַ נשמה און אַז די עקזיסטענץ פון דער נשמה איז אַ באַוואוסטזיניקע. די השערה איז אָנגענומען נישט נאָר ביי רע־ליגיעזע, נאָר אויך, ווי דערמאָנט ביי די וואָס גלויבן אין ספּיריטואַליזם און אויך די, וואָס קאָנען נישט אָננעמען, אַז טויט מאַכט אַ סוף פון אַלץ,

וואָס זיי זיינען. זיי טרייסטן זיך, אַז די נשמה, וואָס איז פּאַקטיש די אמתע פּערזענלעכקייט, לעבט ווידער און וועט זיך אומקערן און באַהעפטן זיך אין אַ פאָרעם — אַ גוף.

טראָץ דעם, וואָס אין תורת משה ווערט נישט גערעדט וועגן השארת הנפש און עולם הבא, ווייזט אַלמי אָן, אַז די לאָגיק פון אויסנלאָזן אָט־די השערות אָדער עיקרים פון תורת משה איז געווען אַ באַשיצינג קעגן דער אויפלעבונג פון דער עבודה זרה — דעם טויט־קולט, וואָס האָט גע־הערשט אין מצרים. אָבער נאָכן באַפרייען זיך פון געצן־דינסט האָט דער אידישער געדאַנק זיך אַ קער־געטאָן צו די פּראָבלעמען פון אומשטערב־לעכקייט און עולם הבא.

אַ גרויסע צאָל פון פאַרנעמלעכע אידישע גייסטיקע מענטשן האָבן געפּרובירט מסביר זיין אומשטערבלעכקייט על פי שכל. אברבנל איז זיך אָבער צוגעגאַנגען מיט די אידישע רעליגיעזע דענקער און ער האָט גע־האַלטן, אַז נישט נאָר לויטן שכל, נאָר ס׳איז פאַראַן אַזאַ פאַרבאָרגענער כוח, וואָס קאָן צוזאַמענברענגען אַ באַרירונג — אַ קאָנטאַקט צווישן לע־בעדיקע און די נשמות פון געשטאָרבענע. (בלויז די נשמות; געוויסע ספּיריטואַליסטן ברענגען די געשטאַלטן פון טויטע אין קאָנטאַקט מיט לעבעדיקע. אַלמי דערציילט פון אַ פּאָר אַזעלכע געשעענישן, וואָס האָבן זיך מיט אים געטראָפן.)

פילאָסאָפישע מענטשן, ווי אַ כלל, קענען אַזוי פשוט נישט אָננעמען די השערה, וואָס רעליגיע לייגט פאָר וועגן דעם געהיימען כוח פון טויט, וואָס קאָן זיין איז נאָר אַ מין הפסקה אָדער גאָר טאָטאַלע צע־שטויבונג.

מעטערלינק, דער פאַרנעמלעכער פּאָעט און דענקער, האָט, ווי אַלמי ווייזט־אָן, נישט געגלויבט אין טאָטאַלן אומקום. די סברה איז, אַז אַזאַ טאָטאַלע צעשטערונג איז אוממעגלעך, ווייל מיר אַלע זיינען געפאַנגען אין אַ אייביקייט, וואָס האָט נישט קיין אַרויסגאַנג, וואו קיין זאַך פאַר־שווינדט נישט; נישט קיין קערפּער און נישט קיין געדאַנק קאָן זיך אַרויס־רייסן פון אוניווערז, אַרויס פון צייט און רוים — קיין זאַך ווערט נישט אויס, אפילו אונדזערס אַ ציטער, ווייל ס׳איז נישטאָ אַזאַ אָרט וואו עפּעס הערט אויף צו זיין. דאָס ליכט פון אַ שטערן, וואָס האָט זיך אויסגעלאָשן מיט מיליאָנען יאָרן צוריק וואַנדערט נאָך אַלץ אין עטער און אפשר היינט גאָר, קאָן זיין, וועלן מיר אים דערבליקן — אין תוך כדי צו נעמען אָן עפּעס און עס אַריינוואַרפן אין גאָרנישט, וואָלט דאָך „גאָרנישט״ גע־דאַרפט עקזיסטירן. אויב אָבער דער גאָרנישט איז פאַראַן, אין וועלכער עס איז פאָרעם, איז עס דאָך שוין נישט קיין גאָרנישט.

איז וואָס־זשע פאָרט זיינען מיר אין דער אייביקייט נאָך אונדזער
זיין אין דער צייטווייליקייט — נאָכן פיזישן אומקום? איז השארת הנפש
מיט פערזענלעכער אידענטיפיצעט און באַוואוסטזיין אוממעגלעך, פונקט
ווי ס'איז אוממעגלעך טאָטאַלע צעשטויבונג? וואָס־זשע ווערט פון
אונדזער „איך", פון דעם „עגאָ", וואָס מיר קענען? אַלץ פאַלט פאַרנאַנ־
דער: באַוואוסטזיין, גוף און „עגאָ". לויט דעם אויספיר פון גאָוטאַמאַ
בודא, בלייבט נאָר די נשמה, וואָס איז דער אויסדרוק, דער תמצית פון
דאָס אייביקע — פון דאָס קאָסמישע, אָבער אָן באַוואוסטזיין.

מעטערלינק, אויפן סמך פון זיינע געדאַנקען און אויספירן, טרעפט
זיך צוזאַמען מיט גאָוטאַמאַ בודאס פילאָסאָפיע וועגן „ניראוואַנאַ", אין
וועלכער ער האָט געגעבן דעם באַנעם, אַז דער גוף ווערט אויפגעלייזט.
קיין שום כוח קאָן עס נישט פאַרמיידן. די הויפט־זאַך איז בלויז די מחשבה
— ווייל וואו ס'איז פאַראַן דער „זעלבסט", דער „איך", קאָן קיין אמת
נישט זיין. ווען דער אמת קומט, פאַרשווינדט דער „עגאָ".

בודאַ האָט דעפינירט דעם באַגריף פון אומשטערבלעכקייט אָן אַ
„זעלבסט". דאָס דענקען הערט אויף, אָבער אונדזערע געדאַנקען פאַר־
בלייבן; דאָס אורטיילן שטעלט זיך אָפּ, אָבער דאָס וויסן פאַרבלייבט.
אַ בריוו געשריבן ביינאַכט בלייבט פאַרשריבן אפילו נאָך דעם, ווי דאָס
ליכט ווערט פאַרלאָשן.

אַלמי נעמט נישט אָן אַזאַ מין אומשטערבלעכקייט. ער רופט עס אָן
אַ מין „פאָנאָגראַף־פּלאַטע". אָבער דאָס איז דאָך פאַקטיש דער באַנעם פון
קינסטלערישער אומשטערבלעכקייט, אין וועלכער עס קומט אויסדרוק נישט
די פערזענלעכע עקזיסטענץ, נאָר די געדאַנקען און שאַפונגען, וואָס
זיינען פאַראַן און לעבן לאַנג, לאַנג נאָכן פיזישן אומקום.

מערקווירדיק איז אויך מעטערלינקס מסקנא, וואָס ביי אַלמין איז
דאָס גאָר סתירה: אַז טראָץ דעם, וואָס עס בלייבט נישט קיין שום אינ־
דיווידועלע אידענטיטעט, טרויערט דאָך דער „עגאָ" (גלייך נאָכן טויט
פון גוף) אויף די ליידן פון די, וואָס ער האָט געלאָזן הינטער זיך. ווייל
דאָס קומען און דער זיין איז „אדם לעמל יולד" (אָט מיט דעם פילאָסאָ־
פישן באַנעם פון איובס רעזיגנאַציע פירט אַלמי אַריין אין זיין בוך
„חשבון און סך־הכל").

אָבער אַלע אונדזערע טראַכטונגען זיינען זיך כסדר סותר. אין דער
רעאַליטיווקייט איז נישטאָ קיין פאָזיטיווקייט, און פאַרקערט — ביידע
זיינען אפשר נישט פאַראַן, ווייל זיי זיינען מענטשלעכע טערמינען און
באַגריפן און זיינען בלויז באַגרענעצט צו אונדזערע חושים.

אויב מיר שאַצן אַלץ סיי אָביעקטיוו, סיי סוביעקטיוו, סיי מעטאַפיזיש,

סיי ראַציאָנאַל, קאָן דאָך אויך מעגלעך זיין אַ מין השערה, אַז דער „עגאָ" ווײנט, ער ווײנט נאָר פון רחמנות אויף די וואָס זײנען געבליבן. אָבער ווײנען און טרויערן, זײנען דאָך אויך נישט מערער ווי מענטשלעכע טערמינען.

אין באַנעם פון מענטשלעכן באַגריף, איז אין תוך סיי דער זיין און דער נישט זיין אַרײנגעוועבט אין אַ קנויל פון געוויין. ווייל ס'איז נישטאָ קיין אַרויס, ווערט דאָך די סאַמע טראַכטונג פון דעם אָנגעפילט מיט פחד.

פון אַן אַנדער באַנעם איז דאָך דער אומקום די גרעסטע איראָניע און חוזק, וואָס ווערט אָפּגעטאָן קעגן דעם בן אדם.

דער מענטש, דער יחיד, גלויבט נישט, אַז זיין „זיין" וועט זיך ענ־דיקן. אַלמי אילוסטרירט עס דורך דעם געפיל פון זײנעם אַ פרײנט, וואָס האָט באַטראַכט די שטאַרבער פאַר אַן אַנדער מין. בלויז ווען אַ נאָענטער שטאַרבט, וועקט זיך אויף דער פחד פאַרן אײגענעם סוף. דער געוויין איז גאָר פון גרויס רחמנות אויף זיך. ביי מענטשן איז אויך דער צער אויפן טויט פון אַ קינד שטאַרקער און טיפער: „ס'האָט נאָך גאָר נישט געלעבט, איז אין דער בכיה, און שוין אַוועק". טויט פון אַן עלטערן מענטשן ווערט אויפגענומען גלײכגילטיק און ווי אין אמתן, דאָס איז דער סדר.

אָבער דער צער אויפן טויט פון אַן עלטערן מענטשן דאַרף דאָך זיין שאַרפער. אַ קינד האָט נאָך גאָר נישט אויפגעטאָן, די דערגרייכונגען פון קינד זײנען פאַרבאָרגן, אָבער אַ דערוואָקסענער, אַן עלטערער מענטש, אַן אויפטוער, אַ שעפער, אַ בויער, אַ מענטש וואָס האָט געלאָזן אַן השפעה, ער ווערט אויך שטויב. ס'איז טראַגיש און עצבות דערשלאָגט: דאָס טראַכטן בלויז, אַז משה רבנו, די נביאים, בודא, אײנשטײן, בעטהאָווען, דאַ ווינטשי, מײקל אַנדזשעלאָ, דער רמב"ם און אַלע גרויסע קינסטלער, שעפער און גרויסע גײסטער זײנען געוואָרן שטויב.

אָבער וואָס איז די טרייסט פאַרן מענטשן און זיין געניוס? איז טויט טאַקע דער סוף פון אונדזער עקזיסטענץ? איז אַלץ וואָס גיט אונדז אידענטיטעט נאָר דער גוף? און אַז ער ווערט אויס פאַרגייט אַלץ? טאָ וואָס איז דער כוח, וואָס ציבדט אונדז אָן צו קרעאַטיוויקייט: בויען, שאַפן, טראַכטן, באַנעמען די פרייד פון תענוג און דעם ווי פון צער? ס'איז אמת, אָט־דער כוח ליגט פאַרשפאַרט אין גוף, ער האַלט אים גע־פאַנגען. אָבער וואָס ווערט פון דעם כוח ווען דער גוף באַפרייט אים? וואו גייט ער? און צו וואָס דאַרף מען עס השארת הנפש, אַ צוריק־לע־בעדיק ווערן — כדי אַ פאַרעם, אַ גוף זאָל ווידער האַלטן דעם כוח פאַר־שפאַרט?

אַלמי גיט אָן זיין באַנעם וועגן דער געהיימניש, וואָס פײניקט זעם

בן־אָדם כסדר. זאָגט אַלמי: „דער איינציקער באַדינג פון אומשטערב־לעכקייט פאַר אונדז איז די נשמה. ווי איינער זאָל אַט־דעם באַגריף נישט פאַרשטיין, בלייבן לעבן נאָכן טויט פון גוף, מיט דער אויפבאַוואָרעניש פון כאָטש אונדזער זכרון, אַז מיר זאָלן וויסן — ערשטנס, אַז מיר עק־זיסטירן; צווייטנס, אַז מיר זיינען אַן המשך פון זיך אַליין, אָדער מיר מוזן שלום מאַכן, אַז דער טויט פון גוף איז דער טאָטאַלער סוף פון אונ־דזער קיום.

„יאָ־זיין און נישט־זיין אין איין און דערזעלבער צייט [וואָס אומ־שטערבלעכקייט אַן אינדיווידועלן באַוואוסטזיין מיינט] איז אַ סתירה אין זיך אַליין, וואָס איז להיפוך יעדער מענטשלעכער לאָגיק. דער מענטש קאָן מיט אַזאַ געדאַנק נישט שלום מאַכן איצט, ווי ער האָט עס נישט געקאָנט מיט טויזנטער יאָרן צוריק״.

אַלמי האָט גאָר מורא פאַר אַ צוריק קומען, טראָץ דעם וואָס ער נעמט אָן, אַז מיר אַלע זיינען פאַרשפּאַרט אין דער אומענדלעכקייט פון וואַנען עס איז נישטאָ קיין אַרויס. קהלת גלויבט אויך נישט אין השארת הנפש. נישט נאָר דער מענטש, נאָר אַלע זיינע אויפטואונגען וועלן צעשטויבט ווערן. קהלת האַלט, אַז דאָס לעבן איז זינלאָז און דער באַדייט איז נאָר פּיין. אַלמי קאָן אויך נישט אויפנעמען, אַז דער מענטש וועט אין אַ מין אייביקן געדריי מוזן כסדר דורכגיין טואונגען, וואָס זיינען פאַר אים צוגעגרייט אַזוי אָן אַ סוף. ווייל אויב ס׳איז גאָר נישט ניי אונטער דער זון און פאַרן מענטשן, פאַר זיין „זיין״ וועט גאָר נישט מחדש ווערן — ווי קהלת זאָגט: „אַלץ איז נאַרישקייט און אַ יאָגן זיך נאָכן ווינט; אַזאַ קרומקייט וואָס קאָן ניט געמאַכט ווערן גלייך; און אַזאַ חסרון וואָס קען נישט אויסגעבעסערט ווערן״. אויב אָט־די געפאַנגענשאַפט דער־לאָזט נישט קיין שום באַנייאונג, איז צו וואָס דאַרף דער מענטש גאָר טראַכטן פון השארת הנפש?

אַלמי וויל נישט דורכמאַכן אָט־דעם כסדרדיקן געדריי פון ווערן און נישט ווערן; פון זיין און אומקומען, פון אויפקומען אָן באַנייאונג. ווי אין קהלת: „וואָס איז געווען איז דאָס וועט זיין. און דאָס וואָס איז גע־טאָן געוואָרן איז דאָס וואָס וועט געטאָן ווערן״. אַ כסדרדיקע איבער־חזרונג, אָן אייביקן יאָגן זיך נאָך ווינט.

אַלמי איז באַהעפט מיטן ליכטיקן אמת פון הבל הבלים. אים איז שווער צו מסכים זיין, אַז טויט איז שוין דער סאַמע סוף, ווי קהלת, דער נישט־גלויבער אין השארת הנפש, באַנעמט. אַלמי איז זיך גראַדע משער, אַז דער הבל הבלים וועט אים פּייניקן אין אַ ווידעראויפקום אין דער זעל־בער פאָרעם און ער איז צוליב דעם אין גרויס זאָרג און פחד.

צוליב דעם קען אַלמי אויך נישט מסכים זיין, אַז עס בלייבט פון מענטשן אפילו נישט קיין געדעכעניש, ווי קהלת זאָגט, די אפילו, וואָס וועלן קומען שפּעטער זיינען ישוין פאַרמשפּט צו טאָטאַלער פאַרשוויג־דונג. אַזוי ווי דער חכם און אַזוי ווי דער נאַר. אַלמין אָבער באַאומרואיקט די איביקע קשיא: צוליב וואָס זיינען מיר דאָ? איז דאָס אַלץ און דער־נאָך גאָרנישט — מיר זיינען נישט מערער ווי שטויב, וואָס ווערט קומען און זיך אויפמישן מיט שטויב? ער קען עס, פונקט ווי מיר אַלע, ביי זיך נישט פועלן צו אָננעמען אַזאַ גורל — און טראָגט זיין פּחד פאַר דער מעגלעכקייט פון אַ ווידעראויפקום. איז השארת הנפש אַן אָנהאַלט און אויך אַ טרייסט, אַז מיר׳ן נישט ווערן בכדי ווידערווערן.

* *
*

דער מענטש קען בשום אופן נישט אָננעמען, אַז טויט איז איביקער סוף און טאָטאַלער אומקום. ער גלויבט, אַז ערגעץ איז פאַראַן אַ שופט. אַ דיין, וואָס וועט אים מיט איינזעעניש, פאַר זיינע מעשים טובים, ברענ־גען צוריק אויף דער ערד אין דער איצטיקער פאָרעם און מיטן באַ־וואוסטזיין פון זיין — „איך־עגאָ״.

דער מענטש וויל גאָר נישט אָפּשיידן זיך פון לעבן. תחית־המתים איז דער הויפּט־עיקר פון מענטשלעכן באַגעם. נישט נאָר פאַרן רעליגיעזן, נאָר אויך אפילו דער אַטעאיסט און רעאַליסט קען ביי זיך נישט פועלן, אַז מערער איז נישט פאַראַן, נאָר דאָס האָוען און ווייטער איז גאָר נישט און וועט ווערן גאָרנישט.

צוליב דעם, וואָס תחית־המתים איז אַ גרויסער זין פאַרן מענטשן, איז זיך רעליגיע מיט דעם גאָר שטאַרק און געגוי מתעסק. אַלע טעאָלאָ־גיעס פאַרנעמען זיך מיט אָט־דער מענטשלעכער האָפענונג און זיי גיבן אפילו תחית־המתים אַ וויכטיקערן באַדייט, ווי יענע וועלט, מיט אַלע אירע שכרן, וואָס דאַרפן ווערן צוגעטיילט דעם מענטשן פאַר די מעשים־טובים אין ערדישן לעבן. אין די אידישע אני מאמינס איז צווישן די עיקרים, אין גאַנצן מהות פון אידישקייט, אויך אַריינגענומען: „אני מאמין באמונה שלמה, שתהיה תחית המתים״. ביי די קריסטן איז רע־זורעקשאַן, דאָס צוריק קומען, אפילו פאַרבונדן מיט גאָט, וועלכער וועט צוריק קומען פון הימל, כדי צו טיילן לעבן מיט די מענטשן אויף דער ערד.

תחית־המתים איז דערפאַר די הויפּט־האָפענונג פון בן־אדם. נישט די הימלען, נישט דער גן־עדן, נישט די אַלע מאכלים, וואָס מען וועט דעם צדיק צוטיילן. די אַלע זאַכן זיינען נאָר צייטווייליקע. עס איז גאָר יענע

וועלט, וואָס וועט זיין דער קאָרידאָר אויף צוריק צו דער וועלט און ערדיש לעבן; ערדיש לעבן. וואָס וועט גאָר זיין אייביק. נישט דער זיין אין גן־עדן איז אייביק, אייביק איז גאָר דאָס זיין און לעבן אויף דער ערד. דאָס בלייבן אין די הימלען אויף אַלע אייביקייטן איז גאָר אַ שטראָף פאַר רשעים, וועלכע זיינען נישט ראוי צו תחית המתים. נישט יענע וועלט, דערפאַר, איז דער עולם האמת, נאָר גאָר די וועלט אונדזערע, וואו עס וועט איינגעשטעלט ווערן אייביק לעבן. נאָר דער, וואָס וועט זיך אויפפירן לויט אַלע עיקרים און וועט אָנהאַלטן גוטע מידות וועט זיין באַשערט צוריק קומען.

דער רעליגיעזער איד האָט זיין ענטפער פאַר השארת הנפש — בביאת המשיח. וואָס וועט זיין דער כוח פאַרן נישט־רעליגיעזן, וואָס גלויבט אין השארת הנפש, וואָס וועט ברענגען פון טויט צו לעבן? ווי אַזוי און וואָס איז דער פּראָצעס, וואָס די נשמה דאַרף דערגיין ביז זי באַהעפט זיך צוריק אין אַ קערפער? ווי לאַנג נעמט דאָס אויפקומען? איז פאַראַן אַ באַדינג, אַ צייט, וויביים רעליגיעזן, דאָס קומען פון משיח? און מיט זיין קומען ערשט, וועט אויפגיין לעבן אין די ביינער און די טויטע וועלן זיך אויפשטעלן און דער תחית־המתים וועט ברענגען אייביק לעבן. השארת הנפש נאָר איין מאָל — נאָך דעם לעבן אָן סוף און אָן אומקום?

צוליבן גרויסן גלוסט צו זיין, האָט דער מענטש זיך געשאַפן אַ פערזענלעכן גאָט. אַ גאָט צו וועמען ער וועט קאָנען בעטן פאַרזיכערונג און באַשיצונג פאַר זיין „זיין“, פאַר אריכת ימים און אויך כדי צו פועלן, אַז ער זאָל באַשערן זיין צוריק קומען אויף דער ערד. אַלע תפילות זיינען געווענדט, נישט ווי אַ דערהויבן זיך צו גאָט, נאָר ווי אַן איינבעטן זיך, ער זאָל זיי ניט אויפהויבן צו זיך. דער מענטש וויל גאָר נישט זיין מיט גאָט. ער טוט צופרידנשטעלן גאָט מיט געבעט, דערפאַר, וואָס ער וויל, אַז גאָט זאָל אים אויך צופרידנשטעלן און באַשיצן — באַשיצן דעם מענטשן קעגן גאָט; אים האַלטן, גאָט, אָפּגעשיידט פון מענטשן, אָפּגעשיידט פון גן־עדן, וואו זיין פערזענלעכער גאָט אַליין איז אַ מיטזיצער, אויב טויט איז דער ברענגער אין גן־עדן, בעט זיך דער מענטש, אַז די געלעגנהייט זאָל אָפּגעלייגט ווערן, עס זאָל זיך פאַרציען לענגער. גאָט איז גאָר אַן אל רחמים, ווען ער האָט איינזעעניש מיטן מענטשן און לאָזט אים לעבן; אין טויט איז ער נישט קיין אל און האָט אויך נישט קיין רחמים: „לא המתים יהללו יה“. נאָר אין לעבן לויבט דער מענטש גאָט און צוליב דעם דאַרף דאָס לעבן פון בן־אדם געשיצט און פאַרלענגערט ווערן.

אַלמי גלויבט נישט אין אַ פערזענלעכן גאָט און במילא נישט אין

אַ השארת הנפש, וואָס איז אַ מין שכר פון גאָט. מיט מענטשן קאָן עס אלמי נישט פועלן, פונקט ווי ער קען ביי זיך נישט פועלן, אַז גאָט איז גאָר אַ מעכאַנישע קראַפט.

דער מענטש האַלט זיך, אַז ער איז דער בחיר פון יצירה. הערפאַר קען ער נישט אויפנעמען דעם שלוס, וואָס קהלת מאַכט: „דאָס וואָס עס טרעפט די מענטשן־קינדער און דאָס וואָס עס טרעפט דער בהמה איז ווי איין זאַך. אַזוי ווי עס שטאַרבט דער, אַזוי שטאַרבט דער אַנדערער. דער פאָרצוג פון מענטש איבער דער בהמה איז גאָרנישט".

אַלמי איז אַ דעאיסט, ער נעמט נישט אָן די טעאָלאָגיע וועגן גאָט, אָבער ער וואַרפט אויך אָפּ דאָס, וואָס די מאַטעריאַליסטן־אַטעאיסטן פאַר־בייטן גאָט מיט נאַטור, און שטעלן אויף די געטלעכקייט ווי אַ מעכאַ־ניזם, וואָס פונקציאָנירט אָן שכל און אָן גייסט. אַלמי פירט אויס, אַז דער סקעפּטיקער פאַרפירט זיך אַליין, ווייל אויב נאַטור, אויף וואָס די גאָט־הייט ווערט פאַרביטן, באַוועגט זיך און פונקציאָנירט אָן שכל און אָן גייסט, איז עס אפשר אַ גרעסערע רעטעניש און וואונדער, ווי די נאַטור מיט שכל און באַוואוסטזיין, און אַ מעכאַניזם, וואָס ווערט באַוועגט דורך אַ גייסטיקער קראַפט.

דאָס וואָס די סקעפּטיקער צוזאַמען מיט די מאַטעריאַליסטישע־אַטעאיסטן באַמיען זיך אָנרופן די געטלעכקייט „בלינדער ווילן", איז פאַר אַ מענטשן, וואָס נעמט אויף די גאַנצע יצירה, ווי דער אויפטו פון גאָט אַ פשוטע זינלאָזיקייט.

צו בויען אַ בריק דאַרף מען אַ פּלאַן; אַזוי אַ הויז א. אַז. וו. אַלץ האָט דאָך אַ זין און אַ צוועק. דער פּלאַן איז דער פּראָדוקט נישט פון קיין בלינדן ווילן, אַ פשיטא דעם פאַרנעם פון באַשאַף. מיר קאָנען אַזוי געבן באַשייד צום שכל, וואָס איז גאָט און אַזוי פאַרשטיין די געטלעכ־קייט, פונקט ווי די בריק פאַרשטייט דעם שכל פון איר פּלאַנירער און שאַפער.

גאָט איז אַלץ וואָס איז נישט; נישט וואָס מיר קאָנען באַנעמען; ער איז נישט פייער און נישט וואַסער; נישט דונער און נישט בליץ; נישט שטערן און נישט הימל, ער איז אפילו נישט דער אוניווערז: „אינו גוף, ולא ישיגהו משיגי הגוף, ואין לו שום דמיון כלל".

אַלמי קומט אויך צו דער השגה, אַז די סקעפּטיקער זיינען אין כסדר־דיקער סתירה. באַשאַף איז נישט געקומען פון עפּעס אַ בלינדן מעכאַ־ניזם. די קלאָרע לאָגיק, ווייזט אָן אַלמי, באַווייזט אונדז און זאָגט אונדז אונטער, אַז דער באַשאַף מוז האָבן אַ זין. אויב דאָס אויפבויען אַ שטיבעלע, דאָס שאַפן אַ מינדסטן רעדעלע, אַ שרייפעלע, האָט אַ פּלאַן,

אַ זין און אַ צוועק, איז פּשוט אומלאָגיש אָנצונעמען, אַז דער אוניווערז מיט די מיליאָנען נעבולעס און גאַלאַקסיס, מיט די ביליאָנען פּלאַנעטן און שטערן, זאָלן האָבן געשאַפן געוואָרן אָן אַ פּלאַן, אָן אַ ציל און אָן אַ זין. אויב מיר, אַ נישטיק, קליין באַשעפעניש, דענקט און פּלאַנירט, איז ווי אַזוי גאָר קאָן מען עס פּועלן, אַז די יצירה איז דער אויפטו פון עפּעס אַ מעכאַניזם, וואָס האָט נישט קיין שכל און קיין אידייע.

דערפאַר וואָס מיר קאָנען נישט מסביר זיין דעם פּלאַן פון גאָטהייט, ווילן מיר אים לייקענען און פאַראיינפאַכן. די מאַטעריאַליסטן־אַטעאיסטן און סקעפּטיקער פאַרמינערן דעם בורא עולם צו אַ מין אויטאָמאַט. די רעליגיעזע שטעלן אויף גאָט, ווי עפּעס אַ געשטאַלט, וואָס פאַרמאָגט מענטשלעכע אייגנשאַפטן: קאַפּריז, ברוגזן, חשבונות, כעס, איבערבעטן זיך און אים איינריידן דורך לויב כדי צו פּועלן, אַז ער זאָל זיי פאַרזעג־לען צודינען.

אַלמי נעמט נישט אָן די אידייע פון אַ פּערזענלעכן גאָט צוליב אַ סך פילאָסאָפישע, לאָגישע און אויך עמאָציאָנעלע סיבות. ער איז מסופק: וואָלט טאַקע געווען אַ פּערזענלעכער גאָט, אַזאַ מין כוח, איז ווי אַזוי האָט ער געקאָנט צולאָזן די שחיטה אויף זעקס מיליאָן אידן. אָט־דער פאַרזעג־לעכער גאָט האָט דאָך צוליב אַ הייפל אידן אַמאָל באַוויזן אַזוי פיל נסים — און איצט — האָט ער גאָר נישט געטאָן אָפּצוהאַלטן די שחיטה, וואָס האָט פאַרטיליקט די פרומסטע פון די פרומסטע — צווישן זיי מיליאָנען קליינע קינדער — און נישט צוגעהערט האָט ער זיך צו זייערע געשרייען און תפילות.

אַזאַ אָנקלאָג קעגן גאָט, דעם פּערזענלעכן גאָט, וועלכער „גומל טוב לשומרי מצותיו, ומעניש לעוברי מצותיו״, וואַרפט אָן אַן אימה. אָבער דער גאָט, וואָס „יודע כל מעשה בני אדם וכל מחשבותם״, שטעלט דעם בן אָדם, און גראַדע דעם פרומסטן, צו פּרואוו, פּונקט ווי איובן. ס'איז דער כסדרדיקער קאַמף צווישן גוט און שלעכט; צווישן גאָט און טייוול. ביידע כוחות זיינען כסדר אין אַ פאַרמעסט.

**
*

דער מלך מלכי המלכים איז פון אידישן פאָלק אַריינגענומען גע־וואָרן אין זיין וועג, דער שווערער און בלוטיקער וועג, וואָס אידן גייען זינט דעם אָנהייב פון זייער אויפקומען אין דער וועלט. דער אידישער גאָט איז ניט געבליבן אין דער ממשלה פון אַבסאָלוטיזם. פאַרקערט, גאָט גייט מיט זיין פאָלק אין גלות. די אידישע אגדה האָט דערהויבן אָט־דעם בונד פון איד און גאָט. ווען דאָס אידישע פאָלק, געפּייניקט פון די רוצחישע

פעלקער, וויינט צו גאָט, וויינט כביכול מיט אים מיט; ווען דאָס פאָלק איז אַוועק אין גלות, איז די שכינה מיטגעגאַנגען. עס איז געוואָרן איין גרויסער בונד — „הבל למעלה ולמטה אחדות גמורה". אַ האַרמאָניע צווישן גאָט און אידן.

***

ווי אַזוי האָט עס דער מענטש געמאַכט גאָט פאַר זיין בן־בית? צוליב היקפּלאַזיקייט האָט ער דעם אויסגעטראַכטן גאָט צוגעטיילט די מעלות פון ליבע און רחמנות בלויז דערפאַר, וואָס דער קאָסמישער גאָט איז אַ רוצח. אָבער גאָט דער אומפּערזענלעכער — און די געטלעכע מעשים זיינען גאָר אַנדערש; זיי זיינען פול מיט רשעות און אכזריות; אַ כסדר־דיקער געראַנגל ווערט אָנגעפירט צווישן שטאַרקן און שוואַכן, די שטאַרקע, ווי אַ כלל, פאַרצוקן די שוואַכע.

די אומפּערזענלעכע גאָטהייט איז פול מיט רציחה. זי שיקט אָן פאַר־פלייצונגען; וואולקאַנישע אויסברוכן; מגפות־קראַנקהייטן און צעשטע־רונגען, אָפּגעזען פון אַלע תפילות, קניאונגען, לויב, אונטערטעניקייט און דאָס בעטן, אַז זיין האַרץ זאָל ווערן ווייך, ער זאָל זיין אַן אב הרחמים אָבער גאָט, די גאָטהייט, האָט נישט די מינדסטע אינזעעניש מיט מענטש־לעכע לעבנס און איז גלייכגילטיק צו די יסורים פון יחידים און פעלקער.

דער גלויביקער קאָן גאָר נישט צולאָזן דעם צווייפל אין דער איינ־זעעניש, וואָס זיין פּערזענלעכער גאָט, דער באַרעמהאַרציקער, האָט מיט די בני אָדם. זיין גאָט איז נישט אַזוי בייז, און אויב ער צאָרנט אַמאָל קאָן מען אים איבערבעטן. גאָט איז נישט בלויז אַ צעשטערער, ווי־אַלמי וויל האָבן, נאָר ער האָט אויך געשאַפן שיינקייט, רו און האַרמאָניע נישט בלויז אויף דער ערד, נאָר אין אַלע וועלטן. די גוטסקייט פון גאָט איז פאַראַן, מ׳דאַרף זי נאָר קענען דערגרייכן, און דאָס קאָן נאָר מעג־לעך ווערן דורך מעשים טובים.

אַלמי האַלט, אַז אַזאַ בטחון איז זעלבסט־היפּנאָז. ער איז מקנא דעם מענטשן מיטן אוממיטלבאַרן בטחון. אָבער ער קאָן נישט זיין, ווי די רע־ליגיעזע גלויביקער. ער גלויבט אין גאָט פון דעם וויסנשאַפטלעכן אוני־ווערז, נישט אין דעם פּערזענלעכן גאָט. אַלמי באַגרענעצט ניט זיין גאָט צום פּאַנטעאיסטישן באַנעם, אַז גאָט איז אין אַלץ, פאַרקערט, נישט ווי שפינאָזע, נאָר ווי דער בעל שם טוב, גלויבט ער, אַז גאָט איז נישט נאָר אין אַלץ, נאָר איבער אַלץ.

אַלמי, ווי אַ בעל־שכל, קאָן נישט אַנדערש ווי באַנעמען דעם גאָט, וואָס די וויסנשאַפט שטעלט אויף. דער גאָט פון וויסנשאַפטלעכן אוני־

ווערז — דער אוניווערז, וואָס בלויז אַ קלייגער, אַ קלייניקער טייל זיי־
נער, אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז דורכן פּאַלאַמאַר־טעלעסקאָפּ. אָט־דער
גאָט, איז גלייכגילטיק צום מענטשלעכן גורל.

מיט אַזאַ גאָט איז זייער אומעטיק, ווייל, זאָגט אַלמי: „שווער צו
לעבן אויף דער וועלט מיט אַן אַבסטראַקטן אָדער פילאָסאָפישן גאָט, וואָס
נישט ער איז ניט עפּעס מחויב צו דיר און נישט דו ביסט ניט עפּעס
מחויב צו אים".

***

אַלמין באַאומרואיקן אַלע פילאָסאָפישע השערות און סברות. באַ־
קאָנענדיק זיך מיט זיי, איז ער ניט קיין מסתפּק במועט. ער זוכט צו
דערגרונטעווען. ער נעמט אויף אַ פילאָסאָפישע טעאָריע, ער נעמט אָבער
ניט אָן. ער איז בכלל נישט קיין אָננעמער. ער פרעגט אָפּ, נישט דער־
פאַר, וואָס ער וויל צונישט מאַכן, נאָר צוליב וועלן אויפווייזן, מאַכן אַ
פּשט אויף די טעאָריעס און אָנווייזונגען פון באַשטימטע פילאָסאָפישע
שיטות. ער אַמפּערט זיך מיט די שלוסן, וואָס געוויסע געלערטע מאַכן
און ער זוכט דערגיין צום תוך פון דעם פילאָסאָפס טעאָריע.

אַלמי האָט אַ שטאַרקן ווידערווילן קעגן דעם גלאָט זיך אַריינכאַפּן
און אַנכאַפּן אין אַ טעאָריע. ער קאָן נישט פאַרליידן דעם חסידיזם אַרום
אפילו אַ פילאָסאָפישן באַנעם, דערפאַר, וואָס עס ווערט אַ בלינדע דינסט
צום מענטשן, דעם טעאָרעטיקער, און דערלויבט צו אויפהויבן גרויסע
איבערטרייבונגען וואָס, ווי אַ טבע, פרעגן נישט אָפּ, נאָר שאַפן גאָר
לויב און שירות ותשבחות.

אין זיין עסיי „זיגמונד פרויד און זיינע זעקס אַפּאָסטאָלן" פון בוך
„חשבון און סך־הכל", שטעלט זיך אַלמי נישט נאָר קעגן געוויסע פרוי־
דישע באַגרינדונגען, נאָר אויך די מעטאָדן, וואָס ווערן געניצט פון די
אָנהענגער און אויספירער פון דער שיטה בנוגע די שלוסן פון זייער אָב־
זערוואַציע און סוגעסטיע.

איידער אַלמי דערלויבט זיך צו אָפּפרעגן אַ סך פון די שלוסן, וואָס
פרויד האָט דערגרייכט אין זיינע פאָרשונגען פון דער מענטשלעכער פאַר־
הוילענקייט און פאַרבאָרגנקייט — מאַכט ער קלאָר, אַז אפילו אַ פּאָעט,
אַ דערציילער, אַן עסייאיסט, בכלל אַ מענטש אַן אינטעליגענטישער, וואָס
איז פּראָפעסיאָנעל נישט פאַרבונדן מיט קיינע פון די וויסנשאַפטלער און
פילאָסאָפן, מעג און דאַרף צוטראָגן, סיי זיינע פּאָזיטיווע און סיי זיינע
נעגאַטיווע מיינונגען וועגן אַ געוויסע טעאָריע. דער אמת איז דאָך, אַז
טעאָריעס ליגן נישט אין אַ פאַרשלאָסן קעסטל, זיי ווערן געשאַפן פאַר
מענטשן און זיינען פריי און אָפן פאַר זיי צו לערנען, באַנעמען און פאַר־
שטיין.

אַלמי נעמט ניט אָן פרוידס באַגרינדונגען וועגן חלום, סעקס און שולד־געפיל. ער שטעלט זיך גאָר דרייסט קעגן דעם „עדיפּוס־קאָמפּ־לעקס", וואָס איז דער פונדאַמענט פון פרוידס טעאָרעטיש־וויסנשאַפטלעכן בנין.

אַלמי קאָן נישט אָננעמען דעם „עדיפּוס"־געדאַנק צוליב דער גע־נעראַליזאַציע פון די קאָמפּלעקסן אין די געשלעכט־ליבעס צווישן קינ־דער און עלטערן: מיידלעך צו זייערע טאַטעס און אינגלעך צו די מאַ־מעס. אָט־די השערה האָט עס, לויט אַלמין, אַריינגעבראַכט אומהיימלעכ־קייט אין דער פאַמיליע — צווישן עלטערן און זייערע זין און טעכטער.

אַז די „עדיפּוס"־טעאָריע איז אין תוך נישט צוגעפּאַסט צו מענטשן בכלל, דעמאָנסטרירט זיך אין לעבן כסדר: קינדער האָבן גאָר די על־טערן פיינט. דאָס פינפטע געבאָט איז דאָך אַ פועל יוצא פון אָנערקענען אָט־די געפילן פון קינדער צו זייערע עלטערן. אָט־דאָס געבאָט, וואָס איז אַ פּאָזיטיווער אָן דעם „לאָ", איז דאָך דאָס איינציקע, וואָס זאָגט צו אַ שכר פאַר אַרויסווייזן אפשרי צו די עלטערן און אפשר במילא אויך איינ־זעעניש. פאַר „כבד את אביך ואת אמך" וועכטו באַלוינט ווערן מיט „למען יאריכו ימיך על האדמה". אין די עלטערן זעען גאָר קינדער שטערער, וואָס זוכן זיי צאַמען און באַשטראָפן. אַ שונא איז פאַר זיי די, וואָס ווילן זיי פאַריאָכן און כסדר עס דעמאָנסטרירן דורך אויטאָריטעט.

קינדער האָבן גאָר געערן יענעם פון די עלטערן, וואָס גיט זיי נאָך און באַשיצט זיי קעגן באַשטראָפונג.

מענטשן מאָלן זיך אויס אַ באַציאונג נישט לויט אַן אָנגעצייכטן קאָמפּ־לעקס, נאָר אויך לויט דערפאַרונג און באַדינגונגען. אַ מיידל, אין ווע־מענס שטוב עס זיינען דאָ כסדר קאָנפליקטן צווישן די עלטערן, וועט גאָר, ווי אַ כלל, זיך שטעלן אויפן צד פון דער מוטער און וועט אַנט־לויפן פון אַ יונגן־מאַן, וואָס האָט אַן ענלעכקייט צו איר פאָטער. אַ סך פרויען האָבן גאָר אַ ווידערווילן צו געשלעכט צוליב פיינטשאַפט צום פאָטער, וואָס זיי טראָגן איבער צום מאַן בכלל. אָבער צו נעמען אָט־די אַלע קאָמפּלעקסן און פאַביעס און זיי גענעראַליזירן איז פאַלש.

פרויד איז געווען אַ גרויסער דענקער, מעדיקער און וויסנשאַפטס־מאַן. אָבער ער האָט איבערגעטראָגן אַ סך פון זיין אייגענעם כאַראַק־טער צו דער אַלגעמיינער פּסיכיק פון מענטשן. ער איז געווען נישט קיין פריינטלעכער, אַ בייזער און איז געווען אונטער דער השפּעה פון אַ דאָמינירענדער מוטער. צוליב דער פּאַסיווקייט פון זיין פאָטער האָט פרויד נישט פאַרשטאַנען די ראָלע פון דער פאַמיליע. פרויד האָט אויך נישט פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון פריינטשאַפט און חברשאַפט. די

סיבה איז געלעגן אפשר אין דעם איינזאַמען לעבן, וואָס האָט אים פאַר אַ משך פון יאָרן געפּייניקט. ער איז אויך געווען אין זיין היים אַ קינד מיט אַ פאַרצוג און פון אַלע קינדער איז ער געווען דער איינציקער, וואָס האָט געהאַט אַן אייגן צימער. צוליב דעם, וואָס ער האָט נישט ליב געהאַט מוזיק — האָט זיך עס קיינער פון הויזגעזינד נישט געטאָרט אפילו לערנען.

צוליב די און נאָך טעמים קומט אויס אָפּפרעגן און נישט אָננעמען בלינד אַלע טעאָריעס פרוידס און די טייטשן אַרום זיינע אַנווייזונגען, וואָס ווערן געמאַכט פון די תּלמידים און מאמינים.

אַלמי נעמט אויך נישט אָן די אַלגעמייניזירונג פון סעקס־דראַנג, חלומות און באַזונדער דעם שולד־קאָמפּלעקס. אין באַגרינדן דעם קאָמפּ־לעקס, רוקט פרויד אַרויס די השערה, אַז צוליב דעם, וואָס אין דער אור־אַלטער צייט האָבן זין געהרגעט זייער פאָטער און אים אויפגעגעסן, איז צוליב דעם ביי אונדז פאַרבליבן אַ שולד־געפיל. איז אָט־דער געפיל גענעטיש? שולד־געפיל איז, אין גרויסן פאַרנעם, גאָר נישט פאַראַן ביי מענטשן. בלויז דער גרויסער פאַרנעמלעכער עטיקער, געפילפולער און סענסיטיווער מענטש ווערט באַאומרואיקט פון אַזאַ געפיל. מענטשן האָבן נישט קיין שולד־קאָמפּלעקס, נאָר מורא — אַ נישט וועלן אָננעמען די שטראָף, וואָס די מענטשלעכע געזעלשאַפט ליגט אַרויף אויף די, וואָס פאַרברעכן קעגן איר קאָדעקסן. אַ פּאָליציסט און אַ זעלנער האָבן נישט קיין שולד־געפיל, ווען זיי ברענגען אום אַ מענטשן. פאַרקערט, זיי ווערן גאָר גלאָריפיצירט און באַלוינט.

צו אויפהויבן דעם פאַרהאַנג אויף דער פאַרגאַנגענהייט איז נישט קיין הייל־מיטל. אַ סך באַרעכטיקן אַלע זייערע מעשים, ווייל די געזעלשאַפט באַרעכטיקט און דאָס באַפרייט זיי, פון וועלכן עס איז שולד־געפיל. ס'איז פאַראַן אַ רעליגיעזע מאָנונג פאַר אַ שולד־געפיל, אָבער דאָס איז דאָך נישט קיין קאָמפּלעקס, נאָר אַ מין חשבון הנפש, נישט צו־ליבן מענטשן, נאָר צוליב גאָט.

אַלמי פּרובירט אויך אָנווייזן אויף אָנגעזעענע סתירות אין פרוידס לעבן און אויפפירונג. ער קען נישט אָננעמען, אַז פרויד האָט באמת געקענט שטעלן אַ מאָס פאַר דער מענטשלעכער נשמה, ווען ער אַליין איז כסדר געווען אין קאָנפליקט און סתירה; ער איז געווען אַ פאַר־נייגער פון רעליגיע און איז דאָך געווען באַוווירקט רעליגיעז און אַ ביי־גונג צו אַ ריטואַליסטישן צערעמאָניאַל. דאָס שטאַמט פון דעם, וואָס פרויד איז אַליין געווען אַ שאַפער פון „מיטאָסן״ און באַווירקט פון רעליגיע פון וואַנען ער האָט כסדר גענומען מאַטעריאַל פאַר זיינע טעאָריעס.

אַלמי פירט אויס, אַז די באַמערקונגען, וואָס ער וואַרפט אָן וועגן

פרוידן און דעם „פרוידיאַניזם“ זיינען נאָר „אַ טראָפּן“, וואָס ווערט צוגעטראָגן אָדער אָפּגענומען פון „פרוידישן ים“. דער שכר פאַר די אָנ־ווייזונגען וועלן זיין אַן אַנדערע — „צו נאָכטראַכטן וועגן אַ ,תורה׳, וואָס איז געוואָרן כמעט אַ מוז פאַרן מאָדערנעם מענטשן צו גלויבן אין איר“. פאַרשטייט זיך, אויב מ׳וויל נישט אָפּשטיין פון דער צייט און מאָדע.



ווי אַ מענטש וועמען עס אַרן פּראָבלעמען פאַרנעמט זיך אַלמי מיט זוכן אַ באַשייד צו אַ סך געהיימענישן, וואָס ליגן באַהאַלטן אין מענטשן, זיין געזעלשאַפט און די וועלט בכלל; די גאַנצע וועלט און די סודות פון קאָסמאָס, צו וועלכע מ׳קאָן נישט דערגרייכן און באַפרייען זיי פון געפאַנגענשאַפט.

אַלמי איז אויך אַ מאָנער פון יושר. אים זיינען דערווידער די עוולות, און אין קאַמף קעגן פאַרקרימונגען טרעט ער אָפּ פון דער מידה פון כבוד אָפּגעבן גלאַט אַן עלטערן. אַלמי האַלט, אַז אין געפעכט פון און פאַר אידייען איז נישט שייך אַ פאַרצוג פאַר עלטער. אַלמי דערמאָנט, אַז בשעת זיין אַרויסטריט קעגן זשיטלאָווסקיס באַרעכטיקן לשם „אָביעקטיוויטעט“ פריער היטלערס בלוטיקן מאַרש און נאָכדעם סטאַלינס ליניע, האָבן די זשיטלאָווסקי־פאַרטיידיקער און שטיצער אים אויפגעוואָרפן און געמאָנט: „דרך ארץ פאַר זיין זיקנה! זקן הסופרים! זקן הדענקערס!!“ נאָך זשיטלאָווסקיס טויט, ווען אַלמי האָט דערמאָנט די זשיטלאָווסקישע באַרעכטיקונגען, האָבן דיזעלבע פאַרטיידיקער געמאָנט: „דרך־ארץ פאַרן טויט!! פאַר פאַרשטאָרבענע!!“ און אַלמי פרעגט: „ווען־זשע מעג מען קריטיקירן? אויב נישט אויף די עלטערע יאָרן און נישט נאָכן טויט, איז ווען, צו דער בר־מצווה?“. אַלמי האַלט, אַז דער „אחרי־מות־קדושים־קולט“ איז אַ נאַרישער. ער פאַרשטאַרקט די אָפּוואַרפונג פון אחרי־מות־קדושים־קולט מיט נוזום סאָקאָלאָווס אַן ענטפער צו די, וואָס האָבן אים אויפגעוואָרפן, פאַרוואָס ער קריטיקירט אַ פאַרשטאָרבענעם — סאָקאָלאָוו האָט אויסגערופן: „נו, אַז ער איז געשטאָרבן — איז ער דערפאַר געוואָרן אַ גענעראַל־גובערנאַטאָר?“

אַלמי נעמט אָן די הנחה: „דער טויט איז אַ מיסטעריע, וואָס פילט אונדז אָן מיט אומהיימלעכן פחד. אָבער דאָס לעבן איז נישט קיין קלענערע מיסטעריע“.

אַלמי טאַדלט גאָר שאַרף די, וואָס טוען — „משיב רע תחת טובה“. און ער קען בשום אופן נישט מסביר זיין די רעטעניש, פאַר וואָס אומעטישע מענטשן צירקולירן מיט עטישע אידייען. אַלמי מיידט אויס צו אָננעמען די סברה, אַז עס קען גרייליך זיין, אַז אין אַ באַוועגונג מיט

אַ אידעאַליסטישן תוך זאָלן אויך זיך צורוקן מענטשן, וואָס זוכן נוצן פאַר זיך און אַ סך מאָל אין טראָץ דעם גייסט פון דער אידייע. אַלמי האָלט זיך אויך נישט אָפּ פון דרינגען, אַז זיין אַנטיפּאַטיע צו ש. יאַנאָווסקיס אויסזען האָט אים געפּסלט צו זיין אַ גלויביקער אין אַ עטישער אידייע. ס'קאָן גאָר גרייליך געמאָלט זיין, אַז אין אַ סך געשעענישן זאָל עס זיין אַ פאַקט, אַז דער מענטש איז באַזונדער אין די אידייע באַזונדער. ס'איז אָבער שווער, לויט געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען, אויפצופירן זיך פונקט לויט די כללים פון אַן אידייע.

אָבער פאַרוואָס ציניקער זיינען אויך אַ סך מאָל די פאָרשטייער פון באַוועגונגען, וואָס מאָנען גערעכטיקייט און שטעלן אויף אַן אידייע פון אחרית־הימים, איז אינגאַנצן אַן ענין פאַר אַ גאָר ברייטער פּסיכאָלאָגי־שער און סאָציאַל־עקאָנאָמישער אָפּהאַנדלונג.

אין מאָכן דעם סך־הכל, באַקאַנט אַלמי דער ליטעראַטור זיין ראָ־מאַנטישן לעבן און דערפאַרונג. די פרויען, וואָס האָבן געטיילט זיין לעבן, זיין פרייד, צער און נאָענטקייט זיינען אַלע נישט קיין בולטע געשטאַלטן. אלמי האָט פאַרפעלט זיי קינסטלעריש באַלעבן. אַ פאָר פון די פרויען זיינען טשיקאַווע טיפּן, אָבער עס פעלט זיי די עקזאָטישקייט, וואָס זאָל מאַכן גאַפן און שאַפן קנאה צו אלמין. מערקווירדיק, מ'דערוויסט זיך וועגן מאָדנעם גורל, וואָס האָט געפירט אַ פאָר פון די פרויען אַרום אַלמין, צו אָפּטאָן נישט קיין ראַציאָנאַלע מעשים.

אַזוי דערוויסן מיר זיך אויך פון אַ סך טשיקאַווע מענטשן און גע־שעענישן אין און אַרום די ציטונגען אין דער שרייבערישער געמיינדע. עס פעלן אָבער די איבערלעבונגען און דורכלעבונגען פון אידישן אימי־גראַנטישן אינטעליגענט־אינטעלעקט אין נייעם לאַנד. עס איז נישט פאַר־צייכנט דער שטייגער פון אידיש־אַמעריקאַנעם און אַמעריקאַנעם לעבן אין יענער צייט און פון דעם גרויסן אַנפלייץ פון דער אידישער אימיגראַציע.

אָבער, ווי וויכטיק עס וואָלטן געווען די אַלע עלעמענטן, וואָס פעלן אויס, פאַרגיטיקט אַלמי מיט זיין קאַלירפולקייט, וואָס האָלט פאַרגאַפּט און געשפּאַנט. אין דעם קאָמפּליצירטן ענין טראָגט אַלמי אַריין פאַנטאַזיע. זיין שרייב־שטייגער, קאָן מען בפה־מלא זאָגן, איז: „דברה תורה כלשון בני אָדם". אַלמי ווייסט, אַז אָן פאַנטאַזיע איז וויסן אומפּייאיק. פאַנטאַזיע איז ברייטער ווי וויסן. בשעת וויסן האָט אַ גרענעץ, איז פאַנטאַזיע די טרייב־קראַפט פון אַלע פאָרמען פון מענטשלעכן באַשאַף און קרעאַטיווקייט.

די פאַנטאַזיע העלפט אלמין זוכן אַ באַשייד. אָט־די אומרו און אַנ־דערע פאַראינטריגירט אים צו באַקענען זיך מיט דער פילאָסאָפיע פון ספּיריטואַליזם און מיט דער אָנווענדונג פון קאָמיוניקאַציעס מיט דער

וועלט פון גייסטער. אלמי ווייסט, אַז קיין ענטפער אויף די אומוואַרשיינ־לעכקייטן וועגן דער וועלט פון גייסטער און דער פאַרבינדונג מיט זיי וועט ער נישט קריגן, דער שכר איז נאָר פאַרוואונדערונג און איבער־ראַשונג.

אַ פּאָר מאָל איז אלמין אויסגעקומען צו ווערן דערשטוינט, ווי אַזוי מעדיומס האָבן אים פאַרבונדן מיט טויטע, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין זייערע געשטאַלטן. איין מאָל מיט י. ל. פרץ, מיט זיין פאָטער און מיט נאָך אַ געשטאַלט, וואָס האָט געהאַט דעם נאָמען פון זיינעם אַ פאַרשוואונ־דענעם ברודער.

אגב אורחא בעט זיך איבערגעבן צו דער געלעגנהייט מיינע אַ דערפאַ־רונג מיט ב. ריווקין ע״ה. געווען איז דאָס, ווען ער האָט געאַרבעט אין דער פילאַדעלפיער „אידישע וועלט" און פלעגט פאַר סוף־וואָך קומען קיין ניו־יאָרק. אַ שבת בין־השמשות אין קאַפע „איראָפּע", אויף איסט בראָד־וועי, האָב איך ריווקינען געטראָפן זיצן אין אַ ווינקל אריינגעטאָן אין מחשבות. אויף מיין באַגריסונג האָט ער, ווי זיין שטייגער איז געווען, אַ ברום געטאָן: „טשעפּעט מיך ניט, איך רעד מיט פּרצן".

אלמי גיט איבער אַ סך וואונדער פון העלזעעריי און די פאַרבאָרגענע כוחות פון מעדיומס. אַ פרוי־מעדיום, וואָס האָט אים פאַרבונדן מיטן געשטאַלט פון זיין טויטן פאָטער, האָט אויך דערמאָנט אַלע נעמען פון זיינע זיידעס, באָבעס און האָט אויסגעמאָלן זייערע אויסזעענס. אַן אויפ־טרייסלענדע איבערלעבונג איז געווען, ווען אַ מעדיום האָט אַרויסגערופן און ס'איז דערשינען שרה פערלע, פרוי פון שריפטשטעלער יהושע פערלע. זי איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך אויפהענגען זיך אויף אירע לאַנגע צעפּ. אין איר באַגעגעניש אַלס גייסט מיט אַלמין דורך דער פאַרמיטלונג פון מעדיום — האָט זי אין איר קלינגענדיקן זינגעוודיקן אידיש אויסגערופן: „דו ביסט נישט שולדיק..." אַרום דעם איז אַ גאַנצע מעשה און פלאָנ־טער, וואָס די שרה פערלע מאַכט קלאָר.

***

אין שוואַרצן ים פון נאַכט איז אַלמי אַריינגעוועבט. ער ראַנגלט זיך מיט דער עקשנותדיקער און האַרטער פינצטערניש. ער ווייסט, אַז לעבן אָן געפאַרן איז נאָך פוסטער ווי לעבן אָן ליבע און די געפאַרן זיינען אין גורל, וואָס איז פאַרן מענטשן באַשערט — צו ווערן אַ שטיק פינצטערניש אין פינצטערן אַרום; צו זיין אַ חלומער אין שוואַרצן קאָס־מישן טעאַטער — צו אויפוואַכן צום וואָר פון גאָר נישט זיין — אָדער צום השארת הנפש צו דער שרעק פון קומען צוריק צו אָנהויבן אויף דאָס ניי — צוצעשטערן דעם סוף, צונישט מאַכן די פאַרענדיקונג; צו

קריגן ווידער פאַרעם און באַוואוסטזיניקע עקזיסטענץ, אָבער דאָס וואָלט דאָך געוואָרן אַן אייביקער געדריי, אַ נישט אַריין און נישט אַרויס". אַ פּחד באַפאַלט, שרעקלעך", זאָגט אַלמי, "פון בלויזן געדאַנק".

טראַכטונגען אַרום דער זינלאָזיקייט פון לעבן פירט צום גלוסט פון נעמען און מיט אַמאָל איבעררהאַקן דעם קנופּ און — פּטור...

מיר איז אַלמי באַזונדער נאָענט. פונקט ווי אים, האַלטן מיך די טראַכ־טונג פון זעלבסטמאָרד אין אַ כסדרדיקן געוועב. און ווי אים, איז די גלוסט געוואָרן שוין אויך אַ טייל פון מיר און איז שוין נאַטירלעך. ביי מיר, דער געדאַנק, אַז איך קאָן באַגיין זעלבסטמאָרד, האַלט מיך אויף ביים לעבן; דאָס איז, ווייל איך ווייס, אַז איך בין גאָר דער, וואָס קאָן באַ־שטימען מיין זיין און נישט ווערן, דאָס פילט מיך אָן מיטן גלוסט צו אָנהאַלטן דעם פּאַרמעסט. ווען דער געדאַנק פון אומברענגען הויבט מיך אָן שטויסן, לויף איך צו באַשיצן זיך דורך אָנהאַלט אין לעבן.

אַלמי פאַרזיכערט, אַז אים האָט דער טויט קיינמאָל נישט געשראָקן — עס שרעקט אים גאָר דער דערנאָך, עס איז די זאָרג פון די פאַר־פלאָנטערונגען און פּראָבלעמען, וואָס מאָגן פאַרטראַכטונגען, נאָר קענען נישט געבן קיין ענטפער.

קהלת, וועלכער איז געווען אַן אפּיקורס בנוגע השארת הנפש, און וועל־כער האָט גאָר געגלויבט, אַז דער צדיק ווערט באַשטראָפט אין דער צייט ווען דער רשע קריגט אַ שכר דורך גוט און באַקוועם לעבן און אויך מאַכט. קהלת האָט מורא געהאַט פאַרן טויט און האָט געגעבן די מסקנא, אַז ס'איז בעסער "אַ לעבעדיקער הונט ווי אַ טויטער לייב" און דערפאַר האָט ער געהייסן עסן און טרינקען, זיין פריילעך און נעמען אַלץ פון לעבן. מערקווירדיק אָבער, אַז אין קעגנזאַץ צו אים האָט דער רוי־מישער פילאָסאָף לוציוס אַנעאַס סענעקאַ (געשטאָרבן אַן ערך 65 יאָר לויט דער איצטיקער צייט־רעכענונג) יאָ געגלויבט אין השארת הנפש. ער האָט געהאַלטן, אַז דער מענטש רייסט איבער דאָס לעבן, אָבער ער רויבט עס נישט אַוועק, מחמת אין דער נאַטור ווערט גאָרנישט פאַרלוירן. דאָס איז, אייגנטלעך, אויך מעטערלינקס השערה. מיט דעם האָט ער לחלוטין גע־האַט איינגאַנצן אַן אַנדער באַנעם ווי קהלת, וועלכער האָט געהאַלטן, אַז טויט ווישט אַלץ אָפּ.

לוציוס סענעקאַ האָט שטאַרק געהאַלטן פון עטישע דרכים. ער האָט גע'עצה'ט, אַז אַ מענטש זאָל נאָר טאָן גוטס. ס'איז בעסער, האָט ער געזאָגט, צו טאָן גוטס און באַטראַכט ווערן ווי אַ שוטה, איידער טאָן שלעכטס און אָנגענומען ווערן ווי אַ חכם. זיך אויפפירן אַזוי דאַרף אַ מענטש מחמת דעם ציל און תכלית — אַזוי ווי עס איז ניטאָ קיין סוף רייסט נאָר דער

טויט איבער, אָבער צעשטערט פֿולקאָם ווערט ניט דער מענטש. די פֿאָרמען בייטן זיך, אָבער ניט דער אינהאַלט, דער תּוך.

סענעקאַ האָט אויך געלערנט, מען זאָל פֿאַרן טויט ניט מורא האָבן. אַז מען ווערט אַלט מוז און דאַרף זיך יעדער מענטש גרייטן „אין וועג". פֿון אַלע געפֿאַרן קען דער מענטש זיך ראַטעווען אָדער ניצול ווערן, אָבער ניט פֿון טויט. און צום מענטשן קומט, אויב פֿון אַלטקייט, טויט מיט רחמנות. ער שטאַרבט לאַנגזאַם און כסדר אָפּ.

מען דאַרף געדענקען, אַז ס'איז ניטאָ קיין אַנטרינונג פֿון טויט. אַלע מוזן שטאַרבן איז פֿאַרוואָס דאַרף מען מורא האָבן? און ער פֿירט אויס: „קליינע קינדער און גייסטיק־קראַנקע האָבן נישט מורא פֿאַרן טויט. איז דאָך פּשוט אַ שאַנד, אַז דער שכל פֿון אַ דערוואַקסענעם זאָל ניט געבן פֿריי די, וואָס עס גיט אומוויסנקייט און משוגעת".

וואָס פֿאַר אַ כּוח איז עס גורם די אַלע טראַכטונגען? ס'איז די פֿאַרבאָרגענע נישט געזעענע האַנט, וואָס שטויסט אַריין, פּונקט ווי אַלמין אין זיין אויסטערלישער רעאַל־סימבאָלישער דערציילונג, אין געריויש, אין תּהום — אין זינלאָזן געדריי, וואָס מיר רופֿן לעבן.

אַ סך ברענגען צוריק דעם עבֿר און זוכן אַ באַשייד פֿאַר די אַלע געשעענישן. עס מאַכט קלאָר צו ווערן וועגן געוויסע מעשׂים, וואָס מיר האָבן אָפּגעטאָן און צי זיי האָבן געהאַט אַ ציל און אַ סיבה.

פֿאַר יעדן שטייען צוויי וועגן און מיר דאַרפֿן אויסוויילן איינעם. וואו דער צווייטער וואָלט געפֿירט ווייסן מיר ניט — אפֿשר האָבן מיר גענומען דעם ריכטיקן, דעם בעסערן; ווער ווייסט?

קינדער ווערן געבוירן אָן מידות, זיי נעמען זיי איבער באַר אין אַ סבֿיבֿה פֿון אָדער ליבשאַפֿט, אַהריות און אויפֿמערקזאַמקייט, אָדער פֿאַרקערט. עס ווענדט זיך וועלכע מידות מ'לערנט. אָבער נישט פֿאַר יעדן איז אָנגעגרייט דער זעלבער גורל. די האַנט וואָס שלײַדערט אַריין אין תּהום ווערט אַ וועכטער, וואָס לאָזט נישט אַרויפֿקומען און אפֿשר, ווי אין קהלת: „דער אויבן איז אפֿשר גאַר אונטן און פֿאַרקערט".

אָט־די געהיימע האַנט האַלט אויך דעם שליסל. דער שליסל וואָס איז דער ממונה איבער דער פֿאַרלוירנקייט, הילפֿלאָזיקייט, אומוויסנקייט, פּאַניק און היסטעריק.

אָט־די צוויי כּוחות — די האַנט און דער שליסל וואָס מאַכט אונדז דערקענען די געשטאַלט אַלמי, זיינען מערער ווי מעשׂיות. סימבאָליש, פּונקט ווי אין בוך זיינען זיי די טירן, וואָס האַלטן זיך פֿאַרריגלט, פֿאַרבאָרגן און דערלאָזן נישט אפֿילו אַן אויגנבליק צו דערכאַפּן דעם סוד פֿון סוד.

דער קאָסמישער גאָט פון דער וויסנשאַפט, איז אַ רוצח. נאָר פאַר רשעים, טיראַנען, רוצחים און דיקטאַטאָרן איז ער אַ מוסטער. צדיקים, וואָס זיינען מתפלל צו דעם גאָט פון ליבע און רחמנות, צו דעם אב הרחמים, וואָס איז גאָר נישטאָ, ווייל די מעשים פון דעם גאָט איז נאָך ניט מאַניפעסטירט געוואָרן. פאַרקערט גאָר, דער גאָט־אכזר איז גאָר דער בורא עולם.

וואָס איז דער ענטפער אויף דעם? ווער האָט דעם באַשייד?

„איך בין אַ פאַרכשופטער אין מיטן הויף געשטאַנען
אַ קליינינקער, אַן עלנטער, צווישן אַלטע שטערן —
און געוואָלט פאַרשטיין, וואָס קיינער האָט נאָך נישט פאַרשטאַנען".

אָבער אַלמי האָט מיט אַמאָל בחוש באַנומען, אַז ער איז שוין דאָ אַזוי געשטאַנען ווי פריער: „אַ קליינינקער און עלנטער, וויל נאָך אַלץ פאַרשטיין, וואָס קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען". אָבער עס איז נאָך אַלץ די אַנטפּלעקנג פאַרהוילט — און אַלמי איז געבליבן נאָר שטיין אַ פאַר־כשופטער אין מיטן הויף.

„היום קצר... די שעהן איילן
און אַרבעט איז נאָך דאָ אַ סך!
און אַט פאַרלעשן זיך שוין שטראַלן
אויפן קרומען דאַך".

אַרבעט איז פאַראַן אַ סך. עס ליגט גרייט און וואַרט פאַרן געוועדער פון דער שעפערישקייט. אַלמי דער אויסטערלישער, דער פאַרביקער, עק־זאָטישער, וועט נישט פּלוצים נעמען און זיך אָפּשיידן פון דער האַנט און שליסל — נאָכן סך־הכל קומט אַ נייער בראשית.

# דער פּאָעט דערקענט זיך

## (אליעזר גרינבערגס פּאָעטישער אויפקום)

דעם פּאָעטישן מהלך, וואָס אליעזר גרינבערג איז אָפּגעגאַנגען פון די „גאַסן און עוועניוס“ איז נישט געווען קיין קפיצת הדרך. ווי יעדער עכטער פּאָעט איז ער אַ נע־ונדניק מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס, אַ באָרוועסער, אַוועק אויפזוכן דעם פאַרוואָרפענעם וועג וואו עס שטייט דאָס כישוף־שט־בעלע.

גרינבערג איז נישט קיין רווישיקער און אויך ניט קיין צודרינג־לעכער. אויף דעם לאַנגן, שווערן וועג פון די גאַסן און עוועניוס אַרויס, האָט ער אָנגעגענט ווייניק דורכפאָרער, וואָס זאָלן האָבן אים פאַרבעטן אין זייער וואָגן. אַ סך מאָל, פון מידקייט, האָט ער גראָד יאָ געוואָלט זיך איינבעטן מ׳זאָל אים אויפנעמען, ער האָט זיך אָבער געשעמט. אַ סך מאָל האָט ער נאָך געמוזט אַראָפּ פון וועג צו לאָזן דורכלויפן די שנעל־פאָרער. אַזוי איז ער געווען און געבליבן אַן אַלייניקער. די מיד־קייט האָט אים נישט אויסגעשעפּט, ער וואָגלט, נאָר דאָס שטילע געזאַנג מונטערט און העלפּט אים ברענגען נענטער צום כישוף־שטיבל.

אין „די גאַסן און עוועניוס“ לידער האָט אליעזר גרינבערג געוואָלט, אַז זיין קול פון געוויש אַרויס, זאָל ווערן קענטלעכער, האָט ער זיך פאַרנומען נעמען אַ טאָן, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין געמיט פון די „אַלע“, וואָס האָבן געשריבן לידער מיט אויסרוף־צייכנס.

אויסרוף־צייכנס זיינען אים געווען פרעמד און אָט־די פרעמדקייט האָט געלאָזן זיין אמתן צעבליטן וואָרט פאַראיינזאַמט און פאַריתומט. דאָס שלימותדיקע געזאַנג, וואָס איז שוין געווען אין אים ערגעץ פאַרבאָרגן האָט נאָר געוואַרט אויף דער ריי אַרויסגעשטויסן ווערן צו דער וועלט. אַרומגענומען מיט ליכטיקייט פון אמת ליד, האָט ער געמוזט האָבן עגמת־נפש ווען עס האָבן זיך דערטראָגן אַזעלכע רייד ווי פון „ברוקלין בריק“:

„אָ, הענגענדיקער ריז אויף קייט און שטאַנגען, האָסט געצונדן העל דעם קנויט פון מיין געמיט, איצט בליען אין מיר שאָטישע געזאַנגען מיט דעם שטוינען פון דיין וואונדער אין מיין ליד“. דאָס שלימותדיקע געזאַנג האָט זיך פאַרשעמט, — ס׳איז דאָך אַ שוועסטער, פון די שטאָטישע גע־זאַנגען, וואָס זייער געמיט וואַרעמען קנויטן אָן.

אליעזר גרינבערג האָט בחוש געהאַט אַן אָנונג, אַז וואונדער פון זיין ליד איז ניט איינגעוועבט אין „קייט און שטריק" און אַז די ליכטיקע נבואה פון זיין ליד, ליגט גאָר אין קוואַל, צו וועלכן ער איז צוגעפאַלן צו דער־פרישן זיך מיט לויטערן ליד.

אליעזר גרינבערג האָט אין ווייטן וועג, אין גאַנג צום כישוף־שטיבל, דערזען גאָטס וועלט — אַ וועלט אויסגעצירט מיט רחבות, מיט אומ־ענדלעכע פעלדער, מיט געדיכטע וועלדער, מיט בוימער, מיט גראָזן, מיט זאַנגען, מיט בערג און טאָלן, טייכן און ימים. מיט איבעררוף פון אַלע מינים מיט קולות פון גאָטס צאָרן אַרויס פון דער וועלט: „די אַלטע אָפּ־געלעבטע זוניה גייט און מיר נויט איר צו קבורה". בלייבט ער אַליין פאַר־וואונדערט: „אינמיטן פון אַזוי פיל שיינקייט, ווי קומט צו דיר אַזוי פיל טרויער, אַזוי פיל פאַרלוירענע אַליינקייטן?"

די חכמה איז אויפגעקומען ווען דאָס שלימותדיקע געזאַנג האָט גע־נומען אויפגיין אין אים. אין דעם אויפגאַנג האָט ער זיך דערוואוסט: „ערשט היינט, האָב איך נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן אויסגעפונען, אַז נישט מיט דויער בלויז לאָזט תמיד מעסטן זיך די צייט. פאַראַנען רגעס ווען עס ווערן אויסגעלאָשן זונען און רגעס, וואָס געדויערן אַ גאַנצע אייביקייט".

אליעזר גרינבערג האָט אַ סך צייט פאַרשוועבט ביז עס האָט זיך צו אים אַנטפּלעקט די געהייליקטע סעקונדע, וואו: „איין ווייזער יאָגט, און עס יאָגט נאָך דער צווייטער רונד און רונד אין אייביקן מאַרשרוט". ווען זיי טרעפן זיך שוין: „צעשיידט בלייבן זיי אויפסניי נאָך דער מי־נוט דערפאַר: פאַראַנען רגעס ווען עס ווערן אויסגעלאָשן זונען, און רגעס, וואָס געדויערן אַ גאַנצע אייביקייט".

* * *

די „גאַסן און עוועניוס" זיינען שוין לאַנג ביי גרינבערגן נישט מערער ווי פאָרמעס, וואָס טיילן איין די געאָגראַפיע פון שטאָט. זיי האַלטן אים איינגעשפאַרט אין זייער שטח: „וואוהין, וואוהין זאָל איך לויפן?" ער ווייסט ניט וואו צו לויפן. גאָטס וועלט איז טאַקע גרויס און איז פול מיט וואונדער — דער מענטש אָבער פאַרשעמט גאָטס באַשאַף. וואו ער זאָל ניט לויפן וועט ער אָנגעגענען דעם מין מענטש; דער איינציקער אויס־וועג בלייבט בלויז: בלייבן אין איינזאַמקייט, געפאַנגען אין קליינעם שטח, אין וועלכן ער וועט: „איך וועל פאַר זיך אַליין, אין עצבות, מורמ־לען טרויעריקע געזאַנגען ביז איך וועל אין גרויסן טרויער פון מיין קליי־נעם תחום פאַרפליען"

אין דעם קליינעם שטח, אין דער גאַסן־און עוועניוס־געפאַנגשאַפט,

אין שטאָט, וואָס איז נאָר אַן אינדזל, אַן אינדזל שטום און פרעמד, קומט אויף באַזאַכטקייט, קומט צו בלייבן לעבנס־חכמה.

גרינבערג באַדויערט פאַר וואָס חכמה קומט צום בן־אדם ערשט אין טיפֿן עלטער: „ס'איז אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד, וואָס ווען די חכמה לויכט אין מיטן טאָג פון יאָרן, שימערט שוין אין האַלבן ליכט דער יוגנטס מאַ־טעי, צאַנקענדיקער קנויט, וואָס אין דער טיפֿער עלטער קומט נישט יוגנט־לעך פאַרנויגן זיך דער טויט. ס'איז אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד...״

דער באַדויער איז בלויז, וואָס חכמה קומט שפּעט, אָבער ווען זי קומט פרי, וואָלט זי ניט געווען די חכמה, וואָס ברענגט זעט פון פריינטשאַפט און פון ליבע, דערפאַר וואָס יוגנטלעכע גאַרונג פאַרשטעלט די פרייד, וואָס לויטערט פון דער פריינטשאַפט און ליבשאַפט: „וואָס וואַרעמט פוּ־נעם קאָפּ ביז די גנוּעדים, און אַ ליבשאַפט וואָס גליט פון האַרצן ביז די לענדן״.

חכמה לויטערט אויף אין רייפן־עלטער. אָבער מיט חכמה קומט אויך אויך אַ גרויסע באַנייאונג, וואָס זוניקט אויף מיט יונגקייט. אליעזר גרינ־בערג איז אין דער עלטער איינגער געוואָרן. זיין ליד, ערשט איצט, אין דער עלטער, קלאָרט אויס, מאַכט קאָנטיק זיין פּאָעטישע פּערזענלעכקייט: זיין מעטאַפאָר און אידיאָם קוועלן מיט חכמה פון עלטער און גרינגקייט פון יוגנט.

גרינבערג איז אַ שטילער פּאָעט, דערפאַר שאַפט ער זיין גאַנץ אין קליין צמצומדיק ליד: „דאָס רייפע ליד איז קאַרג אויף ווערטער, ס'איז איבערקלייבעריש און שטרענג: עס מיידט אויס גראַמען ערטער, און זוכט איר רחבות אין דער ענג״. אָבער אַ ליד זוכט ניט רחבות אין דער ענג, דערפאַר: „ווייל דער פּאָעט האָט גאָר ניט קיין דעה אויף בחירה. נישט תמיד איז דאָס וואָרט זיין וואָפן, בלויז ווען דער חסד פון יצירה רוט אויף אים דאַן זינגען סטראָפן — די ערשטע שורה בלויז טוט זאָט אים שענקען, ער פירט אים צו צום שיר־היכל, דערנאָך מוז ער אַליין אויסבענקען און אויסברייטן שורות מיט האַרץ און שכל״. דאָס געשאַנק פון האַרץ און שכל, וואָס דער חסד פון יצירה האָט געשאָנקען דעם דיכ־טער, איז איינגעטיילט געוואָרן מיט פולע הויפנס אין גרינבערגס שיר, וואָס דערגייט צום היכל.

* * *

אליעזר גרינבערג איז פון די איינזאַמע פּאָעטן, וואָס זוכט ניט באַל־דיקן און פּאָפּולערן דערפאָלג. ער וויל אָנערקענונג, אָבער ער יאָגט זיך ניט נאָך דעם, ווי די שנעל־פּאָרער. גרינבערג האָט איינגעהיט דעם טעם

פון זיין ליד נאָך דערפאַר, וואָס ער האָט אָפּגעוויטערט זיך און איז נישט אַריינגעטאָן געוואָרן אין רויש מיטן גלוסט פון ווערן נאָך געריכט.

גרינבערג שטעלט זיך ניט אויס, ער לאָזט זיין אמת פיין און ציכטיק ליד מאַכן פאַר אים אַ וואָרע.

גרינבערג איז אַ טראַדיציאָנאַליסט; ער זוכט ניט מרעיש עולם זיין מיט איינפאַלן. דעם רושם מאַכט נאָך די פּוץ פון זיין ליד.

גרינבערגס ליד איז גאָר שטאַרק צוגלייכלעך צום גורל פון אידישן ליד: „אָן יחוס־בריוו, אַחוץ אויף דיין גומען דעם זיסלעך ביטערן טעם פון וואָרט: האָט קיינער דיך טאַקע נישט אויפגענומען מיט ברויט און זאַלץ, און נישט פאַרבויט דיר אַן אָרט אין דעם וויינגאָרטן פון אידישן ליד".

גרינבערג איז ניט קיין דעקאָראַטיווער דיכטער, ער זוכט ניט איינ־וויקלען זיך אין צאַצקעדיקע פּאַפּירלעך, נייערט „אין פּשוטן וואָרט און גע־מיט אין לשון פון איביקייט; זיין ליד איז: „אַ ליד מוז שלאָגן וואָרצלען טיף אין באָדן פון לעבנס חכמה, און פאַרשטיין זיך אויף שגעון: זיך לעו־נען ביי דעם טאָג־ליכט ביי דעם ניכטערן, נאָר אָנגעלאָדן זיין מיט דער נאַכטס לבנהדיקן חזיון. עס דאַרף אין שטורעמס רייפן, און אין פרידן פּלאַצן פון זיך אַליין, ווי רייפע קנאָספּן, זומער צייט: ווען נייטיק קענען לעפּטערן, נאָר מערער פון אַלעם שאַצן, ווייל דאָס איז דאָס אויסגעפּרואוועטע לשון פון דער איביקייט".

אליעזר גרינבערג איז ניט קיין לעסטערער, ער איז אַ שאַצער. ער האָט נישט דעם פּאַטאָס, וואָס איבערגעוועלטיקט. זיין פּאַטאָס איז איינ־גאַנצן אַריינגענומען אין דער חכמה פון באַזאַכטקייט און אין אפשר אַביסל געצאַמטקייט. דערפאַר וואָס ער איז אַ שעמעוודיקער, איז ער אויך אַן איבערגעשראָקענער. ער האָט מורא זיך אויפשטורעמען, אָבער ער לאָזט סיי ווי ניט רוען, מ'מוז זיך צוהערן צום אופן און שטייגער פון זיין פיינעם זאָג און קלאָר וואָרט: „דאָס וואָרט אַליין איז קליין און אָפן, ט'האָט קיין פּריינט און ס'האָט קיין שונאים: ס'קומט נישט טרייסטן, ס'קומט נישט שטראָפן, עס קוקט דעם וואָר נאָר גלייך אין פּנים. נאָר ווען פאַרזייט אין שורה באָדן, דאָס וואָרט צעבליט זיך און נעמט שוועבן — מיט לעבנס־חכמה אָנגעלאָדן — ערשט דאַן ווערט וואָרט אַ צד אין לעבן".

פון וואָרט ווערט ליד אויפגעשטעלט. וואָרט איז אָבער וואָכעדיק. עס ווערט ערשט אָנגעטאָן מיט ליכטיקייט, ווען עס באַהעפט זיך מיט ליד: „דאָס ליד קומט קיינמאָל אויף באַשטעל. דיין בלוט דאַרף פריער זיין דאָס תופס: ביסט תמיד וואַך מיט לייב און זעל עס זאָל באַווייזן זיין דער מופת. געשעט דער מופת ווערסטו מושל. דו פורעמסט פריי דיין חלום־

אוצר: ציסט אַרויס פון אות דאָס מינדסטע רוישל, ביז ס׳וועדט ווי לייט אין האַנט פון יוצר״.

אליעזר גרינבערג, ווי שוין דערמאָנט, איז אַן איינזאַמער פּאָעט. די טעג זיינען נישט זיינע, ערשט אין די נעכט זעצט זיך די איינזאַמקייט אָן: „פון איינזאַמקייט קאָן מען זיך ניט היילן, די קראַנקהייט ירשנט מען אין בלוט. בלויז דער וואָס ליידט פון איר קאָן אייך דערציילן, ווי זי ווערט הויבט, ווי ווייט זי טוט״. די נעכט לאָזן אים ניט צורו. פאַרקערט, זיי מאַכן טרויעריקער זיין איינזאַמקייט. „פאַרוואָס״, פרעגט ער, „ליג איך וואַך און טענה זיך אויס מיט מיינע אייביקע, ביטאָגיקע פאַרדראָסן?״ צו די פאַרדראָסן, וואָס באַלאַסטיקן די טעג און האַלטן אים וואַך די נעכט, לאָזן אים אויך נישט צורו די אידישע אותיות, וואָס רייסן זיך צו ווערן ליד. ער ראַנגלט זיך, ער וויל ניט געבן די אותיות אַ תיקון. אָבער ערשט קומט צו אים די לויטערקייט און זיין איינזאַמקייט צינדט זיך אָן מיט באַדייטונג, ווען: „כ׳בין תופס לידער און איך נעם אויף זיך די יאָכן פון אותיות אידישע — זייער צער און זייער פּלאָגן״. ווייל דער אַרויסשטראָם פון אידיש ליד איז אַ נס, נאָר אַ נס צוגלייכלעך צום נס פון: „שטעקן, וואָס האָט פון האַרטן שטיין געמאַכט אַ קוואַל צו שלאָגן״.

טרויעריק, אַלץ איז אין איינזאַמקייט אַריינגעקוועטשט. דאָס אידישע ליד לאָזט נישט צורו. ער ראַנגלט זיך, דער דיכטער, ער ווייסט, ער וועט נישט גובר זיין, די אַלע ספקות וועלן בלייבן. דער דיכטער ווייסט, אַז זיין לשון, וואָס ער האָט מיט זאָרג און צאַרטקייט אויסגעציטערט, האָט שוין נישט צו וועמען צו רעדן: „דו ביסט אַ זינגער שוין פאַר לויטער טויב און שטומע״. דאָס אידישע אויער איז אַוועקגעקערט פון וואונדער, וואָס שטראַלט פון אידיש וואָרט און זיין צונג פאַרנעמט נישט מער דעם טעם פון אידיש געזאַנג. וואָס בלייבט פאַרן פּאָעט אין דעם וויסטן מדבר? די אותיות. זיי זיינען די וואָס ווייען מיטן דיכטער און ברענגען אים די גרוסן פון די אַלע, וואָס האָבן געוויינט און געפרייט זיך מיט זיי: „דו ביסט אַ זינגער שוין פאַר לויטער טויב און שטומע. נאָר אותיות אידישע, זיי קומען אויסגעוויקט אין טרערן, אין שיינקייט, ווי דער גורל פון מיין אומה״.

* * *

אליעזר גרינבערג איז אַ דיכטער מיט אַן אינדיווידועלן גאַנג אין דער אידישע פּאָעזיע. דעם גאַנג גייט ער מיט שטאָלץ און ווירדע. די גרעסטע צאָל לידער אין „ביינאַכטיקן דיאַלאָג״ זיינען פול מיט טעם און גיבן זין צו זינלאָזיקייט. ער איז אַ טיפער דיכטער, ער איז ניט קיין שטורמער,

קיין ליטעראַרישער העלד; ער איז אַן פּאָזע און פון די לידער ווייעט די שטימונג פון מענטשלעכער זינלאָזיקייט, הילפלאָזיקייט און טראַגישקייט.

גרינבערג גייט זיין אייגן וועג. ער גייט פאַרביי אַלע שטורעמס און צאַנקערייען צווישן די מזרח־און פאַליש־דיכטער פון דער ליטעראַטור. ער רייסט זיך ניט צום אויבנאָן; שטילערהייט שטייט ער אין גאָטס הויז, דעם קאָפּ איינגעהילט אין טלית; אַרום שטורעמט און ער איז מתפלל:

„דערהויב מיך נישט איבער די קעפּ פון מיינע פאַרבליבענע ברידער"

גרינבערג וויל נישט אויפרודערן מיט לאַנגע לידער, פּאָעמען, באַלאַדן און עפּאָפּייען. ער ווייסט נאָר, אַז אין קורצע לידער איז ער גרויס, ווייל נאָך אַלע וואָגלעניש: „נאָך אַלע וואַנדלעניש קומט מען ווידער צוריק צום קליינעם ליד, צום ליד פון לידער, צו דער תפילה בלחש, צו דער בלחשדיקער ווידוי. דאָס קליינע ליד וועגט און מעסט געדאַנק, געפיל און וואָרעמט ווי אַ נעסט די באַשערטע ווערטער, די אליהו הנביאדיקע געסט. דאָס קליינע ליד איז גרויסער וואונדער. עס באַהעפט וואָרט מיט וואָר און באַזונדער — זינגען זיי אינאיינעם דאָס קליינע ליד פון גרויסן וואונדער".

אליעזר גרינבערגס קליין־ליד, ברענגט אים צום אור־קוואַל, וואו דער זכרון זאַמלט אויף און היט אייך אַלע חלומות און אַלע וואָרן. דער זכרון ברענגט אויך צום אויפפלאַם פון קענען צירן דאָס וואָרט אין תיקון, וואָס עס גיט טרויער און פריידן און אַלע אייביקייטן עד סוף כל הדורות.

אליעזר גרינבערגס ציכטיק ביכל „ביינאַכטיקער דיאַלאָג" איז אַ וויכ־טיקער צוטראָג צו אונדזער ליטעראַטור און וועט זיכער קריגן אַן אָרט אין היכל, וואו עס טוט זיך אויפהאַלטן דער ווייגאַרטן פון דער אידישער ליטעראַטור. אין אונדזער אַלגעמיין טראַגישער צייט און אין דער ירידה פון אונדזער לשון; אין דער פּאַריטומדיקייט פון שעפערישן אידישן וואָרט, ברענגען גרינבערגס לידער טרייסט און דערמוטיקונג.

„ווער עס קומט מיט גוואַלד ראָס וואָרט באַצווינגען,
און ווער עס צערטלט דאָס מיט ליבשאַפט און פאַרטרוי.
ווער עס האָט ליב אויף הויכן קול צו זינגען —
איך האָב ליב דאָס ליד, וואָס פרעפלט ווי פאַרנאַכטן־בלוי.

„ווער עס שלעפט דאָס וואָרט אין ליד אַריין ביים אויער,
און ווער עס קושט עס אויס פון קנאָספּ ביז פולן בליט.
איך האָב ליב דאָס הייסע וואָרט פון טיפן טרויער,
די געשפּאַנטע שורה, וואָס באַזעלט דאָס גאַנצע ליד".

# די דאָרשט צום קוואַל

(מאיר זימל טקאַטש ליד געווענדט צו גאָט)

**אין אַ מין הקדמה צום בוך „דאָרשט צום קוואַל" נעמט זיך מאיר זימל טקאַטש איבער צוליב דעם, וואָס ער שעמט זיך ניט מיט זיינע „שטיפערייען". פאַרקערט, ער האָט בטחון אַז זיין גרינגער געמיט וועט אויך דערגיין צו די וואָס וועלן זיי אויפנעמען, און צוזאַמען אין אויס־טויש וועט — „אַ שמייכל אַרויסרופן אַ שמייכל".**

**אָט דאָס וואָס דער דיכטער טקאַטש פאַרענטפערט זיך איז אפשר דער שליסל צום מענטשן און דיכטער — טקאַטש. ער איז עפּעס אַביסל פאַר־שעמט, און שולדיק לגבי דער דיכטערישער סביבה אונדזערער, וואו אַ מאָס פאַר פּאָעטישער וויכטיקייט איז — ערנסטקייט און אַביסל אָנגעגע־בלאָזנקייט. אין אַזאַ קלימאַט פון מיושבדיקייט דאַרף מען זיין געוואָגט צו טאָן אַ שטיף — נאָר אַ שטיף, אָבער נישט פאַרשייט. און דער שטי־פער וואָס טוט ניט אָפּ קיין ווילדע שטותים, נאָר זאָגט בלויז אַ וואָרט, און אָנשטאָט געלעכטער שמייכלען די אויגן, ער פאַרענטפערט זיך.**

„גייט אַ רעגן מיט אַ האָגל, — אַ פאַרקילטער איז דער רעגן. אויפן גייער אין זיין וואָגל, ווי גזלנים אויף די וועגן, וואַרטן צוגעווינטן, וואָס ניסן, מיט מיקראָבן צו באַשיסן". **פאַרוואָס אַ דיכטער דאַרף זיך פאַר־ענטפערן פאַר אַזעלכע פּאָעטישע שורות, איז אַ סוד וואָס ליגט פאַרהוילן אין דעם דיכטערס אומזיכערקייט.**

**מאיר זימל טקאַטש, ווי אַן עכטער דיכטער, נעמט ניט אָן די רעאַלקייט. ער איז פאַרטאָן אין בענקעניש — זיין בענקעניש העלפט אים זיך צו פאַרנעמען מיט אויפזוכן די בענקעניש.** „איך בענק צו דיר נאָך איידער איך האָב דיר געפונען, ווי ס'דאָרשט אַ מענטש נאָך איידער ער געפינט אַ קוואַל. איך וועל דיך זוכן אינעם וואָלקן און אין שטראַל, און אין פיל ערטער, ווי דער גרעבער פון אַ ברונען".

**מחמת די בענקעניש לאָזט אים ניט אָפּ, דערקונדיקן מיר זיך נאָך וואָס בענקט עס דער דיכטער? וואו פאַרנעמט ער זיך צו געפינען דאָס וואָס ער זוכט? ער אַליין ווייסט אויך ניט:** „אַ בלינדער, דאַרף איך דיך נאָך זוכן אומעטום — אין שטעקן און אין שטיין, אין דאָרן און אין בלום, און אפשר האָב איך דיך געפונען, ניט — דערקאָנטער".

עס דוכט זיך דעם דיכטער אויס, אַז ער האָט דאָ זיך אַנגעשטויסן אין דאָס פּאַרהוילעּנע, וואָס ער זוכט. ער האָט אַן אָנונג — ער זוכט די שלימות אין גאָט באַשאַף. ער זוכט דעם סוף פון בייזקייט, וואָס האַלט יעדן לעבעדיקן נפש געפאַנגען. זיין חלום איז געמיט פון פרידן און באַזאַכטקייט אין בתיר היצורים, נאָך דעם ווי רשעות וועט אים פריי־לאָזן פון געפענגעניש, און אַ פרידן וועט זיך איינשטעלן וואו אפילו דער לייב, דער וואָלף, דער טיגער וועלן אויפהערן זיין חיות רעות.

מאיר זימל טקאַטש זוכט גאָט, ער דאַרשט נאָך אים, ווי עס דאַרשט אַ מענטש נאָך איידער ער געפינט אַ קוואַל. דער דיכטער ווייסט, אַז אַ סך פון גאָטס מעשים זיינען קרום. עס זיינען אים נאָענט די רייד פון קהלת, אַז דאָס וואָס גאָט האָט קרום געמאַכט קען ניט געמאַכט ווערן גלייך: „מיט איין האַנט, גאָט, פאַרצערטלסטו די בלומען און שטאַרקסט די דערנער מיט דער צווייטער האַנט. די וועגן דיינע זיינען אומבאַקאַנט, דאָך איין וועג דיינעם ווייס איך וואויל — דעם קרומען".

אָבער אָט־די קרומקייט איז דאָך באַר פון מענטשן באַטראַכט און באַנומען, מחמת ווער קען עס געבן אַ באַשייד אויף גאָטס מעשים? אָבער דער בן־אָדם זוכט אַן ענטפער. ער איז פאַרווירט: ער איז אין גערעאַנגל און צווייפל: „אָ, גאָט פאַר וואָס זאָל איך דיך האָבן ליב?" דאָס פרעגט ער נאָר אַזוי, דער דיכטער. אָבער אין דער אמתן שטעלט ער זיך צום פּרואוו, ווי איוב איז געשטעלט געוואָרן און ער נעמט אַלץ אָן באהבה — מחמת אַלץ איז פון גאָטס וועגן. ער לעסטערט אים ניט, ער פרעגט נאָר. אָבער ער ווייסט, אַז גאָט האָט אים ליב, ער וועט אים מציל זיין. און אויב, חס וחלילה, עס וועט טרעפן אַן אומגליק — „אויב איך שילט אַמאָל מיין מזל ווי אַ קראָ, נעם צו ביי מיר אַ האַנט, אַ פוס, אַ ריפּ, לאָז איבער נאָר איין לונג צו טאָן אַ זשיפּ און איך וועל דיך האָבן ליב — למשה".

אַזעלכע תמימותדיקע לידער מיט אהבת השם, איז אפשר נישט בנמצא אין דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור. עס איז אויך נישט בנמצא די לויטערקייט פון אָט־דעם תמימותדיקן געמיט, וואָס באַקרוינט דעם דיכטערס תפילות.

מאיר זימל טקאַטש איז אָפּגעשיידט פון בייזקייטן. נישט קיין אויפ־רעגונגען, נישט קיין גלוסט פאַר ווידערשטאַנדן באַפאַלן אים. ער איז ניט איינזאַם, ער האָט אַ וויכטיק טיפע עובדא — פאַרנעמען זיך מיט אויפזוכן דעם קוואַל — דעם קוואַל, וואו עס קען געפונען ווערן, נישט מערער ווי אַ טראָפּן, אַ בלעזל בלויז פון דער גאָטהייט.

מאיר זימל טקאַטש מיידט־אויס גערויש און גערודער. ער ווייסט, אַז די אויפברויזונגען פירן אָפּ, ניט דערפירן.

מאיר זימל טקאטש איז אַ דיכטער פון אַ גאָר אָנגעזעענעם און וויכ־טיקן באַדייט. זיינע לידער אריינגענומען און דורכגענומען מיט שטימונגען, בענקשאַפטן און זוכענישן.

„צו גרויס איז גאָטס וועלט אינעם רוים,
אַ מענטש איז ניט פריי אָן אַ צוים,
ער לויפט פון אין סוף אין די ווענט
צו פילן די לענג פון די הענט.

גאָטס ליכט פאַרן מענטשן איז צו פיל,
ער קוקט דורך אַ טונקעלער בריל,
ווערט טונקל דאָס בלענדיקע ליכט,
צעשטראַלט זיך דעם מענטשנס געזיכט".

מאיר זימל טקאטש איז אַן אָפּגעהיטער דיכטער, ער דערלאָזט אפילו אַ בלעזל ניט פאַרהאַוועט ווערן. ער לאָזט ניט, און היט אָפּ אַז אַ וואָרט זאָל, חס וחלילה, ניט פאַרשוואָמען אָדער פאַרשווענקט ווערן. טקאטשעס אָפּגעהיטקייט און זאָרג פאַר דער זויבערקייט פון וואָרט, דערקלערט און פראָקלאַמירט אים — פאַרן פּאָעט־עסטעט.

# פּערזענלעכקייט און פּאָעט

וואָס שאַפט די פּערזענלעכקייט פון דיכטער? זיינען עס די פאַרגעמלעכע שאַפונגען, די וויכטיקע קונסט־צוטראָגן צוזאַמען מיט די פּראָבלעמען, קאָנפליקטן און גורל פון מענטשן, וואָס ער האָט געשאַפן ווי אייביקע ווערטן? אָדער קען מען אויך, אין צוגאָב, צורעכענען דעם דיכטערס פאַרבינדונגען מיט אַנדערע מענטשן און דעם באַדייט, וואָס ער האָט פאַר זיי?

מען קען אַ דיכטער נישט געבן אַזאַ אָפּשאַצונג, ווי ס'איז דער שטייגער פאַר מענטשן, וואָס זיינען אויסגעשטעלט צו געזעלשאַפטלעכער אויפמערקזאַמקייט. דיכטער, אין גרויס צאָל, זיינען גאָר אין קריג און מרידה קעגן דער געזעלשאַפט, אין וועלכער זיי קאָנען זיך נישט איינלעבן און האָבן מגוהה פון דעם אַרום, וואָס וויל זיי פאַרצוקן פאַר זייער אַנדערשדיקייט: עמאָציאָנעלקייט, עקסצענטרישקייט און אינדיווידואַליקייט.

די דיכטערישע פּערזענלעכקייטן זיינען באַוואוסט געוואָרן נישט מחמת זייערע אויסערלעכע אויסזענס, נאָר דורך שאַפונגען און אין צוגאָב אויך מיט זייערע אויפפירונגען, וואָס זיינען געווען אין טראָץ דעם סדר פון דער געמיינדע, וואָס אין תוך איז זי פּילסטעריש, און צוזאַמענגעשטעלט פון קליין־בירגער.

אַ גרויסע צאָל פון די פּאָעטן־ווידערשפּעניקער, באַזונדער ביי די אומות־העולם, זיינען גאָר געווען פאַראַכטעט פון דער געמיינדע. די ווערק זייערע, וואָס האָבן אַזעלכע ווערטפולע און דויערהאַפטע ווערטן פאַרן אוצר פון די שאַפונגען, וואָס דער מענטשלעכע גענייוס איז געווען בכוח צו געבן אויסדרוק, זין און פאָרעם, זיינען ניט געווען אָנגענומען און זייער גורל האָט ווייניק מענטשן אָנגערירט.

פאַרקערט, האָבן גאָר אין אַלע צייטן, לענדער, עפּאָכן און געמיינדעס, צירקולירט מענטשן מיט גרויסער פּאָזע און אָנשטעל, וואָס האָבן אַרויסגערופן צו זיך אָפּשיי, דרך־ארץ און פאַרערונג. דאָס זיינען געווען — און זיינען נאָך, מענטשן מיט געטאָקטע רייד, פיינע מאַניערן און גלאַטע באַנעמונגען. זיי האָבן ניט געזוכט איינרייסן זיך מיט קיינעם. די „קונסט“ פון זיין גוט מיט אַלע איז ביי זיי געווען מערער קולטיווירט, ווי די קונסט פון שאַפן.

צוליב זייער איינלעבן זיך מיט אַלץ און אַלע, האָבן זיי איינגעשטעלט

אַ גאָר אָנגעזעענעם פּרעסטיזש אין אונדזער אָפּענער, ברייטער וועלט פון ניכטערער רעאַלקייט און ברוטאַלע אינטערעסן — וואו גובר זיינען די שפּיציקע עלנבויגנס איבער אויג און האַרץ. זיי, די דאָזיקע כמו־שרייבער און דיכטער אָרדענען זיך איין גאָר באַקוועם; זייער דערפאָלג איז דערגרייכט צוליבן פאַרזוג פון ווילן איבער גייסט.

אָט־די מענטשן שאַפן גאָר איינגעפּעסטיקטע פּאָזיציעס אין דער וועלט פון אַרום ליטעראַטור: אין דער מלוכה פון שאָטנס, דעמערונג און פיקציע, אין דער קיניגרייך פון די בלינדע; די עכטע קינסטלער זיינען בלינד, זיי זעען בלויז אַן אויסגעטראַכטע, ניט קייןווירקלעכע וועלט; זיי, די רעאַליסטן, זיינען די דערפאָלגרייכע, די זעענדיקע אויף איין אויג, און אפילו אמתע פּאָעטן און שרייבער מאַכן פאַר זיי אַ וואַרע.

עס איז שוין אַ כלל, אַז אָט־די דאָזיקע שיין־ריידער, די זעערס, מדריכים און גאָר לייטישע מענטשן, זיינען גאָר אין תוך מיטלמעסיקע פּאָעטן און אפילו שוואַכע שרייבער. זיי אַליין ווייסן און פילן אפשר, אַז אַן אמתער טאַלאַנט קען זיך גאָר נישט אויפפירן, ווי אָט־די בכבודיקע כמו פּאָעטן און שרייבער.

ס׳איז אַן אקסיאָם, שוין אָנגענומען ביי אַ סך אומות, אַז וואָס פאַר־נעמלעכער דער קינסטלער, אַלץ קלענער אין די אויגן פון דער געמיינדע איז זיין פּערזענלעכקייט.

פראַנסואַ ווילאָן, אפשר דער פאַרנעמלעכסטער פראַנצויזישער פּאָעט, איז געווען אַ גנב, אַ שיכור, אין די אויגן פון דער געזעלשאַפט — אַן אויסוואורף. ער האָט געלעבט אַ ניט־צוגעפּאַסטער, אַן ארויסגעשטויסע־נער. אויב מ׳האָט אים ניט געהאַנגען, איז ער אָבער לויט די קאָדעקסן פון דער בירגערלעכער געזעלשאַפט ווערט געווען די תליה.

פּאָול ווערלען, אַ צווייטער פון פראַנקרייכס גלענצנדע פּאָעטן, האָט זיך געוואַלגערט אין די גאַסן, געלעגן אַ שיכורער אין רינשטאָקן, צעפרעסן פון אַבסינט; געזעסן אין פאַרשיידענע תפיסות און זיין לעבן איז געווען אַריינגענומען אין פיין פון איינזאַמקייט. טראָץ רינשטאָקן, שענקען און טורמע־צעלן, האָט ווערלען געשענקט דער וועלט וואונדערלעכע לידער. די זאַמלונגען „חכמה״ און „פּאַראַלעל״ האָבן באַרייכערט די פראַנצויזישע שפּראַך.

און היינריך היינע? ער אין זיין לעבן איז דאָך אויך נישט געווען קיין רואיקער, געלאַסענער און סטאַטעטשנער, אָבער זיינע צוטראָגן צו דער וועלט פון גייסט און עסטעטיק — האָט כשר פאַר אים באַשטימט זיין טיטל פון די גרויסע פּאָעטן אין דער דייטשער שפּראַך.

יעסענין דער וואַגאַבונד, דער אויפברויזער און שטורעמער, וועמענס

נשמה איז כסדר געפייניקט געוואָרן פון פינצטערניש, וועט נאָך אויך פאַר־נעמען זיין אָנגעזעענעם אָרט אין פּאָעטישן היכל.

דערפאַר ווען מען דערמאָנט אַט־די זעלבסט־צעשטערערישע און זעלבסט־פאַרשוואונדערישע פּאָעטן און שרייבער, איז דאָך אסור־לדבר צו מאַכן אַ פאַרגלייך מיט די פּאָעטן, וואָס פאַזירן מיט געמאַכטער ליריק און געמאַכטן פּאַטאָס; וואָס רעדן אין אַ „בלומען־שפּראַך״. אַלץ איז ביי זיי פאַרצערטלט. זיי רעדן וועגן שטערן, וועגן נאַכט און אין די אַלע געזאַנ־גען איז נישטאָ קיין טעם. זייערע שטערן, די נאַכט און אַלע אַנדערע קעגנשטאַנדן, צו וואָס זיי נעמען זיך, ווערן דורך זייער „פּאָעטישן״ מאַ־ניער נישטיקע זאַכן: די כלומרשטע שיינקייטן בלייבן נישט מער ווי אַן אויסגעליידיקט וואָרט.

אָבער די סאָרטן פּאָעטן־וואַגאַבונדן און שרייבער זיינען אויך גאָר גרויסע פערזענלעכקייטן, נאָר אויף אַן אַנדער שטייגער. די קינסטלער זיינען פערזענלעכקייטן אין שאַפן, די אַקטועליסטן זיינען פערזענלעכקייטן אַרום קינסטלער, אַרום דער ליטעראַטור. זיי זיינען נית אינווייניק אין דער ליטעראַטור. נאָר אין דרויסן אויף די פּלאַטפאָרמעס. צווישן זיי און דעם אמתן פּאָעט איז פאַראַן „אַ קליינע״ מחיצה — טאַלאַנט. ס׳איז אויך מערקווירדיק, אַז גראַדע די גרעסטע טאַלאַנטן טרעפט מען נית אין די „איין־אויגיקע״ אָנגעזעענע און געזעלשאַפטלעך חשובע פּאָעטן.

**
*

אין אונדזער אידישער ליטעראַטור זיינען נית פאַראַן די געשטאַלטן, יחידים פון דעם שטייגער, ווי זיי זיינען ביי די אומות־העולם, באַזונדער ביי די פראַנצויזן און אויך, אין אַ קלענערער צאָל, ביי די רוסן. אונדזער באַזונדער אָרט אין דער משפּחה פון פעלקער, דער „ישראל בין העמים״, האָט געשטאַלטיקט פאַר אונדז אַנדערע פּאָעטן און פּאָעטישע פערזענ־לעכקייטן.

ביי אונדז האָבן זיך גאָר נית געקענט פורעמען אַזעלכע פּאָעטן ווי ביי די פראַנצויזן, רוסן און אויך אַנדערע פעלקער. ס׳איז אמת, די אומות־העולם האָבן געהאַט גרויסע ווירדיקע, מאָראַליש־עטישע פער־זענלעכקייטן און פאַרנעמלעכע קינסטלער. די רוסן האָבן נישט נאָר גע־האַט מענטשן פון גייסט און ריזיקן געזעלשאַפטלעכן פאַרנעם, נאָר זיי זיינען אויך געווען מאָגער און קעמפער פאַר יושר און איינזעעניש צום ברודער־מענטש. אַזוי אויך אין פראַנקרייך און אין איטאַליע. די אָנ־געזעענע קינסטלער און פּאָעטן פון רענעסאַנס האָבן געלייגט זייער חותם

אויף דער מענטשלעכער קולטור און גייסט עד סוף כל הדורות.

ביי די ענגלענדער איז די גאנצע גרופע פון דער עפאכע אין נאַ־טוראַליסטישן ליטעראַטור מאַניער, באַשטאַנען פון מענטשן מיט פאַר־נעמלעכע געדאַנקען וועגן פרייהייט; זיי האָבן זיך קעגנגעשטעלט דעם געזעלשאַפטלעכן סדר נישט בלויז צוליב פּראַכטונג צום פיליסטערישן שטייגער, נאָר קעגן עקאָנאָמישע פּאַראָנדקעס. לאָרד בייראָנס רעדע איז לאָרדן־הויז קעגן געזעץ צו באַשטראָפן מיט טויט די, וואָס וועלן צע־ברעכן מאַשינען, איז אַ דאָקומענט פון גרויסן ווערט פאַר דער געשיכטע פון מענטשלעכן קאַמף קעגן אונטערדריקונג, ברוטאַליטעט, צוואַנג און פאַר יושר און אחריות צו דער ווירדע פון מענטשן־מין. בייראָן איז אויך געגאַנגען איינשטעלן זיין לעבן אין באַפרייאונג־קאַמף פון די גריכן.

אָבער ביי די ענגלענדער, ווי ביי אַלע אומות, זיינען אויך געווען פּאָ־עטן־וואַגאַבונדן. ביי אונדז זיינען נישט אויפגעקומען קיין גרופּעס אָדער אפילו איינציקע, וואָס קענען האָבן אַ צוגלייך צו די פּאָעטן פון אַנדערע פעלקער.

ביי אונדז זיינען אויך געווען אַ צאָל דיכטער און שרייבער. וואָס האָבן זיך אַביסל „פריי־געלאָזן". אָבער דאָס, וואָס זיי האָבן געטאָן, איז געווען אַמאָל מיט בושה. ס'איז מערער געווען בראַוואַדאָ, ווי פּאַקטיש דעם אָננעמען און צופּאַסן זיך צו אַ שטייגער פון אויסגעוואָרצלטקייט. ווען די פּאָעטן ביי אונדז זיינען געוואָרן סטאַטעטשנער איז אויף זייער חשבון נישט געווען צוגערעכנט קיין שויבן־ברעכעריי, קעפּ־שפּאַלטעריי און ליגן אין רינשטאָק.

אונדזערע פּאָעטן און שרייבער זיינען אַלע געווען און זיינען מיושב־דיקע מענטשן, וואָס האָבן זייערע שאַפונגען גענומען ביים פאָלק און עס אויף דאָס ניי פאַרבונדן מיטן פאָלק.

אָפּגערעדט פון די גרויסע אידישע דיכטער, וואָס זיינען נישט נאָר געווען קינסטלער, נאָר מענטשן פון הויכער עטיק און ריזיקן גייסט. די אַלע פון אונדזער רענעסאַנס, פון אונדזער גאָלדענער עפּאָכע, האָבן גע־ליכטיקט מיט זייער וועלט־באַגעם און אחריות. אידישער רענעסאַנס איז אַ דינאַמישער כוח. ער גייט כסדר אָן. די תורה באַנייט זיך און דערהויבט יעדן דור אידן. די לויטערע געשטאַלטן פון אונדזער אייבי־קער ליטעראַטור האָבן זייער אָרט אויסגעפּוצט פאַר אַלע דורות צו גאַפן און באַוואונדערן.

אונדזערע שרייבער זיינען געווען מענטשן, וואָס האָבן דורך מעשים באַלויכטן אונדזער אידיש לעבן.

אונדזערע פּאָעטן און שרייבער האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן מיט גלאַט

שיין־שרייבעריי, מיט דער עסטעטיק פון וואָרט. נאָר האָבן געבראַכט אַ מוסר־השכל. זיי האָבן נישט נאָר געלערנט דאָס פאָלק, נאָר אויך גע־טרייסט, געמונטערט און זיך איינגעשטעלט פאַר אים.

ביזן אויפקום פון דער ליטעראַרישער גרופּע „יונגע", וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר דער עסטעטיק, מערער ווי פאַר דער עטיק אין קינסטלערישן וואָרט, איז אונדזער ליטעראַטור געווען אינגאַנצן פאַר־טאָן און פאַרנומען מיט פאָלק; זיינע פראָבלעמען האָבן געקראַצן אַנזען. ס'איז געווען אַ ליטעראַטור מיט אַ פּראָגראַם, אָבער מיט איינזעעניש, מיט צער און ווייַ, מיט באַדויערן דעם גורל פון פאָלק און פון אידישן אָרעמאַן. ס'איז געווען אַ ליטעראַטור, וואָס האָט געמאָנט, גערופן, גע־מונטערט, געפּריידיקט, און זיך איינגעשטעלט פאַרן דלפון קעגן די פּרנסים, די תקיפים. די אידישע פּאָעטן האָבן עס געטראָגן אין פאָלק פון אויער צו אויער דעם ביטול: „אַ פּרנס מעג זיין גרויס, ווי אַ האָן, זיצט ער פאָרט אויבנאָן".

אין קיין אויפגעקומענער גרופּע פון אידישע פּאָעטן און שרייבער זיינען נישט אויפגעקומען יחידים געראָטן, למשל, אין שאַרל באָדלער, אַ פּאָעט קראַנק און פאַרפּייניקט פון רשעות. אפילו זיינע לידער האָבן ביי אים געהייסן „בלומען פון שלעכטס". ער האָט פיינט געהאַט אַלץ, וואָס איז נאַטירלעך — איינגעשלאָסן די נאַטור גופא. ער האָט געהאַט גערן דאָס פאַרשטעלטע, די קינסטלעכע, די געמאַכטע. יעדע נאַטירלעכע דערשיינונג האָט אים אָנגעפילט מיט עקל און שרעק. ער איז באַשטאַ־נען, אַז מ'זאָל סטערעליזירן דעם מענטשן־מין. ביי אים איז דאָס וואָס לעבט געווען גאָר האָולגאַר.

זשאַן פּאָל סאַרטר, איינער פון די באַגרינדער פון „עקזיסטענציאַליזם", גיט איבער אין זיין בוך „באָדלער", אַז דער פּאָעט האָט פיינט געהאַט מענטשלעכע פּנימער. ער איז געווען אַ זעלבסטמערדער, וואָס האָט זיך אָנ־געהאַלטן אין לעבן. ער האָט פיינט געהאַט אַלץ, וואָס האָט זיך באַוועגט און איז געווען אין אויפרודער און איז גיים איז געווען דערווידער אַלץ, וואָס פאַרבינדט מיט המשך; אונטערגאַנג איז אים נאָענט געווען, דערפאַר וואָס ס'איז סוף. ער האָט געהאַלטן פון קלאָרקייט אין דער פּאָעזיע — אַ קלאָרקייט ווי טויט.

באָדלער האָט פאַרהערלעכט דאָס שלעכטע אין קולטור און וואָס האָט אַ שייכות מיט קולטור — איז ביי אים געווען גלאַנץ פון טויט, גלאַנץ פון קאַלטקייט און פון קאַלט — ליכט און פון אַלץ, וואָס איז ניט נאַטירלעך.

צוליב זיין משונהדיקן סיפיליטישן באַנעם פון מענטש און נאַטור,

האָט ער געוואָלט אויסראָטן אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט נאַטירלעכ־קייט. ער האָט געפאַרבט די האָר אויף גרין און ווי אַ פרוי פלעגט ער זיך פּאַרפיומירן און אָפּגעבן שעה׳ן אויף זיין טואַלעט. ועל כולם, אין צוגאָב, איז ער געווען אַ ווילדער שונא ישראל.

איך האָב זיך אָפּגעגעבן מיט אַנצייכענען עטלעכע שטריכן וועגן באָד־לערן, כדי מען זאָלן קענען באַנעמען, אַז ביי אונדז קענען גאָר נישט געדאַכט ווערן אַזעלכע פאַרשוינען. מיר האָבן דאָך ליכטיקע געשטאַלטן. מענטשן מיט גרויס ליבע צום פאָלק ישראל און צו רב ישראל. מענטשן מיט זאָרג פאַרן גורל פון זייער מיטמענטש; מענטשן מיט דער אומ־מיטלבאַרער אויפריכטיקער און האַרציקער וואַרעמקייט, וואָס פאַרבינדט די ברודערשאַפט פון מענטשן.

ניט ווי אַ פאַרגלייך צו די בייזע כוחות, וואָס זיינען געווען באַ־זעצט אין די באָדלערס און נאָך אַזעלכע ווי ער, ליכטיקן דאָך ביי אונדז די וואונדערלעכע געשטאַלטן. פון מענדעלען, פּרצן, שלום־עליכמען, ריי־זענען, ספּעקטאָר, אַנסקי, דינעזאָנען, פרוג, מאָריס ראָזענפעלד, עדעל־שטאַט, באָווּשאָווער. עס שיינען: משה לייב האַלפּערן, מאַני לייב, זישא לאַנדוי, ה. לייוויק, לאַמעד שאַפּיראָ און אַלע, וואָס האָבן געשאַפן דאָס אידיש וואָרט, עס געפוצט און אָנגעטאָן רום און כבוד.

מיר האָבן אויך געהאַט טשיקאַווע געשטאַלטן, זיי האָבן אָבער אונדזער ליטעראַטור צוגעטראָגן ווירדע און פאַרנעם.

ביי אונדז זיינען געווען אויך אַביסל קאַפּויערדיקע מענטשן. זיי זיינען בלויז געווען קאַפּויער אין זייערע אידייאישן באַנעם; זיי האָבן געזוכט גאָט אין יעדן שפּראָץ.

ב. ריווקין ע״ה, דער טשיקאַווסטער ליטעראַרישער מנחם מענדל, דער פּאָעט פון געפיל, ניט פון פּערז, האָט געזוכט צו געבן באַדייט „מאָדערנער אידישקייט״. אים איז, נעבעך, געווען אומעטיק, ווי אַלע אי־דישע אינטעליגענטן, וואָס ווייסן ניט קיין אופן, ווי אַזוי אויפהאַלטן אי־דישקייט אָן גאָט. ריווקין האָט געהאַט פייער און ליכט, אָבער אויך גע־ווען, אין וועלכע ער איז געווען איינגעפּלאָנטערט.

כמעט יעדער פון אונדזערע פּאָעטן און נאָוועליסטן, זיינען אויף אייך שטייגער אָדער אַ צווייטן, מענטשן, וואָס האָבן אויך געהאַט אַ טיפע השפעה אויף גרויסע צאָלן אידישע קינדער. זיי האָבן אויך אַרויסגערופן און אָנגערעגט שאַפענדיקע ווילנס און פּרוּוון.

יונגע בעלי־חלומות זיינען געווירט און באַווירקט געוואָרן פון קינסט־לערישן פאַרנעם אַ סך פון אונדזערע דיכטער. יונגע שרייבער האָבן גע־נומען אונדזערע קלאַסיקער און אָנגעזעענע פּאָעטן ווי מוסטערן; מ׳האָט

געמאַכט פּאַרזוכן צו שרייבן אין אָטעם, געמיט און סטיל פון אברהם רייזין, מאָריס ראָזענפעלד, עדעלשטאַט, באָווּשאָווער, פּרוג און די מיט־צייטלער: משה ליב האַלפּערן, מאַני לייב, זישא לאַנדוי, משה נאַדיר און לוצקי. ה. לייוויק האָט אפשר נישט משפּיע געווען אויף יונגע דיכטער צו מוסטערן זיין געמיט, אָבער ווי אַ געשטאַלט האָט ער גאָר אַ באַזונדער אָרט אין אונדזער וואונדערלעכן ליטעראַטור־לאַנד.

אַ אידישן שרייבער וועט זיכער ניט געפעלן דער סך־הכל און די הסברה, וואָס דער פראַנצויז פּאַסקעל מאַכט בנוגע דעם בן־אָדם: „וואָס פאַר אַ פּוסטע אילוזיע עס איז דער מענטש; וואָס פאַר אַ דבר חדש ער איז; וואָס פאַר אַ מאָנסטער; אַ כאַאָס, אַ ווידערשפּרוך; וואָס פאַר אַ וואונדער; דער שטאָלץ און בושה פון אוניווערז".

אַ איד נעמט אָן דעם בן־אָדם, ווי גאָטס באַשאַף. גאָט האָט אַ זכות אויף זיינע קינדער, מ'דאַרף נאָר קענען זיך דערהויבן צו באַנעמען דעם זכות.

אידישע פּאָעטן און שרייבער האָבן זיך נישט פאַרנומען מיט אונ־טערהאַלטן דעם המון, ווי עס איז געווען דער שטייגער פון די גריכישע דיכטער, וואָס האָבן דורך זייערע דראַמעס און טראַגעדיעס געזוכט נאָר צו וועקן דעם מענטשן, צו פאַרשטיין דעם טרויער פון „זיין", די ליידן און קאַמפן, וואָס ער דאַרף דורכגיין און זיין גורל וואָס איז שוין באַ־צייכנט פון פאַטום. עס איז אַ קאַמף: מענטש און גאָט; גורל און ווילן; אונטערדריקונג און פּיין; יחיד און געמיינדע. די גריכישע דיכ־טער האָבן געזוכט צו נשמה־לייטערונג. זיי האָבן אָבער נישט געגעבן קיין אויסוועג, קיין לייזונג. דער איד האָט אויך געקעמפט און דאָס נישט קעגן גאָט אָדער פאַטום, נאָר קעגן שטן מקטרג, קעגן דעם שלעכטס, וואָס לויערט אויפן בן־אָדם. דער אידישער זשעני האָט אָנגענומען די אַלע גע־שעענישן אַרום מענטשן ניט ווי אַ טראַגעדיע, נאָר ווי אַ טייל פון געט־לעכן פּלאַן. דער אידישער זשעני האָט צו פאַרגאַנצן דעם בונד פון גאָט און מענטש, אויפגעשטעלט גאָטס וואָרט ביים מענטשן און אים געגעבן אַ באַדן — די תורה, אויף וועלכער ער בויט אויף אַ וועלט נישט גלאָט פאַר חשבון־הנפש, נאָר אַ חשבון־הנפש סיי פאַר גאָט און סיי פאַרן מענטשן, מיט וועמען מ'דאַרף זיך צוזאַמענלעבן אויף מאָראַלישע יסודות, ווייל נאָר צוליב זיי קען די וועלט האָבן אַ קיום.

* * *

דער מענטש איז אַריינגעכאַפּט אין דער אַגאָניע פון אַנטאַגאַניזם. ער מוז כסדר זיין גרייט צו קעמפן פאַרן ביסל אַנהאַלט. דער וואָס מידט זיך אָין, פאַלט אַוועק ביים זייט פון לעבן. אַ פּאָעט קען זיין אויס־

געוואָרצלטקייט, זיין נע־ונד אַנטפּלעקן דורך כּישוף פון וואָרט. דער פּאָעט וואָס פאַלט אַרויס פון גאַנג אין סדר פאַראַכטעט דעם אַרום און ער ווייסט אויך, אַז דער קליין־בירגער פאַראַכטעט אים. ער האָט דער־פאַר מורא פאַר דער וועלט פון מענטש און זוכט זיך באַפרייען פון אַלע יאָכן, אין וועלכע דאָס לעבן און פיליסטערישע געזעלשאַפט זוכט אים פאַרקנעכטן.

הונדערטער, וואָר ווייסט, אפשר טויזנטער פּאָעטן, וואָס האָבן נישט געקענט אָננעמען דאָס לעבן מיט דער ברוטאַלקייט און האָבן נישט גע־קענט פאַרטראָגן די פלאַכקייט פון פיליסטער האָבן זיך געלאָזן אַרויס־שליידערן פון דער סביבה, אָבער פון דער געמיינדע האָבן זיי נישט גע־קענט אַנטלויפן, מחמת בלויז פון שטייגער האָבן זיי געזוכט אַן אַנטרינונג.

פּאָול ווערלען, וואָס איז אין תוך געווען אָנגערעגט און באַווירקט פון דעם אַנטי־ראָמאַנטיקער און אַנטי־עכטקייט — שאַרל באָדלער, האָט אָבער, ווי באָדלער איז געווען, נישט געקענט זיין קיין פּאָזע. ער איז נישט געווען קיין דענקער, נאָר גאָר אַ ראָמאַנטיקער — אַ סימבאָליסט.

דער עסייאיסט ש. טענענבוים, אין אַן אָפּהאַנדלונג וועגן ווער־לען, ווייזט אָן: „פּאָול ווערלען איז געווען אַ ראָמאַנטיקער. מיט זיין אינדיווידואַליזם, עקסצענטרישקייט און זיין עמאַציאַנאַליזם האָט די הערשאַפט פון געפיל געהאַט פאַרצוג איבערן געדאַנק. ווערלען פלעגט וועגן זיך זאָגן: „איך האָב געקענט לעבן נאָרמאַל, נאָר דאָס טרינקען האָט מיך געשעדיקט. איך האָב אַ ווייבלעכן טעמפּעראַמענט, וואָס באַ־צייכנט און דערקלערט אַ סך פון מיר". און טענענבוים גיט אָן לע מעטערס אַ רעזומע וועגן ווערלען: „פּרימיטיוו, סענסיטיוו, אימפּולסיוו, באַרבאַריש, ווילד־קינדעריש".

פון דעם אַלץ ווערט קלאָר ווערלענס איבפירונגען מיט רעמבאָ און זיין אַטענטאַט אויף רעמבאָ, פאַר וועלכן ער איז געזעסן אין אַ בעלגישער תפיסה. ווערלענס לידער, די קרעכצנדע, זיינען געווען אַ פּועל יוצא פון איינפלוס, וואָס עדגאַר אַלען פּאָ האָט געהאַט סיי אויף אים און סיי אויף באָדלערן. די לידער אָנגעפילט מיט סענסואַלקייט און מיסטיק, זיינען געווען אַריינגענומען אין שווערע אומהיימלעכע שטימונגען.

די פּאָעטן־וואַגאַבונדן זיינען געווען פאַרפייניקט פון אייגענע אי־מאַזשן און סימבאָלן, וואָס האָבן זיי בסדר טיראַניזירט. זיי האָבן זיך נישט געקענט באַפרייען פון די שרעטלעך, וואָס האָבן געריסן זיך פון די בלוטן אַרויס, פונקט ווי זיי האָבן זיך נישט געקענט באַפרייען פון דער געמיינדע, וועלכע זיי האָבן פאַראַכטעט און פאַרהאַסט.

טראָץ דער אומסאָציאַלקייט, דעם ווידערשטאַנד קעגן דער מענטש־

לעכער געזעלשאַפט, זיינען די פּאָעטן געווען גרויסע, אויך אפילו אומ־היימלעכע געשטאַלטן. צוליב זייער פאַרנעמלעכער דיכטונג זיינען זיי שוין במילא געווען גרויסע פּערזענלעכקייטן. זיי, פּונקט ווי די עטי־קער, האָבן די שטימונגען, געדאַנקען און אידייען אַרויפגעטראָגן אויפן פּעדעסטעל פון די גרויסע גייסטער, וואָס האָבן אַזוי פיל אוצרות גע־בראַכט דעם מענטשן.

ביידע גרופן שעפער, דער עטיקער: דער זוכער פון אמת אין דער געזעלשאַפט און דער עסטעטיקער, דער זוכער פון אמת אין פּחד פון סוד, זיינען פאַרנעמלעכע געשטאַלטן און פּערזענלעכקייטן.

וועגן אמתן און עכטן דיכטער און שרייבער קען מען זאָגן: עס זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס קענען זען דעם גאַנצן סוד פון דער וועלט אין אַ טראָפּן וואַסער און אין זאַנג אויפן פעלד; אַנדערע, אָבער, דאַרפן האָבן די גאַנצע וועלט כדי צו דערזען אַ טראָפּן וואַסער. און דאָס איז דער אונטערשייד צווישן דעם קינסטלער און דעם כעמיקער. דער קינסט־לער לייזט אויס די ענערגיע אין דער געפּורעמטער ווירקלעכקייט, ווי קליין און נישטיק זי זאָל ניט זיין.

דער מיטלמעסיקער פּאָעט און שרייבער זעט ניט די רעאַלקייט, ער גייט פאַרביי און קוקט זיך אפילו נישט אום. דער אמתער פּאָעט בלייבט אין דער וועלט אַליין, אַן איינזאַמער אין מוראדיקן מדבר. ביים מיטל־מעסיקן איז אַלץ געמאַכט, אויסגעטראַכט, און אויב ער פאַרנעמט זיך אויסשפּרייטן זיינע הענט, נעמט ער נאָר אַרום שאָטנס.

דעם אייגנאַרטיקן **לואיס נעלסאָן**

# פון נידער



דאָס איז די באַלאַדע
פון יאַשקע דעם בלינדן,
וואָס האָט געוואָלט
די וועלט אונטערצינדן;
נאָר איז געוואָרן
אַליין פאַרברענט —
צוזאַמען מיט די ווענט —
צוזאַמען מיט די פיס און הענט,
און דעם פּנים וואָס
איז געווען געווענדט,
צו די האָפענונגען וואָס
זיינען געוואָרן געשענדט:
ס'איז יאַשקע אַזוי געוואָרן פאַרברענט,
אַז ס'איז שוין נישט געווען ווער
עס זאָל אים האָבן דערקענט.

דער אידישער דעת־הקהל וועט קיינמאָל נישט שטיל ווערן. מ׳וועט אויף תמיד אויסברענען דעם קין־צייכן אויף די שטערנס און דעם גאַנצן לייב און לעבן פון די קאָמוניסטישע רוצחים, וועלכע האָבן פאַרראַטן די מענטשהייט און די האָפענונג, וואָס דורות האָבן געטראָגן פאַר דעם גלויבן אין אַ געזעלשאַפט, וואָס זאָל פאַרברידערן מענטש מיט מענטש און שאַפן אַ סדר וואו אומגלייכהייט וועט צעשטערט ווערן.

***

דער אידישער דעת־הקהל וועט אויף אַלע אייביקייטן לאָזן פלאַמען דעם בראָך, וואָס די קאָמוניסטן און זייערע שותפים האָבן אַראָפּגעשיקט אויף אונדזער פאָלק. אידן בכל תפוצות ישראל האָבן נישט געוואָלט סובל זיין, אַז דאָס שעפערישע ליכטיקע רוסישע אידנטום איז אָפּגעווישט געוואָרן.

זינט דער סטאַליניזם האָט זיך פאַרפעסטיקט האָט זיך אָנגעהויבן די טאָטאַלע אויסראָטונג פון רוסישע אידן. די קאָמוניסטישע אידישע שרייבער זיינען געווען די שחיטה־פירער. לאָמיר נישט מאַכן קיין טעות: אידיש לעבן אין רוסלאַנד האָט גענומען אונטערגיין מיטן אויפקומען פון סטאַליניזם און איז דערפירט געוואָרן ביזן קלימאַקס — די פאַרניכטונג פון די רעשטלעך שחיטה־פירער אַליין. דער תליון האָט דעם תליון אומגעבראַכט!

# ליטעראַטור אויפֿן ברעג פֿון אַ רויטער פּאָן

דער צער, וואָס די לעצטע אידישע שרייבער זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אין רוסלאַנד איז נאָך ניט פאַרמינערט געוואָרן. עס איז אויך ניט איינגעשטילט געוואָרן דער צאָרן קעגן די רוצחים, וואָס האָבן פּאַרטיליקט די שארית הפליטה פון ד'עם אַמאָליקן יחוסדיקן אידיש־רוסישן קולטור־לעבן.

פאַר די אידישע שרייבער און קולטור־טוער פון די פרייע לענדער זיינען אַלע געשעענישן אין רוסלאַנד איינגעוויקלט אין סודות. דערפאַר איז די נייגער שאַרף און דאָס אויער אַזוי אָנגעשפּיצט אויפצוכאַפּן אַ קלאַנג, אַ רמז פון אַלץ, וואָס קען אַרויסגעשמוגלט ווערן פון דאָרטן. אידישע שרייבער און קולטור־טוער שטייען פאַרוואונדערט און קענען ניט געפינען קיין טייטש אויפן האַרבן גורל וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן די לעצטע סאָוועטישע שרייבער, וואָס האָבן גראָד געדינט דער ברוטאַלער מאַכט.

אידישע שרייבער זיינען אַזוי נשתומם געוואָרן פון דער קאָמוניס־טישער רציחה, מחמת עס האָט ביי זיי נאָך געדייעט די פּראָפּאַגאַנדע, דאָס די נעכטיקע אונטערדריקטע, אונטעריאָכטע און דערשלאָגענע האָבן אויף די חורבות פון אומיושר זיך פאַרנומען אויפצובויען אַ סדר פון גלייכ־קייט, און אַ וועלט פריי פון רציחה און מענטשלעכער רשעות.

דעם קינסטלער און פיין־גייסט האָט מען געמאָלן דעם רוסישן לעבנס־שטייגער ווי אַ גן־עדן — רוסלאַנד ווי אַ מקום מקלט פאַר די וואָס ווילן געבן פרייען אויסדרוק. אין רוסלאַנד, האָט מען זיי דערציילט, וועלן זיי באַזאָרגט ווערן מאַטעריעל כדי זיי זאָלן קענען אומגעשטערט זיך אָפּגעבן מיט שאַפן פריי און ניט באַצוואונגען ווערן פון יענע, וואָס ווילן קאָנטראָלירן די שעפערישקייט פון קינסטלער. דער אינטעליגענט און קינסטלער האָט אַלץ געגלויבט באמונה שלמה. פאַרזען האָבן זיי נאָר, אַז די פּראָפּאַגאַנדע וועט זיי אויך שטויסן צו שותפות מיטן שטן מקטרג.

דערפאַר זיינען אידישע שרייבער און קינסטלער געפּלעפט געוואָרן. מ'דאַרף זיך משער זיין, ניט מחמת דעם, וואָס די רוצחים האָבן אומגע־בראַכט אידישע שרייבער, נאָר גאָר וואָס די פּראָפּאַגאַנדע האָט פאַרפירט. עס האָט זיי פאַרדראָסן פאַר דעם, וואָס מען האָט זיי גענאַרט.

ניט דער גורל פון אידיש, און אידישן המשך האָט זיי געאַרט. אַ סך יאָרן האָט מען באַקומען טראַגישע גרוסן פון רוסלאַנד. נאָר די שריי־

בער אונדזערע האָבן ניט געקענט ביי זיך פועלן דאָס די גרויסן דערציילן דעם אכזריותדיקן אמת. געטראַכט האָט מען דאָס קוילענען זיך פּאָליטיקער צווישן זיך, צו אונדזער מחנה וועט עס ניט דערגיין. מיר זיינען קינסטלער און קינסטלער זיינען דערהויבן איבער די קעפּ פון פּאָליטיקער. פאַרזען האָבן זיי דאָס אין רוסלאַנד זיינען נישטאָ קיין קינסטלער, נאָר קנעכט צו דער פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין, און אַז די מאַשין קען זיך ניט דערלויבן אָפּטיילן פון זיך אַ באַזונדער מחנה, וואָס זאָל קענען פריי געבן אויסדרוק אין קעגנזאַץ די אינטערעסן פון פּאָליטיקער. די הנחה, אַז דאָס קוילן זיך בלויז פּאָליטיקער, האָט פאַרשטעלט דעם אָנגריף, וואָס דער לאַנגער־מעסער האָט געמאַכט אויף אידישע שרייבער פאַר אַ משך פון צוויי־צענדליק יאָר.

גרופּעס שרייבער, וואָס האָבן געשריבן סאָוועטיש מיט אידישע אותיות זיינען אומגעקומען. עס איז אָפּגעווישט געוואָרן די גאַנצע מינסקער גרופּע. עס זיינען אָפּגעמעקט געוואָרן די נעמען פון איזי כאַריק, דוניעץ, יאַשע בראָנשטיין און נאָך צענדליקער וויניק באַזהאוסטע. עס זיינען אומגעקומען די שרייבער, וואָס האָבן זיך אָריענטירט מיט דער מאָסקווער גרופּע. מיט זיי איז אומגעבראַכט געוואָרן ליטוואַקאָוו און אַלעקסאַנדער כאַשין. מילא, ליטוואַקאָוו, האָט ניט געהאַט קיין גוטן שם צווישן דער אויסלענדישער אידישער אינטעליגענץ. אָבער כאַשין? כאַשין דער האַרציקער מענטש און איד, כאַשין דער פיינער שרייבער און עסייאיסט, — אים האָבן דאָך אַ סך געקאָנט פון ניו־יאָרק. ער איז אומגעבראַכט געוואָרן אין יענער צייט פאַר אונדזערע אויגן און קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט כדי אים העלפן געבן דעם לעצטן קרעכץ. קיינער ניט!

זלמן רייזען, איז דאָך זיכער געווען ריין פון סאָוועטישע זינד. זיין פאַרשווינדן האָט בלויז אַ טרייסל געטאָן אונדזערע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע עסקנים און אַ טייל שרייבער און קינסטלער, אָבער אַ סך האָבן אפילו ניט גענומען די מי זיך צו דערקונדיקן וואו זיין געביין איז פאַרוואָרפן געוואָרן.

די סאָוועטיש־אָריענטירטע שרייבער און קינסטלער, וואָס האָבן געפּראַוועט שמחות מיט איציק פעפערן ווען ער איז געווען צו גאַסט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָבן אים ניט געצוואונגען אויסצוזאָגן עפנטלעך, פאַרוואָס מען האָט אומגעבראַכט אַ גרויסע צאָל אידיש־סאָוועטישע שרייבער, און פאַרוואָס איז דאָס זיי געקומען?

געמיינט האָבן זיי, אַז מען בויט אַ בריק צווישן אונדז דאָ און זיי דאָרטן, האָבן זיי פעפערן דערפאַר געשאַנעוועט. זיי האָבן אים ניט געוואָלט שטעלן אין אַ פאַרלעגנהייט.

איצט איז געקומען די צייט, ווען אפילו אַ גרויסע צאָל פון די, וואָס האָבן זיך געשפּילט אין סאָוועטישקייט, שיקן אַ ביטערע טרער אויפן מאָסן־קבר פון סאַמע רעשטל. זיי קענען נאָך אַלץ ניט שלום מאַכן, אַז די לעצטע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן, און די פראַגע איז נאָך ניט פאַר־ענטפערט.

## אידישע ליטעראַטור און אידישע סאָוועטישע שרייבער

א. אייזן, אין אַן אַרטיקל „די ירידה פון דער אידישער קולטור אין סאָ־וועטן־פאַרבאַנד", גיט איבער די גאַנצע סתירה, וואָס האָט געפּייניקט דעם סאָוועטיש־אידישן שרייבער. וועגן זיינע באַגעגענישן מיטן פּאָעט אהרן קושניראָוו, דערציילט ער, אַז ער, קושניראָוו, האָט אים „איבערראַשט מיט אַן ענטפער אויף זיינער אַ פראַגע: איר וועט דאָך מיך ניט איינריידן, אַז דער גאַנצער האַלבער מיליאָן אין מאָסקווע איז מיטאַמאָל געוואָרן אויס אידן?" אויף דעם האָט אים קושניראָוו געענטפערט: „איך בין אייך ערוב, אַז ווען עס וואָלטן זיך געפונען כאָטש דרייסיק אידן, וואָס זאָלן זיך אוועק־לייגן אויף די שינעס און זאָגן: „יעבור עלי מה, און מיר ווילן אַן אייגענע שול — וואָלט די רעגירונג געגעבן אַ שול".

קושניראָוו האָט באַשטעטיקט, אַז אין גאַנץ מאָסקווע זיינען ניט גע־ווען קיין דרייסיק אידן, וואָס זאָלן זיך ווענדן איינשטעלן און מאָנען אַ אידישע שול. ער האָט צוגעגעבן, אַז די איינציקע אידישע גרופּע אין דער רוסישער הויפּט־שטאָט איז געווען די, וואָס האָט זיך געקלאַמערט „צו דער אידישער אמונה, צום אַלטן רעליגיעזן נוסח. די רעגירונג רעכנט זיך מיט זיי און טשעפּעט זיי ניט".

קושניראָוו'ס רייד, אָט טאַקע ווי עס שטייט און גייט, שאַפט אַן איינדרוק, אַז די אייציקע סיבה, וואָס האָט אָפּגעהאַלטן פון אָרגאַניזירן אַ אידיש־וועלטלעכע שול, איז די גלייכגילטיקייט פון די מאָסקווער אידן. ווייל די פראַגע איז דאָך בלויז וועגן אַ וועלטלעכער שול, ניט קיין רע־ליגיעזע. ווייל טראָץ דעם, וואָס די רעגירונג האָט ניט „געטשעפּעט" די אידן, וואָס האָבן זיך אָנגעהאַלטן אין דער „אמונה און אַלטן רעליגיעזן נוסח", זיינען חדרים און ישיבות געווען פאַרבאָטן עפנטלעך און אָפיציעל.

קושניראָוו האָט געהאַט געזאָגט: „אַז רעליגיעזע אידן וואָלטן זיך מקריב געווען, געלאָזן זיך אומברענגען ווען מען וואָלט פאַרמאַכט זייערע שולן. אַנדערש איז אָבער דער מצב ביי די דאָרטיקע וועלטלעכע אידן".

די רעליגיעזע אידן, הייסט עס, וואָלטן ניט דערלאָזן, אַז מען זאָל

פאַרמאַכן ווייערע חדרים און ישיבות. זיי האָבן עס ניט געקענט אָפּהאַלטן, מחמת חדרים און ישיבות זיינען געווען פאַרבאָטן, און די אידישע אמונה איז געלערנט געוואָרן אין געהיים און פאַרבאַהאַלטן פון די „געפּעאו״ אויגן. סטאַלין האָט זיי נאָר דערלויבט זיך צו „מאָליען״.

אָבער, וועלטלעכע שולן זיינען דאָך יאָ געווען דערלויבט. די קאָמוניסטן גיבן דאָך אַריין אין בדן פון דער רעוואָלוציע די ברידערלעכע צוזאַמענלעבונג פון אַלע פעלקער און קולטורן. די סאָציאַלע רעוואָלוציע האָט דאָך, לויט די קאָמוניסטן, געשאַפן אַן אלף־בית פאַר פעלקער, וואָס זיינען געווען אומוויסנד און צוריקגעשטאַנען, איז מיט וואָס האָט זיך עס דאָס אידישע פאָלק פאַרזינדיקט, אַז אַ ישוב פון אַ האַלבן מיליאָן זאָל ניט האָבן אין מאָסקווע קיין אייגענע וועלטלעכע שול און זאָל אפילו ניט האָבן קיין דרייסיק צדיקים, וואָס זאָלן זיך וועלן איינשטעלן פאַר אַזאַ שול?

דער ענטפער אויף אָט־דער האַרבער שאלה ליגט טיפער, ווי קוש־ניראָוו און די קאָמוניסטן אַלס זיינע שותפים, האָבן געזוכט צו געבן. ווייל זאָגן, אַז עס האָבן זיך אין מאָסקווע ניט געפונען קיין דרייסיק אידן, וואָס זאָלן וועלן אַ אידיש וועלטלעכע שול, מיינט באַוואוסטזיניק ריינ־וואַשן אַ פאַרברעכערישן רעזשים און די פאַרברעכערישע אידן, וואָס האָבן מיט אידישע אותיות געדינט דעם רעזשים, און אַרויפלייגן די זינד אויף די אומשולדיקע מאָסקווער אידן.

ניט די מאָסקווער אידן זיינען געווען גלייכגילטיק צו דעם, וואָס עס איז ניטאָ קיין אידישע וועלטלעכע שול אין מאָסקווע, נאָר גאָר די סאָווע־טישע אידישע שרייבער, וועמען עס האָט ניט געאַרט דער קיום פון אידיש לעבן און דער המשך פון דער אידישע קולטור.

די מאָסקווער אידן זיינען ניט געשטאַנען ביי דער אָנפירערשאַפט פון אידישן לעבן. עס איז אין רוסלאַנד ניט געווען אַזאַ זאַך, ווי אַן אָר־גאַניזירט באַזונדער אידיש לעבן.

דאָס וואָס ס׳איז געווען אידיש לעבן אין רוסלאַנד, איז אָנגעפירט געוואָרן פון דער פאַרטיי, און זי האָט געניצט אידישע שריפטן פאַר פּראָ־פּאַגאַנדע. די שרייבער האָבן בלויז אויסגעפירט די פאַרטיי־דעקרעטן.

וואָס פאַר אַן אויסזען האָט געהאַט די אידישע פרעסע און דאָס אידיש בוך אין רוסלאַנד? עס איז ניט געווען קיין פריע זעלבסטשטענדיקע מיי־נונג און עס זיינען דערפאַר ניט געווען קיין שעפערישע מענטשן, וואָס האָבן ליב געהאַט דאָס אידיש־שעפערישע וואָרט. מחמת דעם איז ניט געווען ווער עס זאָל מאָנען אַ אידישע וועלטלעכע שול.

די סאָוועטן־רעגירונג האָט געדולדעט די פּראָפּאַגאַנדע אויף אידיש כל־זמן עס איז געווען אַן אָפּזאָץ אויף דעם. ווי דער אָפּזאָץ איז פאַר־

שוואונדן, איז מערער ניט נויטיק געווען אָנצוהאַלטן דעם אידישע פּראָ־פּאַגאַנדע־אַפּאַראַט.

די לאַגע אין מאָסקווע איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדערע. ווי איך האָב געקאָנט דאָס אידישע לעבן אין מאָסקווע (אויב איר קענט עס אָנ־רופן אידיש־לעבן), איז עס ניט געווען אָרגאַניזירט און האָט ניט געקענט זיין אָרגאַניזירט. די רעליגיעזע אידן זיינען געשטאַנען מחוץ למחנה פון סאָוועטישן פּאַרטיי־לעבן. און מען טאָר ניט פאַרגעסן, אַז קיין שום אַנדער אַקטיוויטעט אָדער געזעלשאַפטלעכער אויסדרוק איז ניט מעגלעך אין לאַנד פון דער „סאָציאַלער רעוואָלוציע״. דאָס לאַנד, וואָס בויט „סאָציאַליזם״ דולדט ניט קיין אַנדער שטייגער, וואָס איז ניט לויט דער אָפיציעלער ליניע.

ווי די רעליגיעזע אידן האָבן געלעבט און ווי זיי האָבן זיך אויסגע־לעבט האָט ניט געאַרט די וואָס האָבן געווירקט און געפירט דאָס סאָוועט־טיש־אידישע קולטור־לעבן. זיי זיינען אינגאַנצן געווען אָפּגעשיידט. אַלץ איז געווען אין די הענט פון די פּאַרטיי פונקציאָנער און „געפּע־אוניק״.

דאָס ביסל אידיש־וועלטלעכע אַקטיוויטעט האָט זיך דעמאָלט געזאַמלט אַרום דעם אידישן „קלוב קאָמוניסט״, וואָס איז געווען אויף טווערסקאַיאַ.

ווער זיינען געווען די באַזוכער אין דעם קלוב? אַ גרויסע צאָל יונג־וואַרג, וואָס איז אָנגעקומען קיין מאָסקווע פון אידישע שטעט און שטעטלעך.

די אַריינגעקומענע האָבן געזוכט אַ אידישע סביבה און אַן אָרט וואו מען קען זיך אויסלעבן מיט אידיש. די טענדענצן פון דער פּאַרטיי־פּי־רערשאַפט, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן איינציקן אידישן צענטער אין מאָסקווע — דעם „קלוב קאָמוניסט״ — איז ניט אָנגעגאַנגען צו דערציען און אָנהאַלטן אַן אינטערעס צו אידיש און אידישן לעבן.

דער קלוב האָט בלויז געדינט ווי אַ צייטווייליקע סטאַנציע פאַר די ניי־אָנגעקומענע. קיינער האָט ניט געמאַכט קיין פאַרזוך זיי איינצוגלידערן אין דער אידישער אַרבעט, וואָס דער קלוב האָט כלומרשט געדאַרפט אָנ־פירן. די יוגנטלעכע פון די אידישע שטעט און שטעטלעך זיינען געווען איינגייער אין קלוב, ביז זיי האָבן זיך אַקלימאַטיזירט אין דער גרויסער שטאָט. אַקלימאַטיזירן האָט געמיינט זיך אַסימילירן. די פּאַרטיי־פונק־ציאָנערן פלעגן דערמיטיקן אַזאַ פּראָצעס. זיי, און מיט זיי די אַזוי־גערופענע אידישע שרייבער, האָבן געהאַלטן, אַז די יוגנט דאַרף זיך איינ־איינגלידערן אין סאָוועטישן לעבן און ניט אין קיין באַזונדער אָפּגעשיידטער גרופּע, וואָס וויל זיך אָנהאַלטן אין אידיש. צו וואָס האָט מען עס באַ־דאַרפט? די כוונה איז דאָך ניט געווען צו ציען דעם אידישן המשך, נאָר צו שאַפן גוטע סאָוועטישע און פּאַרטיי־מענטשן. און דער ביצלעכסטער וועג ווי אַזוי דאָס קען מקוים ווערן איז ניט זיך אָנהאַלטן אין אידיש,

נאָר זיך אַריינגיסן אין ים פון סאָוועטישן לעבן.

אַרום קלוב איז געווען אַ גרופּע פון, וואָס מען רופט אָן „דאַי האַרטס“. די קליינע גרופּע איז באַשטאַנען פון געוועזענע בונדיסטן, פּועלי־ציוניסטן און סתם ליבהאָבער פון אידיש. זיי זיינען עס געווען די איינגעשפּאַרטע, אָבער זיי האָבן ניט געהאַט קיין מאַכט און דעה. זיי פלעגן בענקען נאָך אַן אמת אידיש וואָרט, נאָך אַ גוטן אידישן בוך. אָבער אַלץ איז געווען פון זיי אָפּגעשניטן. מיט צער האָבן זיי צוגעזען ווי די פּאַרטיי שטויסט די אידישע אַריינגעקומענע יוגנט אין שטראָם פון גויאישן לעבן. אַלץ וואָס זיי האָבן געקענט טאָן איז געבן אַ קרעכץ.

קושניראָוו האָט געדאַרפט, הייסט עס, זאָגן אייזענען, אַז בלויז דרייסיק אידן האָבן געקענט פועלן, אַז אַ אידיש וועלטלעכע שול זאָל געשאַפן ווערן. גלאַט דרייסיק אידן! אָט אין דעם זאַג איז געלעגן די גאַנצע שמד־שטיק פון סאָוועטישן פּאַרטיי־לעבן, אין וועלכן די אידישע שרייבער האָבן זיך שטאַרק באַטייליקט.

דרייסיק פשוטע אידן! פאַר מיין צייט האָט מען דעם „עמעס“ פאַרוואַנדלט פון אַ טעגלעכער אויף אַ צוויי מאָל אַ וואָך צייטונג. האָט דען איינער פון די וואָס האָבן געשריבן אין אידיש פאַרנומען איינשטעלן זיך און אָפּשרייען די גזירה? קיין איינער ניט! זיי האָבן עס ניט געטאָן, מחמת עס איז געווען אַ פּאַרטיי־באַפעל, און קעגן אַ פּאַרטיי־באַפעל האָט זיך קיינער ניט געוואַגט אַנטקעגנשטעלן.

אַחוץ דעם, איז דאָס אַרויסגעבן דעם „עמעס“ צוויי מאָל אַ וואָך געווען דער נאַטירלעכער פועל־יוצא פון דער גאַנצער אַסימילאַטאָרישער טענדענץ, וואָס די פּאַרטיי און די אידישע שרייבער האָבן געפירט און דערמוטיקט.

איז טאַקע ניט געווען קיין אידישע וועלטלעכע שול אין מאָסקווע? און ווער און וואָס זיינען עס געווען די סאָוועטישע אידישע שרייבער, די קושניראָווס, פעפערס, מאַרקישעס און די איבעריקע?

## סאָוועטיש־אידישע שרייבער פּראָפּאַגאַנדיסטן

אידישע שרייבער פון די פרייע לענדער קענען נאָך אַלץ ניט שלום מאַכן, אַז די לעצטע שפּורן פון אידישן קולטור־לעבן אין רוסלאַנד איז שוין אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן. האָבן זיי געפּרובירט ביז דער לעצטער ליקווידאַציע, אויסזוכן אַ זכות אויף דער מערדערישער אָרדענונג, וואָס האַלט רוסלאַנד ביים גאָרגל. זיי האָבן ביי זיך ניט געקענט פועלן,

אַז די רוסישע רעגירונג וועט אָן רחמנות עוקר מן השורש זיין דאָס איי־דישע לעבן.

אָבער דאָס וואָס מען האָט ביי זיך ניט געקענט פועלן איז געשען. זיי שטייען איצט געפלעפטע און פאַרוואונדערטע און קענען זיך ניט איינ־שטילן: „וואו זיינען אַהינגעקומען די לעצטע אידישע שרייבער?". זיי שטייען געפלעפטע און פאַרוואונדערטע, מחמת זיי האָבן פאַר אַ משך פון יאָרן געוואָלט פון זיך פאַרבאָרגן דעם אמת.

מחמת דעם האָבן זיי ניט דערעזן און ניט דערהערט, אַז אין רוסלאַנד איז דער פּראָצעס פון ליקווידאַציע אָנגעגאַנגען אומגעשטערט פאַר אַ משך פון יאָרן און די דאָרטיקע אידישע שרייבער און אַזוי־גערופענע קול־טור־טוער זיינען גאָר ניט געוואָרן אַלאַרמירט.

זיי האָבן זיך ניט אַלאַרמירט וועגן דער אויסראָטונג, וואָס די „עג־קאַ־ווע־דע" האָט אויסגעפירט, מחמת אין גאַנצן תוך זייערן, זיינען זיי ניט געווען קיין אידן, נאָר סאָוועטישע מענטשן. זיי זיינען געווען שותפים צו דער טענדענץ פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַז אידן דאַרפן אויפהערן עקזיסטירן ווי אַ באַזונדערע שפּראַכלעכע און קולטורעלע גרופּע.

עס איז אמת, אַז גלייך נאָך דער רעוואָלוציע איז דערמוטיקט גע־וואָרן די קולטורעלע אויפלעבונג פון די באַזונדערע נאַציאָנאַלע מינ־דערהייטן, וואָס באַוואוינען דעם גרויסן שטח. דער גאַנג פון דער אויפ־לעבונג איז אָנגעגאַנגען און האָט זיך אויסגעברייטערט אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע. וואָס איז שייך אידן, איז נאָך דעמאָלט גע־ווען אַ גרויסע ריין־אידישע באַפעלקערונג אין רוסישע באַזיץ־געגנטן. פאַר דער באַפעלקערונג איז נויטיק געווען צו ריידן סאָוועטיזם אין אי־דישער שריפט. מען טאָר ניט פאַרגעסן — עס איז געווען סאָוועטיזם, ניט קאָמוניסטישע פּאַרטייאישקייט.

עס איז נאָך ניט געווען קיין קאָמוניסטישע פּאַרטייאישקייט, מחמת די פּאַרטיי האָט נאָך געקאָנט פון אינערלעכע פרייהייטן און טעאָרעטישע חלוקי דעות. צוליב די אָנצאָליקע פראַקציעס, האָט ניט געקענט הערשן קיין באַשטימטער פּאַרטיי־קורס. די פראַקציעס האָבן פריי און אומגע־שטערט אויסגענוצט אַלע מעגלעכקייטן צו באַקענען די ברייטע מאַסן מיט זייערע אויסטייטשונגען און פאַרטייטשונגען פון קאָמוניסטישע חלוקי־דעות.

ניט ווילנדיק, וואָס עס איז אַזוינס אַ פּאַרטיי־קורס, איז די ליטעראַ־טור אויף אידיש, אין יענער צייט, געווען אַ באמת־שעפערישע, און האָט געהאַט אינזינען ניט נאָר צו ריידן, נאָר אויך צו שאַפן אין אידיש פאַר

די עטלעכע מיליאָן אידן, וואָס האָבן אין זייער גרויסער צאָל באַוואוינט ווייסרוסלאַנד, אוקראַינע און טיילן פון גרויס־רוסלאַנד, מיט מאָסקווע אַלס צענטער.

דעמאָלט זיינען אויפגעקומען אין דער ליטעראַטור מיט זייער גאַנצן פאַרנעם: דוד האָפשטיין, עזרא פינענבערג, דער נסתר, קוויטקאָ, איזי כאַריק און נאָך אַ צאָל וויכטיקע אידישע שעפערישע מענטשן, וואָס האָבן אונדז באַקאַנט מיט די נאָך־רעוואָלוציע אידן.

דער אויסדרוק, וואָס די פרייע אידישע שרייבער האָבן געגעבן צו יענער צייט, דעם אויפשטייג פון אידישער שעפערישקייט, האָט געצויגן צו זיך שרייבער פון אויסלאַנד, און צענדליקער האָבן זיך געלאָזט פון אַנדערע לענדער צו דעם לאַנד וואו עס קומט־אויף אַ ניי אידיש לעבן.

די „גאָלדענע פעריאָדע" האָט אָנגעהאַלטן ביז דער פּאַרטיי־אַפּאַראַט איז איבערגעגאַנגען צו סטאַלינען און ער האָט אָנגעהויבן די אויסראָטונג פון די גרופּירונגען אינעווייניק פון דער פּאַרטיי.

דעמאָלט האָט אויפגעהערט די ליטעראַטור צו זיין אַ סאָוועטישע און האָט אָנגעהויבן ווערן אַ פּאַרטייאישע. די גרעניצן און די ליקווידאַציעס צווישן די פאַרשידענע גרופּעס אידישע שרייבער, צעטיילט לויט זייער טע־ריטאָריע: אוקראַינישע, מיט כאַרקאָוו אַלס צענטער; ווייסרוסישע מיט מינסק אַלס צענטער, און די פון גרויס־רוסלאַנד, מיט מאָסקווע אַלס צענ־טער, זיינען אין די אָנהויב דרייסיקער יאָרן געקומען אין צוזאַמענשטויס, און די ליקווידאַציע פון דער מינסקער גרופּע, כאַריקן, דוניעצן און יאשע בראָנשטיין, איז געווען דער פּועל־יוצא פון יענעם קאַמף.

ס'איז בויטיק צו דערמאָנען, אַז ניט גרינג איז אָנגענומען געוואָרן דער פּאַרטייאישער קורס פאַר דער ליטעראַטור. ס'איז געווען אַ ווידערשטאַנד סיי מצד די אידישע און סיי די רוסישע שרייבער. דער קאַמף איז גע־פירט געוואָרן אַרום סאָוועטישער, אָדער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, וואָס איז אין תוך דער פאַרפּוצטער נאָמען פון „פּאַרטיי־ליטעראַטור", און האָט געמיינט פּראָסט און פּשוט — פּראָפּאַגאַנדע.

די פּאַרטיי האָט נאָר געדולדעט און דערלויבט אָט־די אַרבעטן, וואָס האָבן אויסגעפירט אירע פּראָגראַמען. זי איז ניט געווען פאַראינטערע־סירט אין שאַפן קולטורעלע און ליטעראַרישע ווערטן פאַר וועלכער עס איז באַזונדערער נאַציאָנאַלע גרופּע אין רוסלאַנד, נאָר האָט זיך גע־שטעלט אַלס ציל צו גרייכן אין זייערע שפּראַכן די גרופּן, וואָס מען דאַרף באַקאָנען און באַאַרבעטן פאַרן פּאַרטיי־קורס.

אידיש איז געווען בויטיק כל־זמן עס איז געווען אַ קאָמפּאַקטע אי־דישע מאַסע, וואָס האָט נאָר גערעדט און געלעבט אין אידיש, די פּאַרטיי,

אָבער, האָט געקוקט קרום אויף אַזאַ צושטאַנד. זי איז געווען פאַראינ־טערעסירט צוצואיילן דעם אַסימילאַציע־פּראָצעס פון די מינדערהייט־גרופּן און, פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט געוואָלט, אַז אידן זאָלן זיך אויס־מישן וואָס גיכער מיט די רוסן.

כדאי צו דערמאָנען, אַז די רוסן האָבן געהאַט אַ סך צרות דורך זייער באַשטיין אין דורכפירן דעם אַסימילאַציע־פּראָצעס אין אוקראַינע. די אוקראַינער גויים האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד צו דער רוסיפיקאַציע. אפילו סאָוועטישע באַאַמטע האָבן דעמאָנסטראַטיוו זיך אָפּגעזאָגט צו ענט־פערן אויף רוסיש.

אידן האָבן אָבער ניט געהאַט אַ־די געאָגראַפישע אויטאָנאָמיע. עס איז כלומרשט געווען אַ קולטורעלע אויטאָנאָמיע. ביי אידן איז דאָס דער־פאַר אָנגעקומען גרינגער. די סאָוועטישע אידישע שרייבער, וויפל פון זיי עס זיינען געבליבן לעבן נאָך דער ליקווידאַציע פון דער מינסקער גרופּע אין 1936, האָבן זיך געשטעלט אין דינסט פון פאַרטיי־קורס און האָבן מיט פאַרקאַשערטע אַרבל, געהאָלפן וואַרפן די אידישע יוגנט אין אַסימילאַטאָרישן קאַלך־אויוון.

דער פּראָצעס פון ליקווידאַציע, האָט זיך דערפאַר נאָך אָנגעהויבן אַ סך פריער ווי אפילו אין 1936.

די פאַרטיי האָט נאָך דעמאָלט זיך ניט געגרייט מיטאַמאָל אָפּווישן אַלץ, וואָס ווערט געדרוקט אין אידישער שריפט. זי האָט זיך פאַרנומען עס צו טאָן גראַדנווייז; באַגרענעצן די פאַרשפּרייטונג פון „עמעס" און אָפּשאַפן אידישע פאַרלאַגן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דרוקן אי־דישע ביכער. צוויי אידישע פאַרלאַגן אַזעלכע, זיינען אויפגעלייזט גע־וואָרן נאָך אין 1932 און זיינען צונויפגעשמאָלצן געוואָרן אין איין פאַרלאַג אויפן נאָמען פון „עמעס".

## רוסישער ליגן וועגן אידישן לעבן

די קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע אַפּאַראַטן זיינען זייער געשיקט. זיי ברענען מיט מיליאָנען פאַלשקייטן, טייוועלשקייטן און שווינדל. ניט נאָר נאַרן זיי אָפּ די, וואָס זיינען שוין אָפּגעסמט געוואָרן, נאָר זיי פאַרטעמפּן די טראַכטונגען און זעאונגען פון די, וואָס האָבן אָוועקגעגעבן בלויז עט־לעכע אברים, אָבער האַלטן נאָך די קעפּ אַרויס פון טיגערס מויל.

די קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין האָט פאַרנדיק צעוואָרפן צו־קערלעך איינגעוויקלט אין קאָלירטע פּאַפּירלעך, אָבער די וואָס האָבן זיי פאַרזוכט, זיינען גלייך אָפּגעסמט געוואָרן.

די קאָמוניסטן האָבן געזוכט צו פאַרשפּרייטן דעם ליגן, אַז אין רוס־לאַנד, דאָס לאַנד פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, איז אויפגעשטאַנען אַ נייע און לעבעדיקע אידישע תקופה. מען האָט אָנגעגעבן אין נדן, אַז אין רוסלאַנד האָט אויפגעבליט אַ נייע אידישע ליטעראַטור און אַ באַ־פרישט אידיש לעבן האָט באַיוגנט און באַנייט אַלע אידישע קיבוצים. אַז עס זיינען אומגעוואָרפן געוואָרן די אייזערנע ווענט, וואָס האָבן פאַר־שטעלט פאַר אידן צו וואוינען אין רוסישע שטעט. די אידישע גלות־שפלות איז דערהויבן געוואָרן פון דעם, וואָס אידן קענען פריי האָבן די מעגלעכקייט זיך צו באַזעצן און וואוינען אין מאָסקווע, פעטערבורג, קאַזאַן, גיזשני־נאָווגאָראָד און נאָך אַזעלכע שטעט און געגנטן, וואָס זיינען געווען פאַר אידן פאַרבאָטן.

דער גרויסער קאָמוניסטישער ליגן האָט זיך פאַרנומען איינ־ריידן אידן, אַז אין די אידישע קיבוצים איז איבערגעפורעמט געוואָרן דאָס אידישע לעבן און עס קריגט אויסדרוק אויף זיין באַזונדער אידישן שטייגער.

די אידן אין אויסלאַנד זיינען באַוואָרפן געוואָרן מיט ביכלעך אידישע פּאָעזיע און מעשיות, וואָס האָבן געדאַרפט פאַרפעסטיקן די לעגענדע, אַז אַ אידיש לעבן אויף אַ באַזונדער שטייגער, גייט אָן, וואַקסט און בליט.

די דאָזיקע לידער און מעשה־ביכלעך זיינען אַריבערגעבראַכט געוואָרן, פונקט ווי רוסלאַנד האָט עקספּאָרטירט קאַוויאַר אָדער אַנדערע זעלטענע רוסישע מאכלים. אינעווייניק אין לאַנד האָט מען אַלץ — וואָס איז שייך צו אידיש — גענומען צוציילן.

די מעשה, אַז אין רוסלאַנד גייט־אָן אַ באַזונדער אידישער לעבן, איז נאָר געווען באַשטימט פאַר אויסלאַנד; אין לאַנד גופא, האָט מען גע־טאָן אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך אָפּצודאַרן און פאַרטריקענען דעם קוואַל, וואָס האָט געקענט האַלטן פריש און לעבעדיק די אידישע געזעלשאַפט־לעכקייט.

וועגן די קליינע שטעטלעך איז דאָך אָפּגערעדט. דאָרטן האָט דאָך ניט געקענט זיין קיין רוישיק אידיש לעבן. די יוגנט האָט זיך געצויגן צו די גרויסע צענטערען. סיבות זיינען געווען אַ סך. די וויכטיקסטע: פּרנסה. דאָס פאַרזען פון שפּיז־פאַרטיילונג פאַר די קליינע ישובים און דאָס טעמפּע אומגעזעלשאַפטלעכע לעבן פון קליינעם שטעטל.

געצויגן האָט זיך די יוגנט קיין כאַרקאָוו, קיעוו, מינסק און מאָסקווע. געווען איז דאָס אַ יוגנט אָן אמת אידישע. אַ יוגנט, וואָס האָט זיך אויפ־געצויגן אויף אידישן באַוואוסטזיין און האָט נאָך געהאַט די געלעגנהייט באַווירקט צו ווערן פון אַ געוויסער מאָס אידישער טראַדיציע.

נאַטירלעך איז געווען, אַז ווען די דאָזיקע יונגע מענטשן זיינען אָנגעקומען אין די גרויסע שטעט, זאָלן זיי וועלן אויפזוכן אַ אידישן צענטער. אַזאַ צענטער האָט פאַרלינדערט זייער עלנט און האָט זיי געגעבן די געלעגנהייט זיך אָנצוהאַלטן אין אַ אידישער סביבה.

ווי דערמאָנט פריער, איז אין מאָסקווע, מיט אַ אידישער באַפעלקערונג פון איבער 150 טויזנט, ניט געווען מערער ווי איין אידישער צענטער — „קלוב קאָמוניסט". דער קלוב האָט געדינט ווי אַ פיר־הויז צו דער גרויסער רוסישער שטוב. קיין שום פאַרזוך איז ניט געמאַכט געוואָרן צו פאַרהאַלטן די יוגנט אַרום אידישן לעבן. דער קלוב האָט ניט געקענט באַפרידיקן און אויספילן אַלע אידיש־געזעלשאַפטלעכע פונקציעס און ער איז ניט געווען פאַראינטערעסירט צו אונטערנעמען אַזאַ אויפגאַבע.

דער קלוב האָט בלויז געדינט, ווי אַ פאַרטיי־אַגענטור, וואָס דאַרף העלפן אונטעראיילן די אָפּפרעמדונג פון אידישן לעבן.

ווען די יוגנט איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין דער גרויסער רוסישער וועלט, האָבן אַ סך געגומען לייקענען זייער אָנגעהעריקייט מיט אידן. (טויזנטער אידן אין מאָסקווע האָבן זיך געשעמט מיט זייער אָפּשטאַם און האָבן זיך אָנגעגעבן פאַר דייטשן).

וואָס פאַר אַ אידיש לעבן האָט עס געקענט זיין? דער פּרצוף פון אידישן לעבן איז בלויז געשטאַלטיקט געוואָרן אין די עטלעכע ביכלעך, וואָס איז אַרויסגעלאָזן געוואָרן — אין גאַנץ מאָסקווע האָט מען אויף קיין איין „קיאָסק" („סטענד" בלע"ז) ניט פאַרקויפט קיין אידישע צייטונג אָדער זשורנאַל. אויפן „עמעס" האָט מען געדאַרפט זיך אַבאָנירן. וואָס פאַר אַן אויסוואַל האָט דער מאָסקווער איד געהאַט? האָט ער געקענט זיך באַזאָרגן מיט אַן אַנדער צייטונג? דעם „עמעס" האָט מען דאָך אין מויל ניט געקענט נעמען. און ניט נאָר דעם „עמעס", נאָר אַלע אידישע צייטונגען, וואָס זיינען אַרויס אין די צענטרען זיינען, ווי די רוסישע, געווען אָפּגעגעבן צו פאַרטיי־דעקרעטן, וועמעס לשון נאָר אַ טאָטער האָט געקענט פאַרשטיין.

וואָס פאַר אַ אידיש לעבן האָט עס געקענט זיין? האָבן די רוסישע אידן געהאַט אַן אַדרעס? מיר פאַרשטייען אַ אידיש לעבן, וואָס גיט אויסדרוק דורך איר פאַרצווייגטער און פאַרברייטערטער געזעלשאַפטלעכקייט, אָבער אין מאָסקווע איז ניט געווען קיין סימן פון דעם. עס זיינען ניט געווען קיין אידישע אינסטיטוציעס און עס איז ניט געווען קיין באַזונדער אידישער אויפזאַמל. די עטלעכע איבערגעבליבענע, וואָס האָבן נאָך אָנגעהאַלטן אַ טראָפּן אידישקייט זיינען געשפּייזט געוואָרן אין שווערן טרוקענעם לשון פון די פאַרטיי־דעקרעטן.

די אידישע שרייבער, וואָס זיינען געווען מאָסקווער תושבים, האָבן מיט קיין זאַך זיך ניט פאַרנומען צו באַזאָרגן די דאָרטיקע אידן מיט אַן אידישן אַנהאַלט. זיי האָבן זיי געלאָזן אויף הפקר.

דאָס וואָס קושניראָוו האָט געזאָגט, אַז בלויז דרייסיק אידן האָבן געקענט פועלן, אַז אַ אידישע וועלטלעכע קינדער־שול זאָל געשאַפן ווערן אין מאָסקווע, איז געווען איינע פון די ליגנס, מיט וועלכע מען האָט זיך פאַרנומען אָפּצונאַרן די אויסלענדישע אידן.

די מאָסקווער אידן האָבן ניט געהאַט קיין דעה, פשוט דערפאַר, וואָס עס איז ניט געווען קיין באַזונדער אָרגאַניזירט אידיש לעבן אין מאָסקווע. ווי וואָלט געווען צו די דרייסיק אידן, וואָס וואָלטן אויף זייער אחריות געמאָנט אַ אידישע שול. זיי וואָלטן תיכף פאַרדעכטיקט געוואָרן אין אָנ־פירן קאָנספּעראַציע און זיי צוזאַמען מיט זייערע משפחות וואָלטן פאַר־ניכטעט געוואָרן. קיין איד וואָלט ניט געוואַגט טראַכטן אפילו פון אונ־טערנעמען אַזאַ ריזיקאַלישע אַוואַנטורע. די סאָוועטישע אידישער שריי־בער האָבן יאָ געקענט פועלן, אַז מ׳זאָל עפענען אַ אידישע וועלטלעכע שול. זיי האָבן עס ניט געטאָן מחמת ס׳איז זיי ניט אָנגעגאַנגען אידי־שער המשך. קושניראָוו אַליין האָט געהאַלטן זיינע קינדער אָפּגעפרעמדט ניט נאָר פון אידיש, נאָר אויך פון אידישן באַוואוסטזיין.

ביי אים אין שטוב האָט מען בלויז גערעדט רוסיש. ווען איך פלעג קומען צו אים, און איך בין געווען ביי אים אַ בן־בית, פלעגט ער זיך מיט מיר פאַרמאַכן אין אַן אַנדער חדר, כדי די קינדער זאָלן ניט הערן ווי מיר שמועסן אויף אידיש.

אין דער צייט, וואָס איך בין געווען אין מאָסקווע האָט דאָרט די איינציקע אידישע שול באַזאָרגט די אידישע „בעזפּריזאָרנע“, די פאַר־וואָרלאָזטע, וואָס זיינען פאַרוואָגלט געוואָרן אין מאָסקווע אָדער אַרום דער שטאָט. דער פאַרוואַלטער פון דער קינדער־היים, אַ טעמפּער אידישער בחור, האָט ניט געקענט קיין וואָרט אידיש. אַ „גע־פּע־אוּ“־אַגענט איז געווען דער אויפפּאַסער און דערציער.

די דערציאונג איז ניט געווען קיין אידישע, נאָר אַ קאָמוניסטישע, און די קינדערלעך, וואָס זיינען געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין אי־דישע היימען, האָט מען געלערנט ווי אַזוי צו פאַרגעסן זייער אידישן עבר. און ווען זיי זיינען שוין אַרויס פון דער „היים“, זיינען זיי געווען פולשטענדיק רוסיפיצירט.

אַזוי ווי דאָס איז געווען די איינציקע אידישע קינדער־היים, האָב איך דאָרטן געהאַלטן מיינע קינדער און איך בין געווען אין דער „היים“ אַ וועכנטלעכער באַזוכער, און דאָס האָט מיר געגעבן אַ גענוג געלעגנהייט

צו באַקאָנען זיך און ווערן נאָענט מיטן אופן, שטייגער און מעטאָדן פון דער קינדער־שול.

ניט נאָר פון די שמועסן מיט די פרעמדע קינדער, נאָר פון דער דערפאַרונג מיט מיינע אייגענע קינדער, האָב איך זיך דערקוועדיקט, אַז אַלץ ווערט דאָרטן געטאָן אָפּצואווישן פון די קינדערשע זכרונות יעדער פאַרבינדונג מיט אידן און אידישן לעבן.

די דאָזיקע שול איז געווען אינגאַנצן אָפּגעטיילט פון אידישן לעבן. מחמת זי איז געווען אונטער דער השגחה פון דער „גע־פּע־או" האָבן אַ גרויסע צאָל אידישע שרייבער לגמרי ניט געוואוסט וועגן דער קינ־דער־היים. אָבער בנוגע די אַזוי־גערופענע אידישע אָפּיציעלקייט, וואָס איז געווען קאָנצענטרירט אַרום די אידישע שרייבער און דעם קלוב „קאָמוניסט" האָט זי זיך אויך ניט געקימערט, וואָס אידישע קינדער אין מאָסקווע זיינען ניט באַזאָרגט מיט אַ אידישער שול.

## טרוקן ברויט דורך גראַטע־ווענט

פון די אויסטראַכטענישן, וואָס די קאָמוניסטן האָבן פאַרשפּרייט איז געווען, אַז אין רוסלאַנד לעבן די קינסטלער זאָרגלאָז און רחבותדיק. זיי פלעגן, אויף צעפּוקעניש די שרייבער אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אָנווייזן אויף דער גוטער מערכה, וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן די קינסט־לער מכל המינים פון דער „אַרבעטער און פּויערים" מלוכה.

דאָס דאָזיקע פאַלשע שיינדל, מיט וועלכע מען האָט געריסן די אויגן פון די קינסטלער אין די „קאַפּיטאַליסטישע" לענדער, האָט גע־צויגן גאַנצע מחנות צו די טירן פון קאָמוניסטישן שדים־שטיבל. אַ גרויסע צאָל אידישע שרייבער האָט זיך געלאָזן, אויף דעם סמך פון דער קאָמוניסטישער אויסטראַכטעניש, צו ווערן אויסגעשטעלט ווי אַ פּוץ אין די אויסשטעל־פענצטער זייערע. און אין ווילעדזש האָט זיך געטאָן אויף טיש און בענק. די קעלערן און בוידעם־שטיבלעך פון ווילעדזש האָבן געפלאַמט און געפיבערט מיט דער הייסקייט פון דער אָנקומענדיקער סאָ־ציאַלער רעוואָלוציע, וואָס וועט העלפן באַפרייען און אויסלייזן דעם קינסטלער פון „קאַפּיטאַליסטישער אונטערדריקונג", און אים געבן פריי־הייט און באַזאָרגונג.

קינסטלער, מכל המינים, האָבן זיך געגרויסט און איבערגענומען מיט דעם, וואָס רוסלאַנד האָט כלומרשט געגעבן אַ תיקון דעם אמתן פריי־גייסט.

אָט־די קאָמוניסטישע אויסטראַכטעניש האָט געהאַט אַ ווייסטן

מזל. זי האָט זיך אַריינגעריסן אין די געדאַנקען און בלוטן פון הונ־דערטער קינסטלערישע מענטשן אין אַלע ווינקלען פון דער ציוויליזיר־טער וועלט. זי האָט פאַרסמט אַזעלכע קינסטלער ווי אַנדרעי זש־ה, ראָמען ראָלאַנד, טעאָדאָר דרייזער און נאָך הונדערטער, וועמענס נעמען האָבן געדינט ווי אַ שיינדל פאַר די קאָמוניסטן אין זייער טייוולשער פראָפּאַגאַנדע.

די קינסטלער, וואָס האַלטן, אַז זיי דאַרפן זיין אָפּגעזונדערט פון גראָבן מאַטעריאַליזם, און אַז דיאַלעקטיק איז אַן אומווירדיקער ענין, צו וועלכן אַ קינסטלער טאָר זיך גאָר נישט צורירן, האָבן געשטיצט און געריימט אַ לאַנד, וואָס האָט פּראַקטיצירט דעם ברוטאַלסטן מאַטעריאַליזם און האָט געמאַכט פון דיאַלעקטיק אַ צווייטע תורה, וואָס מוז אויסגעפאָלגט ווערן מיט אַלע רמ״ח אברים און קען פאַר אַן אָפּנויג באַשטראָפט ווערן אין אַ „גע־פּע־או״־קעלער.

די אוממאַטעריאַליסטישע קינסטלערישע מענטשן האָט מען צוגע־זאָגט אַ טאָפּ פליייש, און אין צוגאַב, דאָס רעכט וואָס די רעוואָלוציע באַשיצט און פאַרזיכערט דעם איינציקן קינסטלער פאַר געבן אומגעצאַמטן און פרייען אויסדרוק צו אַלע קינסטלערישע שעפערישקייטן.

ס׳איז דאָך באַקאַנט ווי די קאָמוניסטישע און קאָמוניסטיש־אָריענ־טירטע שרייבער און קינסטלער פלעגן זיך איבערנעמען, אַז זיי זיינען ניט קיין „פּען־פּראָסטיטוטן״. פאַרקויפט צו דער „קאַרעטע״. דאָס איז געווען איינע פון די שאַרפסטע קאָמוניסטישע אויפוואַרפונגען, מיט וועלכע זיי האָבן געצילט צו פאַרשעמען די אָרעמע שרייבער און קינסט־לער, אויף וועמענס גורל עס איז נעבעך אויסגעפאַלן צו פאַרדינען פּרנסה אין ניט־קאָמוניסטישע צייטונגען און זשורנאַלן.

ס׳איז אַ ווילדע איראָניע: אפילו קאָמוניסטישע לוויות האָבן פאַר־וואָפּט אַ גרויסע צאָל שרייבער. זיי, די קאָמוניסטן, האָבן געקענט די קונסט, ווי אַזוי אויפצושפּילן אַ לוויה ווי אַ סעפּטאַקל. און נאָך יאָסל קאָטלעריס לוויה האָבן מיינע אויערן געהערט, ווי אַ גרויסע צאָל אידישע שרייבער האָבן מיט קנאה געזאָגט, „אַז אפילו באַגראָבן צו ווערן ביי זיי איז אויך פריילעך״.

אַז די סאָוועטישע שרייבער לעבן אין אַ גן־עדן התחתון, איז גאָר קיין רייד ניט געווען. פאַר זיי ווערט סערווירט יעדן טאָג שור הבר און לויתן; זיי זיצן באַרואיקטע אַרום די טעפּ פליייש און חלומען אויס די אַלע וואונדערלעכע בלויע חלומות, וואָס די מוזע און פּעגאַזוס האָבן צו־געטיילט צו זייער גורל.

איצט ווייסן מיר שוין, אַז די סאָוועטישע שרייבער זיינען ניט באַ־זאָרגט געוואָרן מיט אַזעלכע פּאַראַדנע לוויות, ווי מען האָט צוגעטיילט

יאָסל קאָטלער און יעקב שיפער. די סאָוועטיש אידישע שרייבער זיינען אפילו ניט באַגראָבן געוואָרן קבורת חמור.

די פראַגע איז נאָר: ווי אַזוי האָבן זיי געלעבט? האָט מען זיי נאַקע איינגעטיילט אַ טאָפּ פליישׁ, ביי וועלכן זיי זיינען געזעסן און גע־חלומט בלויע חלומות?

בלויז נאַאיווע מענטשן האָבן זיך געקענט לאָזן ווערן קרבנות פון דער קאָמוניסטישער אויסטראַכטעניש. בלויז אַזעלכע, וואָס האָבן אָנגע־נומען די פאַלשקייט פון די קאָמוניסטישע רייד האָבן ניט דערלאָזן זיך צו פאַרטראַכטן אויף וויפל אמת עס קען זיין אין די אַלע פאַרזיכערונגען, אַז רוסלאַנד האָט אויסגעטיילט אַ גרופּע פון אירע בירגער בלויז דערפאַר, וואָס זיי זיינען קינסטלער, און זי צאָלט זיי מיט מאַטעריאַליסטישער באַ־זאָרגונג און מיט רעכט און פרייהייט, וואָס צו קיין אַנדער גרופּע בירגער ווערט ניט געגעבן.

ווי אַזוי האָט גאָר געקענט זיין אַ רייד פון פרייע, זעלבשטענדיקע און אינדיווידועלע קינסטלער, אַז יעדער פאָרמע פון אויסדרוק האָט גע־מוזט געפירט ווערן לויט דעם פאַרטיי־קורס און די אויסלענדישע פּאָ־ליטיק פון דער רעגירונג?

ווי אַזוי האָט באמת געקענט אַ פרייען קינסטלערישן מענטשן באַ־קומען דער טאָפּ פלייש, ווען די געלעגנהייט פאַר פרייען אויסדרוק איז ביי אים צוגענומען געוואָרן און ער האָט געמוזט זיך איינשפּאַנען אין פאַרטייאישן קורס?

צו קריגן דעם טאָפּ פלייש, האָט מען דאָך געמוזט פריער פון אַלץ נושא־חן זיין אין די אויגן פון די פאַרטיי־טעאָרעטיקער. וויפל אַזעלכע האָבן געהאַט דאָס מזל צו קענען אָנגענומען ווערן ווי אייגענע מענטשן, וואָס זאָלן זוכה זיין צו קריגן דעם טאָפּ־פלייש?

אין געלאַף צו געפעלן ווערן די פאַרטיי־פירער איז בויטיק געווען צו צעטראַמפּלען אַנדערע, וואָס האָבן זיך געיאָגט צו פאַרנעמען אַן אָרט ביים פלייט־טיש. די וואָס זיינען געוועזן אונטן האָבן טאָג און נאַכט זיך פאַרנומען מיט שטעלן פּאַסטקעס, אין וועלכע עס זאָלן אַריינפאַלן די וואָס זיצן שוין אויבן.

אָנשטאָט צו קריגן דעם טאָפּ פלייש, ווי די קאָמוניסטישע פּראָפּאַ־גאַנדע האָט צוגעטיילט דעם קינסטלער, האָט ער גאָר זיך געדאַרפט פאַר־נעמען מיט פלענער ווי אַזוי צו איינהיטן זיין נפש; ווי אַזוי צו אָפּהיטן דאָס שטיקל לעבן, וואָס איז נאָך געדולדעט געוואָרן פון די קאָמוניסטישע מאַכטהאָבער.

דער סאָוועטישער שרייבער האָט זיך ניט פאַרנומען מיט געבן אויס־

דרוק צו אמת קינסטלערישע ווערטן, נאָר ווי צו קענען אומברענגען אַנדערע, כדי ער זאָל קענען אָפּציען זיין אייגענע צעשטערונג.

טראַגיש איז געווען דער גורל פון סאָוועטישן שרייבער, איד צי ניט־איד. די פּאַרטיי האָט פון אים ניט געמאַכט קיין קינסטלער, נאָר אַן אכזר, אַ תליון. אַלע שאַפונגען זייערע זיינען געמאַכט געוואָרן כדי צו — געפעלן ווערן דעם פּאַרטיי־צענזאָר. די אַלע וויכטיקע און ווערטפולע צומדאָגן צו דער רוסישער ליטעראַטור און קונסט זיינען נאָך פאַרכאַפּט געוואָרן פון די ערב סטאַלין־יאָרן. זינט דער סטאַליניזם האָט זיך פאַר־פעסטיקט און האָט איבערגענומען די הערשאַפט אין דער פּאַרטיי און אין דער מלוכה, איז פאַרשטאַפּט געוואָרן דער קוואַל פון אמתער שעפערישקייט. זינט דער צייט איז נאָך ניט באַקאַנט געוואָרן קיין איין וויכטיקע אַנגעזעענע קינסטלערישע שאַפונג.

די לאַגע פון אידישן שרייבער איז געווען באַזונדער שווער און טרויעריק. פאַר זיינע אויגן איז געטריבן געוואָרן מיט האַסטיקייט דער אונטערגאַנג פון אידישן שטייגער און פון אידיש לעבן. אויב ער אַליין האָט געוואָלט לעבן און זיך אַנהאַלטן אין לעבן, האָט ער געמוזט ווערן איינער פון די אַנטרייבער, וואָס האָבן אויספירן דעם פּאַרטיי־קורס קעגן אידישן קיום און צואיילן דעם פּראָצעס פון אַסימילאַציע.

די קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט פאַרצאָמט דעם אמת פון גורל, וואָס איז באַפאַלן דעם אידישן שרייבער און קינסטלער אין לאַנד פון „דער סאָציאַלער רעוואָלוציע". אין אויסלאַנד האָט מען בלויז געפויקט מיט די נעמען פון איינציקע שרייבער — די פעפערס און זיין גלייכן — וואָס זיינען געווען קאָמוניסטישע זשאַנדאַרן. דער גורל אָבער פון קוויטקאָ און פון נאָך צענדליקער איז ווייניק געווען באַקאַנט אין אויסלאַנד.

די שרייבער, וואָס האָבן געדאַרפט זיין באַזאָרגט מיטן טאָפּ פלייש, ביי וועלכע זיי האָבן געקענט חלומען בלויע חלומות, האָבן ניט געהאַט קיין געלעגנהייט „צו מאַכן אַ לעבן" (ווי מען זאָגט ביי אונדז), פון זייער פעדער. אַרום די צייטונגען זיינען באַשעפטיקט געוואָרן, ווי אַ כלל, נאָר „הענט". אַ טייל זיינען געווען צוגעצויגן צו די עטלעכע זשורנאַלן און פאַרלאַגן, וואו זיי האָבן געדאַרפט אויספירן רוטינע דרוק־אַרבעט. צו קריגן אַזאַ שטעלע האָט מען אויך געדאַרפט זיין אַ בר־מזל. די ניט־מזלדיקע האָבן געמוזט זיך פאַרלאָזן אויף באַצאָלט פאַר אַ ליד, אַ דער־ציילונג אָדער פון פאַרקויפן אַ בוך צו אַ פאַרלאַג.

שרייבער אָן שטעלעס האָבן געליטן הונגער. זייער נויט איז געווען אין לשער. ש. האַלקין, וואָס איז געווען פון די שווער־געליטענע, האָט

געהאַט אַ קליינעם אָפּזאָץ פאַר זיינע שאַפונגען. האַלקין האָט זיך בשום אופן ניט געקענט איינשפּאַנען אין פּאַרטיי־וואָגן, און ער האָט צוליב דעם געליטן גרויס נויט. זיין אויסקומעניש האָט זיין ווייב פאַרזאָרגט. זי האָט געטאָן טעכנישע אַרבעט אין דער „עמעס" רעדאַקציע. געוואוינט האָבן זיי אין אַ דאָרף לעבן מאָסקווע. די וואוינונג איז באַשטאַנען פון איין צימער מיט אַ ליימענעם דיל און באַלויכטן האָבן זיי דעם צימער מיט אַ קעראָסין־לאָמפּ. האַלקין פלעגט יעדן טאָג פאָרן קיין מאָסקווע איינשאַפן שפּייז און קעראָסין. ס'איז נויטיק ד"אַ צו פאַרצייכענען, אַז קעראָסין האָט מען אין יענער צייט געהאַנדלט שמוגלען פון מאָסקווע. עס איז ניט געווען דערלויבט צו ברענגען קעראָסין פון שטאָט אין דאָרף אַריין. פאַרוואָס עס איז געווען אַזאַ פאַרבאָט, קען איך ניט דערקלערן.

## אויגן צום ברויט־שפּייכלער

די ממונים פון סאָוועטישן ברויט־שפּייכלער האָבן בלויז געטיילט פאַרציעס צו די קינסטלער, וועמענס סטאַטוס עס איז געווען אָנגעזען אין די אויגן פון די פּאָליטישע קאָמיסאַרן. ווי איז געווען דעם אויף וועמען עס איז געפאַלן אַ חשד, אַז ער האָט געזינדיקט קעגן דער ריכטיקער ליניע און האָט ניט ווי געהעריק דערכאַפּט דעם אמתן פּאַרטיי־קורס. ער איז גלייך געוואָרן טמא.

די אָנהייב דרייסיקער יאָרן איז נאָך געווען די איבערשמעלץ־פּעריאָדע־צייט. די רעשטלעך פון אַלע פּאַרטיי־אָפּאָזיציעס זיינען נאָך ניט געוואָרן פולשטענדיק ליקווידירט. די סטאַליניסטן האָבן דעמאָלט געהאַלטן אין פאַרפעסטיקן פּאָזיציע נאָך פּאָזיציע. אין יענער גורלדיקער צייט איז דער פּאַרטיי אָנגעהעריקער קינסטלער געווען דער תקיף. דעם הויפּט־טאָן אין דער ליטעראַטור האָט געגעבן דער פּאָליטישער קאָמיסאַר; דער קורס איז דעמאָלט געווען באַזייטיקן און אָפּשאַרן אַלע שרייבער, וואָס זיינען געווען אויסער דער פּאַרטיי. דאָס זיינען געווען די אַזוי־גערופענע „נאָכלויפער". די מערסטע נאָכלויפער זיינען געקומען פון אימיגראַציע. און האָבן געהאַט אַ שרייבערישע פאַרגאַנגענהייט פון פאַר דער רעוואָלוציע. צווישן די „נאָכלויפער" זיינען געווען: פּרץ מאַרקיש, דוד האָפשטיין, ש. האַלקין, עזרא פינענבערג, קוויטקאָ, משה טייטש, ש. ראָסין און דער נסתר.

אין דער צייט וואָס איך בין געווען אין רוסלאַנד, איז פאָרגעקומען אַ קאַמף צווישן די פּאַרטיי־מענטשן און די „נאָכלויפער". די פּאַרטיי־

אישע האָבן ניט געוואָלט טרויען די ניט־פּאַרטייאישע און האָבן כסדר געזוכט זיי ממש באַזייטיקן. מחמת דעם וואָס נאָכן אַלפאַרבאַנדישן שרייבערישן קאָנפערענץ האָט מאַקסים גאָרקי אויסגעווירקט דאָס דער דרוק אויף די נישט־פּאַרטייאישע זאָל ווערן מילדער. האָבן די שרייבער, כדי זיך דורכרעדן וועגן דעם נייעם קורס, אָפּגעהאַלטן אַ דריי טאָגיקע קאָנפערענץ אין דער אידישער צענטראַלער ביבליאָטעק.

אין תוך זיינען אָנגעגאַנגען ביטערע קאַמפן צווישן די שרייבער. די הויפּט־פירער פון „מאַפּפּ“ (די ראשי־תיבות פון — „מאָסקווער אַסאָציאַציע פּראָלעטאַרישע שרייבער“ — מאָסקאָווסקי אַסאָציאַציע פּראָלעטאַרסקיך פּיסאַטעלי) האָבן ביטער געקעמפט קעגן גאָרקין. דער ממונה פון „מאַפּפּ“ איז געווען אויערבאַך (פאַרגעסן זיין ערשטן נאָמען). יאַגאָדאַס, דעם הויפּט פון דער „גע־פּע־או“ אַ שוואָגער. און אויערבאַך האָט זיך פאַרמאָסטן אָפּשוואַכן גאָרקיס איינפלוס.

אין זומער 1931, אויפן צוזאַמענפאָר פון אַלע סאָוועטישע שרייבער, אין מאָסקווע, האָט דער קאַמף צווישן אויערבאַכן און גאָרקין דערפירט דערצו דאָס גאָרקי האָט פאַרלאָזן דעם זאַל און האָט זיך אָפּגעזאָגט פון פאָטאָגראַפירן זיך מיט די דעלעגאַטן דערפאַר, וואָס אויפן בילד וועט אויך זיין אויערבאַך. שפּעטער איז אויערבאַך ליקווידירט געוואָרן אויף אַ זייער דראַמאַטישן שטייגער. די „גע־פּע־או“ איז אים געקומען אַרעסטירן, ער האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און מען האָט אים דערשאָסן ביי זיך אין וואוינונג, אין וועלכער ער האָט זיך געהאַט פאַרבאַריקאַדירט עטלעכע שטונדן.

ליטוואַקאָוו, דער רעדאַקטאָר פון „עמעס“, וואָס איז געווען אַ נאָענטער חבר מיט קאַלינינען און האָט פאַרקערט צווישן דער הויכער פּאַרטייאישער אינטעליגענץ, האָט געשטיצט גאָרקיס באַמיאונגען צו פאַרגרינגערן דעם פּאַרטיי־דרוק אויף די אַזוי־גערופענע נאָכלויפער. ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון מאַרקישן, האַלקינען און דעם נסתר.

אויף יענער קאָנפערענץ, אין דער צענטראַלער אידישער ביבליאָטעק אין דעם פּאָליטעכנישן געסל, האָט ליטוואַקאָוו אָנגעפירט אַ קאַמף צו אויפלייזן די אידישע סעקציע פון „מאַפּפּ“ און שאַפן אַ נייע שרייבער־אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער עס זאָל אויך איינגעשלאָסן ווערן די „נאָכלויפער“. באַקעמפט האָבן אים אַלע פּאַרטייאישע און דעם הויפּט־קאַמף קעגן ליטוואַקאָוון, האָבן געפירט די מינסקער, מיט יאַשאַ בראָנשטיין, איזי כאַריק און דוניעץ בראש. זיי געשטיצט האָט די כאַרקאָווער גרופּע, וועמעס הויפּט־פּאַרטרעטער עס זיינען געווען איציק פעפער און חיים גילדין.

געװאונען האָבן די פּאַרטײ לײט. אָבער זײער זיג איז געװען נאָר אױף אַ װײל. נאָכן שאַרפן צוזאַמענשטױס צװישן גאָרקין און אױער־באַכן, איז פֿאַרזיגלט געװאָרן דער גורל פֿון די פֿרומע פּאַרטײ־מענטשן. גאָרקיס אײנפֿלוס האָט געבראַכט צו אַן איבערקערעניש אין דער אָריענ־טאַציע פֿון די סאָװעטישע שרײבער און האָט גורם געװען אױערבאַכס ליקװידאַציע.

אַ פּאָר חדשים נאָך די אױבנדערמאָנטע צוזאַמענפֿאָרן און קאָנפֿע־רענצן, װי דעם אַלפֿאַרבאַנדישן, װאו עס איז פֿאָרגעקומען דער קריג צװישן גאָרקין און אױערבאַכן, און די דרײ־טאָגיקע קאָנפֿערענץ פֿון אי־דישע שרײבער אין דער צענטראַלער ביבליאָטעק פֿון דעם פּאָליטעכ־נישן געסל, זײנען אױפֿגעלײזט געװאָרן אַלע סאָװעטישע פּראָלעטאַרישע שרײבער־אָרגאַניזאַציעס, װי דער מאָסקװער שרײבער־פֿאַרבאַנד „מאַפּפּ" און דער אַלרוסישער פֿאַרבאַנד „ראַפּפּ" („רוסקי אַסאָציאַציע פּראָלעטאַר־סקיך פּיסאַטעלי").

די ירידה האָט זיך אָנגעהױבן. אױף אַ מיטינג פֿון אַלע סאָװעטישע שרײבער, װאָס איז אָפּגעהאַלטן געװאָרן אין „דאָם גערצענו" אױף סטראַס־נאָי בולװאַר („דאָם גערצענו" איז געװען אַ קלוב פֿאַר שרײבער. עס איז געװען נאָך אַ קלוב, װאָס האָט געהײסן „דאָם פּיסאַטעלי", נאָר אין „גערצענו" איז געװען דער צענטער פֿון דער פּראָלעטאַריש־שרײבערישער אַריסטאָקראַטיע און מען האָט בלױז געקענט אַרײנקומען אין דעם קלוב אױף ספּעציעלע קאַרטלעך), האָט מען צו דער איבערראַשונג פֿון די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור פּראָפּאָנענטן, זײ מודיע געװען, אַז אַלע פּראָ־לעטאַרישע שרײבער־פֿאַרבאַנדן לײזן זיך אױף און אָנשטאָט די באַטאָנונג אױף „פּראָלעטאַרישע" װעלן איצט זײן סאָװעטישע פֿאַרבאַנדן.

בלױז די װאָס האָבן זיך געקענט פֿאַרגינען צו זײן באַאָבאַכטער האָבן באַנומען דעם טראַגי־קאָמיזם פֿון דער צעפּוילטקײט, װאָס האָט אױפֿגע־פּרעסן דעם מין מענטש אין רוסלאַנד. די זעלבע שרײבער, װאָס האָבן מיט צװײ חדשים פֿריער פֿאַרשפּיגן, געדראָעט און געשראָקן די, װאָס האָבן געקעמפֿט פֿאַר אױפֿלײזן די פּראָלעטאַרישע שרײבער־פֿאַרבאַנדן, זײנען מיטאַמאָל געװאָרן בעבעכדיק און צעשראָקן. זײ האָבן געבעטן פֿאַר־געבונג פֿאַר זײן פֿאַרפֿירט און ניט ריכטיק אָפּשאַצן די לאַגע. זײ האָבן זיך געשלאָגן על־חטא פֿאַר דעם, װאָס זײ זײנען געשלאָגן געװאָרן מיט טעמפּקײט און ניט ריכטיק אָפּשאַצן די „אמתע" ליניע פֿון דער פּאַרטײ. זײ האָבן געקלאָגט, װאָס זײ האָבן זיך געלאָזן פֿאַרפֿירן פֿון פֿאַלשע, נישט־פּראָלעטאַרישע אָפּגײונגען. („מאַינד יו", אַלץ פּראָלעטאַרישע, פֿריער

האָבן זיי געקעמפּט פאַר אַ פּראָלעטאַרישע ליניע, אויף יענעם מיטינג האָבן זיי צוגעגעבן, אַז די פּראָלעטאַרישע ליניע, פאַר וועלכער זיי האָבן געקעמפּט, איז גאַר געווען אַן אָפּנויג, און די ליניע וואָס זיי האָבן פאַר־דאַמט אַלס אַן אָפּנייג און ניט־כשר, איז גאַר די אמתע ליניע. (קאָמיש? נייִן, טראַגיש!).

נאָך יענעם מיטינג איז געוואָרן פאַרצייכנט און באַשטימט דער גורל פון די אַלע, וואָס האָבן געמיינט, אַז דורך קעמפן פאַר פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור פירן זיי אויס דעם ווילן פון דער הויפּט־פּאַרטיי־פירערשאַפט. נאָך דעם באַשלוס, האָט ניט גענומען לאַנג און עס זיינען פאַרשוואונדן כאַריק, דוניעץ און יאַשאַ בראָנשטיין. שפּעטער האָט זייער גורל גע־טיילט חיים גילדין און נאָך אַ צאָל סיי פון דער מינסקער און סיי פון דער כאַרקאָווער גרופּע. אַרויסגעדרייט האָט זיך איציק פעפער. אָבער אין יענער צייט איז ער געווען אַ בר־מזל. ליטוואַקאָווס פּאָזיציע האָט זיך דעמאָלט אומגעהויער פאַרשטאַרקט. באַזונדער איז זיין זיג געווען גרויס קעגן בראָנשטיינען, וואָס איז געווען זיינער אַ ביטערער באַקעמפער און איז אים באַפאַלן אין בוך „אַטאַקע".

צי גאַרקי האָט געוואוסט, אַז זיינע באַמיאונגען וועלן ברענגען אַזעלכע טראַגישע רעזולטאַטן פאַר אַ גרויסער צאָל מענטשן, איז, פאַרשטייט זיך, ניט באַוואוסט. גיכער האָט ער געמיינט, אַז עס וועט אויסגיין, ווי אין אַלע ציוויליזירטע לענדער, צו אַן אָפּשוואַכונג פון דער גרופּע, וואָס ער האָט באַקעמפּט. אים האָט זיך געוויס ניט געחלומט, אַז צוליב חילוקי־דעות וועלן מענטשן אומגעבראַכט ווערן פיזיש. ער האָט אָבער, ווייזט אויס, נישט פאַרשטאַנען און באַנומען דעם אמתן מהות פון סטאַליניזם.

דאָס כשרן די „נאָכלויפער" האָט דעמאָלט פאַר זיי געשאַפן אַ נייע ווענדונג; עס האָבן אויף צוריק אויפגעלעבט באבל, די אכמאַטעוואַ, און נאָך צענדליקער אין דער רוסישער ליטעראַטור. אין דער אידישער איז פּרץ מאַרקיש געוואָרן דער נאַשפּיץ־פאַרער. ער איז געוואָרן אָנגענומען און אָנגעזען אויך אין דער רוסישער ליטעראַטור. ער האָט פאַרדינט אַ סך געלט. ער האָט געשריבן לידער און נאָוועלן, אויך טעאַטער־שטיק און קינאָ־סצענאַריומס. ער האָט זיך געהאַלטן פרעמד פון אידישע שרייבער און צו דעם ביסל אידיש לעבן, וואָס האָט, מ'שטיינס־געזאָגט, עקזיסטירט אין מאָסקווע.

ס'איז אויך פאַרבעסערט געוואָרן די מערכה פון דוד האָפשטיין, ש. ראָסין, ש. האַלקין, ש. גאָדינער, עזרא פינענבערג, משה טייטש און נאָך צענדליקער פון די נאָכלויפער. געפאַלענע זיינען דעמאָלט געווען: דאָברושין, נוסינאָוו, מ. כאַטשעוואַצקי, אהרן קושניראָוו און נאָך אַ צאָל,

וואָס זיינען געווען די באַגרינדער פון פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, איינגעשלאָסן, פאַרשטייט זיך, די „מינסקער" און די עטלעכע פון דער כאַרקאָווער גרופּע.

די גדולה אָבער פון די נאָכלויפער האָט אויך לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. גאָרקיס איינפלוס האָט שוין אָנגעהויבן אָפּגעשוואַכט ווערן, אָדער עס איז גילטיק געוואָרן אַ נייער קורס (וואָס מיינט, איינגנטלעך, דער אַלטער, דער פריערדיקער, מחמת דאָס איז געווען דער גאַנג פון סטאַליניזם: כשר צו מאַכן דעם נעכטיקן טריפן קורס). די השערה קען זיין, אַז דער סטאַליניזם האָט שוין דעמאָלט זיך געקליבן אָפּצורייניקן די לעצטע אָפּאָזיציע־רעשטלעך. ער האָט זיך שוין געפילט שטאַרק גענוג צו אָנהויבן אַ נייעם (דעם אַלטן) קורס. דער סטאַליניזם האָט שוין דעמאָלט געקענט קוקן אויף גאָרקין, ווי אויף אַן עובר־בטל. מען האָט אים געדולדעט, אָבער זיך צו אים ניט צוגעהערט. עס קען גאָר געמאָלט זיין, אַז גאָרקי, וואָס האָט געמאַכט די אַלע איינשטעלונגען צוליב עטישע און גוטמיינענדע כוונות, האָט דערזען, אַז ער האָט אַריינגעשפּילט אין די הענט פון אשמדאי און איז געוואָרן דעם טייוולס אַן אומדירעקטער שותף.

עס זיינען פאַראַן פאַר אָט־דעם קורס אויך אַנדערע דערקלערונגען. נאָר דאָס וועט פאַרפירן, ווייל עס האָט צו טאָן מיט מאַרקסיסטישער דיאַלעקטיק און די פאַרשיידענע פּאָליטישע קורסן פון דער פּאַרטיי, וואָס זיינען געשטיצט געוואָרן אויף געענדערטע אָריענטאַציעס: אין פראַגן וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט פּאַרטייאישע חלוקי־דעות; אין פראַגן פון דאָרף ווערסוס שטאָט און פאַרקערט און אויף וועלכע שיכטן די פּאַרטיי זאָל שטיצן איר קורס.

מען דאַרף אָבער פאַרשטיין, אַז דאָס וואָס האָט געטראָפן די אידישע שרייבער איז ניט געווען קיין באַזונדערע גזירה אויף זיי אַליין. עס איז געווען אַ מכת־מדינה. די אידישע שרייבער האָבן געטיילט דעם גורל פון אַלע סאָוועטישע שרייבער און קינסטלער.

איבערנאַכט זיינען צוריק אַרויס אין אויבנאָן די לעבן־געבליבענע שרייבער, וואָס האָבן זיך פריער געשטיצט אויף פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. זיי, די גליקלעכע, ווען די ליקווידאַציע האָט נאָך ניט פאַרכאַפּט, זיינען צוריק עולה לגדולה געוואָרן. און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער באַרג־אַראָנטער פאַר די מאַרקישעס, האָפשטיינס, פינענבערגס, קוויטקאָס, דער נסתר און די צענדליקער אַנדערע, וואָס זיינען געוואָרן דערהויבן מיט עטלעכע חדשים צוריק.

אידיש לעבן אין רוסלאַנד איז געלעגן פאַרוואָרלאָזט. יעדע געזעל־שאַפטלעכע פאָרמע, וואָס גיט אויסדרוק צו אַ באַשטימטן פאָלקס־שטייגער איז ניט דערמוטיקט געוואָרן, און די וואָס וואָלטן געוואָלט דערמוטיקן, זיינען געווען אין שרעק — אין שרעק פאַר אומקומען אין אַ „גע־פּע־או"־קעלער. געוואָלט האָט מען וואָס גיכער דערשטיקן דאָס ביסל, וואָס האָט נאָך געטליעט. יעדער האָט שוין געוואָלט פון דעם פּטור ווערן — און זאָל עס אָראָפּ פון מאַרק.

די איינציקע, פון וועמעס הענט עס זיינען געשטאַלטיקט געוואָרן געדאַנקען אין אידישע אותיות, זיינען געווען די עטלעכע אידישע שריי־בער. אָבער נאָך די אַלע ליניע־אומבייטונגען, וואָס זיינען געענדערט גע־וואָרן דורך פייער, קויל און בלוט, וואָלט געווען ברוטאַל צו איינמאָנען ביי די אידישע שרייבער, אַז זיי זאָלן זיך איינשטעלן פאַר אידישן קיום. זייער אייגענער לעבן און קיום זיינען געווען שטענדיק אין פּחד און אומ־זיכערקייט, און קיינער האָט ניט געוואוסט ווען דער לאַנגער מעסער וועט דערגרייכן זיין האַלדז.

דער אַרויף־און־אַרונטער פון די פאַרשיידענע קורסן האָט נאָר גרע־סער פאַרשטאַרקט די שרעק און די גרעסטעוועטע האָבן געזוכט זיך צו באַשיצן אויף דעם צווייטנס אומזיכערקייט. פאַרשטייט זיך, אַז די, וואָס זיינען אַרויף אין דער הויך פון דעם ראָד־געדריי, האָבן זיך פאַר־נומען אַרויסשלאָגן די אונטערשטע, זיי זאָלן ניט קענען אַרויפקומען אויבן.

דער נייער קורס, וואָס האָט אומגעביטן דעם סטאַטוס און די פּאָ־זיצע פון די „נאַכלויפער" פון אַן אַנגענומענעם עלעמענט צו ווידער אַ ניט געווינטשטן; האָט זיי — אָט־די „נאַכלויפער" אויפדאָסניי צו־ריקגעשליידערט צו אַן אומפּריווילעגירטער לאַגע.

מאַרקיש האָט אויפגעהערט ווערן דער „גרויסער פאַרדינער" און דער „פערזאָנאַ גראַטאַ" אין דער רוסישער ליטעראַטור. ער איז געוואָרן אויס מחותן מיטן „סאיוז קניגאַ" און איז ווידער געקומען רייסן די טירן פון פאַרלאַג „עמעס", אַז מען זאָל אַרויסגעבן זיינעם אַ בוך. מאַרקיש איז, אַחוץ אַ גרויסער געלט־נצרך, אויך געווען ביז גאָר פּראָדוקטיוו און אין די בעסטע צייטן זיינען זיינע שופלאָדן געווען אָנגעלאָדן מיט מאַ־נוסקריפּטן.

אין רוסלאַנד, אַז מען הויבט זיך אָן נעמען צו עפּעס איז ביזן וואָרצל. ווען עס קומט די ריי פון אַ נייעם בלוט־פלייץ הויבן אָן פאַלן אין מאַל־מאַשין אַזעלכע, וואָס האָבן מיט עפּעס און קעגן עפּעס זיך פאַרזינדיקט.

די דאָזיקע זינד האָט הוקא ניט געדאַרפט זיין קיין מרידה אָדער אומצופרידנקייט. עס האָט גרייל עך געקענט זיין אַן אומשולדיקע באַמערקונג, וואָס האָט זיך גראָד אַמאָל צוגעפּאַסט צו דער ליניע אָדער, בכלל, ווען עס איז נאָך קיין ליניע ניט געווען.

צוליב אַזאַ מין אומשולדיקע און גאָר ניט מיינענדיקע באַמערקונג, וואָס האָט זיך ביי אים אַמאָל וועגן די בירגער־קריג־צייטן אַרויסגעכאַפּט, האָט מען זיך גענומען צו שכנא עפּשטיין ערשט פערצן־פופצן יאָר נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע.

ווען דער בלוט־פליייץ קומט אָן, ווערן אויך ניט דורכגעלאָזן אַזעלכע מיט וועמען מען האָט חשבונות. שכנא איז געווען פון די מיט וועמען מען האָט זיך געדאַרפט אָפּרעכענען. אין רוסלאַנד איז אַ טאַקטיק: פריער באַזייטיקן און נאָכדעם ליקווידירן; פריער שניידט מען דעם מענטשן אָפּ פון וועלכע עס איז פאַרבינדונג, איינקונפט און געזעלשאַפטלעכן קאָנטאַקט, און אַז מען האָט אים, ווי עס דאַרף צו זיין איזאָלירט, דעמאָלט גיט מען איב איבער צום תליון.

שכנא האָט ניט גוט געהויזט מיט דער כאַרקאָווער גרופּע. זיי האָבן אים פיינט געהאַט און מיט עקל אים געגעבן דעם צונאָמען „שאַכנוז“. ער האָט אין יענער צייט רעדאַקטירט דעם חודש־זשורנאַל „רויטע וועלט“. ווען דער קורס האָט זיך געענדערט און די פאַרשטויסענע זיינען צוריק עולה לגדולה געוואָרן, האָט מען זיך אַ נעם געטאָן בודק זיין די כשרות פון יעדן איינעם, וואָס מען האָט געוואָלט באַזייטיקן. שכנאס חטא איז אויפגעדעקט געוואָרן דורך זיינער אַ באַמערקונג, וואָס ער האָט געמאַכט אין אַ ביכל וועגן דעם פּאָעט אשר שוואַרצמאַן, וואָס איז געפאַלן אין בירגער־קריג. אין יענעם ביכל האָט ער געזאָגט (אומגעפער, גענוי דעם אויסדרוק געדענק איך ניט און דערפאַר קען איך אים ניט ציטירן), אַז שוואַרצמאַן איז געגאַנגען זיך מקריב זיין פאַר דער רעוואָלוציע מיט „גאָט אין האַרצן“.

געווען איז דאָס זיכער איינע פון די אויפגעבלאָזענע, פאַרקייטע מליצות, וואָס איז געווען אַ טייל פון שכנאס שרייבערישן מאַניער, נאָר אַזוי ווי מיטן דערהויבענעם קורס פון די באַשטייער אויף פּראָלעטאַרישע מאָטיוון און פּראָלעטאַרישן נוסח, איז אויך אויפגעלעבט געוואָרן דער קאַמף קעגן רעליגיע און דער „בעזבאָזשניק“ איז צוריק געוואָרן אַן אָנגענומענער טייל פון דער סטאַליניסטישער ליניע, האָט מען אויפגעגראָבן און געניצט אָט־דעם גאָר ניט זאָגנדיקן אויסדרוק און שכנאן דערפאַר באַזייטיקט פון דער „רויטער וועלט“ און פון יעדער פאַרבינדונג מיט דער סאָוועטיש־אידישער אַרבעט אין אוקראַינע.

שכנא איז דעמאָלט געקומען קיין מאָסקווע אַן אָפּגעריסענער און דערשלאָגענער און האָט, פֿאַרשטייט זיך, געטראָפֿן אַלע טירן פֿאַר אים פֿאַרמאַכט. בכלל איז שוין אין מאָסקווע ניט געווען וואו זיך צוצושלאָגן צו אידישער אַרבעט. דער „עמעס" איז שוין געווען אַ צוויי־מאָל־אַ־וואָך צייטונג, וואָס איז אויך געווען אַן אָנהויב פֿון באַזייטיקן ליטוואַקאָוון פֿאַר זיין איינשטעלן זיך פֿאַר די „נאָכלויפֿער" וואָס זיינען, ווי באַקאַנט, פֿאַר אַ געווייסער צייט געוואָרן די יחסנים.

געראַטעוועט שכנאן האָט אָסקאַר סטרעליץ, וואָס איז געווען דער פּאָליטישער קאָמיסאַר פֿאַר אידישע ענינים. ער האָט עס אים פֿאַרבונדן מיט דער „גע־פּע־או", וואָס האָט אים אויסגענוצט פֿאַר אַ צייט ווי אַ קוריער.

דער גורל פֿון די אַנדערע אידישע שרייבער, וואָס זיינען געווען פֿאַררעכנט ווי „נאָכלויפֿער" איז אויך ניט געווען גאָר קיין גוטער.

משה טייטש האָט פֿאַר מיר אַמאָל געוויינט, טאַקע ממש מיט טרערן אויף זיין ביטערער דאָליע. ער איז שוין געווען אַלט און קראַנק און קיינער האָט זיך פֿאַר אים ניט געקימערט. מען האָט אים ניט צוגעלאָזן צו פֿאַרדינען, און זיין פֿרוי, וואָס איז געווען אַלט, צעבראָכן האָט געמוזט גיין אַרבעטן אין אַ פֿאַבריק. אַביסל געלט אויף אויסקומעניש, אַזוי האָט ער מיר איבערגעגעבן, האָבן אים געשיקט זיינע חברים פֿון פּוילן. ניט נאָר האָט מען אים ניט געלאָזן פֿאַרדינען, נאָר מען האָט אים אויך מצער געווען און שווער געמאַכט זיין לעבן. ער האָט געהאַט אַ דירה פֿון צוויי צימערן, אויב מען קען עס אַזוי אָנרופֿן, האָט מען אים און דער אַלטיטשקער אָפּגעטיילט אַ ווינקל אין זיין אייגענער דירה און אַהין אַריינגעזעצט אַ פֿאַמיליע פֿון אַ גויאישן אַקטיוויסט, וואָס האָט געהאַלטן אַ וויכטיקע פּאָזיציע.

דוד האָפּשטיין איז געקומען קיין מאָסקווע זען מען זאָל זיך משתדל זיין, און אַרויסגעבן אַ בוך זיינעם דורכן פֿאַרלאַג „עמעס". ער איז דעמאָלט געווען אין גרויס נויט. איינגעשטאַנען איז ער ביי זיינער אַ שוועסטער. ביי כאַשינען איז ער געווען אַ בן־בית, און דאָרטן פֿלעג איך זיך מיט אים טרעפֿן. ער איז געווען פֿול מיט ביטערקייט און זיך שטאַרק מצער געווען, וואָס ער האָט פֿאַרלאָזן ארץ־ישראל. ער איז געווען בייסיק, ביין און איראָניש.

אויסדרוק צו זיין ביטערקייט האָט האָפּשטיין, געדענק איך, געגעבן אויף דעם מאָדנעם און אויסטערלישן שטייגער: ער איז אַוועק אויף „סוכעראָווקע", וואָס איז אין מאָסקווע געווען אַ מין געמיש פֿון דער באַוערי און אָרטשאַרד סטריט, „אַ טאָלטשאָק", און דאָרטן האָט ער זיך

איינגעקויפט אַ פּאָר הילצערנע שיך, וואָס זיינען געווען אינעווייניק פול אָנגעשלאָגן מיט טשוועקלעך. ער האָט זיך מיט דעם אַרומגעטראָגן און געוויזן זיי צו פּאַרטרויטע באַקאַנטע, אָנווייזנדיק סימבאָליש, אַז די „מענטשהייט קומט אָפּ, ליידט און ווערט פּאַרפּייניקט, גייענדיק צום וועג, וואָס פירט צום סאָציאַליזם מיט אַזעלכע שיך, וואָס זיינען אינעווייניק פול מיט טשוועקעס".

אין מאָסקווע האָט זיך אין יענער צייט אַרומגעדרייט עזרא פינענבערג אַ שטומער און דערשלאָגענער. ער איז געקומען פון קיעוו, זוכן אַ שטעלע. אין קיעוו איז ער געווען פאַרבונדן מיט עפּעס אַן אינסטיטוציע. די סיבה פאַרוואָס ער האָט פאַרלאָזן די אינסטיטוציע האָב איך זיך ניט דערקונדיקט. פינענבערג איז געווען אַ גרויסער שווייגער.

געליטן האָבן אויך נאָך אידישע שרייבער. דערמאָנען וועל איך נאָך צוויי, וואָס זיינען געווען אין גרויס נויט: דער יונגער פּאָעט פון דער מינסקער גרופּע משה טייף און א. ראבין, פון דער מאָסקווער גרופּע. ראבין האָט זיך געהאָט צוריקגעקערט פון פאַרשיקונג אין דער צייט וואָס איך בין געווען אין מאָסקווע, און זיין לאַגע איז געווען זייער אַ טרויעריקע. טייפן, געדענק איך, האָט מען געהאַלטן אין חרם.

קושנירעוו האָט דעמאָלט ניט פאַרדינט פון זיין דירעקט אַ אידישער שרייבער. ער האָט געטאָן איבערזעצונג־אַרבעט פאַרן „גאָסאיזדאַט" (דער רוסישער רעגירונגס־פאַרלאַג).

אָט דאָס וואָס איך האָב דערמאָנט, וועט העלפן שאַפן אַ באַגריף פון דער לאַגע, אין וועלכער עס איז אויסגעקומען לעבן, בעסער געזאָגט, זיך אָנהאַלטן אין נפש, יעדן איינציקן אידישן שרייבער. אין אַזאַ מצב האָט דאָך קיין רייד ניט געקענט זיין פון בויען און אָנפירן מיט אַ אידישן גייסטיקן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט עס געקאָנט זיין פאַרן אידישן שרייבער, אונטער אַזאַ ברוטאַלן שטייגער, צי עס איז פאַראַן אַ אידישע וועלטלעכע קינדער־שול אין מאָסקווע אָדער ניט?

די שרייבער האָבן מורא געהאַט און ניט געוואַגט צו פאַרנעמען זיך מיט אַזאַ ענין ווי פאַרזאָרגן אידישע קינדער מיט אַ אידישער שול. די מאָסקווער אידן זיינען געווען פאַרוואָרלאָזט און פאַרלאָזן. יעדער אין זיין ווינקל האָט ניט געהאַט קיין שום געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונג מיט אַנדערע אידן. עס איז ניט געווען קיין אידישער אַדרעס און די מורא האָט ניט דערלאָזן שאַפן אַזאַ מין אַרט פאַר אידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

ווען איך בין געווען אין מאָסקווע, האָט מען גערעכנט די אידישע באַפעלקערונג אַן ערך 150 טויזנט נפשות. שפּעטער איז די

צאָל פאַרגרעסערט געוואָרן ביז אַ האַלבן מיליאָן. די גרעסטע צאָל פון די אַריינגעשטראָמטע פיר הונדערט טויזנט זיינען דאָך געווען אידן פון קאָך און האַרץ פון אידישן לעבן אין פוילן, ליטע, לעטלאַנד, רומעניע, גאַליציע. די אַלע אידן האָבן דאָך זיכער ניט געוואָלט לאָזן אין הפקר די אידישע דערציאונג פון זייערע קינדער. פאַרוואָס האָבן זיי ניט געשאַפן קיין אידישע קינדער־שול?

זיי האָבן ניט געשאַפן, ווייל מען האָט זיי געלאָזן וויסן, אַז מען טאָר ניט. פאַרזוכן עס ניט אויסצופאָלגן איז געווען פאַרבונדן מיט סכנת־נפשות.

דער סטאַליניזם האָט אָפּגעווישט די רעשטלעך פון אידישע שרייבער, ווייל ער האָט געוואָלט, אַז דער לעצטער זכר, וואָס קען דערמאָנען אָן אידיש לעבן, אָהער פאַרבינדונג מיטן אידישן אויסדרוק, זאָל אָפּגעווישט ווערן.

קושניראָוו און זיין גלייכן האָבן געוואוסט ווי אכזריותדיק דער אַפּאַראַט איז. ער האָט אָבער ניט געוואַגט איבערגעבן, האָט ער דערפאַר אַרויפגעלייגט די שולד אויף די מאָסקווער אידן. „מיר זיינען אַ קליין אינדזעלע אין אַ ים גלייכגילטיקע אידן", האָט קושניראָוו, מיט צער, הייסט עס, געזאָגט. גלייכגילטיקע אידן! ווי איראָניש! ניט גלייכגילטיקע, נאָר דערשראָקענע!

אידן אין רוסלאַנד זיינען געווען ניט נאָר גלייכגילטיקע, נאָר זייטיקע. זיי האָבן געוואוסט, אַז די וואָס זיינען זיך מתעסק מיט אַזוי־גערופענער אידישקייט זיינען פאַרטיי־פונקציאָנערן און וואָס זיי טוען איז נאָר אויסצופירן פאַרטיי־פאַראָרדענונגען און ניט קיין אַרבעט, וואָס האָט צו טאָן מיט אידישן קיום אָדער אידישן המשך.

---

אין וועמענס הענט האָבן זיי געקענט איבערגעבן, אפילו ווען עס וואָלט געווען אַזאַ מעגלעכקייט, דעם גורל פון אידישן לעבן? אין די הענט פון דעם ליטעראַרישן גע־פע־אוניק", דעם אידישן שרייבער, וואָס האָט מיט רציחה אומגעבראַכט זיין נעכטיקן חבר.

מחנות אידישע שרייבער זיינען אָפּגעווישט געוואָרן. גאַנצע גרופּעס זיינען פאַרשוואונדן, און קיינער ווייסט ניט פון זייער געביין. נאָך די כאַריקס, דוניעצעס, בראָנשטיינס, גילדינס און די אַנדערע, זיינען געקומען יעדעס מאָל צעטלען מיט נייע אומגעקומענע. צעמאָלן געוואָרן זיינען: ליטוואַקאָוו, כאַשין, ראַבין, דוד האָפּשטיין, קוויטקאָ, יודל יאפע, נוסינאָוו, דאָברושין, משה טייף, און נאָך צענדליקער. ביז די לעצטע

צעמאַלענע האָט דען עמיצער געפרעגט, וואו עס זיינען אַהינגעקומען די אַלע אויבן־אויסגערעכנטע שרייבער?

צעשטויבט און צעמאָלן האָט די סטאַליניסטישע מאַשין אַלע, וואָס האָבן געבראַכט צו אידן געדאַנקען, שטימונגען און געפילן אין אידישע אותיות. צעמאָלן, אַז קיין זכר איז פון זיי ניט געבליבן. צעשטויבט, אַז אפילו די ווינטן האָבן זייער אַש ניט פאַרטראָגן מיט גרוסן צו די רוסישע אידן, וואָס זינקען איין אין תהום פון פינצטערער אַסימילאַציע.

טראַגיש און אומגליקלעך איז געווען דער גורל פון די אידישע שרייבער אין לאַנד פון דער „סאָציאַלער רעוואָלוציע".



גרופע סאָוועטישע אידישע שרייבער פאָטאָגראַפירט מיט יאָסל קאָהן, אין מאָסקווע, 1931. פון רעכטס צו לינקס: אהרן קושניראָוו, יאָסל קאָהן, איציק פעפער, ש. ראסין און ש. גאדינער.

# דער ברוזנער דרויסן

אַ ברוזנער בייזער דרויסן זוכט זיך אַריינרייסן דורכן טיר פון דער אומגעלומפּערטער קאָפּע. מיר זיצן, איך און מיין חבר איצי וויסאָצקי, און וועקן אויף זכרונות; זכרונות פון מאָדנע יאָרן, פון יאָרן, וואָס האָבן געהאַט אַ טיפן זין און וועלכע האָבן געטראָגן אויף זייערע פּלייצעס גאַנצע זעק מיט צוזאָגונגען. מען האָט נאָר געדאַרפט אויפבינדן די זעק און עס וואָלטן זיך אויסגעשאָטן חלומות און האָפענונגען פון אַ בעסערער געזעלשאַפט, פון אַ בעסערן מענטשן. וואָס האָבן, אייגנטלעך, געדאַרפט פאַרשטעלן מיט זיך אָט־דיביידע זאַכן, וואָס מיר האָבן אַזוי אַרעם פאַרצייכנט, ווי בעסערע. מיר האָבן עס באַנומען ניט דורך וואָרט, נאָר מיט געפיל. דער געדאַנק האָט אונדז געוואָרעמט און געגעבן דערהויבונג. ווייזט אויס, אַז יעדער איינער פון אונדז און, מסתּמא, אויך די טויזנטער וואָס האָבן געטראַכט ווי מיר, האָבן זיך פאַרגעשטעלט אָט־די אויסגעשאָטענע חלומות און האָפענונגען אויף אַ באַזונדערן און פערזענלעכן שטייגער. איין זאַך האָבן מיר אָבער יאָ געוואוסט: די איצטיקע אָרדענונג איז ניט קיין יושרדיקע. מיר ווילן זען אויסקעמפן אַ מערער יושרדיקע וועלט, וואָס וועט ברענגען מיט זיך אַ ברודערלעכן צוזאַמענלעבן צווישן פאָלק און פאָלק און מענטש און מענטש.

יעדער פון אונדז האָט, אויף זיין שטייגער, זיך געגרייט צו שענקען זיין חלק כּדי מעגלעך צו מאַכן, אַז אָט־די אוטאָפּיע זאָלן ווערן אַ ווירקלעכקייט. דער חלק האָט אַ סך מאָל געמיינט אפילו ־אָס אייגן בידנע לעבן, וואָס האָט ניט געהאַט קיין זין אָן דער אידייע, אָן דעם גרויסן גלויבן.

מיין חבר וויסאָצקי האָט, ווי מיר אַלע, אין זיין נאַאיוויקייט געגלויבט, אַז אַלץ וואָס מען דאַרף נאָר טאָן איז וועקן די מאַסן, און איבערגעבן דעם מענטשן די דערהויבנקייט פון דעם, אין וואָס מיר גלויבן און זיי וועלן, ווי מיר, באַהעפט ווערן מיט דער האָפענונג און זיך שטעלן אַליין אין קאָן כּדי צו דערגרייכן דעם ציל.

וויסאָצקי איז אַרויס אין דער וועלט ניט נאָר צו וועקן, נאָר אויך צו טראָגן די פאָן פון מרידה. ער איז געגאַנגען אויפזאַמלען די אָפּגעריסענע, די היימלאָזע און אויסגעוואָרצלטע און זיי אַרויסשטעלן אין קאָנטראַסט צו דער זאַטער טייל פון דער געזעלשאַפט. דורך צוזאַמענ־

ברענגען די אויסגעוואָרצלטע האָט ער געוואָלט פאַרשעמען דעם מענטשן מין, וואָס דערלאָזט אַז אַ טייל פון זיין געמיינדע זאָל זיין געשלאָגן מיט אָרעמקייט און האָפענונגסלאָזיקייט.

אין 1913 איז געווען אַן עקאָנאָמישער קריזיס אין לאַנד. מיליאָנען אַרבעטער זיינען אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין מויל פון הונגער. פאַבריקן האָבן זיך פאַרמאַכט, מיליאָנען אַמעריקאַנער אַרבעטער האָבן געליטן נויט. וויסאָצקי, און זיין נאָענטער חבר פרענק טענענבוים, האָבן די הונגעריקע געפירט ניט נאָר צו מאָנען, נאָר אויך צו פאַרשעמען די זאַטע. ביידע זיינען צוליב דעם באַשטראָפט געוואָרן מיט חדשים תפיסה.

אָן אַ שיעור בלוטיקע געשעענישן האָבן געטראָפן זינט יענע יאָרן.

מיר זיצן איצט אין דער אומגעלומפּערטער קאָפּע דורך וועמעס פענצ־טער עס רייסט זיך אַריין דער אויסזען פון יוניאָן סקווער. פון אַט־דעם סקווער פלעגן מחנות אַרויס אין קאָלעקטיוו. געקומען זיינען זיי ווי איינ־ציקע, אַרויס פלעגן זיי ווי אַן איינהייט. די איינהייט האָט געטראָגן מיט זיך די גרייטקייט צו מאַכן אַ סוף פון דעם סדר, וואָס האָט צעטיילט דעם מענטשן־מין אין זאַטע און הונגעריקע. וויפל האָפענונגען און גלויבנס זיינען עס אַרויסגעטראָגן געוואָרן פון אַט־דעם סקווער!

וויט איבערן גרענעץ פון סקווער פלעגט געהערט ווערן דאָס שאַרפע און הייסע וואָרט, וואָס דער געקריוודעטער פלעגט ברענגען צו די פאַר־זאַמלטע און צו דער וועלט. אין סקווער האָבן זיך די געקריוודעטע סאָ־לידאַריזירט מיט די אַלע, וואָס זיינען געגאַנגען מקריב זיין זייער לעבן פאַר די אידייען וואָס האָבן דערצאָרנט די זאַטע.

די אַרבעטער זיינען געקומען זיך אָננעמען נאָר פאַר די, וואָס האָבן געגלויבט אין פאַרניכטן די צעטיילטע געזעלשאַפט פון זאַטע און הונ־געריקע. זיי האָבן געוואוסט, אַז דער גנב, דער אויסוואורף און מערדער, איז אַ פּראָדוקט פון אַט־דער צעטיילונג, אָבער ער איז ניט פון זייער מחנה.

דער אידעאַליסט האָט תמיד געזוכט זיך אָפּזונדערן פון אויסוואורף. דער אידעאַליסט איז געגאַנגען אויספירן זיין מיסיע מיט גלויבן און מיט דערהויבנקייט. אַזוי איז דאָס געווען ביז די קאָמוניסטן האָבן איבערגע־נומען די אָרגאַניזירטע פירערשאַפט פון די הונגעריקע אין זייער מאָנאָ־פּאָל. געקומען זיינען זיי צו רייטן מיט אַ רויטער פאָן אין האַנט. די האַנט, אָבער, האָט אויך געהאַלטן אַ מעסער.

ביז זייער קומען איז דער מאַרטירער־צעטל געווען פאַרצייכנט מיט די געשעענישן פון היי־מאַרקעט, פון לודלאָו, פון דער מאַלי מעקוויירס־באַוועגונג. עס האָבן אַרויסגעלויכטן די נעמען פון דעבסן, העיוואודן,

פיבאַדי, מאַיער, טאָם מוני, סאַקאָ־וואַנזעטי, אַלעקסאַנדער בערקמאַן, דזשאָ היל און פון הונדערטער אומבאַקאַנטע סאָלדאַטן, וואָס זיינען געגאַנגען זיך מקריב זיין פאַרן אַרבעטער־מענטשן.

וואָס פאַר אַ מהלך עס איז אָפּגעגאַנגען פון יענע צייטן! די קאָמו־ניסטן האָבן פאַרוועריטמט די מאַרטיראָלאָגיע פון די אַרבעטער־קעמפער. זיי נעמען זיך אָן, באַשיצן און כשרן אויסוואורפן, גזלנים און פאַרגוואַל־טיקער, מחמת ס'איז נויטיק כדי אָנצוהאַלטן אויפרייץ, שנאה און צע־טיילונג.

דער ברודנער דרויסן רייסט זיך דורך די שויבן. דער חבר וויסאָצקי וויזט אָן אויפן סקווער: „ס'וועט באַלד דאָרטן לעבעדיק ווערן — די קאָמוניסטן האָבן שוין אַ נייעם מאַרטירער".

## די אידייע מיטן ביקס

די צווייי מאָנסטערס פון מענטשן מין זינט דעם בראשית פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע איז קאָמוניזם און פאַשיזם. אָבער דאָס, וואָס קאָמוניזם האָט אָפּגעטאָן דער מענטשהייט, איז גאָר אומבאַגרייפלעך. פאַ־שיזם איז דער פועל־יוצא פון קאָמוניזם. קאָמוניזם האָט פאַרברודיקט אַן אידייע, וואָס האָט אָנגעצונדן מענטשן צו גיין מקריב זיין דאָס לעבן. קאָ־מוניזם האָט אומגעבראַכט דערהויבענע אידיאַליסטישע מענטשן. קאָמו־ניזם האָט צוגענומען די אידייע, דעם גלויבן, די האָפענונג, דעם בטחון אין מענטשן און זיין פיאַיקייט איינצושטעלן אַ בעסערן סדר־עולם.

קאָמוניזם האָט געבראַכט חורבן, פאַלשקייט, אָפּנאַרעריי, מאָרד, רציחה, פאַרשקלאַפונג און איצט פאַרמעסט זיך דער מאָנסטער אומצוברענגען די וועלט. ער קען זי ניט איינעמען, פאַרנעמט ער זיך זי אָפּצוווישן.

***

די אידייע איז נישט קיין אַבסטראַקציע. און אויב דער מענטש קען איר ניט פאַרבינדן מיטן לעבן איז אַ באַוויי'ז, אַז די אידייע איז פרעמד דעם מענטשן.

מענטשן האָבן געמאַכט פאַרשיידענע קאָמונאַלע פרואוון און זיי זיינען דורכגעפאַלן. און די פרואוון זיינען געמאַכט געוואָרן נישט פון גרויסע קאָלעקטיוון, נישט פון לענדער, נאָר גאָר פון קליינע גרופעס — גרופעס יחידי־סגולה; אויסגעוויילטע, באַוואוסטזיניקע און אינטעליגענטע. דער תירוץ איז, אַז קליינע קאָמונעס האָבן נישט געקענט עקזיסטירן. דער

אמת איז, אַז זיי זיינען אונטערגעגאַנגען ניט מחמת דעם, וואָס דער שטח איז געווען קליין, נאָר דערפאַר, וואָס עס האָבן דאָרטן, אין די קאָמונעס, זיך אָנגעהויבן צעשפּילן: אַמביציע, מאַכט, באַפעל, גלוסט צו הערשן, קנאה. ס'האָט זיך אַנטפּלעקט, אַז דאָס צונעמען פון מענטשן פּערזענלעכע איניציאַטיוו און עס מאַכן פאַר קאָלעקטיוון אייגנטום, קען נישט געדייען.

**
*

טרויעריק זיינען די רייד. ווער קען עס געבן דעם מענטשן אַ רע־צעפּט, וואָס זאָל קענען אים היילן און במילא זיין געזעלשאַפטלעכן סדר? אונטערשטרייכן דאַרף מען נאָר דעם טראַגישן סך־הכל פון די גרויסע מפּלות וואָס די אידייע, דער גלויבן האָט געהאַט ווען ער איז אין רעאַלקייט געקומען אין באַרירונג מיטן מענטשן.

**
*

דורות לאַנג האָבן מענטשן זיך געטומלט מיט סאָציאַליזם, איצט שטייען מיר ביי זיין קבר.

**
*

די מעסיקע סאָציאַליסטן פאַרדריסט, וואָס מ'פאַרט צוזאַמען סאָציאַ־ליזם מיט רוסלאַנד. דאָס, זאָגן זיי, איז נישט סאָציאַליזם. פון וואַנען ווייסן זיי? ס'איז נאָך דערווייל נישט געווען אַזאַ געזעלשאַפט ווי אַ סאָ־ציאַליסטישע. זיי ווייזן אָן, אַז לויטן שולחן־ערוך קען נישט געדאַכט זיין אַזאַ סאָציאַליזם. די קאָמוניסטן זאָגן, אַז ס'איז פונקט ווי ס'איז אָנגע־שריבן שוואַרץ אויף ווייס און זיי לייענען אפילו אויסווייניק אַלע פּסוקים. אַזוי ווי רוסלאַנד איז דאָס איינציקע לאַנד וואו מען פּראַקטיצירט סאָ־ציאַליזם דאַרף מען אָננעמען, אַז דאָס איז סאָציאַליזם. אויב אַזוי איז גע־קומען די צייט, אַז די סאָציאַליסטן זאָלן פאַרוואַרפן דעם מגושמדיקן נאָ־מען „סאָציאַליזם" און דערקלערן, אַז דאָס איז אַ שלעכטער נאָמען, וואָס האָט גורם געווען רשעות, אונטערדריקונג, רציחה און אַלע בייז־קייטן, וואָס דער שטן האָט אַראָפּגעשיקט און זיינע שרעטעלעך פירן עס אויס קאָרעקט. וואָס שטעלן זיך די סאָציאַליסטן אַזוי איין פאַר דעם מגושמ־דיקן נאָמען?

**
*

קאָמוניזם איז די אידייע פון שקלאַפן. דער אויפקום פון דער אידייע האָט פאַרשקלאַפט. קאָמוניזם פאַרנעמט זיך איינצושטעלן אַ סדר אויף

דער וועלט וואו מענטשלעכער ווילן זאָל אויפהערן און יחידישקייט זאָל פאַרביטן ווערן אויף פאָלגערישקייט, וואָס וועט ווערן די דאמבע צו צאַמען פאָרשריט און די פרייע זעלבסשטענדיקע מענטשלעכע קרעאַטיוויקייט.

***

דער געזעלשאַפטלעכער און עקאָנאָמישער סדר אין רוסלאַנד איז קאָמוניזם. נישטאָ קיין אָפּפרעגן פון אַן אַנדער מוסטער קאָמוניזם. דאָס איינציקע אין היפוך איז קאַפּיטאַליזם. קאַפּיטאַליזם איז פרייהייט, חשיבות צום יחיד: זאָרג פאַר דער געמיינדע און די געלעגנהייט אויסצובעסערן זיך. קאַפּיטאַליזם איז דינאַמישקייט; קאָמוניזם, סאָציאַליזם איז שקלאַפעריי און רעאַקציע.

***

באַרימערייַ פון רוסן: דער קאָמוניסטישער באַגריף פון אַ גוט, באַקוועם לעבן, איז ווי פון אַ דינסט איידער די רעוואָלוציע, וואָס האָט דאָס לעבן פון איר באַלעבאָסטע אָנגענומען ווי אַ מוסטער. עד היום הזה איז עס נאָך דער קאָמוניסטישער ציל — זייער ציל אין אַלץ: מאָלעריי, ליטעראַטור און געשיר איז אַ קאָפּיע פון 1917 און אפשר נאָך פון פריער.

***

קאָמוניזם רוקט זיך און וויל די וועלט מיטנעמען מיט זיך הינטערוויילעכטס.

***

ער זאָגט, אַז ער איז אַ סאָציאַליסט, ער לעבט אָבער נישט ווי אַ סאָציאַליסט. אַ פרומער איד מאַכט נישט קיין פּראָפּאַגאַנדע, ער לעבט ווי גאָט האָט געבאָטן.

***

ער איז אַ סאָציאַליסט, אַזוי זאָגט ער. לעבט ער ווי אַ סאָציאַליסט? קען מען לעבן ווי אַ סאָציאַליסט? זיין אַ סאָציאַליסט דערפאַר איז נאָר אַ וואָרט, אַ זאָג, אָן קענען עס דעקן ממשותדיק.

דער נאָמען „סאָציאַליסט" איז פאַרברודיקט געוואָרן: „נאַציאָנאַל סאָציאַליסטן" (נאַציס, ימ"ש), „קריסטלעכע סאָציאַליסטן", „ראַדיקאַל סאָציאַליסטן". פון די קאָמוניסטן איז דאָך אָפּגערעדט: זיי בויען דאָך סאָציאַליזם.

***

צו זיין אַ איד איז פאַראַן אידישקייט. אַזוי אַ קריסט, אַ בודאַאיסט. אָבער ווי אַזוי קען מען עס זיין אַ סאָציאַליסט? צו זיין אַ סאָציאַליסט מוז דאָך זיין סאָציאַליזם. מ'קען דאָך ניט זיין עפּעס וואָס איז נאָך ניטאָ.

סאָציאַליזם, זאָגט ער, איז נישט קיין רעליגיע, ס'איז אַן אידייע. אויב אַן אידייע דאַרף ער דאָך זיין אַן אידעאַליסט.

עס קאָסט אים עפּעס צו זיין אַ סאָציאַליסט? וואָס פאַר אַ גוטע טאַטן דאַרף ער טאָן, ס'הייסט, מצוות כדי צו טראָגן דעם טיטל סאָציאַליסט?

כל־זמן אומעטישע מענטשן זיינען זיך מתעסק אַרום סאָציאַליזם, איז עס ניט קיין אידייע, נאָר אַן אָפּנאַרעריי.

אַן עטיק קען ניט זיין קיין סאָציאַליזם. מיט עטיק לאָמיר עס רופן — נביאיזם.

# טראַגעדיע פון סאָציאַליזם

אַ סך מאָל טראַכט איך: מערקווירדיק איינגעזשפּאַרט איז דער מענטש אין זיין אומבאַהאָלפנקייט. ער האַלט זיך אָן מיט נעגל און ציין אין יעדער ביסל טרייסט, וואָס דאַרף געבן אַ זין דעם נישטיקן אַנהאַלט, וואָס דערשלעפּט די עטלעכע יאָרן צום סוף. ער וועט ניט אָפּטרעטן פון שפּאַן אָרט, וואָס לעבן האָט פאַר אים באַשערט, מחמת ער ווייסט — ער פילט — אַז עס וועט, אויב אַנדערש, אויסקומען צו בלייבן הענגען ערגעץ־וואו אין דער ניט־באַגרייפלעכער ליידיקייט. טאַקע דאָ הויבט זיך אָן די גרויסע מענטשלעכע טראַגעדיע.

אַט־די טראַגעדיע ווערט אַ לייטער פאַר אַלע לומפּן, דעמאַגאָגן און שאַרלאַטענעס. פון דער טראַגעדיע איז געוואָרן פון רעליגיע אַ קלויסטער, און אַט־די טראַגעדיע האָט אויך געהאָלפן מאַכן פון סאָציאַליזם אַ חוזק, אַ מיאוסע פאַרזעעניש, וואָס וואַרעמט איר צעפּוילטן גוף, אַרום די שטראַלן פון דער פראַזע.

סאָציאַליזם, זאָגט מען, מאַכט דורך אַ קריזיס. אָבער אַ קריזיס קען דורכמאַכן אַ זאַך וואָס לעבט. סאָציאַליזם האָט קיינמאָל נישט געלעבט. ס'איז געווען די פיקציע, וואָס מ'האָט געוואָלט איינשפּאַנען אין רעאַלן לעבן — איז כל־זמן ס'איז געווען אַן ענין, וואָס איז געפּאַכטן געוואָרן אויף פּלאַטפאָרמעס, האָט עס געהאַט אַ זין. די אומגערעכטיקייט, אַזוי גערופן, פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג, האָט אָנגערעגט די מענטשלעכע האָפענונג פון — און פאַר — אַ בעסערער און לייטישער וועלט.

אָבער ווי נאָר דער מענטש האָט גענומען די פיקציע איבערטראָגן אין לעבן, האָט די אידייע — באַנקראָטירט. פילאָסאָפיש באַנומען, איז קלאָר, אַז ווען אַן אידייע ווערט אַ פאַקט, הערט זי אויף זיין אידייע, און הויבט זיך אָן צופּאַסן צו אַ רעאַלער ראָלע, וואָס איז דער היפוך פון איר תוך.

וואָס איז געוואָרן פון דער סאָציאַליסטישער אידייע, ווען זי איז געקומען אין צוזאַמענשטויס מיטן מענטשן? מ'וואַרפט די שולד אויף יחידים, אויף גרופּעס — און ס'קומט אויס, ווי די יחידים און די גרופּעס זיינען געווען עפּעס צופעליקע פאַקטאָרן, וואָס דורך זיי איז געוואָרן מעגלעך די צעפאַלונג פון סאָציאַליזם, און יעדער איינער, וואָס שטעלט זיך

אויף דעם שטאַנדפּונקט, פּאַרמאַנאַפּאָליזירט, פאַר זיך די אויסדערוויילט־קייט פון אמתן סאָציאַליזם.

אָבער אַנטוויקלונג האָט באַוויזן, אַז וואו סאָציאַליסטן — סיי פון רעכטס, סיי פון לינקס — זיינען אויפגעקומען, איז סאָציאַליזם געוואָרן אויס, און עס האָבן אָנגעהויבן שפּילן אַ ראָלע מענטשלעכע אַמביציעס; גלוסטונגען, גיריקייט, גייציקייט און פּערזענלעכער וואוילזיין, וואָס זיינען דער היפּוך צו דעם עטישן באַנעם, וואָס סאָציאַליזם דאַרף זיין. (אפשר איז סאָציאַליזם גאָר נישט קיין עטישע, נאָר גאָר אַ גשמיותדיקע, מאַטעריאַליסטישע טעאָריע, נישט קיין אידייע?).

דאָס ווייזט בלויז אָן, אַז סאָציאַליזם איז פאַרן מענטשלעכן מהות ניט אָננעמבאַר. דער מענטש קאָן גאָר ניט פאַרדייען אַן אידייע, וואָס דאַרף שאַפן קאָלעקטיוון וואוילזיין. דער תירוץ, אַז טראָץ דעם וואָס מענטשן האָבן פאַרראַטן, בלייבט אָבער די אידייע, איז אַן אַבסורד. אַזאַ תירוץ, וואָס איז אַ פּועל־יוצא פון פאַרלוירנקייט, פון זיך נישט וועלן געזעגענען מיט טראַדיציע, פון נישט אָפּטרעטן פון ביסל אָנהאַלט וואָס גיט זין, ווערט לעכערלעך, ווייל וואָס איז די אידייע, באַזונדער אַזאַ רעאַליסטישע ווי ס'איז סאָציאַליזם? אַ ספר תורה, וואָס מ'שטעלט עס אַריין אין אַ ארון קודש — און, הריי מאָל אַ וואָך, לייענט מען דערפון אַ סדרה?

אויב דער מענטש, וואָס טראָגט די אידייע צום מענטשן, פאַר זיין וואוילזיין, קאָן זי ניט צופּאַסן צום מענטשן, און דער מענטש קאָן זיך ניט צופּאַסן צו איר, איז דאָס דעמאָלט ניט קיין אידייע מער, נאָר אַ קאַטאַסטראָפע. פון דעם שטאַמט די אַזוי־גערופענע פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור, וואָס דרייט זיך אין ווילדן פאַרכישופטן געדריי, און קען ניט אַרויס־קריכן, ניט פון דער פראַזע, און ניט פון מיטל. (די כרושטשעווגע איז אַ קרבן פון דער אייגענער פראַזע. מיט דער פאַלשקייט פון דער פראַזע דראָעט ער די וועלט). דער מענטש וויל נישט אָננעמען, נישט די פראַזע און נישט דעם מיטל, ווערן די הערשער ברוטאַלער. וואָס ברוטאַלער זיי ווערן, אַלץ שאַרפער ווערט דער ווידערשטאַנד אפילו צווישן אייגענע. פון דעם שטאַמען עס די אַלע אויסשלאַכטונגען און בילבולים קעגן אייגענע חברים, ווייל אַלץ ווערט דאָך געטאָן אין נאָמען פון דער פיקציע, און די פיקציע, וואָס דער מענטש האָט נישט אָנגענומען, מאָנט נאָך קרבנות, ווייל וואָלט די פיקציע געקענט ווערן אַ פאַקט, ווען עס וואָלט געקענט רעאַליזירט ווערן, וואָלט זי זיך איינגעבירגערט אין מענטשלעכן געזעלשאַפטלעכן סדר, וואָלטן במילא נישט מעגלעך געווען ליקווידאַציעס, אויסראָטונגען, שקלאַפעריי, אונטערדריקונג און אכזריות. מחמת דער מענטש וואָלט אַליין זיך נישט קעגנגעשטעלט. ער שטעלט זיך קעגן דער

אידייע, און זי קעגן אים, מחמת זיי זײַנען צוויי פּרעמדע און פײַנטלעכע כוחות.

די אַלע הנחות, וואָס די קאָמוניסטן און אויך די סאָציאַליסטן מאַכן צו דער בורזשואַזיע, באַווייזט קלאָר, אַז טראָץ זייער פרײַדיקן קלאַסן־קאַמף, נעמען זיי אָן, אַז די בורזשואַזיע גאָר, איז אַן אָנהאַלטער פון פרייהייט און יחידישן וואוילזיין. ביי די סאָציאַליסטן באַזונדער איז אײַצט די לאָזונג אָנשטאָט קלאַסן־קאַמף: „פרייהייט און דעמאָקראַטיע" געשטיצט אויפן חסד פון דער בורזשואַזיע. מיט דעם גיט מען צו, אַז וואו די בורזשואַזיע איז פּאַרפעסטיקט און זיכער, ווערט זי די אויפהאַלטערין פון דעמאָקראַטיע און פרייהייט, און דאָרטן וואו די בורזשואַזיע איז שוואַך און האַלט ביים צעפאַלן, וואַקסן אַרויס די טייוואָלים: פאַשיזם און קאָמוניזם. אויף דעם סמך מוז מען אָננעמען די הנחה, אַז קלאַסן־קאַמף איז אַ שעדלעכע איז געפערלעכע טעאָריע און ווערט אַ וואָפן אין די הענט פון אַלע פינצטערע כוחות. און מחמת דעם דאַרף מען מיט אַלע כוחות העלפן אָנהאַלטן און פאַרשטאַרקן דעם קאַפּיטאַליזם. דערפאַר וואָס קאַפּיטאַליזם איז די דאַמבע, וואָס קען און וועט אָפּהאַלטן דעם אָנגריף פון פאַשיזם און קאָמוניזם. נאָך דעם אויספיר ווערט קלאָר די קאַפּיטולאַציע פון דער פיקציע, וואָס הייסט סאָציאַליזם.

אָט־די קאַפּיטולאַציע האָט אויסגעלײדיקט אײַנגאַנצן דעם אָנרעג צו סאָציאַליזם. געבליבן זײַנען נאָר צוויי עלעמענטן אַרום דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג: די וואָס טראָגן די בראָזע מחמת קאַריערע, און די וואָס נעמען אויף די פּראָזע מחמת טראַדיציע.

דאָס וואָס איז דאָ אָנגעוויזן געוואָרן האָט עס מעגלעך געמאַכט דעם קאָמוניסטישן פאַשיזם אין רוסלאַנד. די ווילדע רעאַקציע אין די אַזוי־גערופענע „פאָלקס־דעמאָקראַטיעס" איז נאָר אַ באַווייז, אַז קאָמוניזם־סאָציאַליזם, ברענגט אונטערדריקונג און אומפרייהייט. די מעשים־תעתועים פון די קאָמוניסטן באַשטעטיקט, אַז סאָציאַליזם איז נישט קיין מאָראַלער כוח — נאָר אַ פײַנטלעכער צום מענטשן, און דערפאַר איז ער באַנקראָט, מחמת נישט נאָר אין רוסלאַנד, נאָר דאָס איז אויך געשען אונטער דער פירערשאַפט פון די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. אין שוין קעגן קאָמוניזם זײַנען גאָר די סאָציאַל־דעמאָקראַטן געוואָרן די איבערגעגעבנסטע שטיצער פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

די אָפּשאַצונג קאָן נאָר ציען דעם סך־הכל, אַז וואו סאָציאַליסטן האָבן זיך פאַרנומען אײַנצופירן סאָציאַליזם, האָט סאָציאַליזם געמאַכט אַ ויברח.

אַזוי איז אויך אויסגערונען דער וואונ־ערלעכער חלום, וואָס מענטשן האָבן דורות געצערטלט און זײַנען געווען גרייט זיך מקריב זיין כדי אים

רעאַליזירן. דער חלום: דער מענטש פון פאָלק זאָל הערשן. ער, דער געפּייניקטער, דער פאַרפאָלגטער, דער אָפּגענאַרטער און דערשלאָגענער, וועט שוין שאַפן אַ שענערע און בעסערע וועלט. ווייל ווער נאָך ווי ער איז מסוגל פאַר דעם? ווער נאָך ווי ער, וועט קענען אָפּשאַצן פרייהייט און טאָלעראַנץ — ער דער געליטענער! וואָס איז געווען? אין שפּיץ פון דער ערגסטער און ווילדסטער רעאַקציע אין דער געשיכטע פון דער וועלט זיינען נישט געשטאַנען קיין איוואַן דער שרעקלעכער, קיין פרידריך דער גראָסע, נאָר מענטשן פון פאָלק, פון אַזוי־גערופענעם פּראָלעטאַריאַט.

ווער זיינען געווען — סטאַלין, היטלער, מוסאָליני און כרושטשעוו? נעכטיקע פאַרפאָלגטע, אונטערדריקטע און באַשפּיגענע. זיי האָבן אויך גערעדט פון פרייהייט, פון פאָלק — פון מענטשן, יעדער פון זיי האָט גענומען סאָציאַליזם ווי אַ מוסטער פאַר זיין ציל.

די וויכוחים אַרום ענין פון מאַכן אַ רעוויזיע שייך סאָציאַליזם, איז דער פּועל יוצא פון דער שרעקלעכער פאַרצווייפלונג, מיט וועלכער אַ טייל מענטשן אין דער סאָציאַליסטישער וועלט זיינען באַפאַלן און געשלאָגן געוואָרן. רעווידירן: די קאָמוניסטן, זייער סאָציאַליזם און כרושטשעווגע האָבן שוין רעווידירט. און אַלע זעען מיט דעם פּנים פון אַ רעווידירטן סאָציאַליזם. אַ פּיקאַציע קען נישט רעווידירט ווערן.

# באַדענהײמס מיט דער זון צוקאַפּנס

די אַמעריקאַנער גאַסן־צײַטונגען האָבן געהאַט אַ בײַז־וואונדער וואָך. זײ האָבן זיך אַנגעשלאָגן אין אַן אמתן „קלאָנדײַק". ס'האָט ווי צוגע־שפּילט: מאָרד, סעקס און מיסטעריע. די פיליסטערישע סאַדיסטן האָבן אויך געהאַט די געלעגנהײט צו אױפבלאָזן סענטימענטאַלקײט און ראָ־מאַנטיזם.

די גוואַלד־צײַטונגען און זײערע אַרטיקלען האָבן די ניו־יאָרקער בירגער געלאָזן פילן, אַז אַ גרויס אומגליק איז געשען: דער דיכטער מעקסוועל באָדענהײם איז אומגעקומען. זײ קענען זיך גאַרניט פאַרגעבן, פאַר לאָזן באַדענהײמען אויסגײן אַזוי טראַגיש אין אַ פאַרדריפּעט־ברו־דיקן צימער פון אַ פאַרשטונקענעם הויז.

די שרײַבער־ציניקער האָבן געזוכט ניו־יאָרקער פאַרשעמען פאַר דער גלײַכגילטיקײט צו דער אַנגעזעענער פּערזענלעכקײט (ווי זײ האָבן אים גענומען רופן „מאַקס"). צענדליקער געלעגנהײטן האָבן זײ געהאַט אָפּ־צוהיטן באַדענהײמען און אים פאַרזאָרגן מיט פּרנסה און אַ רײנעם צימער, אין אַ זויבער הויז.

ניו־יאָרקער קענען נישט זאָגן, אַז זײ האָבן נישט געוואוסט באַדענהײמס לאַגע. צײַטונגען האָבן דורך בילדער און נײעס צו־וויסן געגעבן, ווי באַדענהײם ווערט געשלעפּט אין פּאָליצײ פאַר שלאָפן אין סאַבוועי, און אַ צײַטונג־בילד האָט געוויזן ווי באַדענהײם מיט זײַן פרוי זיצן נעבן הויז פון וואַנען מען האָט זײ אָט־ערשט אַרויסגעוואָרפן.

אָבער גלײַך ווי מען האָט באַדענהײמען געפונען ליגן ווי אַ בערגל מיסט, זײַנען הערצער געווירט געוואָרן; רחמנות האָט זיך געגאָסן פון בירגער צו בירגער. אַ טעמפּער קאָמוניסטישער לאַטוטניק האָט אפילו אין דעם מאָרד באַשולדיקט: „די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג, וואָס האָט געלאָזן אומקומען דעם דיכטער". ניו־יאָרקער בירגער האָבן זיך נישט געקענט פאַרגעבן, חרטה האָט זײ געפּײניקט; אָבער צו־שפּעט! אין באַ־דענהײמס בעטלער־פּושקע קען מען שוין קײן דאַים נישט אַרײַנוואַרפן.

די סנאָבישע שרײַבערישע קלײן־בירגערלעכקײט האָט אַרויסגעטײַטשט, אַז באַדענהײם וואָלט גאָר אַנדערש נישט געוואָלט שטאַרבן, ווי ער איז געשטאָרבן, און טאַקע נאָר אין אַ ברודיקן פאַרעיפּושטן צימער. אַזאַ אויספּיר גיט ראָמאַנטישן באַדײַט און באַפּרײַט זײער קאַריערסטישן גע־וויסן פון אַ שולד־געפיל.

די שרייבערישע אָפּאָרטוניסטן זוכן אונטערצוצייכענען, אַז דער גורל פון אַזעלכע אומלייטישע שרייבער ווי באַדענהיים איז אומקומען אין אַ ריננ־שטאָק. לויט אָט־דער טעאָריע, איז פאַראַן אַ גרופּע זעלבסט־צעשטערע־רישע שרייבער, וועמען ס׳איז באַשערט אומגעבראַכט ווערן און שטאַרבן אין רינשטאָקן אַלס שטראָף פאַר אָפּטרעטן פון אָנגענומענעם סדר. אַ לייטישער שרייבער פאַרענדיקט נישט אַזוי גרויזאַם; אַ לייטישער שריי־בער פאַרזאָרגט זיך מיט רעקלאַמע, באַרימטקייט און אַ חשובן אָרט אין דער בירגערלעכער געמיינדע. צוליב דעם טעם איז אַן אומלייטישער שריי־בער אַ בייז־וואונדער און אַ שלעכט געוויקס אויף דער ליטעראַטור; אַ באַלעבאַטישער מענטש דאַרף זיך אָפּקערן פון אַזעלכן.

ווען אַ לייטישער שרייבער געגנט אַן אַזאַ אומצוכט קערט ער זיך מיט עקל אָפּ פון אים. אַזוי איז געווען געגנוי באַשריבן: „פון באַדענ־היימען האָט מען זיך מיט עקל אָפּגעקערט". די זינד פון די אומלייטישע שרייבער איז קלאָר און באַשטימט — די שרייבערישע קאַריעריסטן ווילן נישט האָבן קיין סך פאַרוואַנדשאַפט מיט די אומצוכטן. עס קען שעדיקן די אָנגעבלאָזענע רעפּוטאַציע.

***

מעקסוועל באַדענהיים איז געווען אַן עקזהיבישאַניסט. זיין סאַמע אַריינקומען אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור איז געווען אַרויסצורופן חידוש. זיין ערשטע ליטעראַרישע אויפפירונג איז נישט געווען באַשיידן. ער האָט גלייך נאָכן אָנשרייבן די ערשטע שורה אַוועקגעשטעלט זיין טאָן, — דעם טאָן פון בראַוואַדאָ און איבערטריבענער זיכערקייט.

באַדענהיימס גרויסע טראַגעדיע, וואָס איז אין תוך די טראַגעדיע פון אַ סך דיכטער און נאָך ערשטער מלחמה־קינסטלער, איז וואָס זיי זיינען געקומען אין אַן אומראָמאַנטישער עפּאָכע. זיי האָבן געזוכט פאַרדעקן די סענסיטיוויקייט און ראָמאַנטישקייט דורך בראַוואַדאָ און וואויל־יונגערישקייט.

באַזונדער איז שווער געווען אָנצוהאַלטן קינסטלערישע באַשיידנקייט אין אַן עפּאָכע וואו יעדע טואונג איז קאָמערציאַליזירט און וואו אַלע ווערטן זיינען נאָר אָנגעוויזן און געשאַצט לויט דער רעקלאַמע.

דער עלעמענט סענסאַציע האָט שטאַרק באַוואויגן און געווירקט אויף די פירונגען און גאַנג פון באַדענהיימס אָנקומען און אונטערגיין אין דער ליטעראַטור.

די צייט אַליין פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט געמאָנט סענסאַציאָנעלקייט. די עפּאָכע האָט נישט געקענט פאַרטראָגן באַשיידנ־

קייט, שטילקייט, שעמעוודיקייט און סענסיטיווקייט.

ווען באַדענהיים און זיין גרופּע זיינען געקומען אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, זיינען די אייראָפּייאישע ליטעראַטורן שוין געווען ווייט פאַרגאַנגען אין די פאַרשיידענע אויסטערלישע קונסט־מאָדעס. נאַקעטע, ברוטאַלע און געוואַגטע זאַגעכצן זיינען שוין געווען אַלט און באַנאַל און האָבן שוין גענומען פאַרלירן דעם רייץ. דאָ אין אַמעריקע האָט נאָך אַלץ געהאַלטן די ראָמאַנטיש־לאַקריץ זיסע בהור־מיידל טעמעס, וואָס זיינען צוליבן אַנגלאָ־זאַקסישן היפּאָקריטיזם געווען נישט מערער ווי מאָראַליזירנדע פרייידיקעריי אונטערגעשפּאַרט מיט כלומרשטער צניעות.

די אַמעריקאַנער עפנטלעכע מיינונג האָט נאָך געהאַלטן אַן אויער צו קאָמסטאָקן און צו די אַלע, וואָס האָבן געהאַלטן אַן אויג אויף דער ליטעראַטור, מאָלעריי און טעאַטער, אַז ס׳זאָל זיך דאָרטן נישט אַריינרייסן קיין נאַקעטע וואָרט און קיין געוואַגטע טעמע.

יודזשין אָניעלס „העירי עיפּ“ האָט דעמאָלט אַריינגעוואָרפן די פּראָמאַקעס אין קאָנוואולסיע, צוליב זיין אָפן באַהאַנדלען די סעקס־היפּאָקריטסווע, אויפדעקן סאָציאַלן סנאָביזם, און אַרויסברענגען די שאַרפע סאָציאַלע אונטערשיידן. די אָפענע, דירעקטע און ברוטאַלע רייד פון שיף־הייצער, האָט געשאַפן היסטעריקע. צום ערשטן מאָל האָט מען פון אַן אַמעריקאַנער בינע געהערט דעם אויסרוף: „סאָנאָוואָביטש“.

דאָ איז נישט דאָס אָרט צו באַהאַנדלען די קינסטלערישע ווערטן פון די אַלע ווערק, וואָס זיינען אויפגעקומען אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור פון יענער צייט. מען מוז האַלטן אין זינען, אַז די מערסטע גאָר אָנגעזעענע מאָדערנע אַמעריקאַנער נאָוועליסטן, דראַמאַטורגן און פּאָעטן זיינען פריער געווען צייטונג־מענטשן. אַ סך פון זיי האָבן אַריינגעטראָגן דעם זשורנאַליסטישן טאָן און האָבן געפורעמט זייער קינסטלערישן דרך לויטן צייטונג־שטייגער: סענסאַציע!

אָנשטאָט נודנע מעשיות און גלאַט עסטעטישע פּאָעזיע, האָט די אַמעריקאַנער ליטעראַטור אָנגעהויבן אַרויסרוקן דעם סאָציאַלן מאָטיוו, אויפדעקן ווי די קליין־בירגערלעכקייט פאַרטעמפּט דעם אַמעריקאַנער שטייגער, און אָנווייזן די ברוטאַלקייט פון געלט־גייעג, וואָס דרייזער האָט אָנגערירט אין זיין „אַמעריקאַנער טראַגעדיע“, אַ גייעג, וואָס דערפירט, ווי אַ פּועל יוצא, צו מאָרד.

אגב אורחא, איז ווערט צו דערמאָנען, אַז די אידישע ליטעראַטור איז נישט געגאַנגען פּאַראַלעל מיט דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור שייך דעם טעמאַטיק אויסוואַל. אין דער אידישער ליטעראַטור איז די עסטעטיק

געקומען אין ווידערשטאַנד צום סאָציאַלן מאָטיוו. ביי זיי פאַרקערט; דער סאָציאַלער און אויך נאַקעטער מאָטיוו (ווי ביי אונדז די „כאַליאַסטרע"־עפּאָכע) זיינען געקומען אין ווידערשטאַנד קעגן דער עסטעטיק און דער באַנאַלער מאָראַליזירנדיקער און סאַלאָן־ליטעראַטור.

ביי אונדז האָבן די „יונגע" און די „אינזיכיסטן" זיך פאַרמאָסטן מבטל און צונישט מאַכן די גאַנצע ליטעראַטור, וואָס האָט באַהאַנדלט סאָציאַלע מאָטיוון.

באָדענהיים איז נישט אריינגעפאַלן אין אַ ליטעראַרישן חלל. ער איז געקומען צוזאַמען מיט אַ גאַנץ היפשער גרופּע פּאָעטן און נאָוועליסטן. אין דער ליטעראַטור האָבן שוין דעמאָלט געגעבן דעם טאָן הענרי ל. מענקען און דזשאַרדזש דזשעי נייטען, עדנא סעינט ווינסענט מילעי, ט. ס. עליאָט, עלינאָר ווײלי און עדגאַר ל. מעסטערס זיינען שוין געווען פאַרזיכערטע ליטעראַרישע נעמען. קאַרל סאַנדבורג איז שוין דעמאָלט געווען באַקאַנט איבערן לאַנד פאַר זיינע טיף־סאָציאַלע לידער.

טראָץ דעם, וואָס די מאָטיוון אין דער דיכטונג זיינען געווען מאָדערנע, זיינען זיי אָבער געווען אין שניט פון די באַקאַנטע ליריש־ראָמאַנטישע שטימונגען. פאַר באָדענהיימען איז דערפאַר געווען די פרייע געלעגנהייט צו זאָגן אַ געוואָגט וואָרט און אַ פרישן געדאַנק.

באָדענהיים, דער עקזהיביציאָניסט, האָט אין דער ליטעראַטור נישט געקענט קומען שטיל. ער האָט דאָס נישט געקענט טאָן גייסטיק, פיזיש און עמאָציאָנעל. כדי אַרויסצורופן אויפמערקזאַמקייט, האָט ער געמוזט טאָן אַזוינס וואָס זאָל שאָקירן און זיין טראַציק.

נישט נאָר אין דער טעמע האָט באָדענהיים געדאַרפט זיין געוואַגט, די טיטולן אויף די ביכער האָבן געמוזט זיין עקזאָטיש און קוריאָז: „נעיקעד אָן סקעיטס" און „ריפּלגעשינג דזשעסיקאַ" זיינען געווען באַשטימט פאַר ניגיר, אויפמערקזאַמקייט און להכעיס.

באָדענהיים האָט געשאַפן ליטעראַרישע מאָדע. ער האָט באַשיידענע יונגע מענטשן באַפרייט פון פאַרשאַרפטער צניעות. ער האָט שעמעוודיקע בעלי־חלומות, קאַלעדזש סטודענטן און האַלבע אינטעליגענטן געגעבן אַ קאָמפּלעקס פון סאָפיסטיקאַציע און געוויזן זיי דעם דרך ווי צו האַלטן זיך וויכטיק און האַנדלען געוואָגט.

ביי קליין־שטעטלדיקע בחורים און מיידלעך האָט ער צעשטערט די סעקסועלע מוראס און האָט פאַר זיי צו־נישט געמאַכט די סעקסועלע געהיימנישן, וואָס די אַנגלאָ־זאַקסישע היפּאָקריסטווע האָט געהאַלטן פאַרשליערט.

היסטערישע מיידלעך האָט ער געשפּייזט מיטן אמתן מאַן־העלד קאָמפּלעקס. די ניוראָטישע מיידל אָדער ווייבל האָט באַפרידיקט איר פּע־

מיניטעט און דערהויבן איר שפּלות־געפיל דורכן באַוואוסטזיין, אַז זי איז אין דער געזעלשאַפט פון קינסטלער און ווערט באַהאַנדלט דירעקט און ווי אַ גלייכער מענטש.

באַדענהיים האָט געלערנט אָפּשפּאַטן פון אַלע פיליסטערישע דרכים. דירעקטקייט און געוואַגטקייט האָבן פאַרביטן די דאַזיקע ווייבער־העפ־לעכקייט. קאַוואַליערישקייט איז געוואָרן אַן אויסדרוק פון איבערטריי־בונג; אַ שפּיל פון פוסטע קעפּ און אַ באַווייז פון דעם ווי פעמיניטעט האָט פאַרדאָרבן דעם מאַנספּאַרשוין.

באַדענהיים האָט פאַרמאָגט די אמת גראַנדיעזע פּאָזע און האָט גע־וואוסט ווי אַזוי זי צו מאַכן. ווי אַ שטיקל אַקטיאָר, האָט ער געקענט דעם אופן פון איבערטרייבן און מאַכן אַנשטעל. נישט צוליב קאַריערע האָט ער געפּראַוועט טישן, נאָר צוליב דעם פּאַטאָס וואָס איז געווען אַרום דעם.

באַדענהיים איז געווען אַ ווילדזשער אין גאַנצן תוך זיינעם. זיין ריאַרטיקע בירגערשאַפט איז שוין גאַרניט געווען קיין אַנשטעל. פאַר די שרייבער, וואָס גרויסן זיך מיט זייער באַהעמישער פאַרגאַנגענהייט, איז דער ווילעדזש געווען אַן אכסניא. פאַר באַדענהיימען איז דאָס אָבער גע־ווען זיין לאַנד. פון דאָרטן האָט ער געגעבן דעם ערשטן אמתן געשריי אין דער וועלט.

ער איז געקומען אין ווילעדזש נישט נאָר נעמען און איינעמען, נאָר אויך מיטנעמען. ער האָט דעם ווילעדזש געגעבן אַ מאַניער און האָט אויך, פאַרקערט, אָנגענומען די כאַראַקטעריסטישע ווילעדזש מאַניערן.

**
*

אין דער צייט פון דער „גלאַמאַריזינג־עפּאָכע" אין די אָנהייב צוואַנ־ציקער יאָרן, האָט די אַמעריקאַנער דראַמע און נאָוועלע פאַרוואָרפן די מאַראַליזירנדע מעשיות און האָט זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט רעאַליס־טישע און דירעקטע מאָטיוון.

די אינטעליגענץ האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיט דזשעימס דזשאָיס „יו־ליסיס" און האָט אָנגעהויבן נאָכטאָן די עראָטישע אויפפירונגען פון די העלדן, וואָס זיינען געווען באַשריבן אין די דזשאָיס־מעשיות. אַ באַ־שטעטיקונג פאַר אינטעליגענץ, סאָפיסטיקאַציע און אַנדערשקייט איז גע־ווען זיך אויפפירן און גיין אין מאָדערנעם און צו־להכעיסדיקן גאַנג. לייענען גערטרוד סטיינס זינלאָזע לידער איז געווען דער אַטעסטאַט פאַר אינ־טעליגענץ, מאָדערניזם און סופּעריאָריטעט.

דער באָמבאַסטישער ליטעראַטור־טאָן האָט משפּיע געווען די באָמ־

באַסטישע אויפפירונגען. באַדענהיים איז געווען דער קאַלירפולסטער מוס־טער פון באָהעמישן „גלעמאַר", פאָזע און צו־להכעיסדיקייט.

באַדענהיים האָט זיך פאַרטאָן אין זיין ראָלע. די אָנהייב טרינק־פעריאָדע איז נאָר געווען לשם זשעסט. דעם קאָמפּלעקס וואָס טרינקען האָט געגעבן איז סיי אים און סיי דער יונגוואַרג, וועלכע האָט געהאַלטן אין פאַרוואַרפן די קליינשטעטלדיקע שעמעוודיקייט זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן.

אין תוך איז באַדענהיים געווען סענסיטיוו און ראָמאַנטיש, אָבער מחמת פאָזע האָט ער די ראָמאַנטיק פאַרטריבן מיט וואוילינגערישקייט און בראַוואַדאָ. די סענסיטיוויקייט האָט ער דערטרונקען. אונטער ווירקונג פון אַלקאָהאָל קען מען זיין געוואַגט; דער אַלקאָהאָלישער איינפלוס גיט זיכערקייט, אַ געפיל פון שטאַרקייט און אַ געלעגנהייט צו זאָגן און אַריינזאָגן. אין תוך אָבער איז באַדענהיים געווען שטיל און גאָר שעמעוודיק.

דער אמתער קינסטלער זוכט זיך נישט פאַרזאָרגן מיט פיזישער באַקוועמלעכקייט און מאַטעריעלער זיכערקייט. ער נעמט נישט אָן דעם סדר און שטייגער פון דער פיליסטערישער געמיינדע. נאָר, פאַרקערט, ער וויל זיך גאָר מיט איר נישט אָנקערן און האָבן מיט איר וועלכע עס איז עמאָציאָנעלן און אינטעלעקטועלן שייכות.

דער אמתער קינסטלער איז געגאַנגען באָרוועס אויף דער וועלט. די געשיכטע האָט פאַרזאָרגט אַ גאַנץ היפּשן צעטל קינסטלערישע מענטשן, וואָס האָבן זיך אַליין צעשטערט. ווילאָן, באָדלער, ווערלען, רעמבאָ, וואַן גאָג און אפילו בייראָן און פושקין.

דער ווילדעדזש האָט זיך געגרויסט מיט יעסענינס עקזאָטישע אויפ־פירונגען. זיינע סקאַנדאַלן זיינען אָנגענומען געוואָרן ווי קינסטלערישע אויסברוכן און ווידערשטאַנד קעגן פיליסטערישן סדר, וואָס וויל דעם קינסטלער דערשטיקן.

דער גורל פון קינסטלער איז צו לעבן אין דער געמיינדע פון קליי־נינקע מענטשעלעך: מענטשעלעך מיט אומווירדיקע השגות. זיי טרייבן זיך אין אַ זינלאָזן געיעג צו דערגרייכן און פאַרכאַפּן ווערטלאָזע זאַכן. דאָס ווערטפולסטע וואָס גאָט האָט געשענקט דעם מענטשן־מין איז דער שעפערישער יחיד. דאָס ממשותדיקע, דויערהאַפטע און זינפולע, וואָס דאַרף צוגערעכנט ווערן צו מענטשלעכער עשירות איז קונסט.

אָבער דער מענטש וויל נישט אָננעמען דעם קינסטלער, פונקט ווי ער וויל ניט אָננעמען גאָט. ער נעמט אָן געצן און פאַלשע נביאים און דערהויבט און שאַצט אָפּ נאָר מאַטעריעלע דערגרייכונגען. דערפאַר נוצן פאַלשע נביאים אויס די פאַרדאָרבנקייט אין מענטשן כדי זיי, די דאָזיקע

נביאים זאָלן זיך פאַרזאָרגן מיט פיזישע און מאַטעריעלע זיכערקייט, נוצן זיי אויס פאַרשיידענע פּאָזעס און זעלבסט־רעקלאַמע מעטאָדן. זיי לעבן אויפן מאָמענט און פון מאָמענט. דער אמתער קינסטלער איז אייביק, פונקט ווי גאָט. גאָט דאַרף נישט קיין רעקלאַמע, די אומזיכערע דאַרפן יעדן טאָג דערמאָנען גאָט, אַז זיי גלויבן אין אים, דער אמתער מענטש האָט זיין בונד מיט גאָט געשלאָסן אויף אַלע אייביקייטן.

וואָס בלייבט דעם קינסטלער צו טאָן אין אָט־דער פאַרדאָרבנקייט? — אַנטלויפן! אַנטלויפן צו דער וועלט, וואָס ער האָט געשאַפן, אַ וועלט וואָס קען אים אויפנעמען און אָנהאַלטן און אים געבן זיכערקייט און רו. אָבער אין דער פאַרדאָרבענער מאַטעריאַליסטישער וועלט האָט דער קינסטלער קיין פּלאַץ ניט וואו צו לויפן. דער אויסוועג? — ביטערקייט, ציניזם, פון אָנהויב אַ זשעסט און שפּעטער אַ באַרעכטיקונג פאַר אַלקאָהאָל.

דער בירגער האָט פיינט דעם אַנדערש־דיקן, דער קינסטלער פאַרשפּאָט דעם בירגער. דער בירגער איז פאַרדאָרבן דערפאַר, וואָס ער איז אידייען־לאָז, עס פעלט אים אַן אָנהאַלט, ער האַלט זיך אָן אין פאַלשע ווערטן. בלויז אַ געזעלשאַפט וואָס וועט פאַרבייטן די זינלאָזיקייט אויף ממשותדיקע ווערטן וועט געבן פּלאַץ, אָנערקענונג און אָפּשאַצונג צום אמתן קינסט־לער, וואָס איז, אין תוך, אַ פריי־גייסט.

אָט־די באַנעמונג האָט געעפנט די מעגלעכקייט פאַרן ליגן, וואָס קאָ־מוניסטישע אַגענטן האָבן געשפּרייט, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע האָט שוין אַזאַ אָרט אין רוסלאַנד פאַרזאָרגט פאַרן קינסטלערישן מענטשן. דער קינסטלער־אידעאַליסט האָט מיט פאַרגאַפונג און מיט אַן אָפן האַרץ זיך איינגעשפּאַנט אין וואָגן פון קאָמוניסטישן שווינדל.

* *
*

באַדענהיימס ירידה האָט זיך אָנגעהויבן נישט דורך איבערגעטריבע־נער שיכרות, נאָר דורך זיין אָננעמען דעם קאָמוניסטישן ליגן. די קאָ־מוניסטישע פאַרטיי־קאַרטל האָט אים אַראָפּגעקייקלט אין קינסטלערישן אָפּגרונט. דאָס וועלן צופּאַסן זייַנע לידער צום פּראָלעטאַרישן קורס האָט אים מערער געשעדיקט ווי אַלקאָהאָל און האָט זיך מיט אים ברוטאַל אָפּ־גערעכנט.

באַדענהיים אַליין האָט נישט באַנומען זיין האַסטיקן גאַנג צום אָפּ־גרונט. די קאָמוניסטן, וואָס זאָגן צו די אמתע געלעגנהייט זיך אויסלעבן פריי, קענען גאָרנישט פאַרטראָגן און דולדן פרייע אויפפירונג.

באַדענהיים האָט שטאַרק געוואָלט זיך צופּאַסן צו די קאָמוניסטן. זיי איז אָבער געווען דערווידער זיין פרייע אויפפירונג. ווי אַלע גרויזאַמע און טאָטאַליטאַרע באַוועגונגען, האָט די קאָמוניסטישע נישט געקענט

מיט אים איינגיין אויף אַ פּשרה. ער האָט גראָד אַלץ נאָכגעגעבן, געשריבן לויט דער ליניע, געטראָגן זייער פאָן און וואָרט. ער האָט בלויז פאַרלאַנגט אַביסל פרייהייט צו קענען זיין נישט מערער ווי אַ שאָטן פון אַמאָליקן באָדענהיים.

צוליב זיין וועלן זיך אָנהאַלטן אין זיין שאָטן, האָבן אים די קאָמוניסטן פאַראייניזאַמט. די פאַרטיי־חברים האָבן גענומען זיך אָפּקערן נישט פון שיכור און אומצוכנט, נאָר פון פּאָעט און יחיד, וואָס האָט געוואָלט זיך אָנהאַלטן אין דער געדעכעניש פון זיין וואַגאַבונדישן עבר.

באָדענהיים האָט שוין געהאַט קיין צוריק־וועג. ער איז פון אַלץ אויסגעלייזדיקט געוואָרן. דער גראַנדיעזער עקזיהיבישאַניסט איז פאַרלאָזן געוואָרן. קיינער קוקט זיך נישט אום אויף אים; די אויפמערקזאַמקייט איז פאַרביטן געוואָרן אויף עקל; אַלע האָבן אים פאַרלאָזן. ער האָט אָבער געדאַרפט עמיץ זאָל אים הערן און שטראָפן פאַר זיין ירידה. ער האָט גענומען שרייען אין דער וועלט אַריין. זיינע זידלערייען און געשרייען האָבן שוין, אָבער, נישט געהאַט קיין האַפט. קיינער האָט אים שוין מערער נישט באַדאַרפט. אַ קלוגינקער סאַדיסטל, כדי זיך מאַכן וויכטיק פאַר זיין גוט־האַרץ, האָט אים אַמאָל צו געוואָרפן אַ מטבע. באָדענהיים האָט פאַרגיטיקט די נדבה מיט עטלעכע זינלאָזע ווערטער אויף אַ שטיקל ברודיק פּאַפּיר.

**
*

**באָדענהיימס וועלטן זיינען אונטערגעגאַנגען. דער ווילעדזש איז איי**בערגעקערט געוואָרן. די קאַלירפולקייט, וואָס האָט געגעבן דעם ווילעדזש דעם אויסטערלישן רייץ האָט זיך אָפּגעטאָן. די "דאַבעליו־פּי־עי" און די קאָמוניסטישע השפעה האָבן חרוב געמאַכט דעם באָהעמישן ראָמאַנטיזם, וואָס האָט דעם ווילעדזש אויסגעטיילט און באַרימט געמאַכט פאַר דער אַנדערשקייט, טראַציקייט און עקסצענטרישקייט.

באָדענהיים האָט געמיינט, ער וועט קענען מאַכן אַ שותפות צווישן דער קאָמוניסטישער השפעה און דעם ווילעדזש. ער האָט געמיינט אַז די פאַרטיי וועט זיין דער המשך פון ווילעדזש. ער האָט נישט געקענט באַנעמען, אַז די פאַרטיי, נאָכן ירשענען דעם ווילעדזש, וועט זיך פאַרנעמען אויסראָטן די עקזאָטישקייט און אומברענגען דעם סדר, וואָס איז באָדענהיימען געווען אַזוי נאָענט, אָבער פאַר דער פאַרטיי איז דער ווילעדזש געווען ניט מער ווי אַן אויסדרוק פון צעקראָכענער קליין־בירגערלעכקייט און שענדלעכער לומפּן־פּראָלעטאַרישקייט.

באַדענהיימס נאָענטקייט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט פאַר אים נישט געהאַט קיין פּאָליטישע באַדייטונג. ס'איז געווען אַזאַ שפּיל. ער האָט נישט פאַרשטאַנען די ערנסטקייט פון ווערן אַ קאָמוניסטישער פּאַרטיי־אָנגעהעריקער. ער האָט נישט געזען קיין חילוק צווישן אים, דעם יחיד, און דער פּאַרטיי. וואָס איז דען דער חילוק? פאַר דער יוגנט, וואָס די פּאַרטיי זאַמלט ווערט אָפּגעשפּאָט פון פיליסטער און מען לערנט ווידער־שפּעניקן די מאַטעריאַליסטישע געמיינדע. די פּאַרטיי האָט פאַר דער יוגנט פריי געמאַכט די „מען־טאָר־נישט", דאָס זעלבע וואָס ער טוט. צו־ליב דעם איז די פּאַרטיי פאַר באַדענהיימען געוואָרן אַ פּלאַטפאָרמע, פון וועלכער ער קען, אַן שטערונג, אָנהאַלטן די ווילדזש פּאָזע, די בראַוואַדע און אַלס צוגאָב דעם פּוץ פון דער קאָמוניסטישער מאָדע.

די פּאַרטיי האָט געדאַרפט באַדענהיימען צוליבן רייץ, וואָס זיין נאָמען האָט נאָך געהאַט צווישן אַ גרויסער צאָל יונגע מענטשן, וועמען דער ווי־לדזש־שטייגער און מאַניערן האָבן געגעבן ראָמאַנטישקייט, מיסטעריע, אַ געפיל פון וויכטיקייט, אַנדערשקייט און אַ סופּעריאָטעט קאָמפּלעקס.

די פּאַרטיי האָט נאָך, אַלס צוגאָב, צו דער באָהעמישער מאָדע, צו־געגעבן די פּאָליטישע מאָדע.

**
*

די פּאַרטיי איז אַ שווינדל. זי האָט באַדענהיימען אָפּגענאַרט, זי האָט אים נישט געגעבן די וועלט, וואָס איר פּראָפּאַגאַנדע האָט אים צוגעזאָגט. בכלל האָט אים שוין די פּאַרטיי נישט געקענט פאַרטראָגן; נישט זיין הולך, נישט זיין אויפפירונג און נישט זיין שרייבן האָט געהאַט פאַר דער פּאַרטיי אַט־דעם ווערט, אַז זי זאָל אים דולדן און האָבן מיט אים אייגזעעניש.

די פּאַרטיי האָט אים שוין נישט באַדאַרפט און זי האָט גענומען צאַ־מען זיין וועג און האָט פאַרשטעלט פאַר אים די פּלאַטפאָרמעס.

אין די יאָרן ווען מיר האָבן געאַרבעט אויפן „דאַבעליו־פּי־עי" שריי־בער־פּראָיעקט איז צווישן מיר און אים אָנגעהאַלטן געוואָרן אַ נאָענטקייט. אַ סך מאָל פלעגט זיך באַדענהיים מצער זיין, וואָס די פּאַרטיי האָט ביט קיין חסד און איינזעעניש מיט אים און דראָעט אים כסדר מיט אויסשליסן. ער האָט מורא געהאַט, אַז די אויסשליסונג וועט אים ממש איזאָלירן.

באַדענהיים האָט נישט געקענט לעבן אָפּגעזונדערט. ער האָט געמוזט האָבן אַן אויער און אויך די סביבה וואו ער זאָל קענען רעדן, דעקלאַ־מירן און אָנהאַלטן די פּאָזע פון זשעני. אין תוך — האָט ער געזוכט אַ באַהעלטעניש, נאָר ער האָט מורא געהאַט זיך צו באַהאַלטן.

מיליאָנען שיכורים קומען נישט אום מיט אַ געוואַלד־טויט. טויזנטער אַלקאָהאָליקער טרייבן זיך נישט אין אָפּגרונט. באָדענהיים, דער אימפּול־סיווער, סענסיטיווער און צאַרטער, האָט נישט געקענט געדייען אָן אויפמערקזאַמקייט. ער האָט נישט געקענט איבערטראָגן וואָס מען קערט זיך אָפּ פון אים. אין אים איז אויפגעקומען אַ זעלבסט־רחמנות. ער האָט זיך געגומען באַטראַכטן ווי אַן אויסגעוואָרצלטער, אַ יחיד וואָס איז אַליין אין דער וועלט. אַן אומזיכערער, אַ פאַרפּייניקטער פון אַנגסטן און מוראס.

טרינקען, וואָס איז לחלוטין פון אָנהויב געווען פּאָזע און אויסשטעלעריי, איז געוואָרן אַן אויסרייד פאַר שיכרות און אַן אויסוועג ווי אַזוי צו פאַרטרייבן די איינזאַמקייט. די איינזאַמקייט האָט באַדענהיימען צוזאַמענגעבראַכט מיט פערווערזן, משוגעים, פּסיכאָפּאַטן און פאַרברעכער. פאַר זיי און אין זייער געזעלשאַפט האָט ער נאָך געקענט גילטן ווי באָדענהיים דער פּאָעט, באַהעם און אינטעלעקט.

פיזיש און גייסטיק איז שוין באָדענהיים געווען טויט לאַנג. דאָס בינטל ביינער, וואָס איז געפונען געוואָרן אין אַ פאַרדריפּעטן צימער אויף דער דריטער עוועניו, איז נישט געווען באָדענהיים, נאָר זיינע אַ ברודיקע איבערבלייבעכץ.

באָדענהיים איז געווען נאַאיוו און גלויבעריש. ער האָט פאַרטאָן זיין געפּילפּולקייט און סענסיטיווקייט אין להכעיס. ער האָט זיך געהאַלטן ווי אַ גייסטיקער אַריסטאָקראַט און געהאַט דעם גלויבן און זיכערקייט, אַז ער איז אַ זשעני.

ער האָט נישט געמאַכט קיין וועזן פון געלט. און ער האָט זיך צופיל נישט אָפּגעגעבן מיט קליידער־פּוץ. ער האָט געהאַלטן, אַז פאַר אַ שעפערישן מענטשן דאַרף גייסטיקייט זיין דער פּוץ.

ער איז ניט געווען קיין ציניקער, ער האָט נאָר אַ שאַרפן און בייזן וואָרט איינגעטיילט פריינט און קעגנער. ער איז געווען אומבאַהאָלפן, ער האָט געוואָלט אַ גוט־וואָרט און האָט געבעטן נאָך איינזעעניש.

באָדענהיים האָט פאַראַכט שרייבער און קינסטלער, וואָס זיינען קאַריערע־זוכער. ער האָט זיי אַריינגערעכנט אין דער מחנה פון מאָדעל־מיידלעך, אַקטיאָרן און אַקטריסעס, וואָס לעבן נאָר פון רעקלאַמע.

ער האָט אַלץ צעטערעגצלט: דערפאָלג, קאַריערע האָט פאַר אים געמיינט עפּעס אַ מין שטראָף פאַר די, וואָס זעטיקן זיך נישט מיט דערפאָלג און זיינען אין געיעג צו פאַרזיכערן זיך, דערפאַר וואָס זיי זיינען קיינמאָל נישט זיכער.



באַדענהיימס נישטיק זיין האָט זיך פֿאַרענדיקט. די גראָבע מאַטע־ריאַליסטן און ציניקער זיינען באַפֿאַלן זיין געדעכעניש ווי רויב־פֿויג־לען. די קאָרשונעס האָבן דערשמעקט די געלעגנהייט איינצוקאַסירן פֿון באַדענהיימס סוף געלט, פֿאַרזיכערונג און כבוד.

אַלע עלעמענטן פֿון מעלאָדראַמע זיינען פֿאַרוויקלט אין דער באַדענ־היים־געשטאַלט: סעקס, ראָמאַנס, זעלבסטמאָרד, בראַוואַדאָ, לירישקייט, ציניזם, מיסטעריע, בעטלערײַ, פֿאַזע און גוואַלד־טויט.

„קונסט־סוחרים" גרייטן שוין די וואַקכאַנאַליע. זיי ווייסן גענוי, וואָס דעם בוך־קונה וועט געפֿעלן ווערן: סענטימענטאַלקייט, העלדן־געשטאַלט, פֿאַרראַט און ברודיקער סוף. דאָס אַלץ וועט איינגעוויקלט ווערן אין איבערטריבענעם ליריזם, רחמנות, רציחה און אינטריגע.

פֿאַרגעסן איז געוואָרן, אַז באַדענהיים האָט יאָרן געלעבט אַ וועט־רעמדיק און אויסגעליידיקט לעבן. נאָר גלייך טאַקע, ווען דאָס בינטל מיסט, וואָס איז געבליבן פֿון באַדענהיימען איז נאָך געלעגן אויפֿן ברודיקן דיל פֿון פֿאַרדריפּעטן צימער אויף דער דריטער עוועניו, האָבן סוחרים געלאָזן וויסן, אַז מען האָט געפֿונען מאַנוסקריפּטן און אַ טייל פֿון זיין אויטאָביאָגראַפֿיע.

באַדענהיים האָט פֿופֿצן יאָר נישט אָנגעשריבן קיין וואָרטפֿולע שורה. ער איז געווען פֿאַרטעמפּט פֿון אַלקאָהאָל און אויסגעליידיקט פֿון יעדן שעפֿערישן אָנרעג.

אין די „דאָבעליו־פּי־עי" יאָרן, ווען מיר האָבן נישט נאָר פֿאַרבראַכט, נאָר פֿאַרווילט, געשמועסט, זיך געזידלט און געלייענט לידער איינער פֿאַרן אַנדערן, איך, אין אידיש אין איבערזעצונג און ער, אין ענגליש, איז אין קיין ליד זיינס נישט געווען קיין גלייך וואָרט און אַ זינלעכער געדאַנק. זיינע ווערטער — אַ געמיש פֿון פּראָלעטאַרישער באָמבאַסטיק און אימאַזשיניסטישער פּוסטקייט.

באַדענהיים פֿלעגט נאָך אין די שפּעטע דרייסיקער יאָרן לייענען לי־דער פֿאַר קאָמוניסטישע בחורים און מיידלעך. די לידער האָבן נישט גע־האַט קיין האַפֿט און קיין ווירקונג און זיינען געווען אָן גלאַנץ, אימפּעט, חן, ליריזם, און געדאַנקען. שפּעטער צו פֿלעגט ער זיך אונטערשרייבן אויף פּראָ־קאָמוניסטישע בריוולעך, וואָס די „דעיליי־ניוס" האָט געדרוקט אין דער „שטימע פֿון פֿאָלק"־אָפּטיילונג.

נאָך אין יענע יאָרן האָט באַדענהיים אויפֿגעהערט זאַמלען זיינע מאַ־נוסקריפּטן. ער איז געוואָרן גלייכגילטיק צו זיין שרייבן און ער האָט זי־כער זיך נישט אַרומגעשלעפּט מיט מאַנוסקריפּטן. פֿאַר זיך אַליין האָט ער נישט געהאַט קיין אָרט וואו זיך אַהינצוטאָן. אין דעם צושטאַנד וואָלט ער

זיך קיינמאָל ניט געגעבן די מי אָפּצוהיטן כתבים. אַחוץ דעם, איז ער כסדר געווען אין אַ טראַנס און טעמפּ פון אַלקאָהאָלישן טשאַד. די סענטימענטאַלע מעשיות, אַז ער האָט געשענקט אַ ליד פאַר אַ פּאָר סענט, איז אָבגעמאָסטן צום ראָמאַנטישן רומל, וואָס ווערט איינגערעדט די סענסאַציע־זוכער. באַדענהיים אַליין האָט נישט געוואוסט, וואָס ער דריבלט אָן אויפן שטיקל ברודיקן פּאַפּיר.

***

באָדענהיים איז געווען אומרעאַליסטיש. זיין וועלט, וואָס ער האָט זיך געשאַפן און אין וועלכער ער איז פאַרגאַנגען, איז געווען פריי פון סוחרישער שלויקייט און קאַריעריסטישע צילן. ער האָט זיך ניט געיאָגט נאָך כבוד. ווילד און זינלאָז איז פאַר אים געווען דער געיעג און גלוסט נאָך אויסגעטראַכטע ווערטן. ער האָט מיט זיין בעטלען פאַרשעמט דעם מענטשן און זיין געזעלשאַפטלעכן לעבן־סדר. ער האָט באַוויזן, אַז אַ מענטש וואָס שטעלט נישט אָפּ זיין געיעג נאָך מיליאָנען איז פאַרלאָזענער און אומגליקלעכער, ווי דער בעטלער וואָס קען זיך באַפרידיקן מיט אַ דאַים און אַ טרונק בראָנפן. דאָס גליק איז נישט אין אַ סך געלט, ס׳קען אויך זיין געצנוג אַ טרונק בראָנפן. ער האָט פאַרשעמט די זאַטע, די פאַרזאָרגטע און די ווילדע כבוד־זוכער. ער האָט אויפגעדעקט ווי קליין, נישטיק און אומזיכער ס׳איז דער זיכערער. ער האָט זיי אַלע געלאָזן זיך דערקענען מיט זייער קליינלעכקייט, טעמפּקייט, און ברוטאַלקייט. די איראָניע: בעת העכט, זיין חבר און פריינט, דער מענטש, וואָס האָט „גוט געמאַכט״, האָט דערקלערט, אַז אַ פּאָר וואָכן פאַרן טראַגישן סוף, האָט באָדענהיים אים געשריבן, אַז ער איז קראַנק און אין גרויס נויט; ער פאַרמאָגט אפילו נישט קיין פּוסטן סענט.

באָדענהיים האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשיידט פון די אָפּאָרטוניסטן און קאַריעריסטן. ער איז געווען אויפריכטיק און ראַיעל. ער האָט די בראַוואַדאָ געגעבן אַ ליריש־דראַמאַטישן פאַרנעם. אין פאַרגלייך מיט די כבוד און דעקלאַמע־יעגער, איז ער געווען שטיל און באַשיידן.

אַלץ איז ביי אים געווען אמת. ער האָט געזוכט אַן אידייע און אַן אינהאַלט אין דער זינלאָזיקייט פון זיין. וואָס ער האָט געטאָן, אפילו מיט פּאָזע, האָט ער געטאָן מיט טיפער אויפריכטיקייט. ער איז געווען אַ קנויל פון קאָנפליקטן און קאָמפּליקאַציעס און ווי אַלע בופאָנען — איז ער געווען פאַרווירט און טיף־טראַגיש.



אַז באַדענהיים האָט זיך פאַרגומען צו שטאַרבן, האָט ער דאָס נישט געטאָן פאַר רעקלאַמע. פון אים האָבן זיך ניסים אָפּגעטאָן. אויף אים האָבן זיי נישט געהאַט קיין שליטה. ער איז נישט, ווי העמינגוועי, וואָס איז צוויי מאָל אַראָפּגעפאַלן פון אַן עראָפּלאַן און איז אַרויס אומבאַשעדיקט.

אַז באַדענהיים איז אַוועק שטאַרבן, האָט ער דאָס נישטיקע, דאָס זיב־לאָזע, די רעקלאַמע און די מאַטעריעלע עשירות, וואָס ווערט אָנגעזאַמלט ווערן פון זיין נאָמען, געלאָזן אין זיין צעריסן טשעמאָדאַנטשיק, וואָס האָט באַשיצט זיין ברידיק העמד. ער האָט נאָר מיטגענומען די זון פאַר צו־קאָפּנס.

# הײַסע װינטן בלאָזן



„שנאו בשער מוכיח ודבר תמים יתעבו״
(זײ האָבן פֿײַנט דעם װאָס מוסרט אין טויער, און דעם
װאָס רעדט ערלעך פֿאַראומװערדיקן זײ.) (עמוס)

*
**

„ובערת הרע מקרבך״: זאָלסט אויסראַמען דאָס שלעכטס
פֿון צװישן זיך גופא!

# די מאַסקע אָן דער מאַסקע

ווען די צייט איז געקומען, אַז הערמאַן גאָלד האָט געדאַרפט פאַרלאָזן די וועלט פון מאַסקעס, האָט ער עס געטאָן מיט אויסערגעוויינלעכער גיכקייט. ער איז שוין געוואָרן כולו אמת און האָט מערער נישט געוואָלט זיין אין דער מאַסקע־וועלט אָן אַ מאַסקע.

הערמאַן גאָלד, דער אויסגעטראַכטער נאָמען, האָט גערייצט צו שמייכלען, די ביי וועמען די מאַסקעס האָבן זיך שוין געהאַט איינגעוואַקסן אין פלייש, האָבן נעבעך קיין גרימאַסע נישט געקענט מאַכן; די אַנדערע — ביי וועמען די מאַסקע האָט זיך גרינג געטראָגן, זיינען אויפגעלאָפן מילדערן אַביסל דעם לאַסט פון מאַסקע־טרעגעריי — אונטערהאַלטן זיך אַ ווייל מיט הערמאַן גאָלדס קאַפּריערדיקייט.

אין אַלץ איז ער געווען קאַפּריער. נאָך איידער דער מלאך האָט אים אַראָפּגענידערט אויף זיין פּיצל ערד, האָט ער געבעטן דעם באַשעפער ער זאָל אים מאַכן מיט אַ קאַפּריערדיקן אויסזען. אַליין האָט ער זיך באַשטעלט: די שפּיזל־האָר, דעם פלאַכן שטערן און דעם ברייטן קורצן נאָז. אויגן, אָבער, האָט ער זיך געהייסן געבן ליכטיקע, כדי די חכמה אין זיי זאָל קענען אָפּלאַכן, אָפּשפּאַסן און חוזק מאַכן פון די פּנימער מיט די גראַדע ליניעס, פון די האָר, וואָס האָבן זיך גרינג פאַרקעמט און פון די, וואָס האָבן זיך געשמירט די האָר מיט פּאָמאַדע כדי זיי זאָלן קענען ליגן איינגעלייגט.

הערמאַן גאָלד דער צאַרטער, סענסיטיווער און ליכטיקער!

הערמאַן גאָלד דער קאַפּריערדיקער!

הלל גורנין איז שווער געווען דאָס לעבן צווישן ביירוקייט און אָנשטעל. ער האָט באַנומען, אַז צופיל וועט ער נישט קענען אויסהאַלטן די האַרבקייט און חוצפה פון מענטשן. הלל גורני ווערט געשעדיקט, הלל גורנין איז שווער צו אָנגיין אין לעבן; אפשר וועט הערמאַן גאָלדן גרינגער אָנקומען דאָס לעבן? אפשר וועט הערמאַן גאָלדן מעגלעך זיין איינשטעלן באַקוועמלעכקייט?

צווישן הלל גורני און הערמאַן גאָלד איז געמאַכט געוואָרן די פּשרה: הערמאַן גאָלד האָט אָנגעטאָן די מאַסקע, כדי הלל גורני זאָל קענען אָנהאַלטן זיין ביסל זיין צווישן בייז און איינגענוציקייט.

הלל גורני מיט דער הערמאַן גאָלד מאַסקע!

„הער־מאַן [פאַרגרייזט פון ,מיין׳, ווי די אוקראַינער און פוילישע אידן רעדן עס אַרויס] גאָלד, גיי אַרויס אין דער וועלט מיט אַ מאַסקע. האָב הצלחה, הער־מאַן גאָלד!"

הלל גורניס מאַסקע — הערמאַן גאָלד — איז געוואָרן אַ משפּחה־מאַסקע, נאָר אַ קאַפּויערדיקע. די אַנדערע מאַסקע־טרעגער האָבן זיך פאַר־שטעלט כדי צו קענען ליגנערן און אָפּנאַרן, די הלל גורני־מאַסקע — הער־מאַן גאָלד, — האָט זיך פאַרשטעלט, כדי צו קענען, אויב נישט זאָגן, איז אַריינזאָגן — דעם אמת.

הלל גורני האָט אַרויסגעלאַכט פון דער הערמאַן גאָלד־מאַסקע, מיט זיין קאַפּויערדיקייט האָט ער אָפּגעשפּאָט פון קאַפּויער, וואָס די אַנדערע מאַסקעס זוכן פאַרשטעלן. די אַנדערע מאַסקעס האָבן זיך געפּוצט און ער האָט זיך געצירט אין אויסגעפּוצטקייט. ער האָט זיי באַוויזן, אַז יע־דער איינער איז אַ שטיקל הערמאַן גאָלד, אָדער וויל זיין אַ הערמאַן גאָלד, נאָר האָבן נישט דעם מוט און כוח דאָס אויסצופירן.

הלל גורני האָט דורך דער הערמאַן גאָלד־מאַסקע נישט נאָר אָפּגע־שפּעט, נאָר אָפּגעשטיפט פון די אָנגעבלאָזענע און וואַזשנע מאַסקעס. הלל גורני האָט שטאַרק מורא געהאַט פאַר אָנגעבלאָזנקייט און שטרענגקייט. אַ סך מאָל האָט ער ערנסטקייט פאַרביטן פאַר אָנשטעל און ער האָט עס צונישט געמאַכט מיט זיינע ליכטיקע קינדערישע אויגן. שווערע רייד האָט ער צעביטן אויף משונהדיקע טיילכעלעך, וואָס האָבן אויסגעזען זינלאָז, נאָר ווען מען האָט זיי, ווי אַ „קראָס וואָרד פּאַזל" צוזאַמענגעשטעלט, האָבן זיי געהאַט אַלע באַזינונגען און שכל הישרס.

הלל גורני האָט הנאה געהאַט און נחת געקליבן פון זיין הערמאַן גאָלד־מאַסקע. ער האָט דורך איר לעכערלעך געמאַכט אַלע לעכערלעכע.

די משונהדיקייט פון אָנגעבלאָזנקייט האָט ער איראָניש אויסגעלייגט פאַר די אויגן פון די וואָס מיינען, אַז מיט און דורך אָנגעבלאָזנקייט נע־מען זיי איין די וועלט. הערמאַן גאָלד האָט זיך נישט געבלאָזן, ער האָט געהייסן, מען זאָל אים „בלאָזן" (מכבד זיין) מיט קאַווע און הויט פון פאַרבריטע מילך.

צווישן די גרויסע כאַפּער: די דזשאָב־כאַפּער, די פּאָזיציע־כאַפּער, די כבוד־כאַפּער און די וואָס שטעלן זיך נישט אָפּ אין זייער כאַפּעריי אפילו אויסצוכאַפּן אַלין, וואָס לאָזט זיך, האָט הערמאַן גאָלד נאָר געכאַפּט אַ בלינצע פון טעלער און אַ שטיקל „טשיז קעיק".

ער האָט זיי פאַרשעמט — די כאַפּער. וואָס איז הען די גאַנצע כאַ־פּעריי? — אַ בלינצע און אַ שטיקל „טשיז קעיק!"

ער האָט די גאָלד־שלינגער באַוויזן, אַז ער טאַקע, דער אמתער גאָלד,

קען באַווייזן ווי נישטיק עס איז דאָס גאָלד־געיעג. קיין זאַך איז נישט מערער ווערט ווי די פּעני, וואָס ער פלעגט אַזוי חנעוודיק, מיט אָפּלאַך, אַרויסקריגן פון דער קליינער הויזן־קעשענע ביי די היפטן.

איך גרויס וואונדער פלעגן זיך אַלע פאַרשטעלטע אַנלויפן צו אונ־טערהאַלטן זיך מיט דער מאַסקע — הערמאַן גאָלד. ער איז פאַר זיי גע־וואָרן דער בופאָן, דער אונטערהאַלטער און געלעכטער־צושטעלער. אַזוי נישט דערקענטלעך איז געוואָרן אָפּגעשיידט הלל גורני פון הערמאַן גאָלד, אַז די אַלע „מודרעצי״, די גרויסע חכמימלעך, האָבן גאָרנישט חושד געווען, אַז הלל גורני חוזקט זיי אויס.

נאָר אין די גאָר פריע שעהן פון פרימאָרגן, ווען הערמאַן גאָלד פלעגט זיך דערשלעפּן צו זיין היים, האָט ער אויסגעטאָן די באָרד און איז גע־גאַנגען מקבל פּנים זיין הלל גורני. ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ גרויסע געדאַנקלעכע ירושה עס האָט אָנגעזאַמלט הלל גורני, ווען ער איז געוואָרן אויס הערמאַן גאָלד?

אַ סך מאָל האָט הערמאַן גאָלדן געצויגן ווערן צוריק הלל גורני. נאָר די פאַרשטעלטע, די אמת פאַרנעמלעכע בופאָנען, האָבן אים נישט דערלאָזן. זיי האָבן הלל גורנין געוואָלט זען אין דער מאַסקע. עס איז פריילעכער מיט הערמאַן גאָלדן, ווי מיט הלל גורנין.

נישט נאָר האָבן די פאַרשטעלטע נישט געוואָלט אויפלעבן הלל גורני, נאָר הערמאַן גאָלד אַליין האָט אָנגעהויבן מורא קריגן, אַז גורני פאַר־לאָזט אים. ער פלעגט אים צוהאַלטן און רופן צוהילף, אָבער גורני האָט זיך אַלץ מערער און מערער אָפּגעזוייטערט און פאַרפרעמדט פון אים.

טעג פלעגט הערמאַן גאָלד אַרומגיין אים זוכן און ער פלעגט פאַר־גייק אין בענקעניש נאָך אים.

נמאס איז הערמאַנען געוואָרן צו זיין אַ מאַסקע. ער האָט געוואָלט זיך אומקערן צו זיין געשטאַלט — הלל גורני. די פאַרשטעלטע און די כאַפּער זיינען בייזער און ציינישער געוואָרן. שוין נישטאָ אפילו פון וועמען אָפּצוחוזקן. די פאַרשטעלטע זיינען שוין אַריינגעוואָקסן אין זייער פאַרשטעלטקייט און זיי אַליין זיינען שוין געוואָרן בופאָנען.

אַלץ אַרום האָט געגומען פאַרלירן ווערט; הערמאַן גאָלד האָט אָבער אָנגעהויבן פלאָנטערן און זוכן פלענער, ווי געבן אינהאַלט און זין די אַלע בופאָנען. אָבער די בופאָנען האָבן אים אויסגעלאַכט. „נישט מעגלעך, אַז אַ בופאָן זאָל זיין אַנדעריש ווי בופאָנען זיינען״.

הערמאַן גאָלד, דער צאַרטער און סענסיטיווער בופאָן! דער אָפּ־לאַכער, וועלכער פלעגט אויסגיין אין וויי, צער און רחמנות צו זיינע מיט־מאַסקעס.

ווינציקע האָבן זיך געקענט דערהויבן צו דער איינזעעניש און צאַרט־קייט פון הערמאַן גאָלד.

הערמאַן גאָלד האָט נישט געהאַט קיין בייזע צונג. ער איז געווען פול מיט שפּאַס און פּאַראיידלטער שטיפעריי. ער האָט קיינמאָל קיינעם נישט אָפּגעטאָן; ער האָט קיינמאָל קיינעם נישט ווי געטאָן. זיינע רייד זיינען געווען ריין און פריי נישט נאָר פון ניבול פה, נאָר אויך פון אָנ־פּאַלן און באַפאַלן.

ווען אַ שרייבערישער איד האָט אים, צוליב אַן אומשולדיקן וואָרט, געוואָרפן אַ טעלער, האָט ער נישט געזאָרגט וועגן זיינע וואונדן אין קאָפּ, נאָר אַ צעבלוטיקטער איז ער געשטאַנען לעבן דעם אידן און אים באַרואיקט, מחמת דער איד איז אַ חולה אויפן האַרץ.

אויף הערמאַן גאָלדן איז געווען גרינג זיך צו איזדעקעווען און אויך פון אים אָפּחוזקן און מאַכן צונישט.

הערמאַן גאָלד פלעגט זיך שטאַרק מצער זיין פון דעם. ער איז גע־ווען הילפלאָז ווי אַ קינד און פלעגט פון שאַרפע, שטאַרקע אַנפאַלערישע רייד מבולבל ווערן.

הערמאַן גאָלדן האָט מען גיך געקענט פאַרטרייבן. און אויך פאַר־שטילן. קיינעם האָט נישט געאַרט צי הערמאַן גאָלד ליידט פון שאַרפע אַנפאַלערישע רייד אויף אים? ווער איז ער דען די מאַסקע — הער־מאַן גאָלד!

הערמאַן גאָלד האָט אַלעמען ליב געהאַט. אים האָט נאָר פאַרדראָסן, וואָס מענטשן פאַרנעמען זיך מיט זינלאָזיקייט. ער האָט אויסגעלאַכט, אָבער נישט פאַרלאַכט. ער איז געווען פריי פון ביטול. ביי אים זיינען אַלע געווען גלייך — דער וואָס רופט זיך „גרויסער" און דעם וואָס מען האָט נאָך אפילו דעם טיטול „קליינער" נישט געגעבן. דער „גרויסער" און דער „קליינער", דער באַרימטער און דער אומבאַקאַנטער האָבן גע־האַט ביי אים דעם גרויסן טיטול: „העי, באָזאָ!"

אין דעם קאַפע־טישל איז הערמאַן גאָלדס ליבן געווען זינלאָז. ווען קאַפע „ראָיאַל" האָט זיך פאַרמאַכט, איז הערמאַן גאָלדס פאַרלוירנקייט געווען אָן אַ גרענעץ. אַזש צו איסט בראָדוועי, וואו ער איז קיינמאָל נישט געקומען צו זען שרייבער, איז ער צוי געקומען אויפזוכן. ער האָט דאָרטן און איסט בראָדוואַיער קאַפעטעריע, וואָס די שרייבער פאַר יום־טובן נאָך מיטן נאָמען „קאַפע", נישט געקענט כאַפן קיין בלינצעס פון די טעלער. אָבער די שרייבער, אַלע, אַלע, האָט ער ליב געהאַט, זיינען געווען דאָרטן און נעבן זיי האָט ער צודיק אויפגעלויכטן.

פאַרטריבן פון דער קאַפע־קאַפעטעריע, האָט אים אַ שרייבער וואָס

איז דער באַלעבאָס פון אַ גראַפאָמאַנישער צונג און אַ גראַפאָמאַנישן מאַרך, מיט מבזה זיין אים מיטן טיטול „גראַפאָמאַן" בפני כל עם ועדה. נאָכדעם איז שוין הערמאַן גאָלד מערער אין דער קאָפּ־קאָפּעטעריע נישט געקומען.

אומעטיק און שווער איז געוואָרן הערמאַן גאָלדן דער זין פון דער זינלאָזיקייט. ער האָט שטאַרקער און טיפער אָנגעהויבן בענקען נאָך הלל גורני. אין די פריע מאָרגן־שעה'ן האָט ער גערופן, ער זאָל קומען אים אויסלייזן פון הערמאַן גאָלדן און פון גאַנצן אומזין, וואָס דרייט זיך נאָך אין לעצטן קאַראַהאָד.

אין אַ פריער מאָרגן־שעה איז הלל גורני געקומען צונעמען די מאַסקע. הערמאַן גאָלד האָט געקראָגן אַ תיקון. די וואונדערלעכע, ליכטיקע און אייגנאַרטיק־איינציקע געשטאַלט האָט זיך צוריק באַהעפט מיט הלל גורני.

הלל גורני איז אַוועק מיט דער מאַסקע און הערמאַן גאָלדן האָט אפילו נישט געאַרט, ווען צווישן די מספידים האָט אויך מספיד געווען דער שרייבער, וואָס האָט אים מבזה געווען. די שטיפעריש־ליכטיקע אויגן האָבן געלאַכט — זאָל ער, עט, אַ מאַסקע צווישן די פאַרשטעלטע!

ברוך שעפּנער ביים עמוד פאַרן עולם: „די פאַלשע נביאים, די חונפים און פּלייצע־קלאַפּער האָבן זיך געפילט צום זיכערסטן אין קעניגלעכן הויף. פאַרקערט, די אמתע נביאים, די שטראָפער, האָבן זיך געפילט זי־כערער אויפן מאַרק, צווישן ברייטן עולם".

# דער גורל פון אַ בוך

דער גורל פון אַ בוך איז אַ סך מאָל טראַגישער ווי פון אַ מענטשן. עס קומט אויף הער וועלט, ווי דער מענטש, זיך ראַנגלען פאַר אַן אָרט. אָבער דאָ פאַרענדיקט זיך דער פאַרגלייך. אַ מענטש קען זיך אַרויס־רייסן פון בייזע הענט. אויב ער קען עס נישט באַוויזן, הוכט ער זיך ראַנג־לען. אַ מענטש קען אויך אויטווילן זיין מיטזיצער, זיין מיטשמועסער. אַ בוך, נעבעך, איז הילפלאָז. נישט נאָר ווערט ער פאַרפייניקט פון בייזע און נחדנע מענטשן, נאָר ער קען אויך אַריינפאַלן צו פלאַכע מענטשן, וועמען דער איבערשטער האָט באַשטראָפט מיט פאַרגליווערטע געפילן און אויגן וואָס זעען נישט.

דער גורל פון אַ בוך איז בייז און אָנגעפילט מיט טויזנטער גע־פאַרן. אויפן בוך לויערן פאַרשיידענע שלעק און חלאתן. אַרום דעם בוך דרייען זיך אַרום פאַרשוינען מיט וויסטע קראַנקהייטן און אויפגערייצטע מוחות. די דאָליע פון בוך איז נישט באַשטימט פון געזונטן אויסזען, פון די רייכע מלבושים, נאָר פון פאַספּאָרט, וואָס ווערט אַ סך מאָל אַרויס־געגעבן פון אַ באַנדע שאַכער־מאַכער און פאַלשע מינצן־שמעלצער.

טראַגיש און איינזאַם איז דער גורל פון אַ בוך. אַ ספר, טיף פאַר־טראַכט, פאַלט אַריין צו אַ פלאַכן און טעמפּן מאַרך; אַ ווערק, פול מיט שטימונג און עמאָציע, געגנט זיך אָן מיט אַ טרוקענעם און פאַרגליווערטן מענטשן. זיי זיינען זיך פרעמד, זיי רעדן ביידע אומפאַרשטענדלעכע רייד. אַ סך מאָל, ווען דאָס בוך רעדט איז גאָר דער בייזיצער טויב און מיינט גאָר, אַז דאָס זיינען רייד פון אַ מטורף.

וואָס איז די טרייסט פאַרן איינזאַמען בוך?

אַ בוך קומט אַרויס אויף דער וועלט זוכן אַ תיקון, דערהערן אַ וואַרעם וואָרט, קריגן אַ בענקל ביים טיש וואו ברויט און זאַלץ ווערט סערווירט. אַ סך מאָל זיינען אָבער די סאַרווער גיכער צוגעפּאַסט צו זיין האָלץ־העקער ווי כיבוד־טיילער.

וואָס פאַר אַ מערכה קען דערוואַרטן אַ בוך, וואָס פאַלט אַריין אין די הענט פון אַ הוסטער און אַ קורץ־אָטעמדיקן? אַ בוך מיט געזונטע לונ־גען, פאַרן געמיט פון אַ יאַדישלעווען, איז פונקט ווי אַ רויטע טוך פאַר

אַן אָקס. אויף קיין סך ליבשאַפט קען זיך אַזאַ בוך נישט ריכטן.

די טבע פון בוך־מבינים איז מאָגער. דער אַזוי־גערופענער מבין נעמט נישט אויף דעם בוך ווי אַ לעזער, כדי פון אים הנאה האָבן, נאָר ער איז אַ צוגעגרייטער, ווי אַזוי דעם שרייבער דערגיין די יאָרן. אַ מבין גייט אין לעבן צו אויפזוכן עפּעס אַ דעפעקט אין אַ בוך. ער מיינט, אַז וואָס מערער ער וועט דעם דעפעקט פאַרגרעסערן, אַלץ אָנגעזעענער און חשובער וועט ווערן זיין זאָג און מבינות.

די דאָזיקע לייט האָבן זיך באַזאָרגט מיט אַ שוץ פון אַ מין האָטנטאָטן־מאָראַל: „אויף קריטיק איז נישט עטיש צו ענטפערן". אַ מחבר, וואָס פאַרציט אַ וויכוח מיט אַ קריטיקער, דאַרף זיך ריכטן אויף ביטול און חוזק מצד אַלע, וואָס העלפן אָנהאַלטן דעם קולט פון „אומבאַרירטקייט פון קריטיקער".

אַ מחבר מוז ברענגען אין זיין בוך אַלע אַטריבוטן, וואָס זיינען נויטיק צו מאַכן אַ פּלאַץ פאַר אים ביים טיש פון דער ליטעראַטור. דער בוך־מבין האָט פאַר זיך פאַרפעסטיקט די פּריווילעגיע פון זיין אַן אומזיס־טיקער עסער ביים טיש.

אַ קריטיקער — דער ערשטער באַדינג פאַר אים — מוז האָבן וויסן, סענסיטיווקייט און פאַנטאַזיע. נאָר אַזאַ, וואָס איז געבענטשט מיט אָט די אַלע אייגנשאַפטן, מעג ווערן אַן אָנווייזער פאַר אַ מחבר און אַ פאַר־טייטשער פון זיין ווערק.

ביי די אומות העולם, באַזונדער ביי די אַמעריקאַנער, איז איינגע־שטעלט אַ גאַנצער סדר, ווי אַזוי אָפּשאַצונגען וועגן ביכער דאַרפן דורכ־געפירט ווערן. נישט נאָר ווערט עס געטאָן פון מענטשן, וואָס ספּעציאַ־ליזירן זיך אויף דעם, נאָר עס וועט דעם רעדאַקטאָר, וואָס טיילט אויס ביכער אויף אָפּשאַצן, נישט איינפאַלן צו געבן אַ נאָוועלע אויף רעצענ־זירן צו אַ מענטשן, וואָס זייַן ספּעציאַליטעט איז וויסנשאַפט, אָדער אַן אַנדער געביט.

ביי אונדז איז דער גאַנצער ענין הפקר. די באַציאונג צום בוך איז אַ ברוטאַלע, ציניש און ביטולדיקע. שרייבן וועגן ביכער ווערן איבער־געגעבן צו און פון מענטשן, וואָס האָבן נישט די נויטיקע שולונג און אויך נישט די באַציאונג צום בוך און צו זיין אינהאַלט. שרייבן וועגן ביכער איז געוואָרן אַ מין „רעפּאָרטאַזש אַסיינמענט", — ווי זיי רופן עס אין צייטונגס־לשון.

אין די צייטונגען און אויך אין זשורנאַלן, וויפל זיי זיינען ביי אונדז פאַראַן, ווערן ביכער רעצענזירט פון שרייבער, וואָס האָבן נישט קיין שום ליטעראַרישן סטאַטוס, וואָס קיינער ווייסט פון זיי נישט און וואָס

האָבן נישט קיין צעבראָכענעם שערבל צוגעטראָגן צום אוצר פון דער אידישער ליטעראַטור. די דאָזיקע מענטשן — מערסטע פון זיי מיט באַגרענעצטן וויסן, מיט אַ פאַרדאַרטן שפּראַך־באַגאַזש — זאָגן מבינות און פאַרנעמען זיך צו מאַכן אָנווייזונגען דעם שרייבער.

לײדער, טרעפט גראָד, אַז צוליב דער גייסטיקער פוילקייט און בטלל צוליב בייזער נישט־פאַרגינערײ, ווערן די לגנאי־רייד פון אַזעלכע סטאַטוסלאָזע מיינונג־זאָגער אָנגענומען ווי אַן אָפּשאַצונג איבערן ווערט פון אַ ווערק.

דער „פאָרווערטס" איז אַ וויכטיקע און חשובע אידישע צייטונג. אַן אָפּשאַצונג וועגן אַ בוך אויף די שפּאַלטן פון „פאָרווערטס" איז זיכער אַ כבוד. אָבער נישט יעדער בוך וועמען דער כבוד ווערט צוגעטיילט דערמאָנט צו ווערן אין „פאָרווערטס" האָט דעם אמתן מזל. אויפן גורל פון אַ בוך פאַלט גראָד אויס, אַז עס זאָל אַריינפאַלן צו אַן אומקאָמפּעטענטן רעצענזענט און די חשיבות, אָנשטאָט געהויבן ווערן, ווערט זי גאָר פאַרמינערט.

מײן בוך, „ווי נעכטן געשען", האָט, נעבעך, געהאַט אָט־דעם ווײסטן מזל. אויף זיין גורל איז אויסגעפאַלן אַריינצופאַלן אין די הענט פון אַ פּנים חדשות, אַ מענטש וואָס האָט נישט קיין ליטעראַרישן פּאַס און וואָס זיינע ליטעראַרישע פאַרדינסטן, אָדער צוגאָבן צו דער יידישער ליטעראַטור זיינען אומבאַקאַנט.

רעצענזירנדיק מיין בוך, וואָס פאַרצייכנט אין די איבער דריי הונדערט זייטן אַ גרויסן און פיל־פאַרביקן טיפּאַזש, פאַרזעט דער קריטיקער די אַלע געשטאַלטן פון פאַרגאַנגענעם אידישן לעבן, וואָס האָבן באמת געגעבן אויסדרוק צו אַלץ, וואָס האָט אויפגעשטעלט אונדזער איגנאַרטיקייט און באַזונדערטקייט, נאָר זיין אויג פאַרכאַפּט איין קאַפּיטל, וואָס גיט זיך אָפּ מיט די צוגרייטונגען צום ערשטן גאַרבער־סטרייק אין שטעטל.

אָבער דערמאָנענדיק אָט־די געשעעניש, וואָס פאַרנעמט ביי אים איבער אַ העלפט פון זיין רעצענזיע, באַווייזט ער, אַז דער עיקר פון בוך איז אים נישט אָנגעגאַנגען.

ער זאָגט: אין זעלבן שטעטל זיינען אויך געווען וועבערייען, און די אַרבעטער פון דער דאָזיקער אינדוסטריע האָבן בעסער פאַרדינט פון די גאַרבער". אָבער אַזאַ מין באַהויפּטונג איז גאָר נישטאָ. אין בוך ווערט קלאָר איבערגעגעבן, אַז נאָכדעם ווי די וועבערייען זיינען אונטערגעגאַנגען, זיינען אויפגעקומען גאַרבערייען. זיי זיינען קיינמאָל נישט געווען אין איין צייט.

עס איז אפשר אַ קלייניקייט, אָבער עס באַווייזט נאָר די אומאחריות,

די גרינגקייט און ביטול, וואָס אַט־דער „רעצענזענט" האָט געהאַט אפילו צו זיין אייגענעם שרייבן, אַ שרייבן וואָס ער האָט נישט דורכקאָנטראָלירט, נאָר געלאָזן פריי, אַן וועלכע עס איז באַציאונג אפילו צום שטייגער פון איבערגעבן אַ פאַקט, וואָס ער האָט נישט געדאַרפט פעסטשטעלן, נאָר איז קלאָר פאַרצייכנט אין בוך.

פון דעם וועט זיך שוין שאַפן דער באַגריף, אַז דער דאָזיקער איד האָט בכלל נישט באַנומען דעם גאַנצן גאַנג און אָטעם פון בוך. פאַר איב איז פרעמד דער מאָטיוו און, במילא, די שעפערישע אייגנשאַפטן און פלאַן פון בוך. אַן אויפהער לאָזט ער נישט אָפּ די באַנאַלע באַצייכענונג, אַז דאָס בוך איז אַ מעמואַרן־בוך. ער דערמאָנט נישט מיט איין וואָרט, אַז דאָס איז אַן אויטאָביאָגראַפישע אַרבעט. צוליב דעם, פאַרפעלט ער דער־מאָנען, אַז די אויטאָביאָגראַפישע אַרבעט איז אַנדערש געפורעמט און אויפ־געשטעלט ווי עס זיינען ביאָגראַפישע אַרבעטן בכלל. דערפאַר ווערט פאַר אים קשה, וואָס איך רעד וועגן מיינע קרובים, און דאָס פירט אים צום אַבסורד פון אויספיר: „דער שרייבער דערציילט ניט בויטיקע זאַכן וועגן יעדן איינעם פון זיין פאַמיליע, וועגן די באָבעס, זיידעס, פעטערס, מומעס, קוזינעס און אַנדערע [ווער זיינען די אַנדערע ?]. עס זיינען פאַראַן אַ סך איינצלהייטן, וועלכע דערציילן קנאָפּ־וואָס וועגן דעם אידישן לעבן אין דעם שטעטל". לויט אים קומט אויס, אַז די זיידעס, באָבעס, פעטערס און מומעס זיינען נישט קיין אידיש לעבן, זייער לעבן איז גאָר אין די הרי חושך.

אַ קוריאָז דער מענטש גיט אָן, דאָס אין בוך געפינען זיך שפּראַך־חסרונות. דורך די פלאַכע בלוטלאָזע ווערטער זיינע טוט ער אַ זאָג: „דער דריטער פעלער [ער מיינט חסרון], איז די שפּראַך". אָן וועלכע עס איז מוסטערן, אָן איין אָנווייז, צו באַגרינדן זיין אויפוואַרפונג, דערלויבט ער זיך ווילד צו זאָגן: „אויף שריט און טריט טרעפט איר אָן אויף ממש שפּראַך־ווילדקייט" (? !!!). אין אַ בוך גייט מען אַריין מיט „שריט און טריט" ? מען דאַרף עס, הייסט עס, טרעפן אין אים. דער שטאַמלער האָט געוואָלט זאָגן: „מען באַגעגנט כסדר שפּראַך־ווילד־קייטן", נאָר אַזוי ווי ער אַליין איז אַ שפּראַך־זולו, האָט ער בעבעך נישט געקענט זיך אָנשלאָגן אויף די ריכטיקע ווערטער, וואָס זאָלן קענען אי־בערגעבן, וואָס עס באַדייט „שפּראַך־ווילדקייט".

מען האָט משה נאַדירן אַמאָל געפרעגט, צי ער רעדט רוסיש. „רו־סיש", האָט ער געענטפערט, „רעד איך יאָ, נאָר פאַרשטיי איך נישט".

שרייבן, שרייבן זיי יאָ, נאָר קענען, קענען זיי נישט!

# געאָרעמט צו אומשטערבלעכקייט

די ערשטע האַלבע נאַכט איז שוין אַוועק אָן שלאָפן, נאָר מיין פריינט דער פּאָעט, קען נאָך אַלץ נישט געפינען קיין רו. אים נעמט נישט קיין שלאָף. די זאָרג האַלט אים וואַך: ווי אַזוי פאָרט וועט ער אַריינגיין אין געהיימען כישוף־שטיבל, וואָס איז בלויז באַשערט פאַר די, וואָס זיינען זוכה געווען צווישן די שטערבלעכע אַנצוזאַמלען גענוג שערבלעך, וואָס באַצאָלן פאַר אַ נסיעה צו דער אומשטערבלעכקייט?

מיין פריינט, דער פּאָעט, שטאַרבט פשוט צו זיין אומשטערבלעך. אין לידער האָט ער צו וויסן געגעבן זיין בענקעניש און פאַרלאַנג. ער ווייסט, אַז דער וועג איז שווער, און אין לידער טרייסט ער זיך, אַז אויב נישט די לעבעדיקע אונטערפירער וועלן אים ברענגען צו די טירן פון דעם כישוף־שטיבעלע, וועט אַן עמיצער, אַ מיסטיש־עמיצער, וואָס ליגט נאָך דערווילע איינגעוויקלט אין סוד פון זיך, אין הונדערט יאָר אַרום, ווען דער פּאָעט וועט שוין איינגעוויקלט זיין אין סודות־פולקייט, זיך צופעליק אָנשלאָגן אויף זיינע לידער און אים צוליב זיי פאַרזיכערן מיט אַ בענקל אַרום טיש וואו עס זיצן אַלע אומשטערבלעכע.

דאָס טראַכטעניש, אַז ער וועט אַריינגעפירט ווערן צווישן אַלע וועמען עס איז באַשערט געוואָרן אייביק לעבן, פאַרגרינגערט זיין שווערן עול פון האָאיקן לעבן. ער טראָגט רויִק איבער דעם געראַנגל פאַר לעבן. לעבן איז ביי אים אַ מיטל צו קענען גרינג אָנקומען צו אומשטערבלעכקייט. אָבער אים אַרט נישט. וואָס לענגער ער וועט לעבן, אַלץ זיכערער וועט זיין פאַרזאָרגט זיין אָרט ביים טיש פון די אייביק־לעבער.

מיין פריינט, דער פּאָעט, איז אָבער נישט זיכער, אַז זיינע לידער וועלן אים פאַרזאָרגן אומשטערבלעכקייט. דער עמיצער, וואָס וועט דאַרפן עס טאָן אין הונדערט יאָר אַרום, איז בלויז פאַנטאַזיע, דערפאַר דאַרף מען זיך גלייך זען פאַרזאָרגן מיט לויב פון די, וואָס לעבן אויף שרייבן מיט „טויטע הענט”, וועגן ביכער און זייער גלייכן.

מיין פריינט, דער פּאָעט, צאָלט ציַנזן צו די דאָזיקע איבערשרייבער וועגן ביכער. ער צערטלט זיי, גלעט זיי און לייגט זיי אָן גאַנצע פעסער לויב כדי צו קענען אַרויסבאַקומען פון זיי אַ צופעליק לויב־וואָרט, וואָס האָט נישט קיין לעבן, קיין פאַנטאַזיע און קיין געפיל.

די צווייטע האַלבע נאַכט ליגט אַ האַלב־דערוואָרגענע ביי די פּיס.

דער לידער־שרייבער איז איינגעוויקלט אין פחד. ער האָט זיינע לידער געשיקט אין דער וועלט אַריין און ווער ווייסט אין וואָס פאַר אַ הענט זיי וועלן אַריינפאַלן? וועד ווייסט, וואָס פאַר אַ מאַרך וועט זיי דאַרפן באַנעמען און וואָס פאַר אַ שטימונג און געפיל וועט זיי אויפנעמען? ווער וועט זיי מקבל פנים זיין?

שווער איז דער וועג צו אומשטערבלעכקייט און די פירער און אָנ־ווייזער זיינען אַליין, נעבעך, קראַנקע מענטשן, וואָס ווילן גאָר אויפן חשבון פון פּאָעט זיך פאַרזאָרגן מיט אַ קליין ביסעלע אומשטערב־לעכקייט. אויפן רוקן פון פּאָעט ווילן זיי אַליין, נעבעך, צוגעבראַכט ווערן צו די טירן פון כישוף־שטיבל.

דער פּאָעט, וואָס פאַרלאָזט זיך אויף די ביכער־איבערשרייבער, די וואָס האָבן גענומען פאַר זיך דעם טיטל קריטיקער, ליידט פון אַ שפלות־קאָמפּלעקס און גרויס אומצוטרוי צו זיין שאַפן, און ער ווערט בלויז דער־פרייט פון רייד וועגן אים, וואָס זיינען אַ סך מאָל אָרעמער, פלאַכער און אומבאַהאָלפּענער ווי די רייד פון זיין ליד.

ווער, ברודער פּאָעט, דאַרף עס דיר געבן דאָס צעטל, וואָס זאָל דיך פאַרזאָרגן מיט אומשטערבלעכקייט?

דער פּאָעט האָט מורא צוצולאָזן אפילו אַ צווייפל; ער האָט מורא זיך אָנהויבן מיט די ביכער איבער־שרייבער. פאַר אַ גוט וואָרט זייערן טראָגט ער זיי אַנטקעגן ברויט און זאַלץ און גרייט פאַר זיי טישן אָנגע־לאָדן מיט כל טוב.

די פראַגע, וואָס ער שטעלט זיך, איז נישט חל אויף די וואָס שרייבן וועגן אים. אייך לויב־וואָרט זייערער קויפט אויס דעם אָנוואָרף פון די אויסגעליידיקטע, אויסגעדראָשענע, אויסגעטריקנטע און לאַנגווייליקע טאַ־לאַנטלאָזע ווערטער פון די, משטיינס־געזאָגט, קריטיקער.

ביכער פאַלן אַריין אין הענט פון לאַנגווייליקע מענטשן, וואָס גענעצן אָפּ אַ מיינונג. מענטשן וואָס האָבן נישט נאָר נישט קיין לשון, נאָר אויך נישט קיין וויסן און קיין פאַרשטענדיקונג. צו די מענטשן ווערט געגעבן פלאַץ אין צייטונגען און צייטשריפטן מיטצוטיילן דער עפנטלעכקייט זייערע מיינונגען און די שטימונגען, וואָס אַ בוך האָט אין זיי אָנגערעגט.

די מענטשן, נישט האָבנדיק קיין ניצוץ פון פאַנטאַזיע, מאַכן זיך וויכטיק און פאַרדעקן זייער אומבאַהאָלפנקייט דורך טשעפּען זיך צו קליי־ניקייטן, מחמת די גרויסע זאַכן, נישט זיי באַנעמען און נישט זיי דערזעען..

זיי האָבן נישט קיין אידייע, און קריטיק אָן אַ אידייע איז ווי אַ וואַק־סענע פיגור. דער קריטיקער דאַרף קענען דורך זיין אידייע דערהויבן די אידייע פון שרייבער. ער מוז ווערן דער שותף צו דער שעפערישקייט

פון מחבר און דאַרף פאַר אים אויפדעקן די אַלע געהיימע כוחות, וואָס זיינען אפילו פאַרן שעפער פאַרבאָרגן. וואָס פאַר אַ באַדייטונג און ווערט האָט דאָס שרייבן פון אַ קריטיקער וועגן אַ בוך ווען ער קען אפילו נישט באַנעמען די אידייע פון בוך?

י. ד. ניימאַרק, אין זיין „קריטיק" אין „פאָרווערטס" וועגן מיין בוך „ווי נעכטן געשען", האַלט כסדר אין באַטיטלען דעם בוך: „מעמואַרן". דער מענטש, נעבעך, ווייסט ניט דעם חילוק צווישן „אויטאָביאָגראַפיע" און „מעמואַרן", וואָס מיינט אויף אידיש: „זכרונות".

אויטאָביאָגראַפיע איז פאַרוויקלט מיטן עלעמענט זכרונות, אָבער עס איז נישט קיין זכרונות („מעמואַרן", ווי ער וויל האָבן), נאָר אינטימער און פערזענלעכער. אויטאָביאָגראַפיע גיט איבער דאָס פערזענלעכע אינטימע און אויך די שטימונגען, וואָס זיינען ריין פערזענלעך.

דאָס נישט פאַרשטיין די באַדייטונג און די שטימונג פון אַ בוך איז בלויז איין עלעמענט אין דער הפקרות און אומוויסנקייט פון די, וואָס דאַרפן באַשטימען די ווערט פון אַ בוך. צו אָט דער גרויסער „מעלה" לייענען זיי נישט דעם בוך, נאָר בלעטערן. אַחוץ דעם זיינען זיי פויל. אָט־די פאַראַזיטן טראָגן זיך אין איילעניש, אויך צו דערגרייכן די טירן פון אומשטערבלעכקייט.

זיי האָבן נישט קיין געדולד. אין תוך האָבן זיי גאָר ביטול צום בוך. אַלץ טוען זיי אין קאָלעקטיוו. ווערט אַ בוך געלויבט, אַזוי ווערט עס נאָכגעטאָן אין כאָר. קיינער פון זיי ווייזט נישט אַרויס קיין זעלבסט־שטענדיקייט. מען האָט מורא צו זאָגן אַן אייגן וואָרט.

ש. ד. זינגער, שרייבנדיק וועגן מיין בוך אין דער „גערעכטיקייט", גייט ווי אַ באָרוועסער אויף גלאָז. ער האָט מורא אַרונטערייסן, אפשר איז דאָס פאָרט עפּעס ווערט; ער האָט מורא לויבן, אפשר וועט עס „די באָיעס" נישט געפעלן ווערן. ס'איז אַ טענדענץ אַזאַ: דער וואָס שרייבט כלומרשט קריטיק האַלט אַן אויג נישט אויפן בוך, נאָר אויף דער גרופּע, וואָס שטיצט דעם שרייבער. אויב דער שרייבער האָט באַשיצער, „באַדי־גאַרדס" וועלן זיך די קליינינקע „באָיעלעך" מיט אים נישט אָנהויבן. באַ־זונדער, ווען די „באַדי־גאַרדס" זיינען די זיידענע יונגעלייטלעך פון דער ליטעראַטור.

ש. ד. זינגער האָט שוין געהאַט אַ פאַרטיקן נוסח: ד. ניימאַרק. ער האָט זיך נישט געדאַרפט אָנשטרענגען. אַלץ איז געווען צום האַנט. מען קען ניימאַרקן איבערחזרן, נאָר אַביסעלע אַנדערש. דאָס קלאַפּער־געצייג, אָבער, קען מען נעמען פון יענעם.

ביי דעם „פאָרווערטס" רעצענזענט זיינען די זיידעס און די באָבעס

נישט קיין אידיש לעבן. ביי ש. ד. זינגער, „פלאָנטערן זיך די זיידעס, באָבעס, פעטערס און מומעס „איינער דעם אַנדערן אין וועג". זיי פּלאָנטערן זיך ביי אים, ווייל ער האָט זיך נישט גענומען די מי צו דערגיין ווען זיי פּלאָנטערן זיך אַרויס. דער אמת, אָבער איז, אַז דאָס איז אַ פּועל־יוצא פון נישט לייענען, נאָר געבן אַן אויבנאויפיקן איבערבליק פון יוצא וועגן.

ווער זיינען זיי, אָט די פעטערס און מומעס — זיינען דאָס נעמען, צי באַשטימטע אידישע טיפּן, וואָס גייען דורך מיט זייער לעבן אין בוך? זיינען די פעטערס און מומעס אינטערעסאַנטע, צי נודנע, גראָע פאַר־שווינען? ווי האָבן זיי געלעבט? ווי אַזוי ברענגט אַרויס און שילדערט זיי דער מחבר? אַ וואָרט נישט, נאָר אַ מין סנאָבישן מאַך מיטן האַנט — זיי פּלאָנטערן זיך!

אין „ווי נעכטן געשען" גייען דאָך דורך לעבנס נישט נאָר פון הונדער־טער מענטשן און זייער שטייגער, נאָר אויך פון אַ אידיש שטעטל מיט איר אייגנאַרט. עס איז דאָך אַ בוך מיט אַ פּלאַן און אַן אידייע.

ש. ד. זינגער פאַררעכנט זיך פון די יינגערע קריטיקער. ער דאַרף זיין פריש, ניי, און אויף דער וואַך. ער מוז קענען איינוואָרצלען זיין אָרט אין פעלד פון קריטיק. האָט ער זיך גענומען די מי צו דערגיין, וואָס איז דער צוועק און די אידייע פון בוך? אַ יונגער קריטיקער טאָר נישט גיין אויף אויסגעטראָטענע וועגן און נאָכזאָגן נודנע און לאַנגווייליקע שרייבער.

ער מאַכט דעם זעלבן קונץ ווי דער „פאָרווערטס" רעצענזענט. ער ברענגט נישט קיין מוסטערן, נאָר ער וויל דער לייענער זאָל אים געטרויען אויפן וואָרט. „עס רייסט זיך דורך שטיקער [אַן אויסדרוק: ‚שטיקער!'] אידיש לעבן, דורכן געדיכטן וואַלד פון היגע און פרעמדע ווערטער". „היגע" מיינט ער אַמעריקאַניזמען, וואָס דאָס איז אַ בלבול; „פרעמדע ווערטער" מיינט ער זיכער די אויסדרוקן און באַמערקונגען, וואָס זיינען אונטערגעצייכנט מיט „גענזפיסלעך", נאָר אין איילעניש האָט ער עס נישט געזען און ער רעכנט זיי צו צו מיין לשון.

זינגער האָט טענות: „דאָ און דאָרט אָבער פעלט די גאַנצקייט, דער אָנהייב, דער אינדערמיטן און דער סוף". לויט אים איז דאָס נישט קיין בוך, נאָר עפּעס אַ פּלאָנטער פון אָנגעוואָרפענע בילדער אָן אַ סדר, ווייל „דאָס וואָס מען קען טאָן אין לידער, טוט זיך נישט אין פּראָזע. דער זיגזאַג פון בילדער, פון פריער און שפּעטער און ווידער צום אָנהייב גיט זיך קאָהנען מער איין אין זיינע לידער".

אָבער דאָס באַווייזט ווידער, אַז דער שרייבער פון אַרטיקל האָט זיך

נישט געקומען די מי צו דערגיין דעם פּלאַן און די אידייע פון בוך. וואָלט ער גרינטלעך איבערגעלייענט דאָס בוך וואָלט ער אויסגעפינען, אַז פאַרשוינען, וואָס ווערן דערמאָנט זיינען שפּעטער אָנגעזען אין צענטער פון אַ געשעעניש. בכלל איז דאָס בוך נישט קיין פּנקס און איז געבויט נישט אויף דאַטומס, נאָר אויף געשעענישן.

די איילעניש ביי די קריטיק־שרייבער איז גוואַלדיק גרויס. ביי זיי שרייבן קריטיק איז אַן אָפּקומעניש און זיי זוכן, וואָס גיכער פון דעם פּטור צו ווערן. זיי גיבן זיך נישט די מי נאָך צו קאָנטראָלירן צי געשעענישן, וואָס זיינען פאַרצייכנט אין בוך און מען דאַרף זיי נישט גיין זוכן אָדער זיך פאַרלאָזן אויפן זכרון, ווערן פון זיי ריכטיק איבערגעגעבן.

זינגער וויל האָבן, אַז אין וואַלד האָבן די גאַרבאַרעס געשוואוירן אויף אַ ספר־תורה. אָבער אין בוך ווערט עס נישט דערמאָנט. אין בוך ווערט איבערגעגעבן, אַז זיי האָבן געשוואוירן אויף „אַ ספר", וואָס קען זיין אַ סידור, אַ מחזור, אָדער אַן אַנדער הייליקער ספר, אָבער נישט דווקא קיין ספר־תורה.

אַזוי אויך וועגן נאָמען פון שטעטל. זינגער קאָנטראָלירט נישט נאָך ווי דער נאָמען פון שטעטל ווערט אויסגעלייגט אין בוך. ער איז דאָס שטעטל משנה־שם. ביי אים הייסט עס גאָר „קרינקי", נישט „קריניק", ווי עס ווערט כסדר באַצייכנט אין בוך. קיין קליינע קינדער קענען פון דעם נישט שטאַרבן. אָבער איך שטעל זיך פאַר, וואָס וואָלט מען געזאָגט אויף אַ שרייבער, וואָס וואָלט משנה־שם געווען וואַרשע און באַשטייט אָנרופן די שטאָט „ווערשע"; אָדער אָנשטאָט לאָדזש, אָנרופן „לאָש", אָדער גאָר „לעדזש".

עס זיינען ביי אים נאָך פאַראַן צענדליקער אַזעלכע ווילדקייטן און אומפאַרזיכטיקייטן, וואָס שטאַמען פון איילעניש און ביטול, פון נישט לייענען און נעמען אַלץ אויף זיכער. ס'איז טראַגיש און קאָמיש. אָט־די וואָס זוכן אויסהאַקן פאַר זיך אַ וועג צו דעם וואָס זיי רופן „אומשטערבלעכקייט" און באַרימטקייט, דורך מבטל מאַכן און אָנווייזן חסרונות ביי אַנדערע, זיינען אַליין שטאַרק זינדיקע און פאַרברעכן כסדר קעגן אַלע כללים, וואָס זיי האַלטן, אַז זיי איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט אַכטונג צו געבן אויף זייער ראַיעלקייט און כשרות.

אַ שעפערישער שרייבער זוכט דעם מיטלוועג צו פּערפעקציע; נאָכדעם פאַלט דאָס בוך אַריין אין די הענט פון די וואָס דאַרפן אים אָנווייזן, מדריך זיין, פאַרטייטשן און פאַרטיפן — זיי פאַרווילדעווען גאָר דעם שרייבער מיט זייער וואָכעדיקייט, מיט לאַנגווייליקע און נודנע אויסגעלאָשענע און פאַרגרייזטע רייד.

מערקווירדיק! אַ בוך מיט הונדערטער טיפּן און טשיקאַווע פאַר־שוינען מיט זייערע אויסטערלישע לעבנס, איז פאַרזען און פאַרבייגעגאַנגען געוואָרן פון די, וואָס האָבן זיך געדאַרפט באַקאָנען מיט זיי. די אַזוי־גע־רופענע קריטיקער האָבן גענומען דעם גרינגן וועג, רעדן אין „אַגולנע", טשעפּען זיך צו קלייניקייטן. זינגער טוט אַ טובה און גיט אַ „ברעיק" דעם זיידן יאַנקל בונים. אָבער קשה איז פאַרט: מילא, די אַנדערע טיפּן זיינען זיי פאַרבייגעגאַנגען; ווי קומט עס, וואָס זייער נייגיר איז געבליבן גלייכגילטיק צו דער באַשרייבונג פון דער ראָלע, וואָס יעקב קרעפּליאַק, ע"ה, האָט פאַרנומען אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג פון קריניק און ביאַליסטאָק? פאַר זיי האָט דאָך געדאַרפט זיין אַן אַנטפּלעקונג. באַזונדער ש. ד. זינגער, האָט דאָך געקאָנט קרעפּליאַקן, איז פאַר אים נישט געווען קיין חידוש, אַז קרעפּליאַק, דער שטילער, באַשיידענער און פרומער, איז געווען באַקאַנט און באַוואוסט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אַלס „יאַנקל פּראָפעסאָר" און אַז ער האָט געלערנט די אַנאַר־כיסטישע יוגנט מאַכן באָמבעס.

אַ שאָד, וואָס זינגער האָט פאַרפעלט צו לייענען דעם טייל, וואו קרעפּליאַק איז אַ הויפּט־העלד אין עטלעכע קאַפּיטלעך פון בוך „ווי נעכטן געשען".

זיכער איז, ברודער פאָעט, אַז פאַר זינגערן און די אַנדערע, וואָס וועלן זיך נעמען מישן דאָס בוך, וועט זיין אינטערעסאַנט די געשטאַלט „יאַנקל פּראָפעסאָר", וואָס זיי האָבן אַזוי גוט געקענט אַלס יעקב קרעפּליאַק. אפשר וועלן זיי אין זכות פון דעם קאַפּיטל זיך פאַראינטערעסירן און איבערלייענען אַ שכנהשן קאַפּיטל. אָבער, זיי געטרייסט, צינזן ווערסטו דאַרפן זיי אויפהערן צאָלן, ווייל צום טיר פון דער „אומשטערבלעכקייט" וועלן זיי דיך נישט דערפירן! דו וועסט שוין אַליין מוזן זיך דערשלעפּן און נאָך זיי צוברענגען, ווייל זיי ליגן איינגעוואָקסן אויף דיינע אַקסלען!

# דאָס אידישע בוך בענקט נאָך אַ שרייבערס אויג

דער טרויעריקער מצב פון אידישן בוך איז שוין פעסטגעשטעלט. קינדער שלאָפן־איין מיטן מעלאַנכאָלישן ניגון: „דאָס בוך האָט נישט קיין לייענער".

אַלע האָבן זיך מיאש געווען, אפילו דער וואָס האָט קיינמאָל נישט אָנגערירט די טאָוולען פון אַ אידישן בוך. ער אויך האָט אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט: „עט, ווער לייענט עס אַ אידישן בוך? צו וואָס דאַרף מען עס?"

דאָס אידישע בוך זיצט אויסגעפּוצט און וואַרט דער שמש זאָל אָנקלאַפּן אין פענצטער און מודיע זיין, אַז דעם חתנס צד פאַרבעט צו דער חתונה. ער וואַרט, נעבעך, אין צער און זאָרג, דער פאַרגעסענער קרוב.

דאָס פאַרשעמט אידיש בוך איז שוין נישט פון נעכטן פאַרלאָזן און פאַראיינזאַמט. זיין הילפלאָזיקייט איז פון קדמונים געווען אַ געלעגנהייט פאַר שפּאַס אין וויצן־בלעטער.

דער שפּאַס איבערן אידישן בוך און זיינע מחברים איז גענוצט געוואָרן ווי אַן איינטריט־קאַרטל צו די פּאַלאַצן, וואו מען האָט ביי טישן, אָנגעלאָדן מיט פעטע מאכלים, זיך אונטערגעהאַלטן מיט דראָבנע וויצעלעך וועגן דעם יאָלדעוואַטן שרייבער און זיין בוך.

די סעודה־פּראַוועער האָבן זיך ביי די בייכער געהאַלטן פון די לצהנישע ווערטלעך. „שרייבער לייענען איינער דעם צווייטן". דאָס האָט, הייסט עס, געדאַרפט באַווייזן, אַז אַ מיושבדיקער לייענער רירט זיך נישט צו צו אַן אידישן בוך. די איינציקע לייענער זיינען די שרייבער צווישן זיך. און דאָס, „מאַינד יו", האָט מען זיך געוויצלט אין רענעסאַנס פון דער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

אין יענע גינגאָלדענע יאָרן האָט מען שוין גענומען באַווייזן, אַז דאָס אידישע בוך האָט נישט קיין לייענער. כדי פעטער צו מאַכן דעם חוזק האָבן די לצים געזוכט צונישט מאַכן דעם ווערט פון בוך. ווער געדענקט עס נישט די ווערצלעך: „דו שרייב וועגן מיר, איך וועל שרייבן וועגן דיר".

די עפּאָכע ליגט שוין לאַנג אויפן הייליקן אָרט צווישן אַלע קדושים און טהורים. די וויצן־זאָגער זיינען געווען שווער־ערנסטע מענטשן. די וויץ־פעריאָדע, אַז „שרייבער לייענען איינער דעם צווייטן", איז שוין אויך

לאַנג אַוועק אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט.

אויף וועמעס פלייצעס ליגט עס די זאָרג, וואָס דער מצב פון אידישן בוך האָט אַרויפגעלייגט?

דער שרייבער איז דער וואָס מאָנט און רופט און שטראָפט די, וואָס האָבן זיך אָפּגעקערט פון בוך. אָבער דאָס איז נישט מערער איצט ווי אַ חנדל אַזאַ. פון אידישן בוך זיינען אַנטלאָפן נישט נאָר די לייענער, נאָר אויך די שרייבער.

עס קלינגט אפשר ווי אַ פּאַראַדאָקס. לײדער, איז דאָס אַ פאַקט. שרייבער לייענען מערער נישט איינעם דעם צווייטן, אָבער ווען אַ איד קויפט אַ בוך איז ער נישט מחויב צו לייענען אים. אַ סך מאָל ווערט אַ בוך אויף אים אַרויפגעצוואונגען. פאַרשיידענע אַרויפצוואַנג־מעטאָדן ווערן גענוצט אַריינצולייגן אַ בוך אין די הענט פון אַ אידן.

שרייבער טיילן זיך איין מיט ביכער, זיי בייטן זיך. ווי עס וואָלט איינגעשטעלט געוואָרן אַ מין שטומע פאַרשטענדיקונג. עס איז געוואָרן פאַרקערט הער שפּאַס פון די וויצלינגע: „אָנשטאָט, דו לייען מיין בוך, וועל איך לייענען דיינעם", — איז „איך וועל נישט לייענען דיין בוך און דו וועסט נישט לייענען מיינעם".

געבענטשט איז דאָס בוך, וואָס אַ שרייבערס האַנט האָט געמישט זיינע בלעטלעך, און אַ שרייבערס אויג האָט געכאַפּט אַ קוק אויף אַ זייטל, אָדער אפילו אַ שורה.

די מידה פון לייענען איינער דעם צווייטן איז פאַרביטן געוואָרן אויף פאַלשע לויב־רייד וואָס זאָגן גאָרנישט, נאָר רעדן סתם אין דער וועלט. דאָס גיט אויסדרוק צו די טריפה מחשבות און צילן פון שרייבער: „קיינער וויל זיך ניט איינרייסן. וואָס וועט מיר אָפּקומען, אַז איך וועל אים זאָגן לויב־ווערטער, אָדער אפילו אָנשרייבן אַ לויב־בריוול?"

די מערסטע לויב־בריוולעך, — וואָס איז, אגב אורחא, אַ גאָר נייע פאַלשע און חניפה „אינדוסטריע" — רעדן נישט וועגן בוך, נאָר אַרום בוך. דאָס בוך האָט מען נישט געלייענט, געזען האָט מען אים.

אַ קאָלעגע פּאָעט האָט אין צוגאָב צו זיין וואַרעמען און שבחים־אָנגעפילטן בריוול וועגן מיין בוך „קרומע וועגן", וואָס איז דערשינען אין 1936, מיך אויך דערפרייט מיט דערהויבענע און באַגייסטערטע מיינונגען. זיין בריוו איז געווען פון די גאָר ערשטע און זיין פנים־אל־פנים־לויב האָט ער עטלעכע מאָל אויסגעלאָזן ביים קאַפע־טישל, מאַכנדיק זיכער, אַז זיינע רייד זאָלן האָבן נאָך צוהערער.

יאָרן זיינען אָפּגעגאַנגען, די פריינטשאַפט און נאָענטקייט צווישן מיר און דעם פּאָעט, זיינען אויפן סמך פון זיינע, צו וואָס לייקענען, לויב־

רייד, געוואָרן שטאַרקער און אינטימער. מיר זיינען געוואָרן צו גאַסט־גייער.

אויף אַ מין חגיגהלע ביי אים אין הויז, האָט מען מיך, ווי די אַנ־דערע פּאָעטן און שרייבער, פאַרבעטן צו לייענען לידער. אַזוי ווי איך האָב נישט געהאַט אין בוזעם־קעשענע קיין מאַנוסקריפּט, האָב איך זיך געווענדט צו זיין ביכער־שראַנק, וואו מיין בוך איז פּראָמינענט געווען אויסגעשטעלט.

די נישט־אויפגעשניטענע בלעטער אין בוך האָבן, נעבעך, פאַר־שעמט דעם פּאָעט און איך האָב געליטן גרויס עגמת נפש פאַרן צער און דער פרישקייט פון בוך, וואָס איז נאָך אַ משך פון עטלעכע יאָר געווען אַזוי ווי נאָר־וואָס פון איינבינדער.

איך האָב אַליין געזען זיך וואַלגערן פאַרשעמטע אידישע ביכער, וואָס זיינען פון חברים געשיקט געוואָרן אין רעדאַקציע פון אַ צייטונג צו קאָלעגן שרייבער. אַ גרויסע צאָל פון די ביכער האָבן אפילו נישט גע־האַט דעם זכות זיך אָנגעגענען מיטן אויג פון שרייבער צו וועמען זיי זיינען געווען אַדרעסירט. אַ קוק אויפן נאָמען פון צושיקער אויפן קאָנ־ווערט, האָט פאַרמשפּט אַ בוך צו ווערן נע־ונד אויף די טישן אָדער גאָר אין פּאַפּיר־קאָרב.

געזען האָב איך, ווי אַ שרייבער, וואָס איז אַליין אַן אַגרעסיווער בוך־פּאַרקויפער, האָט אַ בוך־מתנה פון אַ קאָלעגע געלאָזן ליגן אין קאָפּע אונ־טערן טיש. כאָטש ער האָט דעם בוך געמאָנט דורך אויפוואַרפן דעם מחבר, אַז איינטיילנדיק ביכער צו שרייבער האָט ער אים פאַרזען.

די אַלע שרייבער קען מען טרעפן אין דער געוויין־מתנה, וואָס באַקלאָגט דעם גורל פון אידישן בוך. דער אַגרעסיווער בוך־פּאַרקויפער שאַצט דעם צושטאַנד פון בוך־פּאַרקויף לויט דער צאָל ביכער, וואָס ער האָט פּערזענלעך געקענט פאַרקויפן. די מאָס פון באַציאונג צום אידישן בוך איז זיין בוך, און ער שטעלט זיך נישט אָפּ אויפזוכן קונים, וואָס נישט נאָר קענען זיי נישט קיין אידיש, נאָר זיינען בפועל ממש גויים.

די אַנדערע טוען עס נישט אַזוי ברוטאַל ווי דער דאַזיקער סוחר־פּאָעט, אָבער די באַציאונג איז איינגעראָטן אין זיינער. אידישע ליטע־ראַטור און אידיש בוך, מיינט נאָר ער: ער איז דער איינציקער און דער אויסדערוויילטער.

---

די ברייט־היפּטיקע „באַיעס" מיט די שאַרפע עלנבויגנס, וואָס זיינען די רופער, מאָנער און שטראָפער אין דער אידישער פרעסע, האָבן נישט

לאַנג צוריק אָנגעפּילט גאַנצע זייטן מיט דערמאָנונגען וועגן דעם יובל פון אידישן בוך. ווען מען שפּאַרט אָבער אָט־די טריפה חברה צו צום וואַנט, וואָלט מען זיך דערקונדיקט, אַז זייער ווינציק פון זיי קענען אָנ־געבן די צאָל אידישע ביכער, וואָס זיי האָבן געלייענט. באַקומען האָבן זיי ביכער, געלייענט האָבן זיי אָבער אין פאַרגלייך, נאָך אפשר ווינ־ציקער ווי דער פּשוטער נישט־לייענער ביי אונדז.

דורך אַזאַ ציניש ביטול פון שרייבער קריגט דאָס בוך אַ חולה־מסוכן אויסזען. נישט נאָר לייענט נישט דער שרייבער קיין אידישע בי־כער, נאָר ער באַגעגנט מיט חוזק די בשורה, אַז אַ נייער אידישער בוך גרייט זיך דערזען די ליכטיקע וועלט.

דער אידישער שרייבער האָט געשלאָסן אַ בונד מיט די ניט־לייענער, נאָר צוליב אָנשטעל וועגן — נעמט ער אָן אַ שטראָף־און זאָרג־פּאָזע.

אָפּגעזען אָבער פון דעם אַלץ, קאַרגן שרייבער אָפּ דאָס נויטיקסטע, כדי צו קענען זען אין טאָוולען זייערע שאַפונגען.

דריי גלוסטן טרייבן אַ שרייבער צו דרוקן אַ בוך: אויסטיילן אַביסל עקזעמפּליאַרן; פאַרזאָרגן „אומשטערבלעכקייט" אויף די פּאָליצעס פון שטאָטישע ביבליאָטעקן און אַריינכאַפּן לויב פון דער קריטיק.

די בידנע קריטיק ביי אונדז ליגט אָבער ביי אידן חלושים, ביי וועמען די הענט טרייסלען זיך. זיי אַליין, נעבעך, ווילן און לעכצן אויך נאָך אַ קאַפּעטשקע לויב, ווילן זיי דערפאַר אויס דעם גרינגסטן וועג: אַ שמעק, אַ לעק, אַ מיש, אַ בליק און נאָך דעם — סתם־רייד.

די גרעסטע צאָל בחורימלעך, וואָס האָבן זיך באַטיטלט ווי מיינונגס־זאָגער, האָבן נישט קיין אייגענע מיינונג און קיין אייגענעם טאָן. זיי וויסן פון וואַנען עס איז באַקוועמער צו פאַרדינען אַ גוט־ווערטל און אַ פּלייצע־פּעטשל; זיי זיצן ביי די סעודה־טישן און קוקן אין מויל אַריין די סטאַנדאַרדנע זאָגער. שפּעטער, אין די שרייבעכצן זייערע, וויסן זיי שוין ווי און וואו מען דאַרף זיך היטן מיט אַ וואָרט.

אַ גאַנצע פּלעיאַדע פון בחורימלעך רודערן אַרום די טישן פון דער ליטעראַטור. קיין איינער פון זיי האָט נאָך נישט געזאָגט קיין אָריגינעל און אייגנאַרטיק וואָרט. דאָס געזאָגטע זייערע, משטיינס געזאָגט, האָבן זיי געזאָגט אין איילעניש. זיי האָבן נישט קיין צייט. אַ וואָרט אַהער, אַ וואָרט אַהין, אַ לויבעלע, אַ גלעטעלע, אַ סתם־זאָגעלע און פאַר דעם קאָ־סירט ער אין כבוד, וואָס דער בידנער מחבר טיילט אים צו צום טיטל „קריטיקער", וואָס ער האָט אים, אין דאַנקבאַרקייט פאַר עטלעכע פּאָ־רעזווע ווערטער, אָנגעזאָגעגן.

די דאָזיקע בחורימלעך זיינען די אמתע קעשעניקעס אין דער שריי־

בערישער געמיינדע. אַלץ איז ביי זיי מיט אַ חשבון: אויסגערעכנט ביז צום סאַמע לעצטן דעטאַל. מיט עטלעכע לויב־ווערטער ציען זיי אָפּ די אויפמערקזאַמקייט פון קרבן, כדי ער זאָל נישט פילן זייער האַנט אין זיין קעשענע.

די היגע חברה־לייט זיינען פלינק און געשיקט און ווייסן אויך ווי זיך צו האַלטן אין באַלעבאַטישער געזעלשאַפט. זיי זיינען די טאָנצן־טרעגער; זיי ווייסן ווען אײנצוטיילן פּעטע כיבודים און ווען צו וואַרפן ברעקלעך און שטיקלעך.

אַלץ און אַלעמען נעמען זיי אויף זיכער, אפילו די וואָס לאָזן זיי זיין כיבוד־סאַרווער.

ווער זיינען זיי? צענדליקע זייערע!

אויף דער מחשבה קוקט אויף אַ גאַנצע פלעיאַדע. ווען מען באַקאַנט זיך מיטן אופן, ווי אַזוי זיי אָפּערירן, בלייבט מען נישט נאָר דערשטוינט, נאָר פשוט פאַרווירט.

ש. ד. זינגער האָט געשריבן וועגן מיין בוך „ווי נעכטן געשען". אין די עטלעכע און פופציק קאַפּיטלען זיינען פאַראַן אַ צאָל פון שטאַרקע דראַמאַטישע געשעענישן, וואו עס ווערן איבערגעגעבן ווי אידן אין אַ שטעטל האָבן געלעבט און געקעמפט צווישן זיך. קאַפּיטלען וואָס מאָלן אַ שרפה, וואָס האָט דאָס שטעטל פאַרצערט און די סצענעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אויף די פעלדער וואו די נשרפים האָבן זיך צעשפּרייט. אַ קאַפּיטל פון גרויס דראַמאַטישן פאַרנעם, וואָס דערציילט פון דער נאַכט ווען די גאַרבאַרעס האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט און דערקלערט די הערשאַפט פון אַרבעטער.

אין בוך זיינען פאַרצייכנט צענדליקע לידער, וואָס די אידישע יוגנט — סיי די נאַציאָנאַל־אויפגעקלערטע, סיי די רעוואָלוציאָנערע און די פּשוטע פאָלקס־מענטשן — האָבן יענער צייט געזונגען.

די אַלע זאַכן האָט זינגער מיט איין וואָרט נישט דערמאָנט. מילא, מסתמא זיינען די אַלע געשעענישן פאַר אים אַזוי געוויינלעך, אַז ער האָט געפילט, אַז זיי זיינען נישט ווערט דערמאָנט צו ווערן און ער פּטרט זיי אָפּ מיטן פאַרעווען זאָג: „דאָס בוך ווי נעכטן געשען' פאַרמאָגט אַ שלל בילדער, וואָס האָבן געוויס אויך אַ קולטור־היסטאָרישן ווערט".

זינגער איז נישט זיכער, צי די אַלע בילדער האָבן טאַקע אַ קולטור־היסטאָרישן ווערט. ער וויל נישט מסכים זיין, אָבער ער מאַכט אַ הנחה — „וואָס האָבן געוויס אויך אַ קולטור־היסטאָרישן ווערט" (דער „אויך" איז פול מיט חן).

אָבער וואָס גיבן איבער די בילדער? וועגן וואָס רעדט זיך אין בוך?

דאָס דאַרף מען זיך אָנשטויסן, אָדער גלויבן זינגערן אויפן וואָרט.

אינטערעסאַנט איז אָבער, אַז אין בוך ווערן איבערגעגעבן עטלעכע געשעענישן, וואָס זיינען זינגערן נישט באַקאַנט. זינגער איז געקומען קיין אַמעריקע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. די באַהאַנדלונג פון אימיגראַנטן זיינען שוין דעמאָלט געווען אינגאַנצן אַנדערש. אין די נאָך־מלחמה־יאָרן זיינען אימיגראַנטן געפאָרן אין באַקוועמערע שיפן; זיי זיינען נישט דורכגעגאַנגען די עבֿויים פון „שוואַרצן" די גרענעץ און נאָך טויזנטער פּייניקונגען, וואָס זיינען אומבאַקאַנט דעם שפּעטערדיקן אימיגראַנט, ווי מען האָט זיי באַהאַנדלט אין „באָד"; ווי מען האָט זיך איבער זיי איזדעקעוועט אין די „האָטעלן", וואָס זיינען ממש געווען הקדשים און מען האָט זיי, ווי פּי, געפירט אויף באַנען און שיפן.

איז זינגער גאָרנישט פאַרחידושט געוואָרן פון די אכזריותן לגבי דעם אימיגראַנט און פון די יסורים זיינע אויף דער נסיעה צו די אַמעריקאַנער ברעגן?

זיכער איז, אַז זינגער וואָלט נישט געבליבן גלייכגילטיק. ער איז אַ סענסיטיווער און ווייך־האַרציקער מענטש. ער האָט אָבער די מעשיות נישט געלייענט, פּונקט ווי ער האָט נישט געלייענט אַנדערע מעשיות אין בוך און טאַקע פון דעם שטאַמט עס זיין זאָג: „דאָס בוך, ווי נעכטן געשען" פאַרמאָגט אַ שלל מיט בילדער, וואָס האָבן געוויס אויך אַ קולטור־היסטאָרישן ווערט". ער איז נישט געווען אינגאַנצן זיכער. די קעפּלעך אויף די מעשיות האָבן עפּעס אָנגעדייט פון אויפטואונגען, וואָס האָבן אַ היסטאָרישן ווערט. אַזוי ווי ער האָט די מעשיות נישט געלייענט, האָט ער מורא געהאַט אויף זיך שטעלן. דער בעסטער אויסוועג, האָט ער געטראַכט, איז „טו טעיק עי טשענס" אין עס איז צוליב דעם געבוירן געוואָרן דער „געוויס אויך".

זינגער זוכט דעם גרינגן וועג. צו יונג איז ער איבערגעפירט געוואָרן פון די טריפּהניאַקעס. ער האָט זיך גענומען גאָר געראָטן אַרויספיקן און אין גאַנג צו זעלבסט־אויפשטעלונג איז ער פאַרקראָכן אין די שטיבלעך וואו שדים זיצן און פאַרנעמען זיך מיט אָפּרעדן און באַרעדן און ער האָט זיך געלאָזן איבעררעדן און האָט זיך גאָר אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט וואַסער־טרעגעריי. אַרום די באַלעבאַטישע היימען האָט ער גענאַשט עטלעכע חכמהלעך און האָט זיי צוריקגעבראַכט ווי המצאות צו די טישלעך וואו עס זיצן די ביכער־וואַרפער. מיט זיי איז אים פריילעכער.

# די פּרעמיע איז שוין ווידער פּסול!

די איינפירונג פון פּרעמיעס פאַר אידישע ביכער האָט אויפן סדר־היום אַרויפגעשטעלט די קשיא: וואָס דאַרף זיין דער עצם און עיקר פון אַ בוך און די מעלות וואָס דאַרפן אים געבן די זכיה צו אַן אויסצייכענונג?

לויט ווי ס'האָט זיך אַנטוויקלט דער שטייגער פון אויסטיילן פּרעמיעס, איז די קשיא ניט פאַרענטפערט געוואָרן. פאַרקערט, די כוונה צו דערמוטיקן שעפערישע כוחות פאַר דער אידישער ליטעראַטור איז אפילו נישט צושטאַנד געקומען. צוליבן אופן ווי די פּרעמיעס ווערן איינגעטיילט, שטייען די פאָנד־טוער אונטער אַ חשד פון שאַפן פאַר דער פּרעמיע אַ שם־רע: אַז געשאַצט ווערט נישט די קינסטלערישע ווערט פון אַ בוך, נאָר דער מחבר, וואָס ווייסט וואו עס עפנט זיך אַ טיר.

וויכטיקע און חשובע שריפטשטעלער און פּאָעטן האָבן זיך געקלאָגט קעגן פּתיחת הכבוד, וואָס די ליטעראַטור ליידט צוליבן פאָרצוג וואָס פּעיוואָריטיזם קריגט אין אויסוויילן אַ בוך פאַר דער פּרעמיע. ס'ליגט אַ סך אמת אין סאַרקאַזם, אַז די זשורי־מיטגלידער, וואָס האָבן געטיילט פאַראַיאָרן די פּרעמיע וועלן דעם יאָר זיין צווישן די אויסגעוויילטע צו קריגן די פּרעמיע פון דער היי־יאָריקער זשורי, וואָס באַשטייט פון די פאַראַיאָריקע פּרעמירטע. אין סך־הכל: ס'איז אַ פּראָגט פון אייגענע „באַיעס".

דער חשובער שריפטשטעלער און דיכטער א. אלמי דערמאָנט מיט ווייטיק דעם צעפוילטן מצב, וואָס די פּרעמיעס האָבן געשאַפן: „די אידיש ליטעראַרישע וועלט", שרייבט ער, איז פאַרכאַפּט פון דער בהלה פון פּרעמיעס, וואָס וואַקסן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. דער פּרעמיע־איינפיר, וואָס האָט געזאָלט דערמוטיקן דעם שרייבער, איז געוואָרן דאָס גרעסטע אומגליק פאַר אונדזער ווייניק געלייענטער ליטעראַטור, אַ קוואַל פון היגטער־קוליסן פּאָליטיק, קנאה־שנאה אין די שרייבערישע רייען און אַ פאַלשע אילוזיע פאַר די לייענערס, וואָס גלויבן טאַקע, אַז אַ פּרעמירט בוך איז באמת דאָס בעסטע בוך פון יאָר" („און דאָס פאַרשפּאָרט זיי שוין צו לייענען די ,ניט בעסטע' ביכער").

אַלמיס מיינונג גיט אויסדרוק דער שטימונג פון אַ סך שרייבער, וואָס קאָנען ניט פאַרטראָגן דעם חוזק־שפּיל אַרום די ליטעראַרישע פּרעמיעס. ווען די פּרעמיע וואָלט נאָר געווען די תחבולה פון אַ זייטיקער גרופּע, וואָלט מען עס אָן איבעריקע רייד מבטל געמאַכט. צוליב דעם אָבער, וואָס

די פֿאָנד־עסקנים און די ליטעראַטור־זשוריס האָבן אויף זייער צד די פּרעסע און ווערן געריִמט און געשטיצט פֿון שרייבער מיט פּאָזיציעס אין די צייטונגען, איז מען מחויב אויפֿצוקלערן כּדי אָפּצואַוואַנדן, זאָל זיין אַפֿילו אַ פּאָר מנינים אידישע לייענער, פֿון ספּעקטאַקל אַרום וועלכן דער פּרעמיע־שווינדל ווערט דעמאָנסטרירט.

**
*

די לאַמעד־פּרעמיע פֿאַרן יאָר 1958 האָט געקראָגן מאיר שטיקער פֿאַר זיין בוך „אידישע לאַנדשאַפֿט". ווי אַ נוגע בדבר, האָט שטיקער דאָס ערשטע פּונקט ווי צענדליקע אַנדערע פּאָעטן צו ציען די אויפֿמערקזאַמקייט צו זיין בוך און וועלן דערגרייכן אָנערקענונג און לויב. דערפֿאַר איז אויך ניט פֿאַראַן קיין שום בייז אין דעם נייגיר זיך צו וועלן הערקונדיקן מיט וואָס שטיקערס לידער האָבן עס די זכיה, איבער די צענדליקע אַנדערע ביכער לידער, צו קריגן אויסצייכענונג און דערהויבונג.

לויטן כּלל, ווערט געשאַצט, אַז אַ בוך איז ראוי דערהויבן צו ווערן, קודם כּל, צוליב דער ליטעראַרישער איכות: אידישן באַנעם און אינהאַלט, און דער שם פֿון מחבר דאַרף זיין פֿאַרבונדן מיט אַן עטישער פּערזענלעכקייט. ביי אידן האָט מען נאָך נישט אָפּגעזונדערט דעם שריפֿטשטעלער פֿון זיינע עטישע אויפֿפֿירונגען. אידן ווילן וויסן צי דער קינסטלער איז אויך אַ פֿאַרנעמלעכער עטישער מענטש. די גויאישע טעאָריע, אַז די הויפּט־מעלה פֿון אַ בוך איז דעם קינסטלערס טאַלאַנט, ער אַליין מעג זיין אַן אויסוואורף, איז אין דער אידישער ליטעראַטור און געזעלשאַפֿטלעכקייט נישט אָנגענומען. אידן זיינען אַ מאָראַליש פֿאָלק. קאָן מען געפֿינען די נטיות, ווערטן און אייגנשאַפֿטן אין שטיקערס בוך און אין מענטש־שטיקער ?

אליעזר גרינבערג זוכט צו שאַפֿן אַ טעזיס פֿאַר שטיקערס מהות. גרינבערג איז אַ זאַכלעכער, קאָרעקטער, אויפֿריכטיקער מענטש און דיכטער. אים קען מען זיכער אָפּטיילן פֿון די מאַרגאָשעסעס און אויערבאַכס, וועלכע האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אין אַ לויב־עקסטאַז פֿאַר שטיקערן און זיין בוך. די צוויי אידן, מאַרגאָשעס און אויערבאַך, צו וועלכע מ'קאָן מאַכן אַ צוגאָב פֿון נאָך עטלעכע ווי זיי, טוען נישט קיין זאַך לשמה. זייערס אַ שטעלונג איז אַן איבערציִונג — זייער צענטראַלע אידייע איז ווי אַזוי צו באַשיצן און פֿאַרבעסערן דעם אייגענעם מאַטעריאַלן מצב. אַלץ איז ביי זיי אויסגערעכנט ; אין תוך זיינען זיי פּראָפֿעסיאָנאַלן וואָס האַנדלען מיט חשבון.

גרינבערג איז נישט קיין צילינדער־טרעגער ווי מאַרגאָשעס, און נישט ווי אויערבאַך אַ ליטעראַרישער פּאָליטישן און אָפּאָרטוניסט. צוליב דעם

איז ווערט זיך באַקאַנען מיט גרינבערגס באַנעם, דורך וועלכן ער וויל איינשטעלן שטיקערס אָרט אין דער ליטעראַטור.

גרינבערג זוכט אַרויסצוהייבן דעם פאַרהוילענעם שטיקער נישט דורך אַנטפּלעקן אים, נאָר דורך איבערגעבן וועגן אים. פון דעם באַקומט זיך, אַז שטיקער איז מי־יודע וואָס פאַר אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט אין דער אידישער ליטעראַטור און זיין צושטייער צו דער אידישער פּאָעזיע איז פאַרנעמלעך און אַנגעזען. אין זיין פאַררעדן, אָבער, דעררעדט ער זיך צום תוך — שטיקערס ליד, ניט געקוקט אויפן לויב אין זיין אַרטיקל (מאַי־יוני נומער „צוקונפט") מוז ער צוגעבן, איז ניט אָריגינעל.

גרינבערג זוכט פאַרדעקן און פאַרענטפערן שטיקערס זיך חברן צו־פיל מיט פרעמדע פּאָעטן, מיטן אויסרייד — „איינפלוס". ער וויל פאַר־טרייבן דעם חשד אָרום דער סברא, אַז שטיקער איז אַ צו אויפמערקזאַמער לייענער פון פּאָעזיע אין אַ סך לשונות. ער לויפט צוריק צו זיינער אָן אָפּ־שאַצונג אויף שטיקערס ערשטן בוך און נעמט אין שותפות פאַר עדות עטלעכע ניט־אידישע שריפטשטעלער — אויטאָריטעטן, מיטן פּאָעט ס. ט. עליאָט בראש, וואָס עצהן מ'זאָל זיך נישט שרעקן פאַרן וואָרט — „איינפלוס".

אָבער די עדות ווייזט אויס, קאָנען גרינבערגן ניט באַרואיקן. ער פּירט שטיקערן אויף פּאָעטישע וועגן כדי אים צונויפפאָרן מיט דער גרופּע „יונגע", וואָס זיינען, לויט אים, אויך געווען באַווירקט פון פרעמדע איינפלוסן. אָבער, וויל ער באַרואיקן: „שטיקערן האָבן די ,יונגע' נישט באַאיינפלוסט". צוזאַמען מיט די נפטרים — זישא לאַנדוי, ראובן אייזלאַנד און משה לייב האַלפּערן האָט ער „געטרונקען פון זעלבן קוואַל, וואָס האָט זיי אַלעמען געקוויקט".

נאָך אַזאַ אויספיר איז נישט קלאָר יוער, ווי אַזוי און אויף וועמען ז'ער איינפלוס האָט געהאַט אַ השפּעה? איך קען אויסרעכענען אַ היפּשע צאָל לידער, אין וועלכע שטיקער איז שוין גאָר, גאָר ענלעך צו משה לייב האַלפּערן, צו משה נאַדיר, צו זישא לאַנדוי, און צו נאָך עטלעכע. קומט אויס, אַז אויב די „יונגע" זיינען געווען באַווירקט פון די זעלבע איינ־פלוסן ווי שטיקער, אַ אינגערער, וואָס איז געקומען שוין, ווי גרינבערג זאָגט, „ווען דער ווייזער אויף דעם זייגער פון דער מאָדערנער פּאָעזיע [אידישע און נישט־אידישע] האָט זיך שוין געהאַט אַ היפּש ביסל אַ רוק געטאָן". לויט אַזאַ אָפּשאַצונג איז דער פועל־יוצא, אַז די מאָדערנע אידישע ליטעראַטור איז נישט אָריגינעל און די פּאָעטן פון און אויסער דער גרופּע „יונגע" זיינען פשוט נאָכמאַכער.

גרינבערג זוכט צוצושרייבן שטיקערן אַ סך פּאָעטישע מעלות. ער

האַלט אים נאָר אין צונויפפאָרן מיט די וויכטיקסטע פּאָעטן פון דער וועלט און ער זוכט אים באַזונדער צו פאַרבינדן מיט די סימבאָליסטן, כדי ער זאָל קאָנען זאָגן, אַז שטיקער איז אַזאַ דראַמאַטישער פּאָעט, וואָס זיין ליד האָט די זעלבע שפּאַנונג און געמיט ווי ביי דעם דיכטער באָדלער און רעמבאָ. צו פאַרשטאַרקן די שותפות מיט די סימבאָליסטישע דיכטער ברענגט גרינבערג אַ באַווייז לידער, וואָס שטיקער שענקט די פּאָעטן, לידער, אין וועלכע ער רעדט זיך דורך מיט זיי.

ווידמענען לידער און דורכרעדן זיך אין פערזן מיט דיכטער פון אַ געוויסן שטייגער און מאַניער איז נישט קיין באַווייז, אַז מ׳קאָן זיך מיט זיי עמאָציאָנעל הברן.

באָדלער און רעמבאָ קאָן מען ניט אָפּטיילן פון זייער געמיט, אויפפירונג, און ליד. שטיקער, וואָס איז כסדר פאַר אונדזער אויג, קען נישט אָפּנאַרן מיט זיין כלומרשטער ענלעכקייט צו די סימבאָליסטישע דיכטער, ווי מ׳וויל איינשמועסן. עס איז אַ מאַסקע, אַן אָנשטעל. אין אַ סך שטיקערס לידער איז פאַראַן אַ געמאַכטער פּאַטאָס און פון זיי איז אָפּגעטאָן די לויטערקייט פון טראַגיק וואָס איז אַזוי קלאָר און בולט אין די לידער פון די סימבאָליסטן.

גרינבערגס אָנווייזונגען, פאַרטייטשן און אויסטייטשן, זיינען, טראָץ דער מליצה, פול מיט סתירה. דאָרט וואו זיין כוונה איז ליוב, קומען גאָר אויף אויספירן, וואָס אַנטפּלעקן דעם מינוס אין שטיקערן ווי אַ פּאָעט און מענטש. דורך גרינבערגס התלהבות, אפילו, ווערט געבוירן אַ פאַרדאַכט, אַז שטיקער איז אַן ערזאַץ־פּאָעט.

גרינבערג פירט אויס, אַז ביי שטיקערן איז דער סיפור־המעשה נישט וויכטיק; דאָס פאַררעכנט ער גאָר ווי אַ מעלה. דורך דעם קומט אויס אָנצונעמען, אַז אַ פּאָעט דאַרף גאָרנישט זאָגן — ער קאָן עס נאָר, לויט גרינבערגן, „קאָמפּענסירן מיט הויכער טעמפּעראַטור [???], מיט ביזאַרע אימאַזשן און מיט אַ באַצווינגענדיקער מוזיקאַלישקייט" [?!!!].

ער איז אַלץ, אָט דער שטיקער: פול מיט טעמפּעראַטור (נישט ליטעראַטור) און מיט אימאַזשן. גרינבערג פאָרט אים צוזאַמען מיט אימפּרעסיאָניסטישע מאָלערייען און מיט „אַ באַצווינגענדיקן מוזיקאַלישן" כוח. נאָר זאָגן האָט ער נישט וואָס — ער האָט נישט קיין סיפור־המעשה, „ווייל זי איז ביי אים נישט וויכטיק".

גרינבערג טוט אָן שטיקערן אַ טרויער־שלייער; ער וויל אים אידענטיפיצירן מיט די פּאָעטן־וואַגאַבונדן און ער מאַכט דעם שידוך אויפן סמך פון אַ פערז אין שטיקערס אַ ליד, נישט דורך דעם גורל, וואָס האָט געהאָלפן געבן באַדייט צו זייער ליד און די טראַגיק, וואָס האָט זיי באַ־

גלייט אין לעבן. שטיקער האָט בלויז קאָקעטירט מיט אַ ווערלעגישער באַהעמישקייט און ער האָט געמאַכט נישט מערער ווי אַן אָנשטעל, אַז ער איז אַן אָפּשטאַם פון די „דעד ענד קידס".

גרינבערגן גייט שטאַרק אָן מ׳זאָל זען איצט אַן אַנדער שטיקער ווי דעם, ביי וועמען „די אָביעקטיווע דערפאַרונגען זיינען אַרויסגעקומען אַביסל הרויסנדיק". ער וויל שטיקערן אָפּרוקן, אָפּשטויבן און דערהויבן פאַר אַ דיכטער ביי וועמען די לידער זיינען געוואָרן נאַציאָנאַל־אידיש טיפער", אָבער אָן דער מאַסקע פון „צוגעקלעפּטע באָרד און פאות".

כדי צו באַווייזן ווי טיף־אידיש שטיקער איז דאָס געוואָרן און אַז זיין אידישע ליד איז נישט אַזוי דרויסנדיק ווי זיינע פריערדיקע לידער און נישט אָנשטערלעריש ווי די וואָס קלעפּן זיך אָן באָרד און פאות, ווי אַק־טיאָרן, רחמנא לצלן! (שטיקער, אָבער, איז באַקאַנט בכל תפוצות פאַר זיין ערנסטקייט און אויפריכטיקייט), ווייזט גרינבערג מיט עקסטאַז אָן אויף צוויי שורות פון ליד — „דער שטראַלנדיקער ירדן". — „איך כאַפּ זיך אויף, דער שטראַלנדיקער ירדן האָט אָפּגעווישט דעם שטויב פון די לאַמבאַרדן". ירדן, וואָס גראַמט זיך מיט לאַמבאַרדן, שטעלט גרינבערג אַרויס ווי אַ מוסטער־ליד און פאַרגייענדיק זיך אין תענוג וויל ער האָבן: „דאָס איז נישט קיין טוריסטן־ליד באַשריבן פּאָטאָ־מעסיק, נאָר דאָס איז דער קינסטלערישער אויסדרוק פון „עפּעס", וואָס איינער ברענגט קיין ישראל און צום ירדן". גרינבערג צווייפלט ניט, ער פאַרזיכערט — דאָס ליד ירדן און לאַמבאַרדן איז דער „קינסטלערישער אויסדרוק וואָס איינער [ווער? פון וואַנען ווייסט עס גרינבערג?] ברענגט קיין ישראל און צום ירדן".

דער „טיפער באַדייט" פון ירדן און לאמבארדן, אויפן סמך פון וועלכע גרינבערג באַשטימט אַז שטיקערס ליד — „איז נאַציאָנאַל־אידיש פאַר־טיפט", רעגט שטאַרקער אָן זיין התפעלות און ווי אַ פועל־יוצא פון שטי־קערס „טיפער נאַציאָנאַל־אידישקייט" מאַכט ער אַ צוגאָב און טוט אונדז גאָר אַנטדעקן „פשטות אין זיין פאָלק־ליד". אַזאַ מעלה דאַרף דאָך זי־כער זיין דער ווירדיקסטער לויב פאַר אַ דיכטער פון אידישע פאָלקס־לידער. אָבער גרינבערגן איז דאָס צו ווייניק, ער איז צעהיצט, ער וויל ניט באַגרענעצן שטיקערס פשטות צום אידישן פאָלקס־ליד אַליין, ער וויל מ׳זאָל אָננעמען שטיקערן פאַר אַן „אוניווערסאַלן פאַשעטיסט". גרינ־בערג וויל גלאַט נישט סומך זיין, פאַרזיכערט ער, אַז די פשטות אין זיינע פאָלקס־שטימונגען זיינען פאַראַן „נישט נאָר אין זיינע לידער וועגן ישראל. נאָר אויף אַן אַנדער אופן זיינען זיינע לידער פונקט אַזוי סובטיל און אַנרעגנדיק וועגן פאַריז" (אַ וואונדער גרינבערג זאָל אַזוי רעדן? ער

איז דאָך אַ גאַר נעטער און אחריותדיקער מענטש און דיכטער!!).

גרינבערגן פאַרגלוסט זיך אויך אָננעמען שטיקערן ווי אַ געוויכטיקן מייסטער צוליב — (אָן שפּאַס!!) „דעם האַרט מעטאַלענעם קלאַנג פון די דריי זילבעדיקע ווערטער: נאָנעס, איקאָנעס און מאַדאָנעס, וואָס מאַכן ציטערן די לופט ווי דאָס פאַרכטיקע בום־בומען פון ווייטע קלויסטער־גלעקער: נאָנעס, איקאָנעס און מאַדאָנעס". (????!!!) זיינען דאָס טאַקע לידער, וואָס דאַרפן זיין די מאָס פון שאַצן דאָס נאַציאָנאַל־אידישע פאָלקס־ליד?

***

ווי מ'זאָל נישט פּרובירן לערנען דעם פשט, שטיקער איז נאָך נישט געוואָרן קיין קאָנקרעטע געשטאַלט אין דער ליטעראַטור. מ'קען איבערלייענען אַ סך לידער זיינע און זיי רואיק פאַרבייגן; זיי ברענגען נישט נאָענט און בעטן נישט מ'זאָל מיט זיי שליסן באַקאַנטשאַפט. זיי מאָנען ניט מ'זאָל זיי אויסהערן; זיי קאָנען נישט מעורר זיין, זיי פעלט דינאַמישקייט און עכטקייט; זיי רעגן נישט אָן, טראָץ דעם, וואָס גרינבערג לויבט זיי פאַר דער „הויכער־טעמפּעראַטור" (וואָס שטיקער איז אַ מאַדים צו אויפשרויפן און פאַרשרויפן).

שטיקער האָט זיך נישט באַפרייט פון פרעמדע איינפלוסן און זיינע לידער זיינען נאָכמאַכעריש און באַנאַל. ער האָט אָבער די פיאַיקייט פון אָפנאַרן, און ווי אין דער מעשה „אַליס אין וואונדערלאַנד" איז ער ווי די קאָרטן־קעניגן „רייץ", וואָס באַפעלט אירע באַדינער צו פאַרבן אַלע רויזן אויף רויט. ביי אים זיינען די רויזן פאַפּירענע, זיי זיינען נאָר וויכטיק פאַר דעקאָראַציע — ווי בלומען, זיינען זיי טויט. עס פעלט זיין ליד אינהאַלט. אויפן אויסזען דוכט זיך אויס: ס'איז אַ זאַפטיקע פרי. אַביסל געדולד און עס אַנטדעקט זיך, אַז דער אינעווייניק איז פוסט און ליידער. אין תוך: שטיקערס מי צו וועלן און פּרובירן רעדן מיט אַן אייגענעם קול איז געגאַנגען לאיבוד — ס'קומט אַרויס אַן עכאָ.

אויפן סמך פון זיינע לידער איז שטיקער נישט ראוי צו קריגן די לאַמעד־פּרעמיע, ווייל אויב מ'זאָל אָננעמען די אויסצייכענונג ווי אַ מוסטער און מאָס פאַר דער אידישער ליטעראַטור איז אונדזער פּאָעזיע קראַנק, מסוכן קראַנק און אויסגעשעפּט.

שטיקערס ליטעראַרישער מינוס קאָן אים נישט פאַרזיכערן אַן אויבנאָן ביים פּאָעטישן טיש. צי האָט ער געזעלשאַפטלעכע פאַרדינסטן? איז ער אָנגעזען פאַר זיינע מעשים טובים? איז ער באַקאַנט פאַר זיין געוויסנהאַפטיקייט? פאַר זיין מאָראַלישן וועלט־באַנעם? פאַר זיין עטישן פאַרנעם און סטאַזש? ניין מ'קאָן אויף אים ווי אַ פּרעמירטן, נישט אָנווענדן די אָנווייזונג פון העברייאישן דיכטער אברהם ברוידעס (סעקרעטאַר פון

ישראלדיקן „אגודת הסופרים״), וואָס האָט אויף דער פּראַגע, ווער עס איז ראוי צו באַקומען די ביאַליק־פּרעמיע עס פאַרמולירט: „די ביאַליק־פּרעמיע סימבאָליזירט נישט נאָר אַ געלט־באַלוינונג, נאָר אַז דער געווינער איז אַ מענטש פון האַרץ און יושר, אידישער פאַרוואָרצלטקייט, נאַציאָנאַלער אחריות, ליבע צו כלל ישראל און צו מדינת ישראל. ווען עס זיינען זיך מצרף די פערזענלעכע, דערהויבענע מעלות צו דער דערהויבנקייט פון זיינע שאַפונגען איז ער זוכה צום פּרס ביאַליק״.

אברהם ברוידעס מיינונג קען מען ניט מצרף זיין צום אויסוואַל פון דער לאַמד־פאַנד זשורי. שטיקערן קאָן מען זיכער נישט צופּאַסן צום תנאי, וואָס ברוידעס שטעלט פאַר קריגן אַ ליטעראַטור־פּריז. שטיקער האָט אפילו נישט קיין ניצוץ פון ברוידעס פאַדערונג. שטיקערס נאָמען איז נישט פאַרבונדן מיט געזעלשאַפטלעך־ליטעראַרישע ענינים. מ׳שאַצט אויך דעם קינסטלער לויט עטישע מעשים, וואָס שטיקערס זיינען פאַרהוילן אין אַ באַהעלטעניש. ער איז בכלל נישט באַקאַנט ווי אַ מעורב עם הבריות.

גרינבערגן געפעלט, וואָס שטיקער האָט זיך יונגערהייט אויסגעלערנט צו וויסן, וויפל דער זייגער האַלט אין דער מאָדערנער אידישער און וועלט־פּאָעזיע. אָבער, מיט זיין גאַנצן „דערלערנען זיך יונג״, וואָס דער טייטש מיינט, אַז ער איז נישט געווען קיין נאַאיווער יאַלד און כניאָק, האָט ער קיין „וועלטן״ נישט אויפגערודערט אין דער ליטעראַטור טראַץ דעם, וואָס ער האָט געוואוסט וואו און ווי אַזוי מ׳קאָן עפענען אַ טיר ביי אַ ליטעראַט.

שטיקערס ערשטער און צווייטער בוך, זאָגט גרינבערג, האָבן אַ פאַרוואַנדשאַפט. אָבער „דער איצטיקער בוך איז אויפגענומען געוואָרן מיט אַ סך מערער ליבע ווי דער ערשטער און אפילו מיט אַ סך אָנערקענונג מצד אַ צאָל פון די, וואָס האָבן פאַרזען אָדער נישט דערזען די פולע ווערט פון שטיקערס ליד״.

וואָס איז געשען? ווי אַזוי איז עס שטיקער פלוצים דערקענט געוואָרן? די מאַרגאָשעסעס און איבערבאַכס זיינען דאָך שוין אַלטע הענט ביים דערשנאַפּן ליטעראַרישע סענסאַציעס און אויפזוכן „וויכטיקע״ אידישע „קינסטלער״. אָט האָט מאַרגאָשעס מיט יאָרן צוריק פּראָקלאַמירט אַ הילצערנעם פּאָעט אויפן סמך פון עטלעכע לידער אַלס אַ וואָלט ווהיטמאַן נומער צוויי. ער האָט גאַרנישט געדאַרפט וואַרטן אויף דעם פּאָעטס אַ בוך. אפרים איבערבאַכס געזונטן חוש קאָן מען אויך מיטן האַנט נישט אַוועקמאַכן (וועגן איבערבאַכן דעם סאַמאַראָדנעם ליטעראַרישן צדיק איז גאָר אַ סך צו רעדן). האָט די שכינה פאַר זיי אויפגעפּראַלט שטיקערס פאַרהוילענע לידער? האָט זיי פאַרכאַפּט שטיקערס ליד וואָס איז רייפער

געוואָרן ? זיי זיינען דאָך באַוואוסטע מפונקים און פּערפעקטיסטן. אָבער, גרינבערג פאַרזיכערט גאָר, אַז שטיקער איז נאָך פון ליטעראַרישן בויך אַרויס אַ פּאַרטיקער מיט ציין, לאַנגע האָר, קנאַכיקע עלנבויגנס און פאַ־עטישן מענה לשון.

וואָס־זשע פאָרט האָט עס גורם געווען די פּלוצימדיקע התלהבות, ליוב און פּרעמיע פאַר שטיקערן ? „זיין ליד ? ניין ! זיין פּאָזיציע !! זיין שטעלע אַלס נייעס־רעדאַקטאָר פון „טאָג״ האָט געהאָלפן עפענען די אויגן און מיטאַמאָל אַנטפּלעקן שטיקערן דעם פּאָעט און — זייט מוחל, פאַר־נעמלעכע פּערזענלעכקייט. דורך זיין שטעלע קאָן שטיקער טאָן טובות און אויך רעות. דאָס וואָס שטיקער האַלט זיך לענגער ווי וועלכער עס איז אַנדער שרייבער אין „טאָג״ אויפן פּאָסטן פון נייעס־רעדאַקטאָר, מאַכט זיין פּאָזיציע שטאַרקער און די אויערבאַכס, אַדאַנק זייער חוש, ווייסן עס גאָר גוט.

* * *

דאָס אָנגעוויזענע איז אפשר ביטער ווי איינעמען אַ מעדעצין. אַ סך וועלן זיך קרימען. ס'איז אָבער גוט פאַרן ליטעראַרישן געזונט. דער־פאַר איז די אָפּשאַצונג אַ ווידערשטאַנד קעגן שווינדל מיט די פּרעמיעס און איז אַ באַשולדיקונג קעגן דעם, וואָס די פּרעמיע ווערט ניט געגעבן דעם גרעסטן בוך, נאָר דעם געשיקסטן פּאָליטישן וועמענס פּאָזיציע קליבט אַרום זיך אָפּאָרטוניסטן, שוואַכלינגען, חונפים. די רייד צווישן שרייבער, אַז עס איז שוין געווען באַשלאָסן, און באַשטימט די פּרעמיע פאַר שטיקערן נאָך איידער דאָס בוך איז אַרויס פון דרוק, איז אַ שטאַרקע סיבה פאַר צווישט מאַכן די וויכטיקייט, וואָס שטיקערס בוך האָט געקראָגן דורך דער פּרעמיע. די פּרעמיעס בכלל ברענגען ניט קיין נוצן, נאָר שאָדן.

ווי אין אָנהויב פון דער עסיי פּאַסט איבערצוגעבן ביים סוף אַ פּאָר געדאַנקען וועגן זעלבן ענין פון ווירדיקן שריפטשטעלער און פּאָעט א. אלמי : „דער שרייבער, וואָס קאָן נישט און וויל נישט מיטמאַכן דאָס שפּיל פון ליטעראַרישער פּאָליטיק, פילט זיך ווי אַ פּרעמדער, אַן איבעריקער. אין דער ירידה צייט, וואָס וואָלט געדאַרפט באַוועגן צו חשבון און חשבון־הנפש, צו דערנעענטערונג פון איינעם צום אַנדערן, פון אַ פאַר־איייניקונג פון כוחות באַנאַנד צו ראַטעווען וואָס מ'קאָן און וויפל מ'קאָן, פירט זיך אויף אַ גרויסער טייל שאַפערס און טוערס פון אידישן וואָרט ווי די רוימישע אַריסטאָקראַטיע פאַרן און בעתן פאַנאַנדערפאַל פון דער רוימישער אימפּעריע : בגילופין אין אַ הוליאַנקע אויף אַ פּאַפּירענער בריק איבערן אָפענעם תהום, יעדער פון זיי אַריינגעטאָן אין זיך, גיריק אַריינצוכאַפּן וואָס שנעלער דאָס ביסל אומשטערבלעכקייט, וואָס רינט אַרויס פון דער נאָענטער שטערבלעכקייט : „נאָך מיר מעג קומען אַ מבול !!״

# ליטעראַרישער פּענעצל־מדבר

די נאַכט איז לאַנג. אין אַזאַ נאַכט פּאַרבייטן דעם שלאָף מאָדנע טראַכטונגען. דאָס איז אַ נאַכט, וואָס מאַנט־אויף דעם ווילן צו אָפּגעבן אַ חשבון־הנפש, צו אונטערציִען דעם סך־הכל פון אַלע אָפּטואונגען. די איינזאַמקייט, אין וועלכער די נאַכט וועבט־איין, ברענגט נעענטער צום בייזן אמת, וואָס קען נאָר אויפקומען ווען מ׳איז פריי פון וועלן כסדר זיך וויקלען אין אָנפּעלצונגען און צוגעדעקטקייטן. מ׳טראָגט זיך פאַרקנעפּלט מיט פאַרשיידענע האַטשעקלעך, כדי, אויב ס׳וועט אַמאָל אַ כאַפּ נאָך אַ געפיל פון אַנטפּלעקונג זאָל נישט אָנקומען שווער די אויפקנעפּלונג. הווייל די שוין איז, אַז ביז ס׳וועט דעריגרייכן דעם לעצטן קנעפּל, איך מיין, האַטשיק, זאָל מען קענען זיך באַזינען און חרטה האָבן. און אַזוי ווערט מען געראַטעוועט פון אויפדעקן דאָס אויסזען פון לייבצערדעקל.

אין אויסגעצויגענע נעכט אָבער, ווען שלאָף האָט נאָך ניט איינגעשלונגען, ווען מ׳שטייט פאַר זיך אַליין אָן אויפגעדעקטער, אָן אויסגעטאָנענער אפילו פון לייבצערדעקל, הויבט מען אָן זיך פאַרנעמען מיט די זעאונגען וואָס זיינען אין געדויש פון טאָג געבליבן פאַרבאָרגן, און וואָס אינטעליגענטן רופן — אונטערבאַוואוסטזיין הויבט שוין אָן צו ווערן באַוואוסטזיין, און אָט־דער באַוואוסטזיין לייגט אויס אויפן טיש אַלע מחשבות, די מחשבות וואָס מוטשען, אַז מ׳זאָל זיך פאַרשעמען פאַר וועלן אָפּרוקן זיי אין די ווייטע־ווייטענישן, פאַר וועלן זיי אומברענגען; פאַר אַנשטרענגען זיך צו פאַרבייטן זיי מיט אַנשטעלן און פאַלשקייטן: פאַרן פאַרזוך זיי צעטרעטן אין געיעג, וואָס דער טאָג און זיין פאַלשקייט האָבן צעיאָגט און צעפּאַכט. אַ פאַלשקייט, וואָס וויל מ׳זאָל זיך באַפרידיקן מיט איין גוט־ווערטעלע, מיט איין געמאַכטן שמייכעלע, מיט איין קלאַפּעלע אין דער פּלייצע.

ווען מ׳קומט אָבער אָן אין דער איינזאַמקייט פון דער אויסגעצויגענער נאַכט, זעט מען איין, אַז מ׳האָט איינקאַסירט נישט מערער ווי שטיקלעך בלעך, און אַז אין תוך האָט מען פאַר די אַלע איינקאַסירטע לויב אויך עפּעס אויסגעצאָלט און אַמאָל נאָך אין אַ ווינציקערן ווערט ווי בלעך.

אין דער אויסגעצויגענער נאַכט, אָפּגעפרעמדט פון געדויש, לעבט־אויף דער אַנגעזעענער פראַג־צייכן, וואָס איז אויפגעקומען פון טומל: וואָס וועט אויפוואַקסן פון די קערנער, וואָס איז ווילד געוואָרפן געוואָרן אין ניט־צעאַקערטע ערד?

עס קומען ווידערקלאַנגען פון רייד, וואָס זיינען געזאָגט געוואָרן אין גערויש און עס ווערט שווער אויסצוזיפּן אַ ריין ביסל מעל, וואָס זאָל סטייען אפילו פאַר ניט מערער ווי איין זעמעלע.

אין דער אויסגעצויגענער נאַכט ווערט דער רחמנות צו אַלע געיעגער, וואָס וויקלען זיך אין טומל אויסגעוואָקסן צו גרויסן פּיין. מ'ווייסט ניט וואָס מ'זאָל טאָן: וויינען, צי לאַכן אויף דער קאָמי־טראַגישקייט פון די טומלער, וואָס באַוואוינען דעם אָרעמען אויסגעצערטן פּיצל מדבר, ווייִ, אונדזער פּיצל ליטעראַרישער מדבר!

וויפל זיינען די צאָל פון די מדבר־בירגער? מ'קען זיי ציילן אויף די פינגער אפילו אין דער פינצטערניש פון נאַכט. אין פאַלשקייט און טומל פון טאָג ווערט מען פאַרפירט און אָפּגעווענדט פון דער אמתער צאָל, וואָס באַוואוינען דעם מדבר. איצט, אין דער איינזאַמקייט פון נאַכט טויכן אויף אַלע געשטאַלטן. יעדנס נאָמען איז באַקאַנט, יעדנס יחוס־צעטל איז נישט פרעמד און יעדנס מעשים טובים איז געגנוי באַוואוסט.

אָפּגעשלייערט ווי זיי קומען אויף, ווערט דאָס אייגן געביין נמאס. פאַר וואָס און פאַר וועמען האָט מען עס זיך געהאַלטן פאַרבאָרגן? פאַרן ביסל לויב! פאַר וואָס און צו וואָס האָט מען זיך עס אָפּגעגעבן אין אַ ווילדן געיעג? כדי וואָס: איינצוקאַסירן אַ גלעטעלע, אַ שמייכעלע, אַ קלאַפּ אין פּלייצע! מען הייבט אָן אונטערציען דעם חשבון, זעט מען גאָר, אַז אַלע זיינען באַנקראָט. מ'האָט זיך געטיילט מיט פאַלשע וועקסלען, מען האָט זיך געביטן מיט צוזאָגונגען. מ'האָט געמיינט, אַז ביז דער וועקסל וועט קומען אויסלייזן זיין פאַלשקייט וועט אַ נס געשען און ס'וועט פון ערגעץ אַריינפאַלן אַ פאַרדינסטל, וואָס וועט קענען דעקן דעם וועקסל, גוטמאַכן דעם ווייטערדיקן קרעדיט.

אונדזערע ליטעראַרישע בירגער פון פענעצל מדבר, ווייִ, ווייִ!

דאָס פענעצל מדבר ליידט פון זאַמד־שטורעמס. דאָס וואַסער ווערט אויסגעטריקנט. יעדער איינער פאַר זיך, אין געיעג נאָך אַ רעגן־טראָפּן, וואָס זאָל באַנעצן די טרוקענע ליפּן. די בירגער טראַכטן ניט, ווי אַזוי מ'קען אַרומצאַמען די געציילטע ברונימער, ווי אַזוי מ'קען איינהיטן דאָס ביסל וואַסער. זיי זיינען צו טיף איינגעוויקלט אין אייגענער וויכטיקייט, אין וועט־געיעג ווער עס וועט קענען גיכער מיט זאַהיקן־לשון אויסרעדן — זאַמד־שטורעם.

די פענעצל־מדבר־בירגער זיינען פאַרטאָן און פאַרנומען צו אָפּשפּיגלען זייערע פּנימער אין ביסל וואַסער, וואָס האָט זיך מיט נסים אַליין איינגעהיט. זיי זיינען פאַרנומען אַריינצושרייען און אַריבערשרייען איינער דעם צווייטן אין ברונעם אַריין, כדי צו קענען זיך דערוויסן וועמענס

ווידער־קול עס קומט אַרויף נישט שטאַרק פאַרהיקעט.

די אויסגעצויגענע נאַכט טוט באַפאַלן מיט שרעק אַלע זעאונגען, טראַכטונגען און געשטאַלטן. די אויסגעצויגענע נאַכט האַלט אין פּיין און שטראָף און שלאָגט מיט בייזן אמת. מ׳וויל שרייען פון אָפענעם פענצטער אַרויס. מ׳וויל וויינען פון גרויס פּיין.

די נאַכט, די אויסגעצויגענע, דערברענגט דעם טומל־געררויש פון פאַלשן טאָג, אין וועלכן מ׳האָט זיך אין געיעג געוויגט צוזאַמען מיט די פענעצל־מדבר בירגער.

דער לעצטער ברונעם האַלט אין אויסלאָזן דעם אָטעם. ער ליגט שוין אַ גרייטער זיך לאָזן איינזאַפּן אין די געהדערים פון דער ליבער מאַמע־ערד. עס ציט אים צו שלאָף און אויסלייז. און טרויער פאַרלייגט זיך אויף די בירגער פון פענעצל־מדבר. אָן ברונעם, ווי אַזוי וועלן עס אָפּגעשפּיגלט ווערן זייערע פּנימער ? אָן ברונעם, ווי אַזוי וועלן זיי קענען הערן דאָס ווידער־קול, וואָס ברענגט זיך צוריק אַרויף פון זייער זאַהיקן לשון.

אין טרויער, אין פּיינלעכן טרויער, האָבן די פענעצל־מדבר־בירגער מיט אונטערגעלייגטע פיס זיך אַוועקגעזעצט זאָרגן פאַרן ביסל וואַסער, וואָס ווערט אונטער זייערע אויגן איינגעזאַפּט אין די געהדערים פון דער ליבער מאַמע־ערד. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט זאָרגן און דאָס וואַסערל טוט זיך זיינס — עס ציט זיך מיט בענקשאַפט צוריק אין איינגעווייד פון מאַמע־ערד, וואָס האָט אים געבוירן און געהאָדעוועט, געצערטלט און געשפּייזט.

זיי זיינען פאַרנומען מיט זאָרגן: אָן דעם ביסל וואַסער זיינען זיי פאַרמשפּט צו אומקומען פון דאָרשט, אומקומען ווייט פון וועלט, וואָס ציט זיך אויף יענער זייט ערגעץ פון פענעצל־מדבר.

זיצן זיי אַזוי אין פּיינלעכן טרויער. די זאַהיקע בירגער פון פענעצל־מדבר, און זאָרגן. זאָרגן מיט טומל און פאַראַד, זאָרגן מיט שפּאַרעניש, ווער עס קען בעסער און העכער זאָרגן.

אין דער שלאָף־אָפּטועניש פון אָט־דער אויסגעצויגענער נאַכט, האָב איך אין איינזאַמקייט זיך צערעדט מיט מיין שאָטן. איך האָב אים געענו־מען פאַר אַ שותף צו העלפן מיר פאַרגרינגערן אָט־די אַלע בייזע נעכט, וואָס וואַרטן אין לויער פאַר מיר. ווייל איך ווייס, אַז מאָרגן וועל איך ווידער זיך איינקנעפּלען און לויפן צו די מדבר־לייט, כדי ניט נאָר צוזען, נאָר אויך מיטהעלפן זיי זאָרגן. זיי מיטהעלפן זאָרגן און אין די נעכט זיך אַריינוויקלען אין דער איינזאַמקייט און אויסגעצויגנקייט, וואָס וועט אין שלאָף־אָפּטועניש ווידער קומען צו מיר אויפמאָנען אַ חשבון־הנפש.

# טרויעריקע רייד פון אַ אידישן שרייבער

(וועגן יצחק יאנאסאָוויטשעס שילדערונגען פון סאָוועטיש־אידישע שרייבער)

יצחק יאנאסאָוויטש איז אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען פאַרוואָגלט אין רוסלאַנד. אין מאָסקווע האָט ער זיך באַגעגנט מיט די דאָרטיקע אידישע שרייבער, און אין זיין בוך, „מיט אידישע שרייבער אין רוסלאַנד", גיט ער איבער זיינע שטימונגען און אויך אָפּשאַצונגען וועגן אַ צאָל פון די וויכטיקסטע סאָוועטישע אידישע שרייבער.

זיינע מעשיות אָבער רופן גלייך אַרויס אַ חשד. עס לאָזט זיך ניט גלויבן און ס'ווערט קשה, דאָס אין דער צייט ווען די סאָוועטישע שרייבער האָבן מורא געהאַט צו רעדן אינטים צווישן זיך, האָבן זיי גאָר גראָד אים, דעם פרעמדן, דעם פּליט, פאַרטרויט, און ניט נאָר אין שרייבער, נאָר עטלעכע, זייערע שטימונגען און ספקות.

כדי צו מאַכן גלויבן, אַז די דאָזיקע מעשיות זיינען נישט אויסגעטראַכט, שטעלט יצחק יאנאסאָוויטש אויף אַ פּאָזע פון ערנסטקייט און שטעלט דעם טאָן פון זיין שטייגער שרייבן — שוואַרץ אויף ווייס. לויט דעם מאַניער באַקומט זיך ביי אים, ווי אין אַלע מעלאָדראַמעס, צוויי עלעמענטן: אַ מחנה צדיקים און אַ מחנה רשעים. פּרץ מאַרקיש, דער נסתר, דוד האפשטיין זיינען בחינה צדיקים. אַ רשע איז דוד בערגעלסאָן, וועמען ער מאַכט אויסצודרייען. אָבער גאָר שלעכט שניידט ביי אים אָפּ איציק פעפער. אים טוט ער אָן דעם מיץ פון אַן „הויפּט־מסור".

בערגעלסאָנען, איז מען זיך משער פון יאנאסאָוויטשעס שטימונגען, האָט ער גאָרניט געהאַט גערן. דערפאַר פאַרגיטיקט ער פּרץ מאַרקישן, וועמען ער באַשמירט מיט אַלבירטן־זאַלב. ער טראַכט אויס עפּעס אַ שטרייט צווישן מאַרקישן און פעפערן און ער זוכט מאַכן דעם איינדרוק, אַז פעפערן איז ניט געלונגען מאַרקישן שלעכטס טאָן, מחמת אים, מאַרקישן, האָבן באַשיצט גאָר וויכטיקע „שררות". זיין זכות: מאַרקיש איז געווען אין אויסזען „אַ שיינער" און דערצו נאָך „אַ גוטער רעדנער". אַזאַ השערה איז נאָר צום שטוינען. קען מען זיך דען אויסמאָלן, אַז די „ען־קאַ־ווע־דע" זאָל מאַרקישן לאָזן צורו טראָץ די מסירות פון „הויפּט־מסור" פעפער, און דאָס נאָר דערפאַר, וואָס אים האָבן באַשיצט „שררות",

מחמת ער האָט געהאַט „אַ שיינעם פּנים" און איז דערצו געווען „אַ גוטער רעדנער".

ס'איז גאָר מאָדנע אַזאַ אויספיר. ראשית, איז מאַרקיש נישט געווען קיין פּאַרטיי־מיטגליד. איז טאַקע מחמת דעם די גאַנצע מעשה וועגן אַ שטרייט צווישן מאַרקישן און פּעפערן ניט קלאָר. יאַנאַסאָוויטש אַנטפּלעקט ניט איבער וואָס זיי האָבן עס געשטריטן, וואָס זיינען עס געווען די פּאָ־ליטישע חילוקי־דעות, וואָס האָט זיי געהאַלטן אַזוי שאַרף און בייז פאַר־קריגט?

פונוואַנען ווייסט עס יאַנאַסאָוויטש, אַז פּעפער איז גאָר געווען אַן „הויפּט־מסור"? ער, יאַנאַסאָוויטש, איז דען געווען אין „ען־קאַ־וועדע" אַפּאַראַט? אַחוץ דעם, קען ער דען באַווייזן, אָדער אָנגעבן דעם נאָמען פון איין שרייבער וועמען פּעפער האָט געמסרט? דער טרויעריקער פאַקט איז דאָך גאָר, אַז פּעפער איז צוזאַמען מיט זיין „שונא" מאַרקיש פאַרטיליקט געוואָרן, און יאַנאַסאָוויטש האָט גאָט צו דאַנקען דערלעבט צו האָבן נחת פון זיינע באַשרייבונגען וועגן זיי.

אַביסל ווערט קלאָר פאַר וואָס יאַנאַסאָוויטש האָט געהאַט אַזאַ שוימיקן עקסטאַז פאַר פּרץ מאַרקישן. אין ישראל־זשורנאַל „היימיש", אונטערן רובריק „מענטשן און פאַקטן" ווערט פאַרנאָטירט: „דער שרייבער ש. קאַנץ, תל־אביב, עולה געווען די לעצטע יאָרן פון פּוילן, האָט די לעצטע טעג געלעגנהייטלעך דערציילט, ווי פּרץ מאַרקיש האָט אין מאָסקווע גע־וואַלדיק געלויבט יאַנאַסאָוויטשעס פּאָעמע ,אַ שטוב אין שטעטל' און עס אָנגערופן ,דוד המלכדיקע דיכטונג'. אַזאַ סופּערעקזאַלט, ,דוד המלכ־דיקע דיכטונג', קען אָנגעמאָסטן ווערן אויף דער מעשה, וואָס ווערט אויך איבערגעגעבן פון ישראל, וואו אַ אידישער זינגער האָט געמאָלדן דאָס ער וועט זינגען: „קאַפּיטל 119 פון תהילים, מוזיק פון חזן מלאווסקי, ווערטער — פון דוד המלך".

דער אמת איז, דאָס אַזאַ סופּערלאַטיוו איז נישט געווען אין מאַרקי־שעס לשון. איך קען זיך גאָר נישט פאָרשטעלן די איבערקערעניש, וואָס האָט מיטאַמאָל דערבראַכט מאַרקישן צו אהבת אידיש און אידישקייט. אין מאָסקווע האָב איך מאַרקישן געקענט, ווי אַ שרייבער וואָס האָט זיך געהאַט אָוועקגערוקט פון אידן, אידישע שרייבער און דעם משטיינס־געזאָגט אידישן לעבן, וואָס איז דאָרטן, געווען. אָבער יאַנאַסאָוויטש פּוצט אויס מאַרקישן מיט אַ קאַפּאָטע און אַ פּויליש אידישע היטעלע אויף זיין ליכטיקן אידישן קאָפּ.

יצחק יאַנאַסאָוויטש פאַרבאָרגט ניט, אַז ער איז אַ שוואַרץ אויף ווייס שרייבער. די רייד זיינע וועגן יעקב גלאַטשטיין אַנטפּלעקן, אַז ער צאָלט

צינזען צום ליטעראַרישן קלימאַט, וואָס ער זוכט צו שאַפן.

אין זשורנאַל „היימיש", איבער אַ קעפּל „נישט נאָר קנאת סופרים, נאָר אויך אהבת סופרים", זאָגט זיך: „ס'איז פאַראַן צווישן שרייבער נישט נאָר קנאה־שנאה, נאָר אויך קאָלעגיאַלע אהבה און פאַרערונג. אָט ווי שיין און ענטוזיאַסטיש עס שרייבט יצחק יאַנאַסאָוויטש אין „די פּרעסע", בוענאָס־איירעס, וועגן יעקב גלאַטשטיין. איצט דאַרף מען פשוט שטוינען פון אָט־דער מילד גערעדט „שיין און ענטוזיאַסטיש": „אַ דיכטער פון געטלעכן גנאָד (!!!) איז ער אויך אַ ליטעראַטור־קריטיקער, עסייאיסט, און פּובליציסט פון גרויסן סטיל. זיין שאַפן איז דער הערב־צייכן פון דעם גייסטיקן אַדל, מיט וועלכן מיר יחוסן זיך און מיט וועלכן מיר גרויסן זיך — ער איז דער שטאָלץ פון אונדזער שעפערישער דערגרייכונג (!!), דאָס שבת־שיינדל פון אונדזער ליטעראַרישער עשירות. יעקב גלאַטשטיין געהערט צו דער אייביקייט פון דער פאָלקס־שאַפונג" (??!!). (נו, יאַנאַסאָוויטש טיילט שוין אויס פלעצער אין דער אייביקייט!!).

אָט דער שוים רינט שוין איבער אַלע גרענעצן: „יעקב גלאַטשטיין איז אייביק געווען אַ וועגווייזער פאַרן כלל (??), אַ מורה דרך פאַרן פאָלק (גוואַלד!!!), אַ שפּאַנער אין די פּראַנטיקע רייען פון זיין אומה צו דער אייביקייט פון איר געשיכטלעכער עקזיסטענץ (!!!). יעקב גלאַטשטיין איז נישט בלויז קיין דיכטער און נישט בלויז קיין גרויסער דיכטער, ער איז דאָס פּאָעטישע ליכט פון אונדזער דור" (פוי זאָל עס ווערן!!). דאָס איז נישט קיין שרייבערישער סופּערעקזאַלט, דאָס איז פשוט קאַטוילישקייט. ביי אידן צו רעדן אַזוי וועגן אַ מענטשן (גלאַטשטיינען) איז דאָך אַבסורד. אָט־די קאַטוילישע מחלה, וואָס ווערט פון געוויסע אידישע שרייבער, אָפּשטאַמיקע פון פּוילן, אַריינגעטראָגן אין אונדזער ליטעראַטור, מאַכט איר נאָך קראַנקער.

אַ מענטש, אַ שרייבער, אַ איד דערצו, וואָס קען אַזוי רעדן מיט אַזעלכע סופּערלאַטיוון וועגן אַן אַנדער מענטשן, אַ שרייבער און אויך אַ איד, שטעלט זיינע סברות און אָפּשאַצונגען אונטערן חשד פון אומפּאַראַנטוואָרטלעכקייט. אָט דאָס איז דער יאַנאַסאָוויטש — אַ שרייבער פון שוואַרץ אויף ווייס, פון מלאכים און רשעים, פון חניפה און כעס. אַ שרייבער וואָס ווייסט ווי אַזוי זיך קענען צודינען און פאַרדינען, געבן און גיסן שבחים פאַר אַ פּיצעלע אָרט אויף זיך אַוועקשטעלן פון וואַנען צו קענען אַריינבליקן אין די „הויכע פענצטער".

# דער ליטעראַרישער פענכער פלאַצט

(וועגן דעם טאַבאַטשניק „מיט" אין דער אידישער ליטעראַטור)

אברהם טאַבאַטשניק איז נישט אַריינגעקומען אין דער ליטעראַטור, ער האָט זיך צוגעשטעלט. זיין ציל: אַ ווילן צו זיין אַ ליטעראַט. די גלוסט אין שותפות מיט גימנאַזיסטישער קליין־שטעטלדיקייט, איז געווען די גאַנצע עשירות, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אויף זיין ליטעראַרישן לייב און לעבן.

טאַבאַטשניקס באַווייזן זיך אין דער שרייבערישער סביבה איז נישט געווען מיט באַשיידנקייט, ווי ס'איז אין כלל די טבע פון אַנהויבער, וועמען אומזיכערקייט האַלט אָן אַ זייט אין שטילקייט און דרך־ארץ. אַ רייפער איז ער אַריינגעשפּרונגען, מחמת דעם האָט אים אויסגעמיטן די ברכה פון געפּונג. מיט דער זיכערקייט פון פּראָווינציאַלן האָט ער זיך פאַרנומען צו באַווייזן, אַז אים קענען גרויס־שטעטישע ניט שרעקן, ער קען פּונקט ווי זיי די קונץ פון ליטעראַטעווען.

**
*

די עטלעכע ביכלעך, וואָס זיינען אַריינגעפאַלן צו טאַבאַטשניקן, האָבן אויף אים געהאַט אַ גאָר גוטע פּעולה. זייער תמצית האָט ער מיט גרויס התמדה געעבוי זיך אַריינגענומען אין זינען. אַ זכרון האָט ער אַ גוטן, איז ביי אים אויסגעוואַקסן דער חשק צו פּרובירן דאָס וואָס די מחברים האָבן געטאָן; ס'איז אים געפעלן געוואָרן און ער האָט זיך אַ נעם געטאָן אויסצולערנען די כללים און פון דעם האָט ער געדרונגען, אַז ס'איז גרינג גאָר אויסצושטעלן ווערטער און גראַמען און אַז ס'איז נישט קיין מי צו מאַכן טייטשן, פּאַרטייטשן און אויסטייטשן. ווען ער האָט זיך אָבער גע־ נומען צו דעם איז פון אים אַנטלאָפן די זיכערקייט. דאָס וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן האָט דאָס פּאַפּיר נישט אויפגענומען, וואָס ס'איז יאָ פאַר־ צייכנט געוואָרן איז געווען פּוסט און לער. וואָס שטאַרקער עס איז געווען זיין הילפלאָזער געראַנגל אין דער אינטימקייט פון זיין הדר, מיטן גלוסט צו קענען געבן אויסדרוק זיין שטימונג, אַלץ בייזער און אַנגרייפערישער איז געוואָרן זיין געדעדט וואָרט אין געדויש פון קאָפּע.

טאַבאַטשניקן האָט געפּייניקט די פּוסטקייט פון זיין אייגן קול, מיט וועלכן ער האָט די מיטזיצער געוואָלט צעטומלען, פאַרשרייען און פאַר־

שטילן. אין דעם הארמידער און גערויש האָט אים דער זייגער אָנגעזאָגט, אַז עס האַלט שוין באַלד קרוב צוועלף אין דער אידישער ליטעראַטור און ער האָט נאָך אַלץ ניט קיין ליטעראַרישן מקום־מנוחה, ער האָט נאָך נישט וואו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן.

ס'איז נאָר אַן איינדרוק פון דרויסן אַרויס, אַז טאַבאַטשניק איז אַ צעשויבערטער. אין תוך איז ער אַ פּאַרעקשנטער רעאַליסט. זעענדיק, ווי די ווייזער רוקן זיך פון אַרויף צום אַרונטער, איז פאַר אים קלאָר געוואָרן, אַז כדי צו פאַרשטאַרקן דעם באַשלוס פון ווערן אַ ליטעראַט, מוז ער זאַמלען אַרום זיך יונגוואַרג, וואָס זאָלן ווערן פאַר אים פּאָראויסלויפער. ער אַליין איז געוואָרן „אַ פּוט־מען“ ביי די „יונגע“, ווייל פאַרשטאַנען האָט ער, אַז זיינע שעפערישע פּרואוון האָבן נישט דעם כוח אים צו טראָגן אויף זיך.

טאַבאַטשניק, אין וועמען עס האָט געברענט אַ מעטראָמאַנישער פייער, האָט זיך פאַרחברט מיט עטלעכע אָנהייבער און מיט פּאַראייניקטע כוחות און מיט אימפּעט האָבן זיי זיך גענומען אַריינרייסן אין גבירישע שטובן.

טאַבאַטשניק האָט נישט נאָר דעמאָנסטרירט, נאָר אויך רעקלאַמירט זיין פריינטשאַפט מיט די זיכטיקסטע פּאָעטן, פּאָרשטייער פון דער גרופּע „יונגע“. זיין חברן זיך מיט אָט־דער פאַרנעמלעכער און וויכטיקער ליטעראַרישער כנופיא, האָט אים צוגעדינט פּרעסטיזש, אָנזעעוודיקייט און געהאָלפן פאַר אים אויפשטעלן דעם נאָמען, וואָס מאָנט איצט דעם טיטל „קריטיקער“.

טאַבאַטשניק איז אַ היציקער און קאָכיקער מענטש. זיין אימפּעט איז בערגעוועלטיקט און דערשרעקט; אָט־דער טומל צוהילף די עטלעכע ביכלעך האָבן איינגעשטעלט זיין מערכה ביי מאַני לייבן, זישא לאַנדוי און ראובן איזלאַנד. די פּאָעטן זיינען אין זייער מהות געווען וויכוחים־האַלטער, נישט דעבאַטאַנטן, נאָר דיספּוטאַנטן; זיי האָבן זיך ליב געהאַט צו שפּאַרן. טאַבאַטשניק איז אויך אַ הייסער זאָגער און ער איז אין דער גרופּע געוואָרן אַן אייגענער. דער גערויש פון היצן זיך איז אָבער נישט געווען די הויפּט־סיבה פאַר אָט־דער קרובהשאַפט. טאַבאַטשניק האָט אָט־די פּאָעטן אויך געשענקט אַ סך ליב. ס'איז נישט געווען דער מאַנגל אין אָנערקענונג, זיי האָבן עס געהאַט עד לרוב. ס'איז בלויז געגאַנגען אין דעם, וואָס ליב ברענגט דערהויבונג און טוט אָן פריידע. ווי אַלע לעבעדיקע מענטשן האָבן זיי נישט געוואָלט אויסלאָזן די הנאה, אַחוץ דעם איז כסדר געווען אונטערן האַנט אַ לויב־זאָגער און די „יונגע“ זיינען פון דעם ליטעראַרישן קדמונים זייערן געווען צוגעוואוינט צו אַ פּערזענלעכן רימער. זיי האָבן אים אָפּגעדינט מיט שפּרייטן די אויסטראַכ־

טעניש, אַז טאַבאַטשניק איז אַ גרויסער ווייסער און קריטיקער. דאָס האָט זיך צוגעקלעפּט און צוזאַמען מיט טאַבאַטשניקס דרייסטקייט און מיינונגס־זאַגעריי, האָט מען אים גענומען דולדן ווי אַ וויכטיקן ליטעראַטור־מבֿין און ידען, און ער האָט אין קאָפּע, פון טיש צו טיש, אָנגעהויבן גילטן ווי אַ קריטיקער.

***

טאַבאַטשניק האָט געגנבֿעט די גרענעץ אויף זיין נסיעה צום אידישן ליטעראַטור־לאַנד. יאָרן האָט ער אפילו קיין נאָנסן־פּאַס נישט פאַרמאָגט. אויף זיין אויסקומעניש האָט ער געבאָרגט און די וועקסלען, וואָס ער האָט געגעבן ווי ערבֿות, האָט ער נישט געקענט סילוקן.

ווען טאַבאַטשניק האָט זיך צוגעשטעלט אין דער ליטעראַטור איז געווען דער אָנהויב אָדער דער מיטן פון די צוואַנציקער יאָרן. דעמאָלט איז געווען די בלי־און אויפשטייג־צייט פון דער אידישער ליטעראַטור אין אַמע־ריקע. די „יונגע" זיינען געווען אַ וויכטיק אָנגעזעענע גרופּע; די „אינזי־כיסטן" האָבן זיך גענומען פאַרוואָרצלען; עס איז אויפגעקומען די גרופּע פּראָלעטאַרישע שרייבער און דיכטער. אויף אַ שטילן שטייגער האָט אויך די „בראָנזווילער" גרופּע, אָנגעפירט פון דיכטער אהרן קאַרלין, זיך ליטעראַריש מתעסק געווען. אַחוץ דעם האָבן נאָך געלעבט און זיך גע־וויזן אפילו אין שריפט: מאָריס ראָזענפעלד, מאָריס ווינטשעווסקי, אברהם רייזען איז נאָך דעמאָלט געווען אָנגעלאָדן מיט ליטעראַרי־שער דינאַמישקייט. אין תוך איז געווען אַ גאַר גרויסע שפע אויף זשור־נאַלן און צייט־שריפטן. טאַבאַטשניק אָבער האָט אין יענער גאָלדענער עפּאָכע צירקולירט בלויז מיט תורה שבעל פה. מ'האָט אים דערמאָנט און פאַררעכנט ווי אַ ליטעראַטור־אורח בלויז צוליב זיין עזות; זיין קינסט־לערישע קענטעניש און צושטייער איז געווען לא דובים ולא יער — אינ־גאַנצן פאַרבאָרגן.

אין זשורנאַל „פייען" האָט ער דעביוטירט מיט דראָבנע נעבעכדיקע זאַכן. מיט ווי אין דער ליטעראַטור האָט מען נישט געקענט שטיין אפילו צען מייל אַוועק; פאַרנעמען אַ בענקל האָט גאַרנישט געקענט מעגלעך זיין. אָבער פאַר אים זיינען גאָר געוואָרן אָט־די נעפּלדיקע פּרוּוון אַ מין אַטעסטאַט צו פאַרנעמען אַן אָרט ביי די קאָפּע־טישלעך. אויפגעפירט זיך ווי אַ תושב האָט ער גענומען אויסרימען די עטלעכע בחורימלעך, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום אים, ער אַרום זיי, און זיי אַרום מאַני לייבן, לאַנדוין און ראובן אייזלאַנד. ער האָט געטיילט סמיכה שטאָלצענבערגן ע"ה, און די פּאָלש־מינצלער — מאיר שטיקער און בעריש ווינשטיין,

אָבער קיינעם איז נישט איינגעפאַלן צו פרעגן, ווער עס האָט אים געגעבן אַט־דעם רשות, די אויטאָריטעט צו טיילן סמיכות און קיינעם איז נישט איינגעפאַלן צו דערקונדיקן זיך — ווער עס האָט אים אַליין געגעבן סמיכה. אָבער טאַבאַטשניק האָט נישט געדאַרפט דורך שריפט אויפווייזן זיין השערה וועגן דער שעפערישער וויכטיקייט פון די גוט־ברידער זיינע. ער האָט דערגרייכט רעזולטאַטן דורך קלאַנגען און פה־מפה־פּראָפּאַגאַנדע.

***

טאַבאַטשניק טיילט זיך צו צוויי שעפערישע עובדות: פּאָעט און קריטיקער. ער האַלט, אַז אין ביידע אייגנשאַפטן איז ער איינגעגעבן און געראָטן. זיין אַמביציע האָט ער צוגעטיילט ביידע שרייבערישע פאָרמען. איינגעגלויבט אין זיך ווי אַ אָפּשאַצער פון פּאָעזיע, איז זיין זיכערקייט, אַז ער קען שאַפן דאָס אמתע ליד לויט אַלע כּללים, בלויז אָנגעוויזן און אָנגענומען ביי אים גופא.

---

טאַבאַטשניק קען בעלינסקין און היפּאַליטען אויף אויסנווייניק. ער האַלט זיך פאַר בעלינסקיס נישט נאָר אַ תּלמיד, נאָר אויך זיין פאַר־ערער. באַווירקט פון די ליטעראַטור־שאַצער, האָט ער אָנגענומען אַלע עיקרים וואָס זיינען אַריין אין שולחן־ערוך פאַר פּאָעזיע. ער ווייסט, אַז אין פּאָעזיע באַנוצט מען זיך מיט מעטאַפאָרן, און פאַר ריטעם מוזן זיין געמאָסטענע זילבן און קלאַנגען. ער זוכט אויף און ווערט נתפּעל און טייטשט אַריין אַ מין סתרי־תורה אין זילבעדיקע ווערטער און אותיות. אויב אין די שורות זיינען, למשל, פאַראַן אַ סך ביתן און די גראַמען אסאַ־נירן זיך מיט דעם בוכשטאַב, איז אַ שמחה, אַ פרייד, עס טייטשט זיך בו, אָדער גאָר בום־בום. בום איז גאָר אַ קלאַנג פון גלעקער, און פון דעם איז געדרונגען, אַז דאָס „בית־ליד" קלינגט ווי גלעקער.

אַהאַ ידען אין די סאָרטן קרייטעכער. וואָס גיבן טעם דעם ליד האָט דאָך געדאַרפט מרעיש עולם זיין. ער האָט דאָך זיכער געדאַרפט אויף דעם סמך מקיים זיין די הבטחות, וואָס ער האָט געגעבן אויף זיין ליטע־ראַרישן ערן־וואָרט. האָט ער פאַרדינט זיך מ'זאָל האָבן בטחון אין זיין צוזאָג, ווען אַלץ אַרום אים, מיט אים, וועגן אים און פאַר אים, איז אויפ־געבלאָזן, פּוסט, דעקאָראַציע און פּאָזע?

---

טאַבאַטשניק איז אויסגעבונדן אין אַלע כּללים. ער קען דעם גאַנצן

מעכאַניזם. ער ווייסט פון מעטער, יאמב, אנאפעסט, דאקטאיל, ספּאָנ־דאיאיק און אַלע זעקס סאָרטן פאָרמען (אָדער „פיס", ווי זיי ווערן גע־רופן) אפילו פון מאָנעמעטער, דימעטער. טרימעטער און איבער אַלץ: טראַנסצענטאַליזם. ער ווייסט אויך ווי מ'מאַכט סטאַנזעס, און וואָס עס זיינען טראכעיען, נאָר שאַפן אַ ליד קען ער ניט, מאַכן אפילו אויך נישט. ער פאַרוואַרפט זיך מיט פאַפּירן־שניי און זינקט אין דעם איין — ער האָט נישט די נשמה־יתירה, ער קען נישט געבן דעם חן, וואָס באַצירט אַ ליד.

איבער 23 יאָר האָט ער געלאָזן וואַרטן. אָט־די צייט האָט ער גע־דאַרפט אויף אויסהאָרעווען אַ פּאָר צענדליק לידער. זיין אָנשטעל פאַר דעם משך איז געווען: ער איילט זיך ניט; ער איז אַ פּערפעקשאָניסט. ער איז ניט ווי אַלע איבגלעך, וואָס יאָגן זיך אַרויסצוגעבן ביכער מיט שלעכטע לידער. ער האָט צייט מיט זיין עולם הזה, עולם הבא וואַרט אויף אים סיי ווי סיי. אַ פּאָר יאָר שפּעטער, זיין שטול אין פּאַנטעאָן איז פאַרזיכערט. אָבער דערפאַר אַז ער, ער, טאַבאַטשניק וועט שוין יאָ מזכה זיין מיט אַ בוך לידער, וועט מען ערשט דערוויסן זיך, אַז דאָס וואַרטן האָט זיך געלוינט.

23 יאָר האָט ער גילטיק געמאַכט דעם אָנשטעל, די פּאָזע. לויט זיין בלאָזן פון זיך האָט מען געמאָנט, געפרעגט, אָבער אָפּלייגן האָט ער שוין ניט געקענט און אין 1949, איז ער אַריין און אַרויס פון דרוק — און דער שווינדל איז אַרויף, ווי אויל אויף וואַסער; דער שווינדל האָט גע־פּלאַצט.

אין דעם יאָר 1949 איז ער אַרויס אויף דער וועלט מיט אַ דאַר ביכל און ווי אַלע „פּאָניס" — פאַררייסן און אָנגעפּוזעט מיט גאווה. אויפן טאָוול: א. טאַבאַטשניק. א. טאַבאַטשניק דאָס איז, כידוע, אַלץ; מער־ער דאַרף מען ניט. טאַבאַטשניק מיינט פּאָעזיע. ס'איז קלאָר, אַז דאָס איז סי־נאָנים. אַנדערש קען ניט זיין; גאָט זעט — א. טאַבאַטשניק!!!

שוין גלייך אין ערשטן ליד אַנטפּלעקט זיך זיין אָנגעבלאָזנקייט, אָבער דאָס וואָס ער זאָגט האָט נישט קיין זין. אויף טשיקאַוועסט, ער הויבט אָן: „ווערטער וואַקסן אויף דער ערד ווי ביימער". אָבער ווערטער זיינען דער היפּוך אפילו פון אַ מעטאַפאָר; ביימער זיינען סטאַטיש, ווערטער באַוועגלעך, זיי וואַקסן ניט, זיי שטראָמען און טראָגן זיך איבער. טאַבאַטשניק דאַרף דאָ האָבן די ביימער פאַר אַ גראַם מיט רוימער, און כדי פּאָעטן זאָלן זיי, די ביימער, אויסהאַקן מיט בלויע העק (?!?!!) צו בויען שלעסער פאַר די רוימער. אָבער ווערטער זיינען נישט נאָר פאַרטיילט צו רוימער, ביין, נאָר אפילו צו „יעדן איינעם, וואָס טרעט אויף דער ערד". אָבער מיט אַ תנאי; ער שפּילט זיין האַרץ ווי אַ שאַרפע שווערד און ציט די גלידער, ווי אַ גיי־

ריקער טיגער". נאָר פאַר די וואָס דערפילן ווי אַ שאַרפע שווערד און ציען די גלידער ווי גירע טיגער, איז באַשערט דאָס וואָרט. די מענטשן פון אַנדערע קאַטעגאָריעס זיינען פאַרמשפט צו שטומקייט. אָבער אַט־די זינלאָזע אַקראָבאַטיק איז עס די טיר, וואָס עפנט אויף דעם אַריינגאַנג צום „פרעכטיקן שלאָס" וואו עס וואוינט אין „רחבות" טאַבאַטשניקס פּאָעטישע קענטעניש.

נאָכן ליד פון די בוימער מיט די רוימער, קומט טאַבאַטשניק אַנטקעגן מיט אַ נאַראַטיוו, מיטן פּראָזאַאישן טיטל: „קאַרל מאַרקס שרייבט אַ בריוו זיין פאָטער". (דער גרויסער פּאָעטישער מפונק האָט עס נישט געקענט מאַכן ווייכער, פּאָעטישער, ווי זאָגן „קאַרל מאַרקס שרייבט זיין פאָטער". צי וואָס אַ בריוו? מ'ווייסט, אַז ער שרייבט אים נישט קיין בוך. אָדער: „קאַרל מאַרקס אַ בריוו צום פאָטער". ס'איז דאָך קלאָר, אַז אויב אַ בריוו האָט ער עס געשריבן, נישט אויסגעהאַקט אויף שטיין.) אָנגעבלאָזן און מיט פּרעטענזיע הויבט זיך אָן דאָס ליד מיט דער מעלאַנכאָליע: „ס'איז נאַכט, ס'איז שטיל. שויבן פליעסקען ווי וואַסערן מיט שטילקייט און מיט שטערן". אַט־די שורות אפילו פאַר סימבאָליסטישע סוגעסטיע האָבן נישט קיין טעם. וואַסערן פליעסקען ניט מיט שטילקייט. אויב זיי פליעסקען זיינען זיי נישט שטיל. פליעסקען איז גערויש און וואַסערן טוען פליעסקען בלויז ווען זיי שלאָגן זיך אָן ברעגן. און ווען שויבן, קען מען זאָגן זיי פליעסקען? אַחוץ דעם איז דאָך דער מעטאַפאָר מיט וואַסער און שטילקייט.

ווייטער: „אַ טיש, אַ שטול, אַ קאַמין מיט אַראַבעסקען, און ביכער אומעטום ווי שטיגן צו די שטערן" (דאָס שטעלט ער איין די דעקאָראַציע). ביכער ווי שטיגן צו די שטערן? ביכער ווערן שטיגן צו די שטערן. מיינט ער ביכער בכלל, מיינט ער בלשון מליצה, בלשון משל? צי אפשר גאָר פּאָעטישע, קינסטלערישע, וועגן פיזיק, אָדער גאָר אַסטראָנאָמיע?

אין דעם דאָזיקן ליד צעטוט טאַבאַטשניק (פּאָעזיע בלע״ז) מעשים מיט די שטימונגען, מיינונגען און פאַרלאַנגען פון דעם קאַרל מאַרקס. ער צעאַרבעט: „עס קוקט דאָס ליד פאַרגליווערט, קאַלט און פרעמד, און נאָגט, און מאָנט, און וואָרנט: פאַרברען, פאַרברען... דערצאָרנט הייב איך די האַנט און שווער: ניט מער... שטריך צו נשטרין, איך וועל זיין אויפזאַמלען, כ'וועל ווערן איך; אינגאַנצן איך; אינגאַנצן קאַרל מאַרקס, ווי אַ פּלאַנעט זיך דרייען אויף מיין אַקס". טאַבאַטשניק פאַרענדיקט: „נאָר ביז דער טאָג וועט קומען, אָ, פאָטער ליבער, בין איך אַ פרילינג־טייך מיט פרעמדע וואַסערן פאַרשוואומען". אַט דאָס איז פּאָעטיק!! קען מען מסביר זיין אַזאַ פּלאָנטער? אַחוץ וואָס מיינט פאַר אַ טייך פרעמדע וואַסערן? אַ

טייך איז קוועליק און וואָס איז פאַר וואַסער פרעמדע וואַסער ?

אָדער גאָר פון אַן אַנדער ליד: „טיפער ווינטער [ווינטער איז גאָר טיף, נישט קאַלט] שטייט ביי מיין צוקאָפּנס, ווייסער שניי [פּונקט ווי עס וואָלטן געווען שנייען פון אַנדערע קאָלירן] פאַרשיט מיך ווי אַ בוים". דער שניי פאַרשיט אים ווי אַ בוים? אַ בוים פאַרשיט אויך? געמיינט האָט ער, ווי שניי פאַרשיט אַ בוים. פּונקט ווי ביי אים אין פריערדיקן ליד שטייגט מען צו די שטערן אויף ביכער, אַזוי ווי אויף פיזישע שטיגן, נישט סימבאָליש דורך ביכער. אָבער דער גרויסער מבין איז אַזוי אַריינגעטאָן אין זעלבסט־גלויבן, אַז ער ווייסט גאָר ניט, אַז עס פעלט אים דער געניס פון קענען טועם זיין אַ גוט און זינפול ליד. אַז מ'לייענט זיך אַריין אין די דאָזיקע לידער, שוין אין צוגאָב דאָס ליד אין „וואָגשאָל" נומער 2, וואו זיין גראַמען „שטיל מיט קיל" איז געוואָרן אַ שם דבר, דערגרייכן גלייך גרוסן פון פאַרנעמלעכן פּאָעט אימפּעראַטאָר.

עס טרעפט אַ סך מאָל, אַז ערגעץ אין אַ ליד איז פאַראַן פּאָעטישער אָנהויך. אָבער ער האָט נישט קיין כוח צו מאַכן אַ יש פון דעם. עס ווערט פלאַך און פּלאַצט ווי אַ פּענכער. אין תוך לײַדן זיינע לידער, נעבעך, אויף דער לוקימאָ חולאת.

***

ווי אין די לידער, אַזוי נאַרן אָפּ זיינע קריטיק־פאַרמעסטונגען. די אָפּהאַנדלונגען און מבינות־זאָגעריי, סטימולירן ניט. זיין צעהיצטקייט נאַרט אָפּ. מ'מיינט ס'איז גאָר דינאַמישקייט. אין דער אמתן, רעדט ער גאָר קאַלטע רייד; לאַנגווייליקע בטלנישע רייד. ווי די פּאָעטישע אימפּאָטענץ האָט אים נישט געשטערט אָנצוהאַלטן די פּאָרסע פון אַ וויכטיקן פּאָעט, טראָץ דעם וואָס ער איז נישט קיין פּאָעטישע פערזענלעכקייט און מ'קען נישט פאַר לויב אָנווייזן אויף קיין איינציק ליד, אָדער אויפמישן אַן איינדרוק, וואָס אַ ליד, אָדער אפילו אין ליד, האָט איבערגעלאָזן, אַזוי האַלט אים נישט אָפּ זיין רוקן זיך מיט עזות צום ליטעראַרישן אויבנאָן. אַלעמען כמעט, האָט ער אַריינגעשראָקן אין אַן איינרעדעניש, וואָס ער אַליין גלויבט שוין אין דעם, אַז ער איז מסוגל צו זיין נישט נאָר אַ פּאָעט, נאָר אויך אַ קריטיקער (נישט גלאַט אַ מבינות־זאָגער).

כדי אויפצובלאָזן דעם אָנשטעל, פאַרנעמט ער זיך שטענדיק מיט שרייבן ברייטע און לאַנגע דיסערטאַציעס (אָפּהאַנדלונגען, בלע"ז). דאָס טרייבט אים אָנצושטעלן אַ טאָן פון וויכטיקייט און אַ גלויבן, אַז זיין וואָרט איז וואָגיק געגוג צו באַשטימען זיין אָרט אין דער געמיינדע פון אידישע שרייבער און אין היכל פון דער אידישער ליטעראַטור. אין „וואָגשאָל", נומער 2, האָט ער אַחוץ נודנע רייד וועגן משה לייב האַלפּערן

ע״ה און וועגן ה. לייוויק, אויך וואוילוויזונגערישע זאָגונגען וועגן עטלעכע אידישע שרייבער. ער סברהט, פשטלט, מאַכט אָנווייזונגען, פאַרגלייכן און צעגייט אין הנאה פון זיין פּיאַיקייט, גערעכטיקייט און איינפאַלן. מיט באשעוויסן רייצט ער זיך; פון היים ליבערמאַן מאַכט ער חוזק; פון אונ־טערמונטערן זיך אַליין, ווערט ער האַפּעדיק און מיט ברייטהאַרציקייט זאָגט ער אויס דעם גרויסן סוד וועגן דער פּאַעטישער אוממעגלעכקייט — אהרן צייטלין האָט ערגעץ גוטע לידער.

אין אָט־דעם פּאַרס בלאָזט ער זיך אָן און פאַרנעמט זיך צו זאָגן דאָס גרויסע וואָרט וועגן משה לייבן און לייוויקן. אָבער דאָס וואָס ער זאָגט איז באנאַל און אָן וועלכן עס איז אַנרעג. דער גרויסער יעדן טאַ־באַטשניק אפּערירט מיט איינגעשטעלטע קלישייען. צוליב דעם איז קלאָר פּאַרוואָס ער האָט גאָר ניט קיין ווידערווילן צום נודנעם אַדיעקטיוו: „גרויס־גרויסער״. און אַזוי טאַקע, אָט מיט דער פיגוראַטיווער מאָס טוט ער באַשטימען די וויכטיקייט פון אַ דיכטער. ער זאָגט נאָך וועגן לייוויקן דאָס וואָס אַלע זאָגער האָבן שוין אָריינגעזאָגט: „ער איז גרויס״. אפילו, זאָגט טאַבאַטשניק, מאַני לייב האָט אויך געזאָגט וועגן לייוויקן „גרויס״. צוליב דעם אַליין, איז „גרויס, גרויס״. אגב אורחא, מאַני לייב האָט געהאַט הנאה פון חנדלען זיך, און פון דעמאָנסטרירן זיין לויב דורך אַן אומפּערזענלעכן טאָן. עס איז דאָס ליד, נישט דער יחיד אין אויבנאָן. ער, דער יחיד, איז נאָר „גרויס״ ווען ער שאַפט דאָס „גרויסע״ ליד.

ער רעדט וועגן משה לייבן און איז גאַרנישט מחדש. אָבער אַן איינ־דרוק זוכט ער צו מאַכן, אַז זיין קריטיק האָט אַלע נויטיקע אַטריבוטן, אַלץ איז דאָרטן פאַראַן ביזן לעצטן דעטאַל. אָבער נאָכן איבערלייענען זיינע שרייבונגען פרעגט מען: „וואָס אין דער אמתן האָט ער אונדז געזאָגט?״

עס מאַנט פשוט צו אָנווייזן אויף אַ פּאָר זאָגונגען זיינע וועגן משה לייבן. ער ציטירט האַלפערנס אַ ליד: „אַ ווינט וואָס טראָגט אַ שטיק פּאַפּיר אַרויף פון קענדלעך מיסט, וואָס שטייען אויפן הויף; אַ העמד, וואָס בלאָזט זיך ווי אַ שטריק. און דאָרט איז אין פענצטער וויזאווי, ווי נעכטן אין דער פרי — אַ מאַן און ווייב געקריג. ער בעט זיך — שקאַרפּעטקעס אַ פּאָר, זי הייסט אים גיין צום שוואַרצן יאָר — ער מאַכט אַ פויסט און טוט אַ שפּרונג — זי מאַכט אַ פייג און ווייזט די צונג — ער שרייט — זי שפּייט — און אויבן אין דער הויך — אַ וואָלקן מיט רויך״.

קאָמענטירט טאַבאַטשניק: „איך ברענג דאָס ליד, נאַטירלעך, ניט אַלס מוסטער פון גוטער פּאָעזיע. עס איז גרייליך מעגלעך, אַז דאָס האָט

גאַר געזאָלט זיין אַ „הומאָריסטיש ליד". ווייטער: „און עס איז אַ גאַנץ פּרימיטיוו, ממש נאַקעט ליד, און קען אגב דינען ווי אַ בייִשפּיל פון דעם ניט קאָמפּליצירטן אופן, ווי האַלפּערן האָט אין די ערשטע יאָרן פון שאַפן צומאָל אויסגעדריקט די פונדאַמענטאַלע קאָנצעפּציעס פון זיין וועלט־פאַרשטעלונג".

אָט אויף דעם שטייגער טייטשט ער און ברייעט אויס, אַז האַלפּערנס ליד איז נישט קיין „גוטע פּאָעזיע, פּרימיטיוו און נאַקעט", טאַבאַטשניק, דער מחבר פון דעם נאַראַטיוו: „קאַרל מאַרקס שרייבט אַ בריוו זיין פאָ־טער", וואָס איז אַן אויבנאָן ליד ביי אים און וואָס איז באַצירט מיט אַזעלכע שורות: „אָ, פאָטער ליבער, עס קומען טעג ווי גרענעץ־שטיינער, זיי צוימען אָפּ אויף אייביק יענעם וועג". קיין אַנדער מעטאַפאָר פאַר אָפּצאַ־מונג ווי גרענעץ־שטיינער האָט דער פּוסק, וואָס ווייזט אָן אויף נישט־געראָטענער פּאָעזיע נישט געהאַט פאַר זיינע טעג, נאָר גרענעץ־שטיינער צאַמען עס אָפּ דעם וועג, אויף וועלכן דער קאַרל מאַרקס, איז עס גע־גאַנגען „דורך דופּטיקע סעדער" דער ווירדיקער סוגעסטיווער פּאָעט האָט גאָרנישט געהאַט קיין אַנדער „דופּטיקייט" פאַר סעדער?

אָדער טיילן פון זעלבן ליד, וואָס איך האָב פריער שוין דערמאָנט: „עס קוקט דאָס ליד פאַרגליווערט, קאַלט און פרעמד, און נאָגט, און מאָנט, און וואָרנט, און וואָרנט: פאַרברען, פאַרברען! דערצאָרנט הייב איך די האַנט און שווער: ניט מער... [„נעווער מאָר!"]. שטריך צו שטריך — איך וועל זיך אויפזאַמלען, כ'וועל ווערן איך; אינגאַנצן איך; אינגאַנצן קאַרל מאַרקס; ווי אַ פּלאַנעט זיך דרייען אויף מיין אַקס".

אַ פאַרגלייך נאָר מיט האַלפּערנס ליד, וואָס איז נישט קיין „גוטע פּאָעזיע, איז פּרימיטיוו און נאַקעט" (!!). האַלפּערן האָט גערעדט ווי אַ מענטש, טאַבאַטשניק איז וואַקס.

נאָך קאָמישער און צום געלעכטער איז טאַבאַטשניקס ווייטערדיקע „טיפקייטן" וועגן משה לייבן. ער ציטירט: „ווען איך וועל טויט זיין, הייב מיך אויף, און בינד מיך אויף אַ פערד אַרויף, און לאָז אַזוי מיך טויטערהייט פון קיינעם אין וועג באַגלייט. ביז איך וועל טריט ביי טריט אַליין, צעפאַלן זיך אויף גראָז און שטיין. און דו, וואָס דו האָסט אָפּגעוויסט זיין לעבן נעבן מיר אומזיסט, פאַרטיליק דעם לעצטן צייכן דאָ פון דעם, וואָס איז שוין מער נישטאָ. זאָל זיין אַ בלויז אַ טרוים פון שרעק איז דאָ געווען און איז אַוועק. מיך האָט דאָ קיינער ניט געזען, איך בין דאָ קיינמאָל ניט געווען".

טאַבאַטשניק פּשטלט אויס: „אין דער ציטירטער האַלפּערנישער סטראָפע רעדט זיך פון טויט [נישט קיין אַנטדעקונג, אָבער אָט איז די

אַנטדעקונג], אַ טויט אָן תחית המתים, אַ טויט אין דעם סאַמע אַבסאָלוטן זינען פון וואָרט [אונטערשטראָכן פון מיר, — י. ק.]. פון טאָטאַלן שפּור־לאָזן אומקום. דאָס איז אַ טויט, וואָס אַ פּאָעט האָט זיך געקענט ווינטשן נאָר אין אַ צושטאַנד פון אַבסאָלוטן שרעק און פאַרצווייפלונג".

מיט אָט דער בטלנות, בעבעריי און פוסטקייט, אָנשטעל מיט וואָגיקן ערנסט, באַשטימט דער גרויסער (אָן געגנדזנפּיסלעך — אַזוי האַלט ער דאָך) קריטיקער, אַז עס זיינען פאַראַן צוויי טויטן. איינער אין אַבסאָלוטן זינען פון וואָרט, אַזאַ טויט קומט בלויז צו פּאָעטן, ווען זיי זיינען אין „אַ צושטאַנד פון שרעק און פאַרצווייפלונג". און פון אַזעלכע מבוכהס קען מען שוין נישט אויפשטיין קיין „תחית המתים". דערפאַר איז פאַראַן אַ טויט, וואָס איז נישט „אין פולן זינען פון וואָרט". דער דאָזיקער טויט באַפאַלט נישט קיין פּאָעטן, און זיי, די נישט־פּאָעטן, ווי אַ כלל, שרעקן זיך ניט. פון דעם טויט קען מען יאָ אויפשטיין „תחית המתים".

דער אַלזייטיקער פאַרטייטשער דערלאָזט ניט איבערצוגעבן דעם איינפאַל, אַז דאָס וואָס האַלפּערן האָט געזאָגט און וואָס אַנדערע פּאָעטן פאַרצייכענען איז נאָר פּאָעטישע סוגעסטיע, און נישט אַזוי ממש ווי טאַ־באַטשניק מאַכט עס. אָבער ווען עס וואָלט אים איינגעפאַלן, וואָלט ער דאָך נישט געקענט זיך אויסברייטערן, אויסשפּרייטן און פאַרזינקען אין די בערג פון לייִדיקע ווערטער און פלאַכע געדאַנקען.

טאַבאַטשניק גיט ניט איבער קיין שטימונגען וועגן האַלפּערן און לייוויק. ער זאָגט גאָר מיינונגען און מאַכט פּירושים. זיין טאָן — ער איז גאָר דער מדריך — נאָר ער איז עס מסוגל צו פאַרשטיין און באַנעמען דעם זין, עצם און טאָן פון אַ ליד. פון פּאָעזיע איז דאָך אָפּגערעדט. וועגן האַלפּערן לאָזט ער ניט אָפּ, ער זאָגט צו: וועגן משה לייבן וועט ער נאָך זאָגן מערער פון דעם שטות, וואָס ער האָט שוין ביז איצט אַריינגעזאָגט.

אַרום לייוויקן איז ער זיך גאָר מחיה: ער האָט געפּאַקט, ער האָט אויפגעזוכט ביי אים ווערטער מיט „סופיקס" „ונג": דערוואַרגונג, פאַר־צוקונג א. אַ. וו. נו, איז ער נישט דערפאַר אַ גרויסער קריטיקער? ביי לייוויקן האָט ער אָנגעגענט דאָס וואָרט: „אומגעדולד". אָבער, פאַרזיכערט טאַבאַטשניק מיטן לשון און טאָן פון אַן אַרטיקל איבער „וואָל סטריט": „אומגעדולד — מיט ליכט וועט מען אַזוינע ווערטער ניט געפי־נען [אַ בעלנות צו האָבן אַזוי פיל געדולד זיך צו פאַרנעמען מיט בוזק זיין ,געדולד'] ניט ביי משה לייב, ניט ביי מאַני לייבן". צו וואָס דאַרף ער אַזוי פיל „ניט" דער געראָטענער אין קאָמפּאָזיציע? ער האָט עס גע־קענט מאַכן מיט צוויי „ניט" ווינציקער: „מ'קען אַזוינע ווערטער ניט געפינען ביי משה לייבן און מאַני לייבן".

* * *

טאַבאַטשניק, ווען ער דערזעט אין שפּיגל זיין ליטעראַרישן אויסזען, לויפט ער זוכן שוץ אין סנאָביזם (אָדער סלאָביזם). ער איז אין תּוך אַ „סטאָף־שוירט", אַ פאַרריסענער. אַ סך מאָל האָט ער גלוסט צו פאַרלאָזן זיך אַ בלויע נאָז, נאָר סיי די נייגיר, און סיי די מורא פאַר ליטעראַרישער איינזאַמקייט, טרייבט אים אין דרויסן אַרויס. צוליב דעם, וואָס ער ווייסט אַז ער איז בלאַנק, טומלט ער אַ סך מאָל גאָר אָפּצושרעקן זיין אייגענע אומזיכערקייט.

טאַבאַטשניק איז אַ פאָליטישן, וואָס ווייסט ביי וועלכן ליטעראַרישן טיש ער קען זינגען זמירות. איצט, אַז די „אינזיכיסטן" זיינען די ליטעראַרישע תּקיפים און דעה־זאָגער איז ער מיט זיי הבר.

טאַבאַטשניק איז ווי חנא הער באַרימטער, נאָר מיט אַ ביכל. דאָס וואָס חנא איז געווען אין קאַפע, איז ער אין דער ליטעראַטור. און פונקט ווי חנא האָט ער זיך איינגערעדט, אַז דורך טומלען קען ער זאָגן דעות.

ווי אַזוי ער פירט זיך אויף, וויל ער מאַכן גלויבן, אַז קיינער קען ניט אַזוי ווי ער די קונץ פון אָפּערירן מיט ציטאַטן און מאַכן אינטעליגענט־שע פאַרטייטשונגען און סברות. אין תּוך איז ער אַ פּראָווינציאַל. ער אָפּעדירט מיט ציטאַטן און שטעלט זיך אויס צו די געפאַרן (ווי איך האָב שוין אָנגעוויזן) פון ווערן אַ קרבן אין אַ מין שפּין־וועב. דערפאַר וואָס ער ווייסט ניט וואָס ער וויל, דרייט ער זיך פון פּאַראַדאָקס צו פּאַראַדאָקס. עס באַקומט זיך: ער פאָרט אַרויף ווען ער וויל גאָר זיין אונטן, און פאַרקערט.

טאַבאַטשניקן פעלט די עכטקייט צו זיין אַ וואָרט־זאָגער און אָנווייזער. זיין שטימונג וועגן ליטעראַטור איז ווי פון אַ וואַקלדיקן: אָט פאַרפּאַקט ער און אָט פּאַקט ער אויס. טאַבאַטשניק האָט אַ שטאָלץ וואָס יאָדעט אים און דערגייט אים די יאָרן.

לויט זיין אימפּעט איז ער אַ רעוואָלוציאָנער, אָבער אָן דער רעוואָלוציאָנערער פאַנטאַזיע; אָן אויפשטענדלער אָן אַ ציל; לויט זיינע אויפפירונגען און מידות, איז ער גאָר אַ קליין־בירגער און רעאַקציאָנער. ער האָט ניט קיין ליטעראַרישן געוויסן דערפאַר, וואָס ער זוכט צודינען אייגענע „באָיעס", ווי ליטעראַטור וואָלט געווען אַ „פּאָליטישער קלוב". ער טוט די „באָיעס" אָנטאָן פאַלשע מיצן, בלויז דערפאַר, וואָס ער וויל זיך איינלעבן אין ליטעראַרישן קלימאַט. ער איז אַ ליטעראַט און איז צוליב דעם באַשטראָפט צו זיין אָפּגעשיידט פון דער וואַרעמקייט, וואָס פשטות שפּרייט אין אַלע ווינקלען. ער גערדייעט ניט אויף זאָגן, נאָר אויף זיך רייצן און אַריינזאָגן מיט דראַבנינקע זאַגאַכצן. ווי אַלע פּראָווינציאַלן, קאָקעטירט ער מיט ציטאַטן און באַרימט זיך אויס, אַז ער קען זיי אויף אויסענווייניק.

דאָס איינציקע פּאָזיטיווע, וואָס מ׳קען אים צורעכענען איז פּאַראַדיע — ער איז אַזוי, דאַרף מען זיך משער זיין, אַ פּאַראָדיסט. צו אים פּאַסט אויך גאָר גוט דער אויספיר, וואָס ער מאַכט וועגן חיים ליבערמאַן: „ער פּוצט זיך — נישט ער גלאַנצט“.

צוליב די אַלע ווערטעלעך זיינע פּאַסט זיך, אסור, אָנצוהענגען אויף טאַבאַטשניקן דעם שווערן מיושבדיקן טיטל — קריטיקער.

***

אָט־די אָנווייזונגען זיינען נאָר מיטן ציל אויפצודעקן דעם שווינדל, וואָס צירקולירט און איז אָנגענומען צווישן אידישע ליטעראַטן, אַז טאַבאַטשניק איז נישט בלויז אַ געראָטענער פּאָעט, נאָר אויך אַ וויכטיקער קריטיקער. ס׳איז נויטיק ביז גאָר צו דערווייזן, ווי גרויס עס איז דער שווינדל און די אויסטראַכטעניש.

די ליטעראַטור יאָגט די טאַבאַטשניקעס איבער און לאָזט זיי הינטערוויילעכטס.

# שכר און עונש

ס׳איז עטלעכע מאָל דערמאָנט געוואָרן שריפטלעך און פּנים אל פּנים, אַז מיינע מיינונגען וועגן מצב פון אונדזער ליטעראַטור און די אויפפירונגען וועגן געוויסע שרייבער, זיינען אָנגעוויזן אויף פאַרקרימטע און פאַרביטערטע אויספירן.

פאַרביטערונג ווערט מאָטיווירט פון אַן אומעטישן געפיל. פאַרביטערטע מענטשן לײדן פון פאָראורטייל, זייערע אָפּשאַצונגען זיינען איינזייטיק און שטאַמען פון בלינדהער שנאה. אַ פאַרביטערטער מענטש קען נישט טראַכטן גראָד — ער לאָזט זיך נאָר פירן פון עמאָציעס; דערפאַר קענען זיינע מיינונגען נישט אָנגענומען ווערן פאַר ראַיעל און פאַקטיש.

אויפן סמך פון אָט־דעם באַנעם, זוכן די וואָס העגגען אויף מיר אויף אַ „פאַרביטערונג״־צעטל, פּסול מאַכן מיינע טענות קעגן דער שעדלעכער האַנדלונג פון געוויסע אידישע שרייבער, וואָס איך ברענג פאַרן דעת־הקהל.

זיינען טאַקע מיינע טענות בלויז דער פּועל־יוצא פון פאַרביטערונג?

איך האָב אַליין געזוכט אַן ענטפער צו דער שטימונג, וואָס מיינע אַרטיקלען פון דעם שטייגער רופן אַרויס צווישן לייענער. איך ווייס, אַז אַ סך פון מיינע מיינונגען און שלוסן, זיינען שאַרף און דירעקט און דאָס, יוויקט אויס, ווערט פאַרביטן און פאַרגרייזט ווי רייד פון אַ פאַרביטערטן מענטשן.

**
*

איך טייל זיך בשום אופן נישט צו די ראָלע פון אַ מוסרניק ווי אַ בירגער פון אַ באַשטימטער געמיינדע אַרן מיך עוולות, וואָס עס טוען אָפּ לייט, וואָס, לויט היינעס איראָניע: „הייסן יענעם טרינקען וואַסער, ווען זיי אַליין טרינקען ווייך״.

אויב מיר זאָלן אָננעמען די הנחה, אַז אַרויסטרעטונגען און אויפווייזונגען זיינען אַקטן פון פאַרביטערטע מענטשן, קערן מיך זיך אָפּ פון די אויפדועקער, פאַרמיאוסן זייערע קאַמפן און העלפן די פאַרדאַרבער זיך טיפער פאַרפעסטיקן. אומבאַוואוסטזיניק ווערן די, וואָס זוכן אַלץ טייטשן, ווי אַ מאָטיוו פון פאַרביטערונג, שונאים פון געוואַגטן און שותפים

מיט די וואָס האָבן אַריינגענומען אין אַרענדע די אידישע ליטעראַטור און די אידישע צייטונג.

אַנצורופן יעדן אַרויסטריט קעגן דער גרופּע, וואָס נוצט די אידישע ליטעראַטור פאַר פּערזענלעכן כבוד און עקאָנאָמישע זיכערקייט, ווי אַן האַנדלונג פון פאַרביטערונג, איז אַ מיטל אָפּקערן זיך פון אַ קאָמפּליציר־טער לאַגע — ס'איז אַ מין „עסקעיפּיזם".

אָט־דער „עסקעיפּיזם" איז באַפאַלן נישט נאָר דעם זייטיקן, נאָר אויך אַ צאָל אידישע שרייבער.

**
*

מיינע מיינונגען אין שמועס, וואָס ירדני האָט אָפּגעדרוקט אין זיין בוך „אינטערוויוס מיט אידישע שרייבער", שטיצן זיך אויף פאַקטן און געשעענישן. זיי זיינען געוואָגט, אָבער זיכער נישט גיפטיק אָדער ביטער.

קודם־כל, פּרוביר איך אויפקלערן די שפּאַרעניישן צווישן די פאַר־שיידענע ליטעראַרישע גרופּירונגען, אין דער בלי־פּעריאָדע פון דער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע; זייער גאַנג, די ליטעראַרישע נוסחאות און באַגרינדונגען. איך פּרוביר אַנווייזן, אַז אין די אַלע וויכוחים האָט געפעלט אַ צענטראַלע אידייע און פיר אויס: אַז נאָר אַ ליטעראַטור, וואָס האָט אַן אידייע איז ראוי צו פאַרנעמען אַן אָרט אין לעבן פון אַ פאָלק, אַז אין אַ סך ליטעראַרישע אַרבעטן פעלט אידישער אינהאַלט און אידישער פאַרנעם. אַז דאָס אָפּווייכן פון פאָלקישקייט, האָט מעגלעך געמאַכט, אַז די גרופּע „יונגע" זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ ליטעראַרישן „ראַסיזם" און סנאָביזם־קלוב (איך ברענג ווי אַן עדות גלאַנץ־לע־על׳עס אַרטיקל אין „טאָג", 3טן אַפּריל, 1954, וועגן „קלוב 33"), און האָט, ווי אַ פועל־יוצא געפירט, טראָץ די אַנדערשדיקע ליטעראַרישע מאַניערן פון די „יונגע" און „אינזיכיסטן", צו דער געלעגנהייט פאַר קליקע־הערשאַפט.

בולטע סיבות האָבן געהאָלפן צוגרייטן דעם בונד צווישן די צוויי גרופּעס: דאָס קוקן אויף זיך ווי „כוהנים גדולים" פון דער אידישער ליטעראַטור, האָט עס געשאַפן די באַגרינדונג, אַז צייטונג־מיטאַרבעטער־שאַפט איז אַ פּחיתת־הכבוד און די שפּעטערדיקע פאַרבינדונג מיט צײ־טונג־אַרבעט האָט נישט פאַרמינערט דעם סנאָביזם — פאַרקערט: ער איז נאָך געוואָרן פאַרריסענער. נישט נאָר האָט עס מעגלעך געמאַכט מאַטעריעלע פאַרזיכערונג, נאָר האָט דורך דער ברייטער צייטונג־פּאָפּו־לאַריטעט זיי געהאָלפן קריגן אַ גרויסן פּערזענלעכן איינפלוס. אָט־די געלעגנהייט האָט זיי געבראַכט אויף די פּלאַטפאָרמעס און האָט געעפנט די טיר און טויער פון אַלע קשורנאַלן, אויסגאַבעס און פאָלקס־אינסטי־טוציעס. פון די פּאָזיציעס האָבן זיי געקראָגן די מאַכט צו פאַרגיטיקן און

אונטערטעניקן פריינט און באַשטראָפן ווידערשפעניקע. ס'האָט אויך פּאַר זיי גרינג געמאַכט צו ווערן דעה־זאָגער, טאָן־געבער און אָנווייזער. זייערע עובדות און פּאָליטישע מאַניפּולאַציעס איז נאָך ווי געהעריק ניט פאַררע־גיסטרירט געוואָרן. דאָס קאַפּיטל איז נאָך ליידיק אין דער אידישער לי־טעראַטור־געשיכטע. נישט באַפּרידיקט האָט דאָס, וואָס די אידישע געזעל־שאַפטלעכקייט האָט זיי געטרויט און צוגעטיילט אויפמערקזאַמקייט און אַכטונג. צוליב זייער נישט געזעטיקטן גלוסט פאַר נאָך מערער כבוד און בייזע נישט־פאַרגינעריי, איז געשאַפן געוואָרן אַ דזשאַנגל־מאָראַל — אַ מאָראַל פון באַשטראָפן די, וואָס זאָגן אַן אמת און שאַרף וואָרט וועגן זיי. זיך נישט אָפּשטעלן פון פאַרפאָלגן, פאַרטריבן אַ שרייבער פון אַ שטעלע, אָדער פאַרשטעלן די מעגלעכקייט, אַז ווידערשפעניקע זאָלן האָבן פּרנסה.

**
*

אַ סך בלעטער פעלן אין דער געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַ־טור. עס איז נאָך פאַרבאָרגן דער טראַגישער קאַפּיטל „מאָרגן זשורנאַל" און די שותפות פון אַ צאָל זיידענע בכבודיקע יונגעלייט, וואָס האָבן געהאָלפן אויספירן דעם מאָרד אויף דער צייטונג.

פון „מאָרגן זשורנאַל"־קאַפּיטל, וועט דער אידישער דעת־הקהל זיך דערקוויקן גאָר אַ סך מעשיות, וואָס וועלן דערשטוינען און פאַרוואונדערן. ס'וועט דאָרטן פאַרנעמען אַן אָרט: אינטריגע און פאַרראַט, טאַקע פונקט ווי אַ דעטעקטיוו־מעשה.

צעפאַלן און צעפוילט איז געווען די מאָראַל און קאָלעגיאַלע באַ־ציאונגען אין „מאָרגן זשורנאַל". נישט נאָר זיינען בכבודיקע שרייבער געווען פון די ערשטע צו פאַרלאָזן די „זינקענדיקע שיף", גאָר אַ סך האָבן אויך געהאָלפן — אַ פריען אונטערגאַנג. די אויפפירונג פון, למשל, צווי „מאָרגן זשורנאַל"־שרייבער, וועט אילוסטרירן, וואָס עס האָט זיך דאָרטן אָפּגעטאָן.

ראשית דאַרף איבערגעגעבן ווערן, ווי אַ בכבודיקער שרייבער, אַן אָנ־געזעענער צדיק, איז איידער דער „מאָרגן זשורנאַל" האָט זיך געשלאָסן דעם ערשטן מאָל, געלאָפן העכדום־פּעכדום פאַרזיכערן זיך מיט אַ שטעלע אין „טאָג". וויסנדיק, אַז ס'איז מיאוס און ניט מאָראַליש נישט צו טיילן דעם גורל פון די קאָלעגן מיט וועלכע ער האָט צוזאַמען מיטגעאַרבעט יאָרן, האָט ער דעם איבערלויפן געהאַלטן בסוד עטלעכע וואָכן — געגנוג צייט בייצוקומען זיין שולד־געפיל...

דער צווייטער „קאָלעגע", אַ שרייבער, וואָס איז פּרעמירט געוואָרן

אַזש אין אויסלאַנד, האָט יועלטן איינגעלייגט ווען דער „מאָרגן זשורנאַל" האָט זיך דעם ערשטן מאָל פאַרמאַכט. ער איז פון דער רעדאַקציע נישט אָפּגעטראָטן. ער האָט געמונטערט און גערופן די שרייבער צו דעמאָנסט־רירן קעגן אַרויסגעבער פון „טאָג". אָבער ערב דעם סאַמע סוף פון דער צייטונג (דעם צווייטן מאָל), איז דער איד שוין געווען אין דער חברותא פון די פאַרשווערער. ער (מיט די אַנדערע פון דער חברה), איז שוין געווען זיכער מיט אַ שטעלע אין „טאָג" — און דאָס איז אין דער צייט, ווען די אַנדערע שרייבער האָבן נאָך נישט געהאַט אויפגעגעבן די האָפענונג, אַז מ'וועט נאָך קענען ראַטעווען די צייטונג.

אויסגערונען איז פון דעם „בכבודיקן" אידן זיין צאָרן; זיין פנים איז געוואָרן אויפגעלויכטן; אים איז נישט אָנגעגאַנגען מערער דער צער און די פאַרלוירנקייט פון די אויסגעבראָקירטע שרייבער. די הענט אויף הינטן, פלעגט ער מיט תקיפות און דראָבנע טריטעלעך שפּאַצירן איבערן רעדאַקציע־צימער, שטילינקערהייט פלעגט ער זיך צורוקן צו אַ געזעמל און מיט הנאה צולייגן אַן אויער צו די פאַרצווייפלטע טענות פון די אויסבראָקירטע שרייבער. ער האָט ניט געוואָלט פאַרפעלן קיין איינציקן צאַפּל זייערן.

אָט־דער שרייבער האָט שוין פּראָפעסיאָנעל און מאָראַליש מערער נישט געהאַט קיין עסקים מיטן „מאָרגן זשורנאַל". אונטער אַ פאַרשטעלטן נאָמען האָט זיך במשך פון עטלעכע וואָכן געדרוקט זיינע אַ מעשה אין „טאָג". דערביי האָט ער אויך געצויגן שכירות פון „מאָרגן זשורנאַל".

דעם לעצטן טאָג פאַרן סוף פון „מאָרגן זשורנאַל" האָט זיך אָפּגע־שפּילט אַ פּיינלעכע סצענע, וואָס וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן. כדי דער „מאָרגן זשורנאַל" זאָל קענען ווידער דערשיינען האָט יעדער שרייבער געדאַרפט צוטראָגן טויזנט דאָלער. די וואָס האָבן נישט גע־קענט געבן אייגענע געלט, האָט אַ באַנק, אויפן סמך פון אַ פאַרשטענדיי־קונג, אויסגעליען די סומע. דער חוב איז געצאָלט געוואָרן אין מאָנאַט־לעכע ראַטן, וואָס איז אַרונטערגענומען געוואָרן פון די פאַרדינסטן. דאָס איז אויך געטאָן געוואָרן פון דער לעצטער וואָך שכירות. די שרייבער זיינען פשוט דערשטוינט געוואָרן פון אָט־דעם ברוטאַלן אַקט. זיי זיינען געווען דערשלאָגן פאַרוואָס דער אַרויסגעבער פון „טאָג", וועלכער האָט איבערגענומען דעם נאָמען און די געשעפטלעכע טייל פון „מאָרגן זשור־נאַל", זאָל נישט האָבן קיין אינטערעס מיט די שרייבער, וועלכע בלייבן אָן שטעלעס.

אַ צווייטיקער, כמעט היסטעריש, האָט ב. אַלקוויט פּראָטעסטירט קעגן דער עוולה. אַלקוויטס פאַרצווייפלטע אויסרופן און טענות האָט

כמעט אַלעמען אין רעדאַקציע אויפגעטרייסלט און דערשלאָגן. אפילו די, שוין מיט שטעלעס אין „טאָג“, זיינען אויך פאַר אַ ווײַלע געפּלעפט גע־וואָרן. נאָר יענער איד, ער איז געשטאַנען אַן אַ זייט און האָט מיט הנאה געשמייכלט.

אַט־די עפּיזאָדן זיינען דאָך נאָר אַ ניצוץ פון קאַפּיטל — „מאָרגן זשורנאַל“. עס וועט נאָך אַמאָל דערציילט ווערן אויך די מעשים פון אַ סך חשובע שרייבער — אַנגעזעענע „צדיקים“ און סאַמאָראַדנע רשעים, וועלכע האָבן מיט ווילדן סאַדיזם זיך איזדיעקעוועט איבער שוואַכערע קאָלעגן.

**
*

פון אונדזער ליטעראַטור קערט זיך אָפּ ניט בלויז דער לייענער, נאָר אויך דער שעפער און ממונה. כנופיה־פּאָליטיק און דיסקרימינאַ־ציע זיינען באַצילן, וואָס מאַכן קראַנק, פאַרדאַרבן און טריקענען אויס. יעדן אחריותדיקן מענטש, וועמען די אידישע ליטעראַטור איז נאָענט און האָט בטחון אין איר קיום, דאַרף באַאומרואיקן דער איצטיקער מצב פון ציניזם און קאָרופּציע.

טאַקע דערפאַר, וואָס עס טאָר ניט פאַרמינערט ווערן דער אָפּשיי און יראת־הכבוד פאַר די שעפער, איז אַ זינד צו זיין זייטיקע און גלייכ־גילטיקע צושויער, שוין אָפּגערעדט פון זיין שותפים צו פאַרדאַרבענע מעשים פון די וואָס האַלטן אין אַרענדע די אידישע ליטעראַטור. צוליב דעם איז אַ מצווה ניט צו פאַרבאָרגן, נאָר אויפצודעקן.

ס'איז געוויס שווער צו זיין דירעקט און האָבן אַ זעלבסשטענדיקע מיינונג. די שטראָף איז אַ סך מאָל אַ שווערע. אינדיווידואַליזם און אומדערשראָקנקייט איז ניט קיין גרויסע מעלה אין אַ סביבה, וואָס ליידט פון פיינלעכן הונגער פאַר מאַכט, כבוד און גלוסט פאַר מאַטעריעלער איבערזיכערקייט.

די רעכט פון טראַכטן זעלבשטענדיק, שטעלט אויס צו דער געפאַר פון פאַרשטויסן און איזאָלירט ווערן; צו ווערן אַ קרבן פון דער טבע, וואָס פאַרפאָלגט ניט די זינדיקע, נאָר גראָדע די וואָס דעקן אויף זינד. דאָס איז דער עונש, דער שכר...

אונדזער ליטעראַטור איז אַ מאָראַליסטישע. אונדזערע שרייבער זיינען ניט נאָר פּאָעטן, נאָוועליסטן, דראַמאַטורגן, זשורנאַליסטן, נאָר אויך מאָנער, שטראָפער און מדריכים, וואָס לערנען און רופן צו מאָראַלישע און עטישע אויפפירונגען. צוליב דעם טעם איז אַ חוב צו פאַרלאַנגען אחריות פון אונדזערע שרייבער; מאָנען און דערמאָנען זיי; אפשר וועלן זיך עטלעכע רשעים פאַרשעמען!

**הערשל וויינרויך**: הערשל וויינרויך איז אַ קרעפּטיקער און ברייט־
פֿאַרנעמלעכער דערציילער. ער האָט דעם טאָן און שטימונג פֿון בער־
געלסאָנען. זיין טעמאַטיק אָבער איז אָפּגעגעבן אַ סך אין און פֿון אייגענע
איבערלעבונגען. אַ באַזונדער אָרט דאַרף אָפּגעגעבן ווערן צו דעם ווערט־
פולן בוך זיינעם: „בלוט אויף דער זון". פֿון די איבערלעבונגען ווײַנ־
רויכס ווערט מען באַקאַנט מיט די אַלע געשעענישן אין דער צייט פֿון
דער צווייטער וועלט־מלחמה.

הערשל וויינרויך איז געווען אַן אָפֿיציר אין דער רויטער אַרמיי.
ער האָט דורכגעלעבט אויפֿטרייסלנדע דינאַמישע דערפֿאַרונגען, ניט נאָר ווי
אַ זעלנער אויפֿן שלאַכטפֿעלד, נאָר אויך ווי אַ איד. „בלוט אויף דער זון"
גיט איבער די געשיכטע פֿון די אידן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און פֿאַר־
צייכנט די טראַגעדיע פֿון אונדזער פֿאָלק, וואָס ווערט פּאַרטיליקט אין לאַנד
פֿון קאָמוניזם. ימח שמם. הערשל וויינרויך איז געווען באַקאַנט מיט אַ
צאָל פֿון די אידיש־סאָוועטישע שרייבער, וואָס זיינען אומגעבראַכט גע־
וואָרן בימי דעם בלוטיקן סטאַלין־רעזשים.

הערשל וויינרויכס שילדערונגען לאָזן זיך נישט פֿאַרגעסן. נישט
נאָר לעבט מען און מ׳ליידט מיט די אַלע ליידנדיקע, נאָר מ׳ווערט מיטן
שרייבער איינגעוועבט אין די געשעענישן. מ׳שטייט דערביי און מיט אים
צוזאַמען ברויזט אויף אַ צאָרן קעגן די פֿאַרפֿאָלגער פֿון אונדזער פֿאָלק.
כסדר וועט נאָכגיין דאָס בילד: „מ׳זאָגט, אַז די אוקראַאינער פֿון דער זייט
גרענעץ און די פּאָליאַקן פֿון יענער זייט גרענעץ הרגענען אידן. דאָ, ביי
זיער אויפֿגעריסענער בריק, ניט ווייט פֿון דער סאָוועטיש־פּוילישער גרע־
נעץ, זיינען מיר אָפּגעשטאַנען אַ טאָג מיט אַ נאַכט. די אוקראַאינער שקצים
פֿון דאָרף האָבן זיך אַרומגעדרייט און אונדז באַטראַכט מיט רוצחישע
בליקן". פּונקט ווי הערשל וויינרויך ווערן מיר אויפֿגעציטערט פֿון דעם
צאָרן און שנאה, וואָס די סלאַווישע פֿעלקער באַזונדער, האָבן אויסגעגאָסן
אויף אונדזער פֿאָלק. פּונקט ווי מיר וואָלטן דאָרטן ביים גרענעץ געווען
מיט אים, גייען אונדז נאָך די רוצחישע בליקן און צו אונדזערע אויערן
דערגייט דאָס שנאהדיק קול: „זשידעס אַנטלויפֿן פֿון די סאָוועטן".

הערשל וויינרויך איז שוין אַן איינגעבירגערטער אין אונדזער גע־
בענטשטער לאַנד, ער איז מהמת דעם, ווי אַ פֿאַרנעמלעך־טאַלאַנטפֿולער
דערציילער, געוואָרן שוין גאָר נאָענט מיטן היגן לעבן און מיט די היגע

אידן. עס איז פאַראַן דער גרויסער בטחון, אַז הערשל ווײַנרויך וועט אונדזער ליטעראַטור נאָך מזכה זײַן מיט ווײַטיקע אַרבעטן, אין וועלכע עס וועט אויפקומען אין פולן פאַרנעם זײַן אָנגעזעענער טאַלאַנט.

**מאיר קראַוועץ**: אַ מוסטער פון מאיר קראַוועצעס זאַפטיק לשון, וואָס האָט דעם כוח מיט ווײַניק ווערטער שאַפן שטימונג און אויפשטעלן אַ ריזיק בילד אויף אַ קאָלאָסאַלן לײַוונט: „דער מאַמעס שטימע איז געווען היסטעריש און דערשראָקן: 'שטיי אויף, מײַ ערשל! שטיי אויף! דאָס שטעטל ברענט, ווי צו אונדזער לעבן! די פלאַמען וועלן שוין באַלד דערגרייכן אונדזער הויז!' דער טאַטע איז צוגעקומען, מיך אויפגעהויבן ווי אַ שפּענדל, אין זײַנע שטאַרקע אָרעמס, און מיך אַרויסגעטראָגן פון הויז. די ווײַבער האָבן געכליפּעט, מאַנסבילן האָבן געפּרובירט עפּעס טאָן — געשלעפּט פון די הײַזער דאָס ביסל אָרעמקייט. אַנדערע זײַנען געלאָפן פון די ברענענדער מיט עמערס וואַסער. ס'האָט ניט געהאָלפן. דאָס אידישע שטעטל איז געווען אײַן קנויל פײַער. דער הימל איז געווען רויט מיט פלאַמען, ווי די וואָלקנס וואָלטן געברענט. אַלץ איז אַוועק מיטן רויך. דאָס הויז — האַלעוועשקעס, די שפּייכלער — האַלב אײַנגעפאַלן, דער גאָרטן צעטראָטן, די פרוכט־ביימער — האַלב פאַרברענט".

אַ מענטש אין שפּיטאָל אין גסיסה טראַכטונג: „אַזאַ איז דער גורל פון אַ מענטשן, טראַכט זילבערג. מען ווערט געבוירן און מען הויבט אָן שטאַרבן; מען האָט קינדער און זיי זײַנען ניטאָ אין די לעצטע מינוטן פון לעבן. טויט! אײַביקע באַוואוסטלאָזיקייט! אַריבער דעם גרענעץ פון זײַן און ניט זײַן. אײַביקע שטילקייט! אַ טעמפּע שרעק כאַפּט אים אַרום! די מידקייט פאַרמאַכט זײַנע אויגן. נאָך איין בליק אויף די פאַרשנייטע ביימער פון פּאַרק, אויף אַ שטיקל בלויען הימל, אויף דער קראַנקן־שוועסטער, וועלכע דרימלט אין אַ שטול. דערנאָך אַ שיין פון ליכט, אַ געמיטלעכקייט, אַ שוועבן אין ליידיקן רוים און אַ שטומער פאַרגליווערטער שווײַגן".

„איך בין אַוועק פון הויז פאַרנאַכט. געקומען צו בערטיניס סאַלון. עס האָט געפּרעגנט. אַ שווערער טומאַן האָט צוגעדעקט דעם פאָרט. דער געשריי פון די שיפן האָט געשניטן די לופט. מען האָט געקענט הערן דעם געטופּ פון די פערד אויף דער בריק, דעם גערויש פון די רעדער, נאָר געזען האָט מען גאָר ניט. אַלץ איז געווען פאַרגאָסן מיט פינצטערניש".

***

אַ סך ליטעראַרישע מײַנונג־זאָגערײַ איז געבויט אויף פאַראורטייל,

רכילות און ווידערווילן צום מחבר. מ׳כאַפּט אַרויס אַ געדאַנק אָדער אַ השערה, וואָס מ׳וויל נישט פאַרדייען. מ׳ליגט צו, און ווען ס׳קומט אָן צו אַ צווייטן איז עס שוין פאַרקרימט. ביי אונדז איז פאַראַן אַ טענדענץ פון איין זייט צו איבערטרייבן און איבערשאַצן. און פון דער צווייטער זייט: פאַרשווייגן און אונטערשאַצן. באַרימטקייט: באַרימט ווערן איז רעלאַטיוו, ס׳איז אַ משוגענער פּאַראַדאָקס.

**
*

**בערל בוים**: בערל בוים טראָגט אַריין אין זיין שרייבן דעם טאָן פון די משכילים־שרייבער. ער איז ליטעראַריש בלוט און פלייש פון אַזעלכע שרייבער ווי ספּעקטאָר און דינעזאָן. מחמת אָט־די מעלות איז זיין אופן צו דערציילן אַ מעשה קלאָר. אין אויבנאָן איז ביי אים אַ מין פאַרברידערונג מיטן אידן — דעם פּאַרצייטיקן און היינטצייטיקן. די פּשטות פון זיין וואָרט מאַכט רייכער זיינע רייד. די בילדער, וואָס ער ברענגט אַרויס פאַרמאַטערן קיין מאָל נישט, נאָר זיינען ניי און פריש. בערל בוים מאַכט היימיש מיט זיינע מעשׂיות, מחמת ער שרייבט ווי מ׳וואָלט זיך דורכגערעדט מיט אַ ברודער.

**
*

**י. י. שוואַרץ**: י. י. שוואַרץ איז אַ גאַלאַנטער דיכטער. ער האָט די מעלות פון בהויזיקייט און צאַרטקייט. ער איז געבענטשט מיטן כוח פון איינהאַלטן, אַז די שטורעמדיקייט אין זיין ליד זאָל זיך ניט איבערגיסן. די עכטקייט פון זיין דיכטונג קען גאָר ניט אָפּגעפרעגט ווערן. ער פאַר־זיכערט עס מיט געלייטערטע אינספּיראַציע.

י. י. שוואַרץ איז אַ דיכטער איינגעוואָקסן אין אידיש ליד. טראָגט דעם, וואָס די השפּעה איז געווען פון די קלאַסיקער. ער איז פריש, מאָדערן (ניט מאָדערניסטיש) און היינטצייטיק. ער האָט פון זיין צייט זיך ניט אָפּגעשיידט. ער קען גאָר גערעכטן האַלטן דעם בונד צווישן דעם עבר און דעם איצטער.

י. י. שוואַרצס קולטורעל וויסן איז אויך אַ פּלוס פאַר זיין שעפערישקייט איןביידע לשונות — אידיש און העברעאיש. אָדער בעסער געזאָגט, ווי עס פּאַסט פאַר אים: אידיש־העברעאיש.

ווי אַן איבערזעצער האָט י. י. שוואַרץ באַזונדערע פאַרדינסטן, פאַר וועלכע די אידישע ליטעראַטור האָט שוין פאַר אים צוגעגרייט אַן אויבנאָן.

גלאַנץ־לעיעלעס : אהרן גלאַנץ־לעיעלעס לידער אַנטפּלעקן אַן אמת אייגנאַרטיקן פּאָעט וועמענס „שטאָט“ אין פּאָעטישן היכל איז נישט אָפּצופרעגן. זיינע לידער זיינען אַן אָפּלייקענונג פון זיין קרעדאָ און פּאָעטישע דרינגונגען. ער איז אַ מייסטער פון וואָרט. אין פּאָרעם איז ער ניט צוגלייכלעך. ער קען, ווי קיינער ניט ביי אונדז, אַזוי אויסגעצייכנט דעם גאַנצן מעכאַניזם פון פּאָעזיע.

דער פּרימיטיוו האָט מחמת טעמפּקייט אים געזוכט צו נישט מאַכן. נאָר אַ פּאָעט וואָס איז גאָענט מיטן חן פון וואָרט און איז געבענטשט מיט דער ברכה פון וויסן ווי אויפבויען דעם בנין פון ליד, קען שאַפן אַזעלכע לידער ווי אהרן גלאַנץ־לעיעלעס.

פון זיינע „פאַביוס ליינד“ לידער : „נוינע לידער קאַלטע זיינען און פון זיי מיט ווייטקייט בלאָזט. האָט קיינער ניט געהערט פון קאַלטן ברענען, ניט געלעקט דעם פלאַם פון פּראָסט ? מיינע לידער האַרטע זיינען שטייפער, פעלזיקער מאַרשרוט. קען ניט אין האַרטן פעלז דערקענען קיל פאַרטייעט לאַוואַ בלוט ?“ אָדער אַ פערז פון ליד „משיח אין קיך“ : „צו שרייבן לידער ביינאַכט אין קיך, צו זען זעאונגען אין קיך ביינאַכט“ (פון אַלע צימערן דאָס היימישסטע די קיך, פון אַלע שעה׳ן די ליבסטע ביינאַכט. אָדער דאָס ליד „אַ גוטע נאַכט“ : „שטילע שפּעטע שעה פון נאַכט, וויפל קלאָרקייט לויכט פון דיינע טונקלקייטן ! דו גלויבסט מיר, און וואונדערסט זיך מיט מיר אינאיינעם, וואָס די שומרים פון מיין וואָרער געשטאַלט צעפאַלן זיך, שלעפעריק, שלאַפע, ביי מיינע טאָגיקע שוועלן. גוטע שפּעטע שעה, רעדסט צו מיר אָן ווערטער, און זער אמת מאָנט ביי מיר פריי און אָפנהאַרציק, ווי דער טויט, אומשולדיק, ווי דעם טויטס קינד — דאָס לעבן. שלאַפע טאָגיקע וועכטער, ניט פאַרמייזט כאָטש פאַנאַנדערצוטראָגן דאָס וואָרט פון אָט־דער לויטערער שעה : פרייד צו אַלע. אַ גוטע נאַכט“.

פון בוך „לידער און פּאָעמען“ : „ביים ראַנד פון הימל אין צונטערנעם שטראָם טויכן אויף דריי אידן פין אונטער דעם תהום. און איטלעכער ברענט לויט זיין אייגענעם בילד, און האַלט אין די הענט אַזאַ פאַנצער און שילד — פון גינגאָלד געהאַמערט, אי קונציק, אי קלוג, און חכמה זעוויף אויף דור־דורות גענוג. און איינער זאָגט הילכיק און ס׳וואָרט פון זיין מויל, ווי דונער און בליץ און פלאַמיקע קויל : כ׳האָב שטויב געקנאָטן, אים מיט ווילן געבריט, אַ זעאונג געפורעמט, אַ צאָלק אויסגעשמידט. האָט דאָס שמיד־ווערק געפלאַצט, אַ רייף נאָך אַ רייף, און ס׳פיטערט די זעאונג יעזן תליונס שלייף. ער כאַפּט מיט זיין מאַכטיקן אָרעם זיין שילד, צעשמעלצט זי אין בראַנד פון זיין ברענענדיק בילד.

דער צווייטער רעדט שטיל און דאָס וואָרט פון זיין לעפץ איז ליבלעך, ווי ווילבער־און־בלוילען געהעפטס: כ'האָב גוטסקייט געמאָלן פאַר ברו־דער און שטאָט, און יעדן גערופן צו זיין ווי דער לאָס. האָט גוטס נישט קיין האַפט און שלעכטס איז אַ ריז, און אומגליק גייט אום מיט טרויעריקע פיס".

באמת, עס זיינען פאַראַן ווינציק אַזעלכע קאָלירפולע און אייגנאַר־טיקע פּאָעטן, ווי גלאַנץ־לעיעלעס. ער איז נישט קיין צעשויבערטער און פאַרכלינעטער לידער־שרייבער. זיינע לידער זיינען אין גאַנצן טאָן, ווי די אָנווייזונג אין וועלכער ער אַנטפּלעקט זיך מיט זיין שטימונג און געמיט: „מיינע לידער קאַלטע זיינען און פון זיי מיט ווייטקייט בלאָזט. האָט קיי־נער ניט געהערט פון קאַלטן ברענען, ניט געלעקט דעם פלאַם פון פראָסט ?".

די איבערזעצטע לידער אין בוך „לידער און פּאָעמען" זיינען גאָר גרויסאַרטיק. די אידישע פּאָעזיע געווינט פון זיי אין לשער.

מיר זיינען געפעלן און ס'זיינען מיר נאָענט די „פּאַביוס לינד" לי־דער. זיי זיינען פריש, יונג און נאַאיוו. לעיעלעס איצטיקע לידער זיינען שוין רייפע־זיכערקייט לידער. די „פּאַביוס לינד" מאָטיוון זיינען פאַר־מעקט פון וועלן זיין; די איצטיקע לידער זיינען שוין פון „געוואָרן".

# גאָטס אויפליכט אין אַלע זיינע באַשעפעניש

(י. מעצקער ברענגט געדויש פון גאָטס וועלט)

י. מעצקער איז ניט נאָר געקומען צו אונדזער ליטעראַטור אַ גיבור, ער האָט אויך מיטגעבראַכט רוי־ערד: פעלד, וואַלד, דעם גערויש פון טייכל, דעם דורכרייד פון כל מיני הבריות און דעם קריי פון האָן, וואָס זאָגט אַלעמאָל אָן, אַז באַלד — די זון איז אויפגעגאַנגען.

י. מעצקער איז גורם מען זאָל שליסן אַ נאָענטקייט מיט אַלע מיני הבריות. ער פאַרמענטשלעכט זיי ניט, נאָר ער גיט איבער זייער אייגנאַרט, וואָס איז אין קרובות גאָר מיט אונדז, די בני אָדם.

י. מעצקער נעמט ביים האַנט; ער פירט צום וואוינאָרט פון די ברואים און לאָזט אונדז באַקאַנען מיט זייערע אויפפירונגען; ער לאָזט זיך צוקוקן צו זייערע מנהגים, פריידן, טרויערן, און ער שטעלט אונדז אויס צו גאַפונג.

קיין מענטשן זיינען נישט פרעמד די שטוב־חיות און די פאַרשיידענע מינים עופות. אָבער ווער האָט זיך פאַרטראַכט, אָדער האָט אויך דערפילט, אַז די אַלע באַשעפענישן האָבן אויך — אַ נשמה? — יאָ, אַ נשמה! און אויב זיי האָבן אַ נשמה באַגייען דאָך מענטשן מאָרד ווען זיי שעכטן פויגל און בהמות כדי זיך צו שפייזן מיט זייער פלייש. ווי אַזוי וועט דען אַ מענטש קענען טועם זיין דאָס פלייש פון אַ גאַנדז?

„אין טאָל האָט זיך נאָך געוויסט דער שניי און דער טייך איז נאָך געווען האַלב־פאַרפרוירן, ווען די גענדז האָבן ביים וואַסער דערפילט דעם ריח פון שפּראָצנדיקן גראָז און איינציקווייז אַוועק אויסוואַרעמען די אייער, וואָס זיי האָבן געלייגט דורכן ווינטער. די גאַנדז מיט די גרויע שטרייפן אַרום איר האַלדז איז אַ רואיקע געזעסן אויף די אייער און זיך קוים פאַרגונען אַראָפּצוגיין אויף עטלעכע רגעס זיך אָנצוטרינקען און צו כאַפּן עטלעכע קערנער גערשטן.

„פּונקט צו דער וואָך איז אָבער מיט דער גאַנדז געשען עפּעס אויסערגעוויינלעכס: זי האָט אין אַ פראָסטיקן פאַרנאַכט, ווי אומגעריכט, געלייגט נאָך אַן איי. די גאַנדז איז דערפון געוואָרן שטאַרק צערודערט. זי האָט מיט איר אויסגעבלייכטן שנאָבל געמישט די אייער, זיי ווי געציילט און געהאַלטן אין איין קוקן הינטער זיך. זי האָט זיך ווי ניט גע־

וואָלט געבליבן, אַז עס איז איר צוגעקומען נאָך אַן איי. זי האָט נאָך מיט אַ וואָך פריער דערפילט, אַז זי האָט שוין אויסגעלייגט אַלע אייער".

פּאַרטרויען אויף אַזאַ שטייגער וואָס די גאַנדז האָט געטראַכט, איז באמת אַזוינס, וואָס איז גאָר אויסערן גבול פון דעם מענטשלעכן באַנעם. נאָר אַ מענטש וואָס האָט זיך אַריינגעטאָן אין טיפער ליבע צו בעלי־חיים קען אויפפּראַלן אַזאַ טיפע דערקענטעניש.

י. מעצקער האָט דערשפּירט, דאָס חיות און בהמות, עופות און אַלע לעבעדיקע, וואָס פילן אַן גאָטס וועלט האָבן נשמות, נאָך „אויפן זיידנס פעלדער". אַ רחמנות האָט עס אין אים אויפגעוועקט ליבשאַפט, זאָרג און צאַרטקייט צו אַ פערד, אַ מין חיה, פאַר וועלכער ער האָט גאָר מורא געהאַט.

י. מעצקער האָט אויך אַ וואַרעם אָרט אין זיין האַרץ פאַר פלאַנצן און געוויקסן. ער נעמט אויף מיט צער ווען מען זעגט אונטער אַ בוים. מיט אויפציטער וואַרט ער ביז פון די אונטערגעזעגטע ביימעלעך וועלן נייע פרישע אַרויסוואַקסן און וועלן אַרויסגעבן פּירות, וואָס דערקוויקן מיט אַלע טעמים. י. מעצקער ווייסט, אַז אויב דער וואָרצל איז ניט אויסגע־ריסן, וועלן אויפקומען נייע שטאַמען.

ס'איז גאָר אין לעשער די פרייד און דערהויבונג, וואָס נעמט אַרום לייענענדיק י. מעצקערס בוך, דורך וועלכן ער פאַרחברט דעם מענטשן מיט אַלץ, וואָס לעבט אויף גאָטס וועלט. ביכער פון אַזאַ באַנעם זיינען פאַראַן ווינציק אפילו אין די ליטעראַטורן פון די אומות העולם. מע־טערלינק, דער בעלגישער פּאָעט און פילאָסאָף, האָט אויך באַקאַנט מיט זיין דערגרונטעוועץ זיך צו דער קרובהשאַפט צווישן אַלע גאָטס באַ־שעפעניש.

מען מוז האַלטן אין זין, אַז ביי די אומות העולם איז פאַראַן אַ גרויסע פויערים באַפעלקערונג. און ווי אַזוינע האָדעווען זיי און לעבן ביינאַנד מיט פאַרשיידענע מינים באַשעפענישן. אָבער, ווייזט אויס, אַז די דאָזיקע מענטשן, צו ווענען די חיות און עופות דאַרפן זיין נאָענט, פאַרשטייען זיי ניט, און זיי באַהאַנדלען די באַשעפענישן אַן געפיל און איינזעעניש.

צווישן אידן זיינען געווען ווינציק דאָרף־מענטשן. און ווינציק אידן אין די שטעטלעך אונדזערע האָבן געהאַט צו טאָן מיט פערד און בהמות. פון די גרויס־שטאָטישע איז דאָך אָפּגערעדט. מחמת דעם איז י. מעצ־קערס איבערגעבן און באַקאַנען אונדז מיט דעם שטייגער ווי די מיני הבריות לעבן אַ גרויסע אַנטפּלעקונג. דאָס דערפילן, אַז די באַשעפענישן האָבן אויך נשמות טרייבט אַרויס פון גלייכגילט.

י. מעצקער איז אַ קרעפטיקער דערציילער. ער איז קאַלירפול ; ער

איז שאַרפזיניק מיטן שאַרפזין פון די מענטשן, וואָס זיינען פאַרוואָרצלט אין ערד, פעלד און וואַלד, און מיט דער תמימות פון דאָרף־מענטשן.

י. מעצקער האָט אַ שאַרפן און ברויזיקן באַנעם: זיין לשון איז פעסט, זיכער. ער פאַרהוילט ניט קיין שום זאַך, ער לאָזט זיך דערקענען מיט זיין קאָנטיקייט, מיט זיין אייגנאַרט; מיט זיין שטייגער, פאַרנעם און טאָן, איז ער, אָן גוזמא, אַ איינציקער צווישן אידישע דערציילער.




פראַגמענט

# שטימונגען, געדאַנקען

אין תּפיסה, טראַכטנדיק וועגן ליידן און ליידנדיקע איז אָסקאַר ווײַלד געקומען צום אויספיר, אַז דער סוד פון לעבן איז ליידן. קיין אמת לאָזט זיך ניט פאַרגלייכן מיט ליידן. מחמת דאָס דערגרונטעווען זיך צו דעם, האָט ווײַלד, דער סאַלאָן־מענטש, דער פראַנט, דער קאָקעט, עסטעט און פאַזירער איינגאַנצן געביטן זיין באַנעמונג פון קונסט. קונסט מחמת קונסט האָט מערער ניט געהאַט פאַר אים קיין זין. ס'איז פונקט ווי מ'וואָלט גערעכנט, אַז לעבן מוז זיין נאָר דורכאויס צוליב פאַרגעניגן.

ווײַלד האָט אָנגענומען, אַז לייד איידלט אויס די געפילן, וואָס דער מענטש איז פּייאיק אויפצונעמען. „איך האָב אַמאָל געמיינט", האָט ווײַלד געזאָגט, „אַז אַ קונסט־ווערק דאַרף זיין נאָר שיין און פול מיט פרייד. נאָר איצט זע איך, אַז אַזאַ באַנעם אָדער אידעאַל, איז ניט גענוג און איז אפילו אויבערפלעכלעך. אַ קונסט־ווערק מוז זיין נעשטיצט אויפן געפיל פון מיטלייד. אַ בוך לידער וואו עס פעלט דער גייסט און מאָטיוו פון מיטלייד, טאָר גאָר ניט געשריבן אָדער געדרוקט ווערן".

„די באַלאַדע פון רעדינגער תּפיסה" האָט ווײַלד דרייסט באַצייכנט ווי „פּאָעזיע און פּראָפּאַגאַנדע". ער האָט זיך ניט באַנוגנט מיט שאַפן קונסט סתם פאַר זיין אייגענעם פאַרגעניגן וועגן, אָדער כּדי צו געפעלן, אָדער צו פאַרלאַכט ווערן פון ליטעראַטור מבֿינים.

פאַר זיך אַליין האָט שוין ווײַלד מערער נישט געשריבן. נאָך דער רעדינגער תּפיסה האָט ער גענומען שאַפן קונסט צוליב מענטשלעכקייט. דאָס וויכטיקסטע פאַר אים איז געווען זיין ליד זאָל גרייכן מענטשלעכע הערצער. זיין ליד זאָל פּראָפּאַגאַנדירן די אידייע: פאַרמענטשלעכונג פון מענטשן.

**

די דראַבנע רייד וואָס ווערן אויף מיר אַרויפגעשאָטן ביי די באַגעגעגענישן מיט קרובֿים און באַקאַנטע, צעשטערן מיין שכל־הישר, ווי פון אַ קראַנקהייט נעמט צייט ביז איך הויב אָן דערפילן ווידער, אַז איך בין אַ שטיקל מענטש, אַז דאָס האָב איך זיך אַרויסגעפּלאָנטערט פון דער נישטיקייט, און בין צוריק געוואָרן — איך.

**

צען מאָל ווי מוז זיין צו דעם, וואָס האָט נאָך קיינמאָל דאָס אויפגיין פון דער זון ניט געזען. ווי צייט האָט עס אַלץ פאַרצוקט, אפילו דעם

מענטשן וואָס האָט צו איר זיך געבוקט. ווער קען עס פאַרשטיין, דעם מענטשן וואָס האָט אויפגעריסן זיין אייגן געביין.

נאָך אַ נאַכט אַוועק אָן אַ פאַרוואָס. פרימאָרגן נאָר יאָגט אָן אַ בייזן פאַרדראָס.

**
*

**ניטשע**: יושר איז אַ דערפינדונג פון די שוואַכע. געווען אַ צייט ווען מ׳האָט געגלויבט, אַז בילדונג וועט אויסבעסערן דעם מענטשן. די אינ־טעליגענץ, איצט און אין אַלע צייטן, זיינען גאָר געווען די טרעגער פון העצע, גוואַלד און ברוטאַלקייט. ווען שטעלט זיך אָפּ די מענטשלעכע גלוסט פאַר מאַכט? מענטשן מאַכן פון גלויבנס קלויסטערס.

**
*

מיר זיינען געשלאָגן מיט אומוויסנקייט; מיר וויסן נישט דעם סוד פון לעבן און די מיסטעריע פון טויט. אַ מענטש רעדט בלויז מיט וואָרט, געפיל איז אָבער מערער ווי פשוט קלאַנג פון קול.

**
*

מיר האָבן נישט קיין אידייע, נייערט אַ געיעג איינצוקאַסירן אַביסל עולם הזה און אַביסל ליוב.

**
*

אַלע געטער און געטינס פאַרווײַלן אויפן באַרג אלימפיא. קען מען דען אַרויסלייגן אַלע קריוודעס? שכר־עונש, ציניקער לאַכן זיך אויס פון דעם.

**
*

דער אַרום איז ברוטאַל און פאַרדאָרבן. די נסיונות זיינען גרויס. אָבער אפשר וועט עמיץ זיך פאַרשעמען.

**
*

טראַדיציע איז דער שונא פון קינסטלער. טעמפּע מענטשן האָבן תמיד אומצוטרוי און מורא פאַר די געראָטענע־טאַלאַנטפולע. „אַ קאַמערע“ שאַפט ניט, זי פאַרצייכנט בלויז אויף אַ פלינקן שטייגער. דער אמתער קינסטלער קריגט זעלטן די געלעגנהייט אָנקומען צום באַשטימטן פונקט; די מיטלמעסיקייטן און קאַריעריסטן ווילן מיט זייער מערצאָל אים פאַר־שטעלן דעם גאַנג.

**
*

טראַגישע פיגורן — דער אומרואיקער און דער איינזאַמער. איך קען נישט שרייבן קיין פיקציע דערפאַר, וואָס איך קען נישט זאָגן קיין ליגן. ווער ווייסט וואָס ס׳איז רעאַלקייט; דאָס לעבן איז אַן אָפּנאַרער, אַלע מענטשן זיינען קרבנות — קיינער געווינט ניט. דער ערשטער באַדינג פאַר אַ

צייטונג אָדער צייטשריפט איז אָפּגעבן דעם געהעריקן כבוד מענטשלעכער חשיבות.

***

מ'רעדט אַרום מיר, וועגן מיר, אָבער נישט צו מיר. אונדזער קריטיק איז פּסעוודאָ. עס באַהערשט איר דער פּובליציסט. כ'וויל זיין מיט אַלע, אָבער נישט ווי אַלע. ביי אונדז איז אַלץ אין אַרויסגעשריפטן עקסטאַז און שוים. יעדער טראַכט: מיינס איז באַזאַכט, ערנסט, פאַרנעמלעך און מיט אַ ליבשאַפט צו אחריות.

***

זיין אָפּגעריסן פון מענטשן שאַפט אַ סביבה אַרום זיך, וואָס איז אפשר רעאַלער ווי אין די אין וועלכער מ'דרייט זיך. שווערע ליידן לייטערן; טיפע איבערלעבונגען לערנען. מיר זיינען צעטומלט און פאַרצווייפלט, די זיכערקייט האָט זיך פון אונדז אָפּגעטאָן.

***

מחמת מענערישע שוואַכקייט זיינען פרויען שטאַרק.

***

אַ סך, וואָס האָבן געשריבן פּאָטרעטן פון מיר, זיינען נעבעך בלינד. זיי קענען מיך נישט דערזען אינווייניק. פאַרטוען זיי זיך אין פּיזיש־אויסערלעכע דעטאַלן, וואָס פאַר דעם אפילו איז זיי קאַליע די ראיה.

***

די אָנפאַלער זיינען גרייט: זיי וואַרטן נאָר אויף דער געלעגנהייט. ס'איז פאַראַן אַ טעאָריע, אַז מ'האָט גערן דעם, וואָס קען זיך איינער אַליין קעגנשטעלן עוולות און פירן אַ קאַמף. ס'קומט אָבער אַזוי נישט אויס. ווען אַ מענטש קעמפט אַליין באַטראַכט מען אים גאָר פאַר אַ מטורף. אַ קעמפער איז נישט קיין אויפגעבער־אַנטלויפער.

***

טראַגיש: דער מענטש באַוואונדערט דעם יחיד, וואָס האָט אַן אייגן וואָרט און שטעלונג און אַמאָל שטימונג. אָבער דער מענטש צעשטערט אַזאַ יחיד מיט פיינטשאַפט און קנאה. ניטשע האָט געזאָגט: דער זי־כערסטער וועג צו פאַרדאַרבן אַ יונגן מענטש, איז אים אָנזאָגן ער זאָל נאָר באַוואונדערן די וואָס זייער טראַכטן איז ניט ווי די וואָס טראַכטן אַנדערש. מ'רעדט פון עקאָנאָמיע. דער גרעסטער פאַרשווענדער איז דער, וואָס פאַרשווענדט דאָס טייערסטע — נשמה און גייסטיקייט.

***

די קליין־בירגער באַוועגן זיך און האַנדלען לויט באַשטימטע כלל־שטימונגען. אַלץ איז לויט דער מאָדע: רעליגיע, לייענען אַ בוך, מוזיק

און אויך מאַלעריי. די אַריסטאָקראַטיע פון כמעט אַלע פעלקער האָט גע־זוכט זיך אָפּצוזונדערן פון אייגענעם לשון.

***

איך האָב פיינט מענטשן, וואָס קימערן זיך ניט וועגן אמת. אַ סך מאָל באַזעצן זיך מחשבות: די איצטיקע צייט עקלט מיך אַזוי אָפּ, אַז איך קען זיך גאָר ניט אַ סך מאָל אונטערנעמען צו שרייבן וועגן איר. ס׳איז גענוג, אַז איך בין געצוואונגען צו לעבן אין איר.

***

עס זיינען פאַראַן מענטשן, וועלכע האָבן גאָרנישט קיין באַגריף פון דער שרעקלעכער פלאַכקייט אין וועלכער די ציוויליזאַציע, די פילאָסאָפן, רעדנער און פלאַפּלער האָבן אַריינגעשליידערט דעם מענטשן מין. ביי אַ סך שרייבער: די פעדער שרייבט, דער געדאַנק שלאָפט.

***

די וואָס ווילן מאַכן גלויבן, אַז אין שרייבן אומפאַרשטענדלעך ליגט מי יודע וואָס פאַר אַ סתרי־תורה, באַשטעטיקן בלויז, אַז זיי ווילן פאַר־טיידיקן דעם פּאָעטישן כבוד־פּה. מען דאַרף אויפקלערן: איז אַ ליד בלויז אַ שטימונג, צי בלויז געדאַנקען? ביידע אָדער באַזונדער? אָבער דאָס מיינט ניט, אַז מחמת אַ סך קענען נישט באַנעמען דעם ענין, זאָל געגעבן ווערן אַ היתר די שווער־שרייבער. מיט די אומקלאָרע, פאַרפּלאָנטערטע געדאַנקען, וואָס זיינען כסדר אין געץ פון נעפּל. אַ דערמוטיקונג פאַר די סאָרטן שרייבער עפנט טיר און טויער אין דער ליטעראַטור פאַר אַלע אָנשטעלער און „פּאָניס״.

***

איינזאַם איז מיין חבר: אַן אָנפּלייץ האָבן עס אָנגעיאָגט אויף אים די אונטערלעקער, חונפים און געצנדינער.

***

די מאָדערניזערער מיינען, אַז זיי וועלן זאָגן „געלאַקן״, אָנשטאָט „גע־לאַכט״, שאַפן זיי אַזעלכע נייאיקייטן, וואָס וועלן רעוואָלוציאָניזירן די אידישע פּאָעזיע און דעם אידישן לשון.

***

מ׳זאָגט, ס׳איז נישטאָ וואו צו דרוקן. ס׳איז מערער טראַגיש, וואָס דאָס געדרוקטע ווערט נישט אָפּגעשאַצט ווי געהעריק.

***

ברודער, ביסט געשלאָגן און פאַרזונקען אין אַ מאָדנעם פאַרוועט מיט

די שרעטלעך. רכילות ווערט אויפגעהעצט און אויפגעהיצט פון ווייבער. אריסטאָפאַנעס אין זיין סאַטירישער קאָמעדיע „ליזיסטראַטא“ ברענגט אַרויס, אַז מ׳טאָר נישט צונישט מאַכן די מאַכט און אַמביציע פון פרויען.

**
*

קינדער הויבן־אָן דורך ליבן זייערע עלטערן; מיט ווערן עלטער טוען זיי משפּטן די עלטערן; שפּעטער פאַרגיבן זיי די עלטערן. (אָסקאַר ווײַלד אין בילד פון דאָריאַן גרעי.)

פּושקין: געווען די ליבע איז אָן פריידן; אָן טרויער איז דאָס שיידן. פרויען דאַרפן רעגירן, מענער דאַרפן הערשן.

**
*

וואָלטאַג קען מאַכן פּונקט אַזוי אומגליקלעך ווי נויט. רײַכקייט קען זיין אַזאַ לאַסט, ווי אָרעמקייט. דער רײַכער איז גאָר פאַרשקלאַפט צו לוקסוס. שולד־געפיל איז צעשטערנדע עמאָציע.

**
*

רעאַקציאָנער איז דער, וואָס וויל ענדערן די וועלט, אָבער זיך אַליין ענדערן איז ער נישט גרייט. אמתע פרייהייט קען נישט קומען, אויב נאָר איין מענטש הוכט אַרויפצוצווינגען זיין ווילן אויף אַ צווייטן.

**
*

איך וויל נישט ראַטעווען די דאָזיקע מענטשהייט, וואָס מאָרדעט די, וואָס ווילן זי „אויסמענטשלען“. דערגרייכן דערפאָלג: קושן אין הינטן ווער עס שטייט אויבן; בריקען די וואָס שטייען אונטן.

**
*

פאַרנעמלעכע דיקטאַטאָרן און רוצחים, וואָס האָבן געפּייניקט מענטשן צוליב זייער פּאָליטישער מאַכט, האָבן שטענדיק אַן אויג אָנגעשטעלט צו דער רעלאַטיווער געשיכטע. זייער גלויבן איז אַלעמאָל געווען: „פאַרדאַמט מיך — געשיכטע וועט מיך ריין־וואַשן“. דאָס אומגליק איז: זיי באַגרייפן געשיכטע ווי אַ מין גאָט צו וועמען זיי נאָר האָבן אַ דירעקטן צוטריט. און דערפאַר קענען זיי טאָן וואָס זיי ווילן, זייער גאָט־געשיכטע וועט זיי מוחל זיין.

**
*

אַ פּערזענלעכקייט זאָגט אַנדערש ווי מ׳האָט פריער געזאָגט. די אַנטיקע גריכן האָבן גערעדט אַבסטראַקט.

**
*

זיין אָנגעווייזן בסדר אויף אַן אַנדער מענטשן איז ווי נוצן אַ קוליע.

**
*

מענער זיינען אידעאַליסטן, פרויען רעאַליסטן. פרויען זיינען די שאָפער און אויפהאַלטער פון דער מיטל־קלאַס מאָראַלקייט.

ווען עס וואָלט זיך געווענדט אין ווייבער וואָלטן מיר נאָך איצט גע־לעבט אין די אורצייטן. זיי זיינען קאָנסערוואַטיוו און ווילן דעם מאַן צושמידן צו זיך און צו איין אָרט. בלויז די מענער אַוואַנטוריסטן, די אונטערנעמער און פאַנטאַזיאָרן, וועלכע האָבן זיך מיט ווייבער ניט פאַר־בונדן, אָדער האָבן זיך ניט געלאָזן איינשמידן, האָבן דעם מענטשן און זיין געזעלשאַפט אַרויסגעהויבן פון פרימיטיווקייט.

נישט סענטיווע און גלייכגילטיקע ווייסן ניט, ווי אַזוי זיך אויפצופירן ווען זיי באַגעגענען אַן אַ אויפריכטיקן און ערנסטן מענטשן. זיי ווערן פאַר־ווירט, צעטומלט, מבולבל, בייז און זיינען קאַפּאַבל אומצוברענגען דעם אמת, אויפריכטיקן מענטשן.

**
*

כדי צו קענען לעבן, מוז אַ מענטש האָבן פאַר וואָס צו שטאַרבן.

**
*

אין לעבן זיינען אַ סך מאָל מערער אָנגעזען אונגדזערע חסרונות, ווי די מעלות.

תמיד זוכט זיך אַף עמיצער, וואָס פאַרברודיקט חלומות, פאַרווערימט אויפריכטיקייט און פאַרשוועכט אָנשטענדיקייט.

**
*

איך האָב נישט קיין מוט צו לעבן און ניט קיין כוח צו שטאַרבן. נעבן מיר פון ליים די פאָרעם פון אַ שאַרבן.

אפילו אויף מיינע שונאים שיינט די זון.

די עלטער וואָקסט אין מיינע ביינער. איך זוך זיך אין יעדנס אויגן.

וויפל הערצער האָט דען אַ מענטש? דאָס איינע קען ער דאָך יעדן ניט שענקען. אַ סך בייזקייט האָב איך באַגעגנט אויפן וועג. קיינעם פון זיי טאָר מען ניט געדענקען.

דאָ, אין דער גרויסער שטאָט, הענג איך ווי אַ צעריסן לייוונט אויף אַ טעלעגראַף־דראָט.

**
*

מיינע געדאַנקען און זעאונגען, שטימונגען און זאָגונגען בעטן: נעמט זיי, פאַרזוכט זיי, פרייט זיך מיט דער גערעטעניש.

**
*

איך וויל ניט, אַז עמאָציעס, אויסרעדן, איינרעדעניש און רכילותן

זאָלן מיך אומברענגען. איך קעמף אפילו קעגן זייער שליטה.

***

די ברוטאַלסטע בודניקעס זיינען מוזיק־פּאַרפאַסער, אפילו די מיט באַרימטע נעמען. זיי צווינגען אַרויף, לשם קונסט, דאַרף עס הייסן, די אומדערטרעגלעכסטע קולות. אַ בוך פון אַזאַ שטייגער וואָלט מען גלייך פאַרמאַכט. אָבער, כ׳האָב ווינציק מענטשן געזען פאַרלאָזן קאָנצערטן וואו עס זיינען געריבן געוואָרן די זינלאָזסטע קריטשערייען. נישט שיין! מ׳האָט זיין אונטערן חשד פון אומקולטורעלקייט! — זאָגן די סנאָבס, אומוויסנדע און קאָנפאָרמיסטן.

***

עס ווילט זיך פילן, אַז איר זענט נוצלעך, אַז מ׳וויל און מ׳דאַרף אייך האָבן.

***

דאָס איינלעבן זיך איינער מיטן צווייטן מאַכט זייער לאַנגזאַמען פאָר־שריט, מחמת מענטשן הויבן שטענדיק אָן וואו דער פריערדיקער האָט אָנגעהויבן, ניט וואו ער האָט געענדיקט. ס׳איז דער אייביקער בראשית.

***

אוי, וויי! אין וועלכן לשון וועט מען אַמאָל פאַרשטיין די ליד־עור, וואָס איך שרייב פון אידיש געוויין?

***

וואָס פאַר אַ שוץ האָט דער מענטש, וואָס פאַלט אַריין אין עקל פון רכילות? וואָס דאַרף מען לייענען ראָמאַנען? — האָט געפרעגט דיזראַעלי — לייענט ביאָגראַפיעס, זיי זיינען אינטערעסאַנטער ווי ראָמאַנען און עכטער.

***

מיינע שונאים זיינען: ראַסן און רעליגיעזע פאָראורטיילן, געזעל־שאַפטלעכע אומגערעכטיקייט, נויט, קראַנקהייט, קאָמוניזם, פאַשיזם און טי־ראַניי פון אַלע מינים.

***

וויליאַם דזשעימס האָט געשריבן: „געוויסע מענטשן ווערן געבוירן מיט אַ פלעשל שאַמפּאַניער צו זייער קאָנטע. אַנדערע האָבן שוין געטראָפן דאָס וויגל איינגעהילט אין אַ שוואַרצן יואַל; אַנדערע דאַרפן גאָר זיי־קען טיפער צום גרונט כדי צו געפינען אַ פלאַץ וואו צו קענען שטיין.

***

פאַרביטערונג איז טראַגיש. כדי צו שטייגן דאַרף מען פריער זיין אין נידער. מחמת מען איז מיט אייך נישט מסכים, ווערט מען באַפאַלן מיט ירגזון, גרייט דורס צו זיין.

# פיזישע הנאה־האָבער און קינסטלער

די וועלט איז צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרשיידענע מענטשן, וואָס דאָס מיינט, אַז יעדער מענטש איז אַ וועלט פאַר זיך. אָבער אין תוך איז עס נישט אמת. געבויט איז די השערה אויפן אידישן באַגריף, אַז אומבּרעגבּגען אַ מענטש איז פונקט ווי אומבּרענגען די וועלט. אָבער מענטשן טיילן זיך ניט אויס אין אינדיווידיאומס מיט לחלוטין די זעלביקע אייגנשאַפטן, וואָס טיילן אָפּ איין מענטש פון צווייטן.

מענטשן טיילן זיך אין גרופּעס און זיי, אין דער גרופּע, דעמאָנסטרירן די זעלבע אייגנשאַפטן, גלוסטן און פאַרלאַנגען. עס זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס זוכן בלויז באַפרידיקונג, פאַרגעניגן, באַלוינונג. מען באַגעגנט די מענטשן אין אַלע עפנטלעכע פלעצער, באַזונדער וואו מען עסט און מ׳טרינקט. זיי האָבן גערן גוטע זאַכן. זיי ווילן זיך נאָר אָפּגעבן צו גלוסטן. זיי זיינען מאַטעריאַליסטן, צוליב דעם, וואָס ניט נאָר לעבן זיי צווישן זאַכן, נאָר צוליב די זאַכן, ניט זיי צו זאַמלען, נאָר צו נוצן.

עס איז אויך פאַראַן די גרופּע, פון געפילפולע, פון טרוימער. זיי לעבן אויך פאַר לוסט און פאַרלאַנג, אָבער אויף אַן אַנדער אופן. זיי נוצן די געפילן נישט אַלץ צו פאַרשלינגען, נייערט צו לעבן פאַר זיי, צו זיך ה״ערקונדיקן וועגן זיי און קריגן דערפאַרונג דורך זיי, כדי קענען אָפּשאַצן זאַכן און איבערגעבן זייער ווירקונג אויפן אַרום, אויפן מענטשן און בכלל אויפן אוניווערז. די דאָזיקע גרופּע באַשטייט פון קינסטלער. די שאַפער פון שיינקייט און פון אַלץ, וואָס האָט נאָר אַ ווערט אין אונדזער לעבן און אין דער געמיינדע פון מענטשן.

# שטימונגען וואָס טליען נאָך

קראַנקהייט פאַרשמעלערט די וועלט און פאַרגרעסערט דעם עגאָ. דער חולה איז אַריינגעטאָן אין די פיזישע יסורים, אַלץ דרייט זיך נאָר אַרום זיין קערפער.

דעם חולה׳ס גוף פאַרנעמט דעם אינטערעס און אויפמערקזאַמקייט פון די וואָס זיינען זיך מתעסק אַרום אים; זיין איך, זיין ווירדע און חשיבות ווערט צונישט געמאַכט. דאָקטוירים טוען אַרום חולה, ווי ער וואָלט געווען אַ שטיקל ברוד; קראַנקן־שוועסטער רירט ניט און זיי קימערן זיך ניט וועגן דער הילפלאָזיקייט פון קראַנקן. אין שפּיטאָל איז דער מענטש אויס. יסורים פאַרבייטן געפילן, פאַרלאַנגען און גלוסטן.

אין דרויסן פון שפּיטאָל בעטן שילדן, מ׳זאָל זיין שטיל — ס׳איז אַ

שפיטאָל; חולאים האָרפן רו און שטילקייט; אינווייניק איז סמבטיון: אַ טרוקן, מעכאַניש־קול פון אַ ווייבערישן באָס הילכט כסדר: „קאַ־לינג דאָקטאָר אַזוי און אַזוי". די קראַנקן־שוועסטער זאַמלען זיך ביי־נאַכט אויף אין אַ ווינקל, דערציילן זיך מעשיות אויפן קול און לאַכן מיט קוויטשעדיקע געלעכטערס. פאַרטאָג קייקלט מען די שמוץ־קאַנען אויפן קאַכעלנעם דיל; דער געוויש, ווי טאַנקען וואָלטן גערודערט.

אין דער הילפלאָזיקייט און פיין; אין דער אויפליזונג פון אינטימ־קייט; אין דער פאַרצווייפלונג וואָס מ׳ווערט ניט „איך", נאָר אַ מין קהליש אייגנטום, אויסגעשטעלט צו ווערן באַטאַפּט, אויפגעדעקט און פאַרשעמט, פאַרלאָזט דאָך ניט אויף איין מינוט דאָס געפיל, וואָס מ׳ברענגט פון דרויסן — מ׳איז דער צענטער פון אוניווערז.

וואָס שאַרפער דאָס אָפּטאָן זיך פון דער פערזענלעכקייט, וואָס מ׳קען אין אַ שפּיטאָל ניט פאַרמיידן, אַלץ בולט׳ער צענטראַליזירט זיך די אויפ־מערקזאַמקייט צום „עגאָ". די באַדינונג אין אַ שפּיטאָל איז אויסגעע־טריקנט פון צאַרטקייט. דער דאָקטאָר, קראַנקן־שוועסטער און באַדינער, האָבן די זעלבע אומחשובע באַציאונג. עס ווייגט די ווירדע אין חולה און גלוסט אויפזוכן אַביסל איינזעעניש פון די באַזוכער.

די וועלט פאַר אַ קראַנקן איז פאַרשלאָסן. אַ סך מאָל אַנטרינט די רעאַלקייט פון דרויסן. עס באַזעצט זיך אַ געפיל, אַז דער שפּיטאָל איז די גאַנצע וועלט — טאַקע ווי זי איז אין אמת — פּיין, וויי און יסורים. צו די וואָס קומען מבקר־חולה זיין קומט אויף אַ קנאה און ווידערווילן. ווען עטלעכע באַזוכער זאַמלען זיך אויף, יאָגן זיי אָן אַ טומל, אַ גערודער, אַ זיכערקייט און זאָרגלאָזיקייט, וואָס לאָזט דעם חולה איבער אין צער און בענקעניש.

מחשבות מאַכן אַ חשבון־הנפש: דאָס איז אַלץ? אָט דאָס ביסטו אַ שטיקל פאַרוויטיקט פלייש, וואָס ליגט הילפלאָז און איז אָנגעוויזן אויף הילף און חסד פון פרעמדע? מיט דעם גוף, וואָס איז איצט פאַרפייניקט פון יסורים האָט מען זיך געיאָגט צו כאַפּן אַ געלעגנהייט: צו שפּייזן מיט גלוסטן, צו אָנטאָן הנאה. וואָס איז איצט הנאה? די פריידיקסטע הנאה — איז פאַרמילדערונג פון יסורים. די טיפסטע הנאה — האָפענונג צו קענען זיך אַליין באַדינען. פרייד — דערוואַרטונג צו קענען צוגעפירט ווערן צום בית־הכסא — אין אויבנאָן — די אילוזיע, אַז מ׳איז אין צענ־טער פון אוניווערז.

**
*

וויפל פון אונדז ווערן אַרומגענומען פון אַ צייטווייליקער באַגייסטע־רונג, אַן אַנטציקונג, וואָס אומוויכטיקע זאַכן אפילו רופן אַרויס אין אונדז?

אַלע גייען מיר זוכן עפעס אַ חלום. מיר לאָזן זיך אַרויס אויף נישט אויס־געטראָטענע וועגן מיט אַ האָפענונג, אַז ערגעץ איז עס פאַראַן און עס וואַרט אויף אונדז אָט־די וויזיע, מיר׳ן זי געפינען. בכלל ווערן מיר זייער שטאַרק אַנטוישט. אָבער עס געשעט, אַז אַמאָל גיט יאָ אַ פלאַם אויף די פרייד פון געפינען דאָס געזוכטע; די פרייד איז גרויס אפילו ווען דאָס געפונענע לייזט זיך אויף — עס פאַרשווינדט טאַקע, אָבער די סעקונדן, דער אויגנבליק, וואָס ס׳איז געווען מיט אונדז, בלייבט אין דער איי־ביקייט פון אונדזער באַוואוסטזיניקן לעבן.

## שכרות באַפרייט דעם „יאָ״

די גלוסט ביים מענטשן צו אַלקאָהאָלישע געטראַנקען איז מחמת עס סטימולירט די מיסטישע נייגונגען אין דער מענטשלעכער נאַטור.

די גלוסט צו אַלקאָהאָל איז אַ פועל־יוצא פון דער קאַלטער ווירק־לעכקייט און די טרוקענע סביבה, וואָס איז געשאַפן און באַהערשט פון ניכטערקייט. ניכטערקייט פאַרשמעלערט, באַקירט, און זאָגט „ניין״; שכרות ברייטערט אויס, פאַראייניקט און זאָגט „יאָ״; שכרות אַקטיוויזירט די „יאָ־פונקציע״ אין מענטשן.

שכרות באַפרייט שטימונגען און געפילן פון דער פאַרפרוירנקייט, וואָס ניכטערקייט האַלט געפאַנגען, און בלויז פאַר אַ ווייל — אָבער שכרות דערפירט צום אמת: פאַר די אָרעמע און די וואָס קענען זיך ניט איינ־לעבן אין דער געזעלשאַפט אָדער סביבה, פאַרנעמט אַלקאָהאָל דעם אָרט פון ליטעראַטור און סימפאָנישע קאָנצערטן.

באַנוצן זיך מיט אַלקאָהאָלישע געטראַנקען איז אין תוך גאָר אַ טייל פון דער טיפער געהיימעניש אין דער טראַגעדיע פון לעבן. די שכרות־באַוואוסטזיניקייט איז אַ ניצוץ פון דער מיסטישער באַוואוסטזיניקייט. אונדזער מיינונג און באַציאונג בנוגע שכרות מוז געפינען אַן אופן ווי עס אָפצושאַצן אויף אַ ברייטערן און טיפערן שטייגער.

***

דעם מענטשנס טיפער פאַרלאַנג, מ׳זאָל אים ליב האָבן — ער זאָל ווערן געליבט, איז אַ צעשטערנדער כוח. אויב די גלוסט געליבט צו ווערן ווערט ביים מענטשן אַ צענטער איז ער אַ ניוראָטיק.

זעלבסט־אָפשאַצונג קומט נישט פון ווערן אָנגענומען אָדער פון עמיצנס הסכמה. זעלבסט־אָפשאַצונג קומט פון באַוואוסטזיין, פון דענ־קען, פון טראַכטן, פון איבערצייגונג, אַז מ׳איז פייאיק צו באַהערשן די רעאַלקייט פון עקזיסטענץ.

אַ מענטש וואָס ווייסט זיין ווערט האַנדלט קיינמאָל ניט איידער ער באַנעמט, וואָס ער וועט טאָן און די סיבה פאַר טאָן. אַ סך מענטשן טראַכטן ניט פריער וואָס און ווי אַזוי מ׳דאַרף האַנדלען. זיי, די מאַסן, און אויך אפילו אינטעליגענטן און אינטעלעקטואַלן לעבן און האַנדלען ניט לויט שכל, נאָר לויט געפילן. אַ סך ווייסן גאָר ניט פאַר וואָס זיי האָבן אַזוי — און נישט אַנדערש געהאַנדלט. זיי גייען דורך דאָס גאַנצע לעבן ווי שיכורים. שפּעטער וואונדערן זיי זיך, פאַר וואָס זיי זיינען הילפלאָז, איבערגעשראָקן און פאַרלאָרן. זיי באַקלאָגן זיך, אַז ס׳פעלט זיי אַ דערקוקן־צייכן, אָבער דער דערקוקן־צייכן האָט זיי פאַרלאָזן, ווען זיי האָבן אָנשטאָט מיט שכל — געהאַנדלט מיט געפילן.

שכל איז דעם מענטשנס כלי־זיין. שכל וועט אים קענען ראַטעווען פון אונטערגאַנג און פאַרניכטונג.

דער מענטש פון שכל מוז זיין דער אינדיווידואַליסט, דער וואָס טיילט זיך אויס פון דער געמיינדע מיט זיין דענקען, וואָס וואַרפט אָפּ די באַ־שטימונג צו זיין „ווי אַלע״. דער מענטש פון שכל קען ניט זיין ווי אַלע, ער קען נישט האַנדלען ווי אַלע; אַלע זיינען קראַנק — אַלע לעבן אין אַ קראַנקער געזעלשאַפט. מערסטע מענטשן זיינען ניוראָטיקער. אַ סך מענטשן, וואָס זוכן אַ באַרעכטיקונג, טענהן גאָר, אַז ס׳איז נאָרמאַל צו זיין אַ ניוראָטיק. דאָס איז דאָך אַבסורד. ס׳איז פונקט ווי זאָגן: ס׳איז גע־זונט צו זיין קראַנק. דאָס רוב מענטשן זיינען איראַציאָנאַל — אויב מ׳לעבט אין אַ קראַנקער געמיינדע, מוז דער שכלדיקער מענטש, כדי צו זיין נאָרמאַל — שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער געמיינדע.

אָפּצוּוואַרפן קאָנפאָרמיטי מיינט אויפשטעלן דעם אינדיווידואַליזם. אַ קאָנפאָרמיסט איז אַ מענטש, וואָס גיט זיך נישט אָפּ קיין חשבון, וואָס ער טראַכט, נאָר וואָס אַנדערע טראַכטן.

דער וואָס וויל זיין ווי אַלע פרעגט זיך ניט, וואָס ס׳איז אמת, נאָר וואָס אַנדערע גלויבן, אַז ס׳איז אמת. אַזאַ אויספּיר קומט צום קאָנפאָרמיסט מחמת ער האָט מורא אַליין צו אורטיילן — ער איז גרייט באַלאַנגען צו אַנדערע, כדי צו באַלאַנגען מיט זיי. דער באַלאַנגער וויל, מ׳זאָל אים ליב האָבן, מ׳זאָל אים אויפנעמען. אין אויסטויש איז ער גרייט מקריב זיין שכל און די אינדיווידועלקייט.

## די וועלט פון שלייער

טעאַטער איז איבערראַשונג, נישט אַנטפּלעקונג. איך האָב פיינט טעאַטער. טעאַטער איז ניט עכט, נאָר אָנגשטעלט. אַלץ וואָס ס׳איז פאַלש איז מיין שונא.

טעאַטער איז די אינסטיטוציע, וואָס העלפט אויסשיילן מענטשן פון וויזיע און פאַנטאַזיע. טעאַטער פאַרפלאַכט, פאַרשמעלערט, פאַרענגט און צווינגט אַרויף אויסזען פון פנימער, צונעמענדיק דורך דעם די פערזענ־לעכע פאַרשטעלונג פון אַ געוויסן מענטש אָדער מענטשן, וואָס דער שע־פערישער דראַמאַטורג אָדער נאָוועליסט מאָלט אויף.

טעאַטער איז געמאַכטקייט. דער אַקטיאָר איז טראַגי־קאָמיש. עס איז פון אים אָפּגעטאָן די ברכה פון אינטימקייט. ער קען ניט זיין באַענט מיט זיין אַרבעט; ער ווערט פאַרשלונגען פון די צושויער; זיי צע־שטערן אינדיווידועלקייט, דערפאַר האָבן זיי ליב טעאַטער און שעצן עס אָפּ.

דער אַקטיאָר פאַרגייט אין גלוסט צו גערויש און טומל. קונסט ווערט געשאַפן בלחש.

טעאַטער איז אונטערהאַלטונג און פאַרמאָגט ניט קיין אַנדערע אַט־ריבוטן, וואָס מ׳וויל צו דעם צורעכענען.

*
**

צענטראַליזירן אַ דראַמאַטישע געשעעניש פון מענטשן איז נישט רע־אַליזם. רעאַל האַנדלען נישט מענטשן ווי אַקטיאָרן. טראַץ דעם, וואָס לויט שעקספּירן זיינען מענטשן אַקטיאָרן און די וועלט אַ בינע. רעאַל זיינען די האַנדלונגען וואָס זיינען נישט רעאַל; די פאַרבאָרגענע און פאַרקרימטע. אַ סך מאָל, זעענדיק אַ שפּיל, טראַכט מען: מילא, די אַק־טיאָרן שפּילן, די רייד אָבער האָבן זיי געגעבן שרייבער. וואָס פאַר אַ רייד זיינען עס? די שרייבער זיינען אָדער קאַליקעס, אָדער ציניקער.

*
**

טעאַטער־רעאַליזם: אַן אַקטיאָר, וואָס איז אין לעבן אַ געוויסער אַקטריסעס ברודער, איז צוריקגעוויזן געוואָרן צו שפּילן אויף דער בינע איר ברודער, מחמת, זאָגט דער רעזשיסאָר, ער פּאַסט ניט פאַר דער ראָלע.

*
**

וואָס בעסער אַן אַקטיאָר פאַרשטעלט זיך, אַלץ מערער ווערט ער גע־רימט. אַ גרעסטער אַקטיאָר איז אַ גוט־פאַרשטעלטער.

*
**

אַקטיאָרן: נישט די פּריזע, דער צער, טרויער און עקזאַלטאַציע איז זייערע. די בינע טיילט זיי אויס. זי נעמט צו פון זיי און פאַרבייט זיי מיט אַנדערע. ווען זיי ווערן צוריק „זיי" זיינען זיי פּוסט און אויס־געליידיקט.

*
**

די רייד פון אַקטיאָר זיינען נישט זיינע; אַזוי אויך די שטימונגען

און טראַגישקייטן. איז די טראַגעדיע פון שפּיל דעם אַקטיאָרס טראַגעדיע? פאַר אים זיינען עס ווערטער פון אַ מענטשן וועמען מען האָט געגעבן אַן אַנדער נאָמען און דער מענטש לײַדט גאָר אין אַן אַנדער סביבה. ערשט נאָכן שפּילן וועט דער אַקטיאָר ווערן — ער צי דער טיפּ? נאָכן שפּילן וועט ער ערשט פאַזירן: וואָס איז געוואָרן פון טראַגישן טיפּ, וואָס ער האָט פאַרגעשטעלט?

⁂

רעאַליזם אין טעאַטער איז אַ מיטל אײַנצורעדן סיי זיך און סיי אַן עולם. גראָדע דער אומבאַדײַטנדער אין לעבן איז דער צענטער אין טעאַטער. די הויפּט־פיגור קען גאָר זײַן אַ בעטלער, און נישט דער קעניג. די באַטאָנונג, זאָגן די אַפּאָלאָגעטן פאַר טעאַטער, איז אויך דער עמאָציאָנעלער וויכטיקייט, נישט אויף דעם געזעלשאַפטלעכן מצב פון טיפּ. אָבער, דאָס איז דאָך נישט רעאַליזם. אויסטיילן אַ טיפּ, מיינט אויפשטעלן אַ העלד, טאַקע אויף דעם האַלט זיך דער טעאַטער. נישט אויף מענטשן, נאָר אויף העלדן. מחמת דעם איז עס נישט רעאַליסטיש. אויב אָבער די העלדן דאַרפן זײַן סימבאָלן איז דאָך נישט רעאַליזם. ביי שעקספּירן זיינען אַלע העלדן סימבאָלן און פּרעדיקער, דערפאַר איז אבסורד אָנצוגעבן רעאַליסטיש טעאַטער שפּיל. טעאַטער איז דער היפּוך פון רעאַליזם.

די וויכטיקייט פון טעאַטער איז נישט צו זײַן אַ קאָפּיע פון לעבן, וואָס רעאַליזם באַדײַט, נאָר די אַנדערשקייט פון לעבן. רעאַליזם: ווי אַזוי ווערט איבערגעגעבן משוגעת? אין טעאַטער דורך רייד און העוויות. אָבער ווי אַזוי קען דער טעאַטער איבערגעבן וואָס טוט זיך אין צעמישטן מאַרך? נישט דורכן אַקטיאָר, נאָר דורך ליכט, מוזיק און דעקאָראַציע. טעאַטער גיט דערפאַר נאָר דאָס דרויסנדיקע, נישט דאָס אינערלעכע וועלט. אַ דראַמאַטיש ווערק האָט נאָר אַ ווערט ביז עס ווערט טעאַטער. דער אַקטיאָר מאַכט צונישט די קינסטלערישע ווערטן.

⁂

אין טעאַטער איז נאָר אַ פראַגמענט, אַ קליינע געשעעניש, וואָס ווערט אויפגעבלאָזן און פאַרגרעסערט. אַקטיאָרן ליבן זיך, קושן זיך, וואַרפן זיך, נאָר עפּעס איז נישט גלאַט, ערגעץ־וואו איז עס טריף. אין טעאַטער איז נישטאָ קיין אָנהויב. דער מענטש באַווייזט זיך אויף דער סצענע אַ פאַרטיקער, אָנגעלאָדן מיט זײַנע פּראָבלעמען. טעאַטער איז סינטעטיש לעבן, דערפאַר אפשר נעמט עס אַזוי שטאַרק אויס. מחמת מענטשן ווילן נישט זען, וואָס ס'איז, נאָר גאָר וואָס ס'דאַרף זײַן. צו טעאַטער דאַרף מען זיך באַציִען ווי צו אַלע שפּילן. עס האָט אָבער אַ פּרעטענזיע אויף קונסט. פאַרוואָס קומט די אַקטיאָרן און אַקטריסעס צו לעבן אין וואוילטיק און

עשירות? ס'איז אַ געשעפט. נישט זיי שאַפן קונסט, נאָר זיי ברענגען ריווח. דער שרייבער האָט אַן אידייע און ער וויל מ'זאָל אים אויסהערן, דראַמע איז אַ געלונגענער פאַרמיטלער.

* *
*

טעאַטער, וואָס דאַרף זיין אונטערהאַלטונג, איז אַ חוזק ווען עס האַלט זיך פאַר אַ וויכטיקער דערציאונג־אינסטיטוציע. שפּילן רע־אַליסטיש? דאָס דאַרף מיינען, אַז עס דאַרף זיין אַ מין קאָפּיע פון דער ווירקלעכקייט. איז אין לעבן פּונקט אַזוי ווי אויף דער בינע? רעדן מענטשן אַזוי? באַוועגן זיי זיך אַזוי ווי עס טוען די אַקטיאָרן? טעאַטער איז בינע, דערפאַר האָט עס גאַרנישט צו טאָן מיט די טואונגען אין לעבן. טעאַטער איז אויסגעלערנטקייט. טעאַטער איז אויפגעבלאָזנקייט. דער דראַמאַטורג כאַפּט אַרויס איין מאָמענט פון מענטשנס לעבן, פאַרגרעסערט עס און גיט עס גאָר אַנדערע כוונות. אַקטיאָרן טרעניִרט מען פאַר יע־דער באַוועגונג, דערפאַר איז עס נאָכגעמאַכט, און עס קען נישט זיין רעאַליסטיש, פּונקט ווי אַ פּאַפּירענע בלום איז נישט קיין בלום. אין לעבן לעבט זיך, בלויז ניוראָטיקער פאַרגרעסערן און בלאָזן אויף. טעאַטער: אויסדרוק פון און פאַר ניוראָטיק.

טעאַטער ווירקט אויף מענטשן זיי זאָלן נישט זיין אויפריכטיק. זיי נעמען זיך אַראָפּ אַ מוסטער, ווי אַזוי צו פאַרשטעלן און אָפּנאַרן. אַ סך פון מענטשלעכע אויפפירונגען איצט, באַזונדער ביי פרויען, קומט דורך דער השפעה פון טעאַטער. אין טעאַטער איז אַלץ רעאַליסטיש, עכט: די מעבל, דאָס געשיר, אפילו דאָס קלינגען פון טעלעפאָן, אָבער נישט דער אַקטיאָר.

* *
*

דאָס אידישע טעאַטער גייט אונטער דערפאַר וואָס עס האָט נישט קיין זאַפּאַס, אָדער זאָגן אויף היינטצייטיקן לשון: גאַרילאַ־קעמפער. טע־אַטער איז אָפּנאַרעריי, אויגן־פאַרבלענדעניש. טעאַטער איז באַטראַכט גע־וואָרן ווי אַ פאָרמע פון אונטערהאַלטונג און לייכטזיניקייט.

---

אַקטיאָרן באַשטייען, אַז זיי זיינען נישט קיין מעכאַנישע נאָכזאָגער פון פרעמדע ווערטער. דער דראַמאַטורג, זאָגן זיי, האָט געשאַפן דעם ווערק. דער אַקטיאָר אָבער האָט עס באַלעבט; דער דראַמאַטורג האָט געגעבן ווערטער. געדאַנקען — געדאַנקען — ווערטער קען מען בלויז הערן, אָבער ניט זען (שייך מיינט עס דראַמע). אַזאַ מיינונג פון אַקטיאָרן האָט נישט קיין שום ממשות. דער אַקטיאָר איז בלויז אַ פאַרמיטלער. אפילו לויט זייערע אייגענע אויספירן, אַז פאַרשיידענע אַקטיאָרן גיבן אַנ־

דערע אויסטייטשונגען אויף געוויסע ראָלן אין דראַמעס, איז אַ באַשטע־טיקונג, אַז אַקטיאָרן זיינען פאַרטייטשער, נישט קיין שעפער.

דאָס באַשטיין פון אַקטיאָרן, אַז זיי זיינען קינסטלער, איז פונקט ווי מ׳זאָל זאָגן, אַז די קוקלע וואָס רעדט נאָך דעם ווענטרילאָקוויסט, דעם בויך־רעדנער, איז אַ קינסטלער דערפאַר, וואָס ער קען מאַכן פאַרשיידענע באַטאָנונגען, באַוועגונגען און ריידן רייד; בנוגע דעם עולם, איז שוין אַן אַנדער ענין.

טעאַטער איז אַ געשעפט, נישט קיין קולטור און קונסט־אינסטיטו־ציע. ווי אַ געשעפט איז עס קאַלט און אומעמאָציאָנעל. עס איז דאָרטן ניטאָ קיין אָרט פאַר סענטימענטן און ווי אַ געשעפט, אַרבעט דער טעאַ־טער נית צוליב קונסט, אָדער קולטורעלן ווערט, נאָר צוליב פראָפיטן. דער פוץ, גלאַנץ, ראַשיקייט און טומל איז נאָר אַ טייל פון דער קאָ־מערציעלער טעכניק.

די ליב און רימערייען פאַר אַקטיאָרן פאַסט ווי ליב פאַר אַ פראָ־דוקט וואָס מ׳דאַרף פאַרקויפן. דער אַקטיאָר איז אַ וויכטיקער אַרטיקל און דאָס וואָס ער ווערט אַזוי פיל אויסגעשטעלט, נעמט ער אָן פאַר פערזענלעכער וויכטיקייט און פאַנגט אָן צו גלויבן, אַז ער איז אַ קונסט־שאַפער.

* *
*

ווי אַזוי קען ער איבערראַשט ווערן, אַז דער אַקטיאָר ווייס אין פאָר־אויס די האַנדלונג, קלימאַקס און סוף? ער קען נישט איבערראַשט ווערן מחמת ס׳איז נישט עכט, ס׳איז שפיל.

* *
*

נח נאכבויש האָט פאַרבלאָנדזשעט; ער איז גאָר אַ פאָעט.

# אָן אַ לאַנד

מיר לעבן אין אַ צייט ווען ס'איז אוממעגלעך פאַר אַן איזאָלירטן יחיד צו האָבן אַ נצחון איבער די מאַסיווע כוחות פון דער געזעלשאַפט. ער קען אפשר געבן אַן אויסדרוק זיינע געפילן און שעפערישקייטן אין אַ קליינער גרופע פון מענטשן, וועלכע, אויב נישט ענלעך, וועלן זיי אים אויפנעמען און געבן אויפמערקזאַמקייט און אויך אַ מאָס צאַרטקייט און איינזעעניש. פון אַ מענטשן, וואָס האַלט זיך אָן אין אַן אידייע קערט זיך די מאַסע אָפּ.

דער יחיד, דער זעלבסטשטענדיקער דענקער, איז פאַראַכטעט פון די „סטאָף־שוירטס". ער שאָקירט זיי מיטן אופן פון זיינע אויפפירונגען און האַנדלונגען. די יחידישע מענטשן באַשליסן און טוען, זיי לאָזן זיך ניט אַריינשלעפּן פון דער מאַסע, וואָס טראַכט און האַנדלט קאָלעקטיוו. מחמת די האַנדלונג פון אינדיווידואַליסט איז אַזוי איינפאַך, איז עס שווער פאַרן מאַסן־מענטש צו משיג זיין.

***

איך בין ניט געקומען צופעליק אין דער ליטעראַטור, ווי אַן איינזאַמער אָדלער. מיך האָבן אַרויסגערופן גרויסע סאָציאַלע געשעענישן — די רעוואָלוציע; איך האָב תמיד געזוכט גאָט. איך בין פון גאָט ניט אַנטלאָפן. איראָניע: געזוכט האָב איך אים צווישן די וואָס זיינען פון אים אַנטלאָפן. איך האָב געגלייבט, אַז דער מענטש איז מסוגל צו בויען פאַר זיין געזעלשאַפט אַן אַנדער סדר — ער האָט עס בפירוש געטאָן — אַ סדר פון רויב, מאָרד, פאַרשקלאַפונג, אונטערדריקונג און האַס.

איך בין געווען נאַאיוו און האָב געהאַט אַ גרויסן בטחון. איך האָב בשום אופן, ווען איך בין געווען יונג, זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, וואָס ס'איז אַזוינס ליגן. יוען איך פלעג הערן, אַז מענטשן באַשווינדלען, אָדער זוכן אייגן־נוצן, האָב איך געמיינט ס'זיינען בלויז צופעליקייטן. דערפאַר איז ביי מיר נאָך עד היום געבליבן אַן אָפנהאַרציקייט צו און וועגן מענטשן. שפעטער, אין מיינע שווערע און האַרבע צוזאַמענשטויסן, ווען איך האָב זיך חערקונדיקט, אַז דער מענטש איז נישט דאָס וואָס איך גלויב, אַז ער דאַרף זיין, האָב איך גענומען אַנטלויפן פון זיי. קיין בייזקייט האָב איך נישט געקענט טראָגן. איך ווער בייז, אָבער בייזקייט איז נישט אין מיינע בלוטן. איך בין געלאָפן פון זיך, געמיינט האָב איך, אַז איך לויף פון זיי.

גאָט האָב איך פאַרביטן אויף סאָציאַליזם. איצט ליגט ער, דער דאָ־

זיקער גלויבן, אַ פאַרשפיגעגער און פאַרקרעציקטער. איך האָב שפּעטער אַרויסגעזען, אַז דער מענטש מאַכט פון אַלע אידייען אַ שטעקן כדי צו קענען אַ צווייטן מענטשן שלאָגן.

***

דער פאַסטערנאַק־קולט איז אַ פאַלשער, ווי אַלע איבערטרייבונגען אַרום אַ יחיד. אַ וויכטיק ווערק פון סאָוועטישן שרייבער דודינצעוו „ניט מיט ברויט אַליין" איז קינסטלערישער און האָט אַ גרעסערן ווערט ווי „דאָקטאָר זשיוואַגאָ". דודינצעוו פּריידיקט אידעאַליזם. ער לערנט מוט און אומדערשראָקנקייט און שטעלט, דורך זיינע העלדן, אַרויס די וויכטיקייט פון אינדיווידואַליזם. די נויטיקייט פון יחיד צו דענקען זעלבשטענדיק און ניט פאָלגן די דעקרעטן פון „אויבן". די נאָוועלע ווייזט אויך אַרויס די דעגענעראַציע, צעפוילטקייט און פאַרדאָרבנקייט פון די סאָוועטישע הערשער.

דודינצעוו פירט אַרויס דעם טראַגישן אמת, אַז אין אַ לאַנד וואו עס הערשט דיקטאַטור און אונטערדריקונג קענען ניט זיין קיין פריינט. פריינטשאַפט קען נאָר געדייען צווישן פרייע און זעלבסשטענדיקע מענטשן.

די פאַסטערנאַקיסטן ברייען אויס, אַז זיי רימען פאַסטערנאַקן מחמת זיין מוטיקייט צו זאָגן ביטערע אמתן וועגן רוצחישן סדר אין רוסלאַנד, און ניט נאָר פאַרן קינסטלערישן ווערט פון „דאָקטאָר זשיוואַגא". פאַר דודינצעוון האָבן זיי ניט קיין געדולד און איינזעעניש. איין געץ איז גענוג פאַר דערווייל.

## עס קאָסט זיי גאָרניט

בעלעטריסטן ביי אַלע פעלקער זיינען די מזלדיקע פון די שעפערישע שרייבער. כמעט אַלע זיינען זיי מיושבדיקע מענטשן און זעלטן זעען אַ נאָוועליסט זאָל זיך נעמען אויפן דרך פון פאָעטן, וואָס האָבן זיך פאַרשווענדט און פאַרצערט.

אַ פאָעט ווערט באַרידט פון שטימונגען. עס טוען אים ווי עוולות; ער נעמט אָן די קרומקייט פון דער וועלט ווי אַ פערזענלעכע טראַגעדיע; ער קען וויינען און ווערן איבערגעוועלטיקט אפילו פון דער מינדסטער מענטשלעכער עמאָציע.

ראָמאַנען־שרייבער זיינען גלייכגילטיקע, זייטיקע. זיי קאָסט גאָר ניט. זיי פאַרנעמען זיך ניט מיט זיך, נאָר מיט אַנדערע. דער שטייגער פון זייער שאַפן איז — רכילות, באַרעדן אַנדערע, אַריינקריכן אין די לעבנס פון פרעמדע מענטשן און זיי אויסשטעלן צו שאַנד, אויסטאָן זיי פון דער מענטשלעכער פּריוואַטקייט און אויסלייגן זייער אינטימען לעבן פאַר דער

גאָס. מחמת דעם, זיינען זייערע העלדן כסדר אין דער דעפּענסיווע, זיי דאַרפֿן זיך פֿאַרענטפֿערן.

אפילו ווען בעלעטריסטן פֿירן אַריין רכילות אין זייער אייגענעם לעבן, פֿאַרבאַרגן זיי און פֿאַרשטעלן זייער נאָמען. די אויסגעטראַכטע נעמען, וואָס זיי גיבן זיך אין די ראָמאַנען איז כדי לאָזן אַנדערע רכילותניקעס שפּעקולירן — האָט ער געמיינט זיך מיט דעם העלד, אָדער אַנדערע. בעלעטריסטן האָבן פֿון דער וועלט, צוליב רכילות, געמאַכט אַ דאָרף.

מערקווירדיק: כמעט אַלע בעלעטריסטן לעבן לאַנג. רכילות, ווייזט אויס, פֿאַרזיכערט אריכת ימים.

מען איז נישט געזעצט צו אַ שרייבער ווען מ׳וויל אים פֿאַרפֿלאַכן און מאַכן איינפֿאַך. דער עולם טוט אַ רעה ווען מ׳וויל אַ שרייבער זאָל גיין אויף אַזאַ גלייכער ליניע, וואָס קיינער פֿון זיי קען ניט באַווייזן צו טאָן.

אַ שרייבער קען נאָר דעמאָלט געבן זיך און טראָגן זיין טיטל ווען ער׳ האַלט אָן זיין געזעצטן און אמונן צאָרן קעגן עוולות. דער שווייגער זאָל פֿאַרהאַמט ווערן!! נישט איך האָב געשאַפֿן היפּאָקריטישקייט, פֿאַרראַט און פֿאַלשקייט; ניט איך האָב געהאָלפֿן פֿאַלש־מינצער און פּעיוראַטיזם צום אייגענעם „באַי״, און פֿאַרצוג איבערן טאַלאַנטפֿולן שרייבער צו ווערן אַ סדר אין דער ליטעראַטור. פֿאַרקערט גאָר, מ׳איז אויף מיר אָנגעשטויסן פֿאַר וואָס איך בין פֿון מאָל צו מאָל, אויב ניט קיין מיטהעלפֿער, זאָל זיין אַ שווייגער.

***

פֿאַרנעמלעכע שרייבער זעען די וועלט אין העלדישע קאַטעגאָריעס. פֿאַר מיר איז אַ סך מאָל די וועלט געשמאַקלאָז, אַבסורד און לעכערלעך. צו אָננעמען דעם אמת פֿון עמיצנס שטייגער לעבן איז די שווערסטע זאַך, וואָס קען פֿון מיר אָנגענומען ווערן. דער אויסוועג פֿאַר אַ מענטשן ווי איך בין, אָן אויסזיכטן, איז פּרובירן לערנען ווי זיך איינצולעבן און איבלעבן זיך טראָץ דעם ווי, אַז איצט, ביי דער דעמערונג פֿון דער אידישער ליטעראַטור ווערן אויפֿגעשפּילט בייזקייטן און שנאה.

מיר האָבן שוין נישט קיין יורשים, מיר האָבן נישט קיין דור. אַן האָפֿענונג אויף אַ דור איז בלויז מעגלעך ווען ס׳איז פֿאַראַן אַן אַלגעמיינע אידייע און צוועק. מיר אָבער, די לעצטע אידישע שרייבער, זיינען גאָר פֿאַראייניקט אין אַנטוישונג. געשלאָגן זיינען מיר אין האָפֿענונגסלאָזיקייט. אַ דור וואָס טוט שוין גאָרנישט און ווערט פֿאַרגליווערט, איז נישט קיין סוביעקט, נאָר אַן אָביעקט.

יעדער פֿון אונדז האָט אַ רעכט זיך אַליין אָפּצונאַרן און שאַצן זיינע

אייגענע פּראָבלעמען, אָבער קיינער האָט ניט דאָס רעכט צו זיין שטיל, מחמת שווייגן און בכיוון׳דיקן פאַרגעסן זיינען די נידעריקסטע פאָרמען פון פאַרראַט צום לעבן.

## די אָנשטעלער

עס זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס טראָגן זייער באַרימטקייט, ווי עס וואָלט געווען עפּעס אַ רוישיק בגד. בכלל באַליידיקן זיי ניט יענע, וואָס בלאָזן אויף די אויסטראַכטענישן וועגן זיי. זיי האַלטן זיך איבער יחידים, מחמת זיי אָנערקענען זיך ווי דאָס אייגנטום פון פאָלק און עס גיט זיי הערפּאַר דאָס רעכט זיך אפילו אַרויפצווינגען אויף די וואָס האָבן גישט קיין געפיל פאַר זיי. אַ סך פון די איינגערעדטע האַלטן, אַז אָנרירן זיי מיינט אַריינרייסן זיך אין זייער פּריוואַטקייט, וואָס איז אין תוך אַ פאַלשע.

צווישן די אָנשטעלער זיינען פאַראַן קאַרגע, וואָס האָבן פאַראַכטונג פאַר די וואָס זיי באַטראַכטן ווי ליטעראַרישע פאַרשווענדער. עס דוכט זיך זיי נאָר, אַז דער פאַרשווענדער וויל מינדערן אָדער עפּעס אַראָפּנעמען פון זייער אויפגעבלאָזענער באַרימטקייט. מחמת דער איינרעדעניש פון וויכטיקייט, שטעלן זיי אויף אַ וואַנט צווישן זיך און דעם עולם, וואָס רימט זיי. דאָס, גלויבן זיי, וועט העלפן אָנהאַלטן דעם „מיט״ אַרום זיי.

***

עס זיינען אויך פאַראַן קרעפּטיקע מענטשן, אָבער צוליב עפּעס פאַר־באָרגענע סיבות שאַפן זיי אַן איינדרוק, אַז זיי זיינען הילפלאָז. זיי דער־שיינען שטענדיק ווי פאַרלירער. זיי האַלטן זיך אַליין אַנטקעגן אַלעמען, בתוכם פריינט און פאַרבינדעטע. זיי קענען גיין אין רוישיקע באַלויכטענע גאַסן, נאָר קוקן זיך שטענדיק אַרום מיט חשד, אַז פון ערגעץ אַ טונקעלען ווינקל וועט אַרויסשפּרינגען אַ שונא.

***

אַ שיין פּנים וואָלט אַ ליטעראַטור געהאַט ווען מעשים רעים פון אָפּאָרטוניסטן, פאַלש־מינצלער, ליטעראַרישע מאַראַודיכער און ווי אַ צו־גאָב רשעים מחמת רשעות און שאַרלאַטאַנעס יואָלטן ניט אויפגעדעקט, נאָר גאָר פאַרשוויגן געוואָרן.

עס זיינען פאַראַן מענטשן אין דער ליטעראַטור, וואָס זיינען שווייגער. זיי זיצן אָפּגערוקט פון קאָך, שרייבן לידער אָדער מעשיות און חלומען. דאָס איז באַשטימט אַ גרינגער וועג צום פאַרגאַס.

אָבער, די וואָס מיינען אַז מ׳האַרף שווייגן, אָדער זיין גלייכגילטיק

צו רשעים און זייערע מעשים מחמת די שלעכטע וועלן זיין אפשר גוט (אַ פּאַראַדאָקס) זיינען זיך טועה. די רשעים וועלן ניט רוען („אין שלום אמר ה׳ לרשעים״). שווייגן וועלן זיי אָננעמען ווי אַ סימן פון אונטער־געבן זיך — און זיי וועלן דעמאָלט זיך ניט אָפּשטעלן צו צעשטערן דעם שווייגער, דעם פּאַסיוון, אפילו דעם פּאַרמיטלער.

פּאָעזיע, אומפּאַרשטענדלעכע, צי אומקלאָרע; פּאָעזיע פּאַרמיטלט צווישן געדאַנק און געפיל. ניט קלאָרער געדאַנק איז שלעכטע פּאָעזיע. אומקלאָרע פּאָעזיע איז אָנגעדראָלן מיט פּרעטענזיע און אויפגעבלאָזן מיט ליידיקייט.

***

פּאָעזיע איז די פּערזענלעכע־אומפּערזענלעכע פּאַרעם. דער פּאָעט דעקט זיך אויף, דער נאָוועליסט פּאַרבאַרגט זיך. דער פּאָעט גיט זיך, דער נאָוועליסט נעמט פון יענעם. בעלעטריסטן האָבן נישט דעם געוויסן פון פּאָעט.

***

יוצר־משרתים און בראַוואָ־קלאַפּער לויפן אַלעמאָל פּאָראויס דעם מיטלמעסיקן. ווער קען זיך גאָר משער זיין וויפל אמתע טאַלאַנטן זיינען צוליב די חונפים פּאַרזען און פּאַרשטויסן געוואָרן. די עבודה פון פּאָעט איז נישט צו לויבן און דערהויבן מאַטעריאַליזם. פּאָעזיע האָט נישט קיין פּראָגראַם, בלויז אַ שליחות. רעדן פּשוט. די קשיה איז נאָר, צי געדאַנקען קענען זיין פּשוט צו אַזאַ שטייגער, אַז אַ מענטש זאָל זיי אויפנעמען און באַהעפטן זיך מיט זיי? אַ געדאַנק, וואָס מערער מען טוט זיך אַריין אין אים, אַלץ מערער אַנטפּלעקט ער זיך.

***

אַן אויסשטעלונג פון גאָגענס און מאָדיליאַניס מאָלערייען האָט מען געשאַצט אין מאַטעריעלן ווערט פון מיליאָנען דאָלאַרן. איראָניע! די צוויי מאָלער זיינען געשטאָרבן יונג. געלעבט האָבן זיי תמיד אין אָרעמקייט און נויט. די קליין־בירגער, וואָס האָבן זיי (אָדער אַזעלכע ווי זיי) פּאַר־אַכטעט ביים לעבן און זיך נישט געקימערט וועגן זייער לאַגע, קומען איצט באַוואונדערן, ניט נאָר זייערע בילדער, נאָר דאָס וואָס די אומלייטישע חברה־לייט האָבן געמאַכט דערפאַלג. זייערע בילדער זיינען ווערט אַ שלל מיט געלט. אַן אמתע „סוקסעס סטאָרי״.

פּאָעזיע ווויל מען גאָר ראַציאָנאַליזירן, טייטשן: נישט וואָס עס מיינט, נאָר ווי אַזוי עס מיינט. אין פּאָעזיע דאַרף מען שאַצן נישט וויפל עמאָציע עס פאַרמאָגט דער פּאָעט, נייערט ווי שטאַרק ער קען איבערגעבן. פּאָעזיע איז נישט קיין דעקלאַראַציע („סטעיטמענט״, בלע״ז). ס׳איז אַ קאַ־לידאָסקאָפּ פון געפילן אַרום וועלכע עס זייגען אַרומגעוויקלט אַסך מענטש־לעכע עלעמענטן. אינטעלעקטועלע מוחישע פּאָעזיע איז אַקאַדעמישער פאָרמאַליזם, נישט קיין געפיל.

***

ראוי אָנגערופן צו ווערן פּאָעט, איז דער ערנסטער און דער וואָס רירט אָן טיפער, נישט דורך אויפגעבלאָזן וואָרט, נייערט דורך אמת מענטש־לעכן וואָרט וואָס דערהויבט, פּילט אָן מיט דער לויטערקייט און וואונדער פון שאַפונג און אין וואָס מען דערקונדיקט זיך תיכף, אַז ס׳רעדט אַ מענטש.

***

דעם אמתן פּאָעט אַרט נישט צי מען נעמט אים אָן אָדער ניט. אין דער דערהויבונג פון שעפערישקייט קען גאָרנישט אויפקומען די כוונה פון געפעלן. ער גיט אַ תיקון דאָס פאַרהוילענע, וואָס אַנטפּלעקט זיך. דאָס פּאַרטיקע ווערק ווערט שוין נאָכדעם אַן ענין פאַרן לייענער זיך אויס־צואוויילן, איבן זיך און צוגרייטן אויפצונעמען די שאַפונג.

אַ עכטער פּאָעט איז אַ פּראָדוקט פון אַ הויכער געזעלשאַפט. אַ גע־זעלשאַפט פון טיפער מאָראַל און איינזעעניש. כל־זמן אָבער דעם פאַר־צוג וועט האָבן דער קליין־בירגער און דער מאַטעריאַליסט, וועט פּאָעזיע נישט האָבן די חשיבות און דעם באָדן פאַר ווירדיקער שעפערישקייט און דער פּאָעט וועט נישט געשווינט ווערן. מענטשן זיינען פויל. זיי וועלן זיך נישט אָנשטרענגען צו פאַרשטיין און אויפנעמען אַ טיפערן ענין. טאָן מיינט ביי זיין האָרעווען.

ס׳איז גאָרנישט פאַראַן קיין ברייט־פאַרשפּרייטער בוך, אפילו נישט די ביבל, שוין אָפּגערעדט פון אונדזערע ווערק. פונדעסטוועגן האַלט עס נישט אָפּ זדרוקן ביכער. ס׳איז נישטאָ קיין מענטש, וואָס האָט דעם כוח צו לייענען אפילו אַ ניצוץ פון די ביכער, וואָס זיינען פאַראַן אין ביב־ליאָטעקן. אָבער ביכער ווערן געלייענט, זייערע מחברים מאַכן באַקאַנט געדאַנקען און זיי ווירקן אויף אַ צאָל מענטשן. דער ענין איז נישט ווי גרויס ס׳איז די צאָל לייענער, נאָר דעם איינפלוס; די געפילן, וואָס זיי דערוועקן און ווי טיף און ווירקזאַם זיי ווירקן.

***

פאָראויס דאָס ליד, הינטערן ליד — דער מענטש.

# די געפּאַר אויפֿן פּאַרנאַס

אַלע קונסט־שולעס מיט אויסטערלישע נעמען עפֿענען אויף טיר און טויער פֿאַר פֿאַלש־מינצער און אָנשטעלער, וואָס צעלייגן זיך אין קונסט־גאָרטן. גראַפֿאָמאַנען, טאַלאַנטלאָזיקייטן מיט אָנגעבלאָזענע פּרעטענזיעס מאַכן אָנשטעלן ווי קינסטלער און זוכן צו שפּילן אַ ראָלע, צו וועלכער זיי האָבן גאָרנישט קיין רעכט. עס איז ליגן, פֿאַלש און שווינדל די פּרעטענזיע, אַז וואָס אומקלאָרער זייער ווערק אַלץ גרעסער און פּאַרנעמלעכער זײַנען זיי.

אין קונסט־זשורנאַל „די געפֿאַר אויפֿן פּאַרנאַס" האָט דער מאָדערניסטישער מאָלער פּיקאַסאָ, וואָס איז געוואָרן שטאַרק אין דער מאָדע, אָפּגעדרוקט אַ מערקווירדיקן בריוו, אַ מין אַראָפּרעדן זיך פֿון האַרצן בנוגע דעם שווינדל אַרום קונסט. פּיקאַסאָס בריוו בקיצור: „די מערצאָל מענטשן קענען שוין איצט נישט דערוואַרטן קיין טרייסט און באַגייסטערונג פֿון קונסט.

„די כלומרשט ,ראַפֿינירטע', ,רייכע', פּראָפֿעסיאָנעלע ,לײַדיקגייער' ווילן בלויז דאָס אויסערגעוויינלעכע, דאָס סענסאַציאָנעלע, עקסצענטרישע און סקאַנדאַליעזע אין דער קונסט פֿון אונדזער צײַט. איך אַליין האָב די פּאַרשוינען געגעבן וואָס זיי האָבן געוואָלט און האָב באַפֿרידיקט די קריטיקער מיט אַלערליי אומזיניקע אידייען, וואָס זײַנען דורכגעגאַנגען מײַנע געדאַנקען. וואָס ווייניקער זיי האָבן פֿאַרשטאַנען אַלץ מער האָבן זיי מיך באַוואונדערט.

„די אַלע טואונגען אַרום מיר האָבן מיך אונטערהאַלטן. אַדאַנק אָט דעם חוזק בין איך גאָר שנעל באַרימט געוואָרן. פֿאַר אַ מאָלער מיינט באַרימטקייט פֿאַרקויפֿן זײַנע בילדער און דורך דעם געווינען רײַכקייט און איינפֿלוס. איצט, ווי באַוואוסט שוין, בין איך באַרימט און רײַך. אָבער ווען איך בין מיט זיך אַליין, האָב איך ניט די חוצפּה צו באַטראַכטן זיך אײַנגאַנצן אַלס קינסטלער. איך בין בלויז אַ קלאַון, אַ קונצנמאַכער. איך האָב פֿאַרשטאַנען די צײַט, אין וועלכער איך לעב און האָב אויסגענוצט די נאַרישקייט, די לײַכטזיניקייט און גײַציקייט פֿון מײַנע מיטצײַטלער.

„מײַן ווידוי איז ביטער און מערער פּײַנלעך ווי עס דוכט זיך, אָבער ס'האָט די מעלה פֿון אויפֿריכטיקייט און ערלעכקייט".

ווי אַ צוגאָב פּאַסן עטלעכע געדאַנקען, וואָס א. מענעס האָט אויסגעדריקט אין זײַנעם אַן אַרטיקל „אַ וועלט אָן צדיקים": „מ'שטעלט זיך אָפּט די פֿראַגע: פֿאַרוואָס איז די מאָדערנע ליטעראַטור אַזוי פֿול מיט זינדיקע און אַמביציעזע געשטאַלטן? איך האָב דאָ אין זינען ניט דווקא

די אידישע ליטעראַטור. די ליטעראַטורן פון די גרויסע מאָדערנע קול־טור־פעלקער זינדיקן אין דעם פרט אַ סך מערער ווי די אידישע לי־טעראַטור. עס פרעגט זיך: וואו זיינען די העלדן פון גערעכטיקייט? וואו זיינען די אידעאַלע געשטאַלטן פון די גרויסע טרוימער און דענקער "מענעס ווייזט אָן:

„מיר לעבן אין אַ צייט פון עבודה זרה. די וועלט דינט די אָפּגע־טער פון מאַכט און דערפאָלג, פון כבוד און פראַכט. עס איז אַ כסדרדי־קער געיעג נאָך מער מאַכט, מער כבוד און מער דערפאָלג. אונדזער גאַנצער לעבן ווערט באַהערשט פון קנאה און שנאה, פון ווילדער קאָנקו־רענץ און שטענדיקער אומזיכערקייט.

„די איידעלסטע צווישן אונדז דינען צו דעם אָפּגאָט פון קונסט: שיינע ליטעראַטור, שיינע מוזיק, שיינע פרויען, שיינע קונסט־בילדער. איך זאָג בפירוש דעם אָפּגאָט פון קונסט, ניט דערפאַר, ווייל איך בין אַ קעגנער פון דער שיינער קונסט. נאָר ווייל איך האָב מורא פאַר דער עבודה־זרה פון קונסט. ליטעראַטור, מוזיק זיינען אַוודאי וויכטיק, אָבער קונסט איז ניט אַלץ. אונדזער העכסטער אידעאַל דאַרף זיין ניט שיינקייט, נאָר גערעכטיקייט, אָדער ריכטיקער — די העכסטע שיינקייט איז גע־רעכטיקייט".

און מענעס פירט אויס:

„עס איז די טראַגעדיע פון דער דעמאָקראַטיע, וואָס עס פעלן ביי אונדז צדיקים, צדיקים אין לעבן און צדיקים אין דער ליטעראַטור. מיר זיינען אַ דעמאָקראַטיע פון זאַטע, פון צופרידענע. מיר ווילן זיך ניט אויפרעגן, מיר האָבן מורא פאַר זאָרגן, און מיר האָבן מורא צו טראַכטן וועגן מאָרגן. עס קען אפילו געמאָלט זיין, אַז עס זיינען ביי אונדז פאַראַן גענוג צדיקים, אָבער מיר האַלטן זיי פאַר בטלנים, לאָ־יוצלחניקעס, שלים־מזלניקעס. אונד־דזערע טוער גלויבן, אַז מיר נויטיקן זיך אין צדיקים מיט „סוקסעס" און אפשר אפילו מיט „סעקס אַפּיל". אַזעלכע צדיקים קען מען מן הסתם פּראָדוצירן אין האָליוואוד, אַזעלכע צדיקים וועלן אונדז אָבער וויניק העלפן.

„אַ דעמאָקראַטיע נויטיקט זיך אין מוטיקע מענטשן, מוטיקע פירער און מוטיקע בירגער. מיר נויטיקן זיך אין מענטשן וואָס זיינען גרייט צו ברענגען קרבנות, גרייט זיך פון עפעס אָפּצוזאָגן כדי צו פאַרווירקלעכן אַ גרויסן אידעאַל. צום אומגליק, זעען מיר ניט אין לעבן אָט־די אי־דעאַלע פערזענלעכקייטן. מיר זעען אויך ניט די געשטאַלטן פון די גרויסע אידעאַליסטן אין דער ליטעראַטור. דאָס איז די פּראָבלעם פון דער דעמאָקראַטיע, דאָס איז די טראַגעדיע פון אונדזער דור".

**
*

ווי אַזוי קען זיין אַ עטישע ליטעראַטור, אַז די עסקנים זיינען נישט עטיש. לויטן וועלט־סדר פאַרנעמען עטישע מענטשן נישט דעם אויבנאָן, זיי ווערן גאָר אַרונטערגעשלײדערט אין קעלער אַריין. איך בין דער איד צווישן אידן: מיין אַנדערשקייט — אַזוי פיל שונאים. מיין נאַאיווקייט — פאַרגעבן זאָל עס מיר ווערן. ניט פאַרגינער און טויגניכסטן האָבן מורא און פאַראַכטן דעם, וואָס איז ערנסט. זיי וועלן פון אַזעלכן זיך אָפּקערן און אים פאַרפאַלגן.

**
*

**יעקב גלאַטשטיין**: גלאַטשטיינס באַרימטקייט איז נישט מחמת פּאָע־טישן טאַלאַנט; אַ צופאַל נאָר האָט אים צוגעשפּילט. זיינע פּאָעטישע אויפ־טריטן האָבן ווינציק אויפגעטאָן. די וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַ קוק טאָן אויף זיינע קאָקעטישע אויפפירונגען האָבן זיך אָפּגערוקט הויבנדיק מיט די אַקסלען, אָבער ער האָט „דאַבריי" מזל.

גלאַטשטיינען איז געווען באַשערט, אַז זיין ליטעראַרישער מזל זאָל אים פאַרוואַרפן אין דער אַלטמאָדישער פאַרשפּינוועבטער חורבה — דער פאַרצייטיקער „מאָרגן זשורנאַל".

אין „מאָרגן זשורנאַל", וואו ער איז געווען אַ מיטאַרבעטער, האָט ער אַ שפּאַרונג פון אַ פענצטער געעפנט — אַריינצולאָזן אַביסל פרישע לופט. אינווייניק אין „מאָרגן זשורנאַל" איז אַלץ געווען פאַרריגלט. סיי דאָס לשון דאָרטן און סיי פעטער ווערניקס לייט־אַרטיקלען, האָבן געלאָזן געשמעקט פון זיך, געררוכן פון שימל, אַלטקייט און שטייענדיק וואַסער. גלאַטשטיין מיט זיין עסיי „פראָסט און פשוט" האָט כאָטש איינמאָל אַ וואָך דערקוויקט די „מאָרגן זשורנאַל" לייענער. ס'האָט פון דאָרטן גענומען אַביסל קומען אַ פרישער טאָן, אַ פרישער זאָג.

ס'האָט גלאַטשטיינען אָפּגעגילט מחמת דעם. און אָפּגילטן אים פאַר דעם האָבן שוין זיינע שוואַכע זאָגונגען, וואָס ער האָט גערופן לידער געגומען גילטן. אָבער דעם לויב פאַר זיין פּאָעזיע האָט ער אין קבלת־פנים פאַר זיין פּראָזע אין „מאָרגן־זשורנאַל", זיך אַליין צוגעדינט. מען האָט ניט געמאַכט קיין ווערט, די שטימונג איז געווען אַזוי פריינדלעך, אַז מ'האָט אים מיט אַלע טשעמעדאַנעס, אפילו דעם פּאָעטישן, דורכגעלאָזן אין „באַרימט ווערן לאַנד".

גלאַטשטיין לעבט און געדייעט ליטעראַריש אויף לאַזונגען. ער איז אַ פאַרביטן קינד. די מאַמע פּאָעזיע ווייסט נעבעך ניט, אַז ער איז ניט אירס.

גלאַטשטיין איז אַ שטאַרקער „בוכצער", אָבער ווען מען ענטפערט

אים ברוגזט ער זיך ניט נאָר אָן, נאָר ווערט אַ שונא. ער קען פשוט ניט באַנעמען, אַז מ׳קען ערנסט מיט אים נישט מסכים זיין. אין כעס ווערט ער ניט נאָר פאַר זיך, וואָס מ׳האָט אַן אַנדער מיינונג ווי זיינע, נאָר אויך פאַר אויסלאָזן פון זיינע צענדליקער שרייבערשע טיטולן, איינעם פון זיי ווען מען דערמאָנט אים.

גלאַטשטיין איז אַ מאָדע־שרייבער מיט אַן אויג אויף עפעקט. ער איז אַ קרוב פון די דיריגענטן, וואָס ציען מיט זייערע גרימאַסן און העוויות אָפּ די אויפמערקזאַמקייט פון דער מוזיק.

ער האָט פאַרמינערט דעם ווערט פון באַרימטע שרייבער — אַלע שוכני עפר. גערימט האָט ער נאָר די — זיי לעבן — וואָס וועלן אים צוריק־צאָלן מיט לויב.

גלאַטשטיין: זיין האַרץ איז נישט מסכים מיט זיינע ליפּן. זיינע לי־ד׳ער זיינען פאַרן אויג, נישט פאַרן האַרצן. ווי אַזוי צו זאָגן פאַר אים איז וויכטיקער ווי וואָס צו זאָגן.

***

**בעריש ווײנשטיין:** זיין ליד דערגייט ניט צום האַרצן, אויער אָדער קאָפּ, נאָר צו די ציין. מ׳פילט, ווי מען וואָלט געקייט וואַטע. צו לייענען אים דאַרף מען זיך אָנטאָן אַ כוח, זיך אויסשלאָפן, זאַט זיך מאַכן מיט שפּייז, און דעמאָלט לאָזן אויף הפקר צייט און געדולד.

***

ווײנשטיין: פון ברוכוואַרג צו שמאַטעס. אַלץ איז פון דרויסן, גאָר נישט אינווייניק. אַן סאַטירע, אָן גראָטעסק, אָן דער ברכה פון חכמה פאַרמעסט ער זיך צו נעמען די וועלט אויף הערנער, נאָך מיט אַ קאַליע לשון. זיינע לידער זיינען נישט קיין שאַפונג, נאָר פאָטאָגראַפיע.

פאַר ביידן — גלאַטשטיין און ווײנשטיין: עס זיינען פאַראַן צייטן ווען יעדער פון אונדז מאַכט אָנשטעלן, אַז ער איז אַנדערש ווי ער איז אין דער אמתן. אַזעלכע פּאָזעס זיינען אין גרונט נישט שעדלעך. עס ווערט נאָר געפערלעך ווען מען הייבט זיך טאַקע אָן איינרעדן און פרע־טענדירן, אַז מ׳איז דאָס וואָס מ׳איז ניט.

***

פאַראַן פּאָעטן, וואָס אָנשטאָט דערהויבן, זיינען זיי אַליין פאַרוואָכעדיקט געוואָרן. אומשטערבלעכקייט: די שטערבלעכקייט לאָזט מען אויך נישט באַקומען. וואו זאָל אַ געקריוודעטער שרייבער זיך קענען אָפּרעדן פון האַרצן און אַמאָל טאַקע אַ קלאַפּ טאָן אין טיש? אַלץ איז פאַר אַזאַ שריי־בער פאַרריגלט.

* *
*

דעם ווערט פון אַ ווערק באַשטים איך. דערפאַר מיין גרייטקייט צו אויפנעמען דעם קינסטלער וואָס איז מיר נאָענט, נישט פערזענלעך, נישט לויט זיינע מידות, נאָר לויט דעם וואָס ער וויל זיין, נישט דאָס וואָס ער איז. אידישער תוך איז דער־גיין צו שלימות — די באַהעפטונג פון מענטש נישט מיט גאָט, גאָט קען זיין פערזענלעך, נאָר מיט געטלעכקייט.

די „יונגע" און די „אינזיכיסטן" האָבן ניט נאָר זיך איינגעאָרדנט ליטעראַריש, זיי האָבן אויך איינגעשטעלט אַ דיפּלאָמאַטישן סדר און אַ סיסטעם פון אָפּדינען. למשל, פאַר באָטאַשאַנסקין, צי אַן אַנדערן, האָט מען דאָ אין די שטאָטן געמאַכט אַ וואָרע, האָט ער אָפּגעצאָלט צוריק———

* *
*

ס'איז ווערט צו פאַרצייכענען יצחק באשעוויס געדאַנקען: „די שווער־סטע זאַך פאַר אַ מענטש איז צו שטיין העכער ווי פערזענלעכע חשבונות. צו קענען זיך זאָגן: איך האָב יענעם ניט גערן, אָבער איך אָנערקען זיין טאַלאַנט, זיינע פיאיקייטן, זיינע פאַרדינסטן. פאַרקערט, דעם אַנדערן האָב איך יאָ גערן, ליידער, קען ער זיך ניט פאַרגלייכן צו מיין געגנער. מענטשן גיבן זיך ניט אָפּ קיין חשבון ווי שווער ס'איז: בייז צו זיין אויפן חזן און דאָך ענטפערן אָמן.

„אָבער אָן דעם קען ניט זיין קיין גערעכטיקייט, קיין ערלעכקייט, קיין אמתדיק וויסן, קיין ריינע קריטיק, קיין אָרנטלעך געריכט. אָן דעם מוז די וועלט זיך אומקערן צום היטלעריזם, צום סטאַליניזם, צו סדום און עמורה".

* *
*

איצט, ביי דער דעמערונג, באַשטייט יצחק באשעוויס נאָר פאַר אַן עליט אין דער אידישער ליטעראַטור, וואָס זאָל זוכה זיין אַריינצוקומען און זיך אונטערהאַלטן מיטן גאָט אָדין אין ליטעראַרישן וואַלהאַלאַ.

* *
*

**באַשעוויס:** באַשעוויס איז דער קליין־שטעטלשער חכם. ער וויל נאָר מ'זאָל זיך אַרום אים קלייבן און פאַדען. ער איז דער תקיף, דער יוסטער באַלעבעסל אין דער ליטעראַטור, וואָס קומט אַרויס אויפן גאַניק מיט אַ זיידענעם שלאָף־ראָק געגעצן נאָכן שבת ביי טאָגיקן דרעמל. דער גערויש פון זיינע ליפּן איז בלויז נאָר צו פאַרטרייבן דעם טעם פון טשאָלנט, וואָס האָט זיך אים געלייגט אויפן האַרצן. באַשעוויס איז ניט קיין גרויסער טאַלאַנט, ער איז אַ טאַלאַנט וואָס רייסט זיך ווערן גרויס.

באשעוויסן האָט זיין טאַלאַנט אים צעלאָזן און דערגייט אים די יאָרן. עס האָט אים ניט נאָר צעפּוזעט, נאָר אָנגעפּוזעט.

באשעוויס איז געבענטשט מיט לשון. קיין איינער פון די פער־זאָנען אין זיינע מעשיות זיינען קינסטלעריש. זיי קומען אויף נאָר צוליב לשון. זיי זיינען נישט קיין געשטאַלטן, נאָר פּעטע, יויך־אָנגעגאָסענע רייד. מחמת דעם איז ער כמעט ענלעך צו יוסף אָפּאַטאָשו, וועמענס דערציילונגען, ראָמאַנען און מעשיות זיינען איינגעזונקען אין לשון, די מענטשן ביי אים זיינען האָלץ. אויף אים איז באמת געווען אַ גרויס צער. ער איז כסדר געשלאָפן נעבן הילצערנע פיגורן, וועמען ער האָט ווי עס טוען וועגטראַליקוויסטן, געגעבן נעמען.

באשעוויס איז אויפגעבלאָזן. אים דוכט זיך נאָר, ער איז אַ בן־יחיד אין דער אידישער ליטעראַטור. מיר האָבן דערוויילע, ברוך השם, גאָר פיינע בעלעטריסטן. מיט י. מעצקערן אין שטוב ווערט באשעוויס אויס בן־יחיד.

באשעוויס איז גלייכגילטיק צו די פּאַרשוינען אין זיינע דערציילונגען, צי ראָמאַנען. ער שרייבט אָן אַנגסטן. ער האָט ניט קיין פּאָזיטיווע גע־שטאַלטן. זיין האַרץ פּאַרדעקט ער מיט צענדליקער צודעקאַכצן, מחמת ער האָט מורא, טאָמער וועט עס זיך אַ צאַפּל־טאָן אין ווי פאַר אַ מענטשן. בלויז ווען אַ פּאַרשוין ביי אים פייניקט זיך, דעקט ער אויף אַביסל דאָס האַרץ, כדי עס זאָל הנאה האָבן.

באשעוויס פּאַררייסט זיך, ער וויל אַ שרייבערישע קאסטע. ש. ד. זינגערן האָט ער ניט אויפגעוואָרפן די טעמפּקייט, פלאַכקייט און גע־דאַנקענלאָזיקייט פון זיין נעבעך־בוך, נאָר גאָר דאָס וואָס ער דערמאָנט מענטשן, וועלכע באשעוויס צווייפלט צי פאַר זיי וואַרט אַן אָרט אין דער אייביקייט, וואָס ער מאָלט זיך אויס. דער אמת איז, אַז אַלץ איז ספּעקו־לאַטיוו. עס קען גרייליך געמאָלט זיין, אַז ווען ראַדאָשיצקי ע״ה און חיים קרול ע״ה וועלן זיצן אין אויבנאָן אין פּאַרנאַס, וועט ער זיך נאָך אַלץ קייקלען אונטער דער חוץ־לאַרצדיקער ערד. עס וועט זיין אַ גאָר לאַנגע נסיעה צום צוגעזאָגטן לאַנד.

יצחק באשעוויס רעצענזיעס וועגן ביכער מאַכן דעם איינדרוק, אַז ער וואַרט פּאַרטייעט אין אַ פּאַרדעכטיקטן ווינקל גרייט מיט שפּיז און מעסער צו באַפאַלן דעם שרייבער.

באשעוויסעס מיינונגען וועגן ביכער און שרייבער זיינען קאַניבאַליס־טיש און נישט, ווי ער האַלט, אַז ער איז — קבלהאיסטיש.

***

**ש. ד. זינגער**: רייד וועגן ש. ד. זינגערס בוך „דיכטער און פּראָ־זאַאיקער" זיינען פול מיט ביטול. די ריידער זוכן מאַכן דעם איינדרוק, אַז זינגער האָט אָנגעזאַמלט פאַרן בוך אַ מאַטעריאַל, וואָס זאָל נוצן פאַר

אָפּדינען און זיך פאַרדינען ביי געוויסע מענטשן. ס'איז אָבער נישט אַזוי ווי די רייד ווילן האָבן. אָנשטאָט ביטול דאַרף מען זיך באַציען מיט רחמנות צו דעם דאָזיקן ש. ד. זינגער. ער וויל נעבעך שרייבן און קען ניט.

אין בוך האָט זינגער אַריינגענומען אַ צאָל ליטעראַרישע אָפּשאַצונגען, וואָס ער האָט געהאַט געשריבן, צי אָפּגעדרוקט אין 1944. מיט דעם ווייזט זיך אַרויס, אַז זיין ליטעראַרישע שעפערישקייט האָט זיך פאַרהאַלטן ביי זיינע נעבעכדיקע, אַמאַטאָרישע, אָנפאַנגערישע ליטעראַרישע פּרואוון. זינט 1944 האָט ער ניט געהאַט וואָס צוגעבן, אָדער וואָס אויסצובעסערן אין זיינע פּרימיטיווע פּראָווינציאַלע געדאַנקעלעך. בעצם — איז ער נישט געוואָקסן.

ש. ד. זינגער האָט אָפּגעדרוקט אַ פּראָסט בוך. אין אים זיינען נישט פאַראַנען קיין שרייבערישע איינפאַלן. עס האָט נישט קיין שום ניצוץ פון פינקלדיקן וואָרט. קיין איין שורה פאַרוואונדערט ניט און גיט ניט אַ שפּראָץ מיט אַביסל חן. פיינע פאַרטראַכטונג, דערהויבענע סוגעסטיווע און ליכטיקע וויזיע האָבן זיך צו ש. ד. זינגערן נישט באַוויזן אפילו דורך אַ שפּאַרונע. פון קומען צוגאַסט איז דאָך אָפּגערעדט.

ש. ד. זינגער מאַכט יאָ אַ פּרואוו אויפצוהויבן עטלעכע שרייבער, באַזונדער משה לייב האַלפּערן. עס פעלט אים אָבער כוח און בכלל שרעקט אים די געפאַר פון זיך אונטעררייסן. די ווערטער זיינע וועגן משה לייבן זיינען נישט נאָר פלאַך, נאָר אויך קאָמיש מחמת זייער הילפלאָזיקייט.

פאַר אַנדערע שרייבונגען זיינע האָט ער אַרויסגענומען פון די אַרכיוון אַלע באַנאַליטעטן און שאַבלאָנען. אויפן לייב און לעבן פון בוך איז צעלייגט אַ מאָנאָטאנקייט און מעלאַנכאָליע. מחמת דעם לויבט נישט זינגער די מענטשן וועגן וועלכע ער שרייבט, ער פאַרשעמט זיי.

מ'דאַרף זיך משער זיין, דאָס ש. ד. זינגער איז אַן ערנסט־ערלעכער שרייבער, מחמת ס'איז גאָר נישט מעגלעך אפילו פאַלשערהייט צו שרייבן אַזוי שלעכט.

⁂

ש. ד. זינגער איז דער וואַסער־טרעגער אין דער ליטעראַטור. ער שלאָגט זיך אַרגישט אַרויס פון די כוחות. אַמאָל פלעגט ער צוטראָגן גלעזלעך וואַסער, איצט שלעפּט ער גאַנצע עמערס. אָבער עס טויג נישט. ער ברענגט זיי נישט פון קוואַל, נייערט ער שעפּט אַן פון אַ פאַס שטייענדיק וואַסער. ער באַדינט עס אַזוי, מחמת מ'לאָזט אים צו אויפכאַפּן די רייד פון די טיש־זיצער, מיט עטלעכע אונטערגעהערטע און אין קאָפּ

אַריינגעבומענע ווערטער איז ער אַרויס אין דער וועלט אַריין זיך אויס־באַרימען, אַז ער איז אַ גוטע דינסט ביי דער פּריצטע.

איך האָב אַמאָל פאַרגעשטעלט ש. ד. זינגערן פאַרן עולם, ווי אַ מענטשן אַן ליטעראַרישן געוויסן. איך האָב נישט געענטפערט די, וועמען די אויפ־ז׳עקונג האָט שאָקירט, איך האָב געהאַט צייט. זיין בוך וועגן שרייבער און שרייבאַרעס האָט באַשטעטיקט, אַז איך האָב ניט געמאַכט קיין טעות.

*
**

ש. ד. זינגערן און זיין גלייכן: אַ לערער האָט געגעבן אַן עצה אַ שילער: דו ווועסט דאַרפן זיך דערקונדיקן דעם שכל פון לעבן. אויב דו ווילסט ווערן אַ שרייבער ווועסטו מוזן אויפהערן ריידן דברים בטלים. עס וואָלט זיכער געווען געזינטער ווען דו גיסט־אויף די אַמביציע צו זיין אַ שרייבער ביז דו ווועסט ווערן אַביסל מערער רייף. דו, ברודער, טאָרסט נישט ווערן גלאַט אַ שרייבער, וואָס שטעלט אויף ווערטער. די עצה: שרייבער וועלן ערשט יוערן ווען זיי וועלן זיך דערקונדיקן, אַז די ציבור, וואָס מ׳צאָלט זיי פאַר דער פּלייצע־קלאַפּערייי איז פּונקט אַזוי אמת, ווי זייער לויבן וואָס זיי טיילן צו אַנדערע. וויכטיק פאַר זיי ווער דאַרפן ווערן, נישט וואָס די ציבור־צאָלער זאָגן, נאָר וואָס זיי טראַכטן.

# דער „וועקער"־רעדאַקטאָר און דער לץ

דער „וועקער"־רעדאַקטאָר האָט פאַרדרוס, הלמאי מען פאַרנעמט זיך מיטן חילול פון גאָט־זוכעניש. ער האַלט, ס'איז אַרויסגעוואָרפענע אַר־בעט. ער גלויבט נישט אין די גאָט־זאבאבאָנעס (מ'דאַרף זיך קאָכן!). אָבער ער באַשטייט, דער ליבער רעדאַקטאָר, אַז אויב דו גלויבסט שוין יאָ, בּרודער טייערער, טאָ זיי פרום און אויסגעהאַלטן, ווי, למשל, די סאָציאַליסטן. זייער אויסגעהאַלטנקייט און פרומקייט איז דאָך אַ שם דבר. אַזוי ווי ביי אים אין הויז איז שוין אַלץ אין אָרדענונג, די סאָ־ציאַליסטן עסן שוין דעם לויתן, וויל דער רעדאַקטאָר מאַכן אַ טאַלק צווישן די גאָט־זוכער. ער ווייסט, אַז קיין סך הערט מען זיך ניט צו נישט נאָר צו אים, נאָר בכלל אין קיין שום קרייזן פון די זוכער, שוין איינגעשלאָסן די, וואָס זוכן אַ סאָציאַליסטישן סדר עולם. האָט ער, כדי צו פאַרשטאַרקן זיינע שטראָף־רייד צו די גאָט־זוכער, אויפגעזוכט דעם גרויסן פאַרנעמלעכן זוכער און צדיק ר' אברהם טאַבאַטשניק.

דער „וועקער"־רעדאַקטאָר נעמט טאַבאַטשניקס פּוסטע רייד אין „וואָג־שאָל", נום. 2, און זוכט מיט זיי זיך צו רייצן: זעט, באַיעלעך, דער „סע־ריאָזנער" ר' אברהם לאַכט זיך אויס פון דער גאַנצער זוכעניש־מעשה. איר ווילט גאָט, זאָגט ער, כאַפּט אַ קוק אין סידור. אָבער ער ווייסט ניט, דער ידען, אַז אין סידור שטייט: „התהללו בשם קדשו, ישמח לב מבקשי ה', דרשו יי ועזו, בקשו פניו תמיד". דער דאָזיקער טאַבאַטשניק, וואָס האָט נישט קיין ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע אחריות און איה, אין תוך, אַ קאַ־ליע־מאַכער, נישט קיין זוכער, ווייסט נישט, נעבעך, אַז אידן נישט נאָר דינען און לויבן זיי גאָט, נאָר זוכן אים אין אַלע מענטשלעכע טואונגען, און באַזונדערס מעשים טובים. ביי אידן זוכט מען כסדר גאָט. גויים האָבן אים אַ פאַרטיקן, אַ גרייטן הענגען פון זייערע ווענט אַראָפּ.

אין דער „קדושה" זאָגט זיך געניי, אַז: „משרתיו שואלים זה לזה איה מקום כבודו". און דער נביא עמוס האָט געזאָגט: „און עס וועלן קומען צייטן, און איך וועל אַראָפּשיקן אַ הונגער אין לאַנד. עס וועט ניט זיין קיין הונגער נאָך ברויט, און עס וועט ניט זיין קיין דורשט נאָך וואַסער. נאָר צו הערן גאָטס וואָרט. דעמאָלט וועט מען וואָגלען פון ים צו ים; פון צפון צו מזרח וועט מען זיך יאָגן צו זוכן גאָטס וואָרט, אָבער מען וועט עס נישט געפינען. ווען די שיינע מיידלעך און די יונגע בחורים ווערן פאַרשמאַכט זוכנדיק גאָטס וואָרט, געפינען זיי עס". איצט איז עס שווער צו געפינען צוליב די רעדאַקטאָרן פון „וועקער" און די טאַ־באַטשניקס.

טשיקאָווע איז נאָר, וואָס אַזאַ פּרום־ערנסטער וועלט־פאַרזאָרגער, ווי ס'איז דער „וועקער" רעדאַקטאָר, נעמט דעם לץ און ציניקער טאַבאַטש־ניק ערנסט. אָבער, ווי זאָגט שלום דווינסקערס לאַנדסמאַן שלמה סאָ־קינער: „אַז מ'דאַרף אַן עדות איז אויך רעכט אַ פאַלשער".

**
*

„אין טאַבאַטשניקס אַ קריטיק דערפילט מען תיכף דעם אָטעם פון געבוירענעם קריטיקער. ער פאַרמאָגט אויך דעם שריפטשטעלערישן טאַ־לאַנט אָנצוקליידן זיינע קריטישע שטודיעס אין אַ פיינער באַטעמטער פאָרעם אָנגעפּראַפּט מיט געראָטענע דעפיניציעס, ניואַנסירונגען, שאַרפע וואָרט־שפּילן און ליטעראַרישע בקיאות. טאַבאַטשניק איז אַ בקי אין אַ ליד, ווי אַן עילוי אין ש"ס".

אַן אָפּפרעגן אָט די גוזמא, וואָס שוימט אַרונטער פון ע. פערשלייסערס עסיי וועגן אברהם טאַבאַטשניק, אין זיין בוך „אויף שרייבערישע שליאַכן", איז אַן אָפּפרעגן פאַלט מען אַריין אין זעלבן טאָן שוין. אידן, וואָס האַלטן אַ פעדער נעמען אָן אַלע פאַרכלינעקייטן פאַר עכטער אָפּשאַצונג.

אין די „קאַליפאָרניער יום־טוב־בלעטער" דערמאָנט מען די דערשיי־נונג פון זשורנאַל „וואָגשאָל". „די שריפט איז פון גאָר הויכער קוואַליטעט און זייער עסטעטיש פּרעזענטירט: „טאַבאַטשניק געהערט צו די פּאָעטן עסטעטיקער און דערפאַר טאַקע דאָס אויסזען פון זשורנאַל. ער איז מיט שיינעם געשמאַק און מיט אַ גוטער, געאיבטער האַנט אַרויסגעגעבן, און וויל א. טאַבאַטשניק איז אַ פּאָעט און עסייאיסט־קריטיקער פון הויכער מדרגה איז דער אינהאַלט אויך מיט זיין חותם, וואָס זעט זיך אָן זייער בולט און כאַראַקטעריסטיש מיט זיין דעליקאַטן, אָבער שאַרפן און טרעפ־לעכן רעאַגירן אויף אַקטועלע פראַגן".

דאָס איז אַ לויב, וואָס האָט ניט קיין דעקונג. אָבער זייער קייקלען, דרינגען אַריין אין אויערן, און ווערן אָנגענומען אָן אָפּפרעג, אָן פאַרטראַכטן זיך. אָט אַזוי טאַקע גרייט מען עס און ווערט געשאַפן לויב און ליטעראַ־רישער קלימאַט.

**
*

ראשית פאַראינטערעסירט מיר ביים שרייבער וואָס ער זאָגט. ערשט שפּעטער, ווי אַזוי ער זאָגט.

**
*

אפרים אויערבאַך האָט סמיכה אַלס אַ פּאָעט, פּאָעזיע אָבער שרייבט ער ניט. ער שרייבט דעקלאַראַציעס. ער דעקלאַרירט אין קורצע שורות. זיינע לידער שרייבט ער ניט מחמת איבערצייגונג — נאָר צוליב באַ־קוועמלעכקייט.

די „יונגע", די „אינזיכיסטן", האָבן געוואוסט וואָס זיי ווילן — אַנערקענונג. די „אינגערע" זיינען געווען אָן כאַראַקטער, אָן ווירדע. זיי האָבן נאָר געוואָלט אַ גוט־וואָרט און אַ פּלאַץ וואו מען קען אַמאָל — אָפּשטעקן, נישט נאָר אָפּדרוקן — אַ ליד אָדער מעשה. מען האָט זיך אויף זיי נישט אומגעקוקט, מחמת זיי אַליין האָבן זיך פאַרזען.

* * *

אויב מען נעמט אָן דעם טערמין „גרעסער" אָדער „קלענער" פאַר אַ באַצייכענונג אין דער ליטעראַטור, פאַרדאַרבט מען דעם עצם פון ליטעראַטור־ווערט. בלויז לויטן טעמפּעראַמענט קען מען באַשטימען צי דער דיכטער געהערט מיר. אָבער דאָס מיינט נישט, אַז אויב איך און דער פּאָעט האָבן שטימונג־ענלעכקייט, זאָל עס אים, דעם פּאָעט, דערפאַר דערלויבט ווערן צו פאַרנעמען אַן אויבנאָן און זיך לאָזן אויפהענגען דעם טיטול: „גרויסער" און אַנדערע אים צו באַצייכענען — „גרעסטער".

אַ סך שרייבער און פּאָעטן האָבן דערגרייכט זייער באַרימטקייט צוליב אַ געראָטן פאַרטראַכטער פּראָפּאַגאַנדע.

* * *

אַ שרעק, ווי גרויס עס איז די מחנה פון רשעים צווישן אידישע שרייבער. אוי, ווי! כ'האָב עס גאָר מורא, מ'טאָר עס נישט, אסור, ברענגען אויף די ליפּן.

* * *

דיקטאַטאָרס זיינען סענסיטיוו אויף אַ קריטיק. אַ שאַרפע מיינונג איז סכנות־נפשות. אָבער אַ סך אידישע שרייבער זיינען זיך אין זיי מתקנא. עס פעלט זיי נעבעך דער כוח צו אויסהערן אַ קידער־וואָרט וועגן זיך; זיי זיינען נעבעך געשלאָגן מיט בלינדקייט — זיך אַליין צו דערזען. מחמת דעם פעלט זיי דער חוש פאַר הומאָר.

* * *

אַ סך שרייבער זיינען גרויסהאַלטער, קאַפּריזנע, עגאָצענטריקער און נוקמים ונוטרים.

* * *

אַמעריקאַנער האָבן אַ וואונדערלעכע באַצייכענונג פאַר די, וואָס פּרעדיקן יושר און אַליין זיינען זיי פאַרדאָרבן. ס'איז „בלידינג־האַרטס", די חברה: „נאה דורש ואינו נאה מקיים". קען מען זיך פאָרשטעלן, וואָס אָט־די „בלידינג־האַרטס" וואָלטן געטומלט ווען, למשל, אַ קלאָוק אָפּערעיטאָר קומט אין אַ צייטונג זיך באַקלאָגן, אַז די ברידער אַרבעטער האָבן אים געלאָזן אָן פּרנסה, קיינער קימערט זיך נישט פאַר אים. זיי לאָזן אים פּשוט אויסגיין.

די „בלידינג־האַרטס״ נעמען זיך אָן קריוודעס, אָבער גראָד דאָרט וואו עס אַרט זיי ניט. די „גוטע הערצער״ בעטן: שוינט די אכזרים! ווען האָבן די אויערבאַכס און פיינבערגס געשוינט? און ווען האָבן זיי געלויבט ווען ס׳האָט זיי ניט געלוינט?

***

יעדער ציוויליזאַציע מוז האָבן מענטשן, וואָס שטעלן זיך קעגן עוולות. ס׳איז אויך חל אין דער וועלט פון קונסט. ס׳איז נויטיק דער שטילער אַרבעטסזאַמער קינסטלער: דער איבערגעגעבענער און פאַרביסענער טאַלאַנט, אפילו דער גראַפאָמאַן. אָבער אויך דער קעמפערישער, וואָס שטייט אויף דער וואַך, היט אָפּ און דערמאָנט, אַז עפּעס פירט אַוועק די קונסט און דעם קינסטלער זיך צו פאַרטאָן אין טריפה אַמביציעס.

אוי, ווי, ס׳ווערט אומעטיק! אַן אויפשטענדלער, רעוואָלוציאָנער און אמת־מענטש האָט מיר אויסגערעדט: „וואָס אַרט דיר ווער עס קריגט די פרעמיע? פאַרוואָס פאַרקריגסטו זיך מיט אַלעמען? נו, אַז דער פרעמירטער איז נישט ראוי פאַר דער פרעמיע, איז דאָס דיין ענין? שוין צייט זאָלסט זיך נישט איינשטעלן פאַר דער וועלט!״ טראַגיש!

מיר היינען אין סדום: וואָס זאָל איך טאָן? די פראַגע איז: ווער האָט ווען דעגענעריוט?

***

דאָס אויסלייגן „ייִד״ איז אַ קרוב פון „יודע״. פאָנעטיש רעדט מען אַרויס „איד״. אויב „ייִד״, פאַרוואָס נישט אויסלייגן ווי די דייטשע אידן רעדן אויס: „יאַהודי״? ס׳איז אַ סך נענטער צום שורש פון אָפּשטאַם.

# פּאַסטערנאַק? יאָ, פּאַסטערנאַק!

ס'איז קלאָר, אַז אידישע שרייבער קענען ניט אָפּשטיין פון דער מחנה, וואָס טאַדלט און פאַרדאַמט רשעותדיקע מעשים, וואָס ווערן אָפּגעטאָן פון בייזע און ברוטאַלע הערשער קעגן גרופּעס אָדער יחידים. דערפאַר איז פאַרשטענדלעך, אַז אין טומל אַרום ענין־פּאַסטערנאַק, זאָלן זיי פאַרשטייט זיך, דרייען אין קאַראַהאָד מיט קאָך און היץ און אַז פון זייערע רייד פילט מען בלויז דעם ווייו און זאָרג פון דעם אופן, ווי כרושטשעוו און זיין באַנדע האָבן מחרים געווען פּאַסטערנאַקן.

פון דעם אַלעם איז געוואָרן, אַז די אידישע שרייבער וואָס נעמען זיך אָן פאַר פּאַסטערנאַקס קריוודע, טוען עס נישט דערפאַר, ווייל זיי שאַצן אָפּ זיינע אַרבעטן. ס'קאָן גאָר געמאָלט זיין, אַז ניינציק פּראָצענט פון זיי האָבן אים נישט געלייענט, אָדער האָבן, ביז אָט־דער סענסאַציע זיך ניט פאַראינטערעסירט מיט אים און זיינע טואונגען.

זיי אַרט אויך נישט דער פּאָליטישער עלעמענט, וואָס איז געווען די הויפּט־סיבה פון אויפבלאָזן, איבער פּראָפּאָרציע, דעם טומל־פּאַסטערנאַק. זיי, די אידישע שרייבער, אַזוי דאַרף מען זיך משער זיין, שטעלן זיך עס איין פאַר אַ באַוועלטן, פאַר אַ קאָלעגע, וואָס ווערט פאַרפאָלגט צוליב אַ זעלבסטשטענדיקער האַנדלונג. אין אַנדערע ווערטער: ס'איז בלויז לשמה; ס'איז „פּיור און סימפּל" אַן איינשטעלן זיך פאַר דעם הייליקן און אומשולדיקן רייגעם פּרינציפּ פון יחידישער זעלבסשטענדיקייט, וואָס זאָל נישט אומגעבראַכט ווערן אויפן מזבח פון „קאָנפאָרמאַטי" און גלייכשאַלטונג.

איז ווער וועט עס אָפּפרעגן זייערע כוונות, פּאָזעס און פרומע רייד? די אַלע וואָס רייסן קריעה דערפאַר, וואָס פרייע מיינונגען ווערן פאַרשוועכט, זיינען דאָך באַקאַנט ווי סאַמאַראָדנע צדיקים, וואָס זיינען נאָר פאַרטאָן אין מעשים טובים און זיינען באַזונדער מקיים די מצווה פון „ואהבת לרעך כמוך".

אגב אורחא, דערמאָנט עס מיר, אַז פאַר אַ משך פון יאָרן האָט דער קולטור־קאָנגרעס אָנגעטאָן דעם כבוד און פאַרבעטן מיך צו לייענען מיינע לידער יעדן סעזאָן אויף איינעם פון די אָוונטן, וואָס עס ווערן דורכגעפירט אין די ווינטער־חדשים אין אידישן מוזיי. אָבער עפּעס אַמאָל, מיט יאָרן צוריק (ס'איז שוין אַזוי לאַנג, אַז איך האָב שוין פאַרגעסן וויפל) האָב איך געזאָגט שפּיזמאַנען אַ שאַרף וואָרט, צי אין שפּאַס

אָדער ערנסט — געדענק איך שוין נישט. אָבער אָט־דער שטילינקער, דראַבנינקער שפּיזמאַן האָט עס זיך גוט אַריינגענומען אינזינען. אַזוי גיך ווי ער איז געוואָרן פאַרבונדן מיטן קולטור־קאָנגרעס האָט ער מיין נאָמען אַרונטערגענומען פון דער רשימה און זינט דערמאָלט, פאַרשטייט זיך, בין איך פאַרבראַקירט און — אין הרם. און דאָס, „מאַינדיו", איז נישט פון די סאַמאָראָדנע, נאָר אַ שפּיזמאַן, נעבעך. צוליב דעם, וואָס די גוטע ברידער זיינען אַזוי געבוי פאַרטאָן אין מקיים זיין די „ואהבת לרעך"־מצווה, זיינען זיי, פאַרשטענדלעך, זיך מתעסק אין ניט דערלאָזן, אַז אַ אידישער שרייבער זאָל, חלילה, זיין אָן פּרנסה; אין אויבנאָן זעצן זיי די, וואָס פאַרטיידיקן דאָס רעכט און פרייהייט פון אַ זעלבסטשטענדיקער מיינונג.

איך קען אָנציילן הונדערטער עוולות און רשעותן, וואָס צענדליקער שרייבער, וואָס איך וויל זייערע נעמען נישט אויסרעכענען, זיינען באַגאַנגען קעגן שוואַכערע קאָלעגן און באַזונדער קעגן אַזעלכע, וועלכע זיינען באַשטאַנען צו האָבן אַ זעלבסטשטענדיקע מיינונג.

עס זיצן, אַ טייל פון זיי אין די רעדאַקציעס און ציטערן, טאָמער וועט דער אויסוואורף כרושטשעוו אָפּשניידן פון פאַסטערנאַקן די מעגלעכקייט צו פאַרדינען אויף חיונה. פרעגט: ווער פון זיי זאָרגט זיך, וואָס אַ צאָל אידישע שרייבער האָבן נישט קיין חיונה און ווער פון זיי איז גרייט צו טיילן אַ שטיקל ברויט מיט אַ פּרנסהלאָזן שרייבער?

ס'איז גרינגער און באַקוועמער זיך אָננעמען פאַר עמיצן, וואָס איז נישט אין דיין מחנה, איז ווייט פון די אויגן, און איז מחוץ דעם גבול פון אחריות. דער שכר פאַר אַזאַ פּאָזע איז ביז גאָר אַ באַפרידקטער. מ'קאָן סיי צאָרענען קעגן די טיראַנען, די פאַרגוואַלטיקער, און מ'קאָן סיי זיין אין דער מחנה פון אַלע מאָנער. דערצו נאָך, קאָן מען זיין אַ לייט צווישן לייט און טראָגן זיך אין געוויכער אַרום אַ נייער געטשקע. יאָ, ביי דעם האַלט עס שוין!

# פיינבערג שטעלט זיך איין פאַר איוואַנען

מיט צען אַרטיקלען אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע״ פאַרנעמט זיך ל. פיינבערג צו באַווייזן דעם גרויסן ווערט פון פּאַסטערנאַקס „דר. זשיוואַגאָ״. ל. פיינבערג קען נישט צוזען די „עוולות״ וואָס ווערן אָפּגע־טאָן פון די וואָס צווייפלען אין קינסטלערישן ווערט פון „דר. זשיוואַגאָ״, לויפט ער מיט אימפעט אַרויף די באַריקאַדן צו קעמפן פאַר דער חשיבות פון פּאַסטערנאַקס נאָמען כדי אים באַשוינען און באַשיצן.

געוויס איז רעכט, אַז אַ שרייבער זאָל לויבן אַ ווערק און זיך איינשטעלן פאַרן כבוד פון מחבר. ל. פיינבערג אָבער שטעלט זיך נישט איין, ער טוט פעכטן פאַר פּאַסטערנאַקן מיט אַזאַ אימפעט, אַז ער איז גרייט עוקר מן־השורש זיין די אָפּפרעגער און צווייפלער.

ס׳איז פשוט אויסערן שכל־הישר, פאַרוואָס אידישע שרייבער זאָלן מיט היסטעריע זיך איינשטעלן פאַר אַ קריסטלעך בוך, וואָס האָט פאַר־דינט זיין לויב צוליב פּאָליטישע טעמים, אָבער נישט מער.

צוליב וועמען צאַרנט ער עס אַזוי שטורעמדיק, פיינבערג? איז עס פאַרן כבוד פון דער אידישער ליטעראַטור? ניין, פאַר פּאַסטערנאַקן! מ׳האָט אים אַנגעריירט זיין „איוואַן״ און פאַר דעם „איוואַנס״ כבוד לאָזט ער אויס זיין ביטערקייט אויף אידישע שרייבער. ווער ווייסט, ס׳קען נאָך געמאָלט זיין, אַז ס׳איז נישט קיין היפּאָטעזע די בענקעניש פון די פיינבערגס נאָך אַ יוזל? פּאַסטערנאַק איז שוין געוואָרן אויס לעבעדיקער מענטש — אַ ליאַלקע; אין תוך אַ פּאַסטערנאַק־געץ...

מיט גרויס צאַרן באַפאַלט ל. פ. גלאַטשטיינען, נישט צוליב וועלכע עס איז זינד קעגן דער אידישער ליטעראַטור (גלאַטשטיינס אויפפירונג דאַרף אַ רעוויזיע, אָבער נישט צוליב פּאַסטערנאַקן), נאָר דערפאַר, וואָס גלאַטשטיין האָט אָנגעוויזן, אַז פּאַסטערנאַק שטיצט אין זיין „דר. זשיוואַגאָ״ דעם גויאישן ווידערווילן צום אידישן פאָלק, און באַגרינדעט די קריסט־לעכע השערה, אַז אידישע מאַרטירערישקייט איז אַ משוגעת און אַז די אידישע פראַגע קען נאָר געלייזט ווערן דורך דער פאַרשווינדונג פון אידישן פאָלק. אין „דר. זשיוואַגאָ״, וואו עס ווערט דערמאָנט דער ענין פון אידישן קיום, שטעלט פּאַסטערנאַק אויף דעם אַלט־שנאהדיקן טעזיס: דאָס אידישע פאָלק איז אויסגעשפּילט.

נאָך אַ בייזערן אָפּשניט האָט אָבער ביי ל. פיינבערגן אַריינגעכאַפּט

דער חשובער שריפטשטעלער מאָריס סעמיועל. וויפל חסרונות סעמיועל זאָל נישט האָבן איז ער נאָך אַלץ נעענטער צום אידישן פאָלק און אידישן גייסט ווי טויזנטער פּאַסטערנאַקס. פּיינבערגס שטעלן פּאַסטערנאַקן איבער גלאַטשטיינען און סעמיועלן דאַרף געשטעמפּלט ווערן ווי אַ שקאַצעריי.

פיינבערג, וואָס האָט נישט קיין טאָלעראַנץ צו די וואָס ווילן נישט טאַנצן אַרום נייעם געץ־פּאַסטערנאַק, רופט היסטעריש מ׳זאָל צעשטערן די אומטאָלעראַנץ פון די, צו וועלכע ער האָט נישט קיין טאָלעראַנץ. ווילדע עפּיטעטן וואַרפט ער אַרויף אויף די, וואָס פאַרטיידיקן דעם אידישן כבוד. ער רופט זיי אָן „קרייץ־ציגלער" און „גייסטיקע נטורי־קרתאניקעס". ער קען נישט פאַרטראָגן די, וואָס קענען נישט, ווי ער, זיך אַלעמאָל אויסזוכן אַן אָפּגאָט. וואָס אויב נישט סטאַלין, איז עס געסילוקט אויף פּאַסטערנאַקן. ער רייצט און העצט מ׳זאָל פון די וואָס קערן זיך אָפּ פון דעם פּאַסטערנאַק קולט פּשוט מאַכן אַ תל.

פיינבערג, אין אַכטן אַרטיקל, גיט איבער, וועגן סעמיועלס אַ ניט טאַקטישן זאָג אויף פּאַסטערנאַקס חשבון. אָבער, פיינבערג איז סעמיועלן באַפאַלן מיט זלזולים אין צוויי אַרטיקלען איידער ער האָט מגלה־סוד געווען דעם אינצידענט מיט סעמיועלס אומטאַקטישן זאָג אויפן „צו־קונפט"־באַנקעט.

סעמיועלס האָט בלויז אַרויסגעזאָגט די אומפאָרזיכטיקע באַצייכענונג: „אינטעלעקטשועל־פאַרד". איז פאַר אָט־דעם אויסדרוק ווערט ער פון פיינבערגן פאַרגאָסן און פאַרפליוכעט מיט ווילדע עפּיטעטן, ווי „ענגליש יאַהודימישער שרייבערל" און אין צוגאָב „קאַרליקל". נאָך אַזעלכע ווילדקייטן און ביטערקייטן שטייט נעבעך דער אומגליקלעכער אַדיעקטיוו „אינטעלעקטשועל פאַרד", פאַררוקט אין אַ ווינקל באַשיידן און באמת דערשראָקן...

איידער פיינבערג האָט צוגעטיילט סעמיועלן די בלבולים — „שרייבערל", „קליין מענטשעלע", איז ער מודה, אַז ער האָט געוואַרט מיט נייגיר צו הערן, וואָס סעמיועלס האָט צו זאָגן, דערפאַר, „וואָס אויף דער אידישער גאַס האַלט מען, אַז ער איז אַ יודע־הכל, שיער נישט אַ וואונדער־קינד". אָבער אַזוי גיך, ווי ס׳איז אַרויס אויף דער וועלט דאָס אומגליקלעך „פאַרשיווע" וואָרט, איז געוואָרן אויס נישט נאָר דער „יודע־הכל" און דער „וואונדער־קינד", נאָר אין צוגאָב צום טיטל „אידליקל", שטעלט ער, סעמיועלן אונטערן חשד און רייצט זיך מיט אים הלמאי ער האָט איבערגעזעצט שלום אַשס ביכער אויף קריסטלעכע טעמעס. אַזאַ מין פאַרזוך פון פיינבערגן, מיט זיין „סטאַזש" ווי אַן אויסגעהאַלטענער „פּרינציפּיעלער מענטש" צו שטעלן סעמיועלן אונטער חשד

(און אַלץ דערפֿאַר, וואָס ער לייקנט די וויכטיקייט פֿון „דר. זשיוואַגאָ")
און זוכן צו פֿסלען זיין עטישקייט איז אַ פֿיל גאָרענדיקע חוצפּה!

פֿיינבערג טאַדלט אויך ג. באַנינען פֿאַר דעם, וואָס ער איז נישט קיין סקאַנדאַליסט. ער מאָנט, אַז באַנין זאָל ווערן אַ שותּף צו זיין ביז־קייט און אים העלפֿן באַשטראָפֿן די וואָס נעמען נישט אָן דעם פּאַסטערנאַק־נעץ. ער העצט, אַז באַנין זאָל „צעשיסן" (דעם חנעוודיקן זאָג האָט ער געבראַכט פֿון די קאָמוניסטן) דעם „רעזשים פֿון אומטאָלעראַנץ און שאָוויניזם און היסטעריע אויף דער אידיש־ליטעראַרישער גאַס". אָן שום בושה ווערן אידישע שרייבער ביי אים „קרייץ־ציגלער", שותּפים און אָנ־האַלטער פֿון אַ „סטאַלין־רעזשים".

מיט אַזאַ ווילדן טאָן און אימפּעט רעדט דורך אידישע אותיות אַ אידישער שרייבער און פּאָעט, רחמנא לצלן! אָט אַזוי רופֿט ער צו פּאָגראָמען און ליקווידאַציע, נישט ווייל אין קאָן שטייט דער כּבֿוד פֿון דער אידישער ליטעראַטור, נאָר מחמת לעאָניד פֿיינבערג גייט מיט „אי־וואַנען" מאַכן פּאָגראָמען אויף אידישע שרייבער און אידישע מענטשן פֿון גייסט. די כרושטשעווני איז שוין וועגן דעם פּאַסטערנאַק שטיל געוואָרן. לעאָניד פֿיינבערג קען זיך אָבער נישט באַרויקן.

---

ווידער וועגן פּאַסטערנאַקן: לעאָניד פֿיינבערג און זיינס גלייכן, שטעלן זיך איין פֿאַר באָריס פּאַסטערנאַקן נישט אַזוי צוליב זיין טאַלאַנט, נאָר מחמת זיין מאַרטירערישקייט. ווי איך ווייס, האָט פּאַסטערנאַק תּמיד פֿאַר־דינט פּרנסה אַרבעטנדיק אויף איבערזעצונגען אין רוס־שן מלוכה־פֿאַר־לאַג. און איצט, נאָכן טומל, אַרבעט ער נאָך אַלץ פֿאַר דער זעלבער אָרגאַניזאַציע. די רוסישע שרייבער האָבן אים נאָר שאַרף קריטיקירט. וויפֿל בייזע רייד האָט שוין דער פֿיינבערג אויסגערעדט אויף אידישע שרייבער? נו, און בייזע מעשים?

זינט פּאַסטערנאַק האָט געקראָגן דעם „נאָבעל־פּרייז" איז ער געוואָרן אַ מאַרטירער. אַ פֿיינער מאַרטירער! אַז פֿיינבערג האָט מערער געהאַט אין זינען זיך אויסצובאַרימען, אַז ער, דער יאַטעבאַדאַם, קען אַלע גרויסע מענטשן פֿון קלענסטן ביזן סאַמע קליי־ן־קלענסטן, איז גאַנץ קלאָר פֿאַר די וואָס קענען אים. אָבער די, וואָס שטיצן פֿיינבערגן אין זיין אָנפֿאַל אויף אידישע שרייבער מחמת זיי האָבן זיך ניט אָנגעשלאָסן אין די פּאַס־טערנאַק־שבחים־זינגער, האָבן אויך פֿאַרפֿעלט צו פֿרעגן: וואו זיינען אַהין געקומען: דעמיאַן בעדני? באַבל? באָריס פּילניאַק? און הונדערטער רוסישע שרייבער, וועלכע זיינען באמת מאַרטירער, און אָן נאָבעל־פּרייזן

אַרום 1937, אין „דער פֿרייע אַרבעטער־שטימע", האָב איך געפֿרעגט

די אידישע שרייבער, פאַרוואָס זיי זיינען נישט מרעיש עולם, וואָס מ׳האָט די גאַנצע מינסקער אידישע שרייבער־גרופּע מיט איזי כאריק, א. דוניעץ און יאַשא בראָנשטיין, אויף אַ ברוטאַלן שטייגער אומגעבראַכט?

זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן, אַז קיין אידישער שרייבער, בתוכם לעאָניד פיינבערג, וואָס האָט נאָך דעמאָלט געדינט דעם סטאַליניזם, האָבן אפילו נישט אַ ברום געטאָן.



# פּאָעטן פאַרמשכונט צום פּאַרטיי־פירער

אונדזער ליטעראַטור איז נישט געווען אָפּגעגעבן צו שיק־שרייבעריי. סאָציאַלע אידייען זיינען תמיד געווען אין אויבנאָן.

די נאָוועלע, דערציילונג און מעשה ביי אונדז האָט געהאַט אַ טאָן פון אײַנזעעניש מיטן אָרעמאַן, אַ מין רחמנות צום דלפון. די שרייבער, אין זייער גרויס־צאָל, זיינען געווען פון סוחרים־קלאַס. זייער דרך האָבן זיי אויך העמאַנסטרירט דורך כלל־טועריי. אין תוך זיינען זיי געווען באַלעבאַטישע מיושבדיקע מענטשן.

פאַרקערט, דער פּאָעט איז געווען דער רופער און שטענדער־קלאַפּער. די פּאָעזיע האָט זיך אָפּגעגעבן מיט שאַפן קאַמף־רופן, מחמת דעם האָט זיך אַנטוויקלט אַ געלעגנהייט, דורך וועלכע די פּאַרטיי האָט גענומען נוצן דאָס ליד, ניט נאָר פאַרן צוועק פון אַגיטאַציע, נאָר האָט שוין אויך דעם פּאָעט איינגעשלונגען אין זיך. באַקומען האָט זיך, אַז דער פּאַרטיי־פירער און פּאַרטיי־טוער, איז געוואָרן אַן אַנגוויזער פאַרן פּאָעט און אַ ממונה, אַ משגיח, אַ פּוסק, וואָס האָט טריף און כשר געמאַכט; געפּסלט און געגעבן שבחים נאָר די מאָטיוון, וואָס האָבן געבראַכט נוצן דער פּאַרטיי.

די, וואָס האָבן אין אַמעריקע געגעבן דעם טאָן אין די אָנהויב יאָרן פון דער גרויסער אידישע אימיגראַציע, זיינען געווען: אַב. קאַהאַן און ש. יאַנאָווסקי. די צוויי זיינען געווען אַגרעסיווע און קאַכעדיקע פּאַרטייער. אפילו זייער רעדן בכלל וועגן פּאָעזיע און אויסטיילן עס פאַר באַזונדער ווערט, איז נישט געווען עכט. די מענטשן האָבן געהאַט ווייניק פּאָעטיש וויסן. עס האָט זיי געפעלט די שטימונג צו קענען אויפנעמען אַ ליד אפילו אין דער פּרימיטיווער פאָרעם פון יענער צייט. דער פּועל־יוצא: זיי זיינען געווען פּאַרטיי־מענטשן און דער מאָטיוו איז געווען, אַז ליטעראַטור, באַזונדער פּאָעזיע, דאַרף דינען דער פּאַרטיי.

די פּאָעטן פון דער גרופּע „יונגע" האָבן אויפגעשטעלט אַ ווידער־שטאַנד דער השגחה פון די פּאַרטייאישע טאָן־געבער אין דער ליטע־ראַטור. זיי האָבן אויך דערפאַר, וואָס דאָס איז געווען אַ הויפּט־פּונקט פון זייער באַגרינדונג, אָפּגעוואָרפן די נויטיקייט פון סאָציאַלע מאָטיוון אין דער פּאָעזיע.

ראובן אייזלאַנד, ע״ה, אין זאַמל־ביכל „מענטש צו מענטש״, וואָס משה־לייב האַלפּערן האָט רעדאַקטירט, איז אַרויסגעקומען מיט אַן אַני־מאמין פאַר די „יונגע״ און די מאָדערנע פּאָעטן בכלל. אין דער דעקלאַ־ראַציע ערקלערט אייזלאַנד: „וועלט־שמערץ און נאַציאָנאַלער־שמערץ; הויכע אידייען וועגן גאָט און אַלמענטשלעכקייט אין זייער אַבסטראַקטער פאָרעם, אינטערעסירן נישט דעם מאָדערנעם פּאָעט, ווי עס אינטערעסירן אים איבערהויפּט נישט קיין שום אַבסטראַקטע פילאָסאָפישע פּראָבלעמען״.

ראובן אייזלאַנד, וואָס איז אין אמתן געווען דער טעאָרעטיקער פון דער גרופּע „יונגע״ האָט אין דער טעאָריע פּאַקטיש אָנגעוויזן, אַז די גרופּע יונגע פּאָעטן נעמען ניט אָן, אַז „וועלט־שמערץ און נאַציאָנאַלער־שמערץ״ זיינען טעמעס פאַר פּאָעזיע און דעם פּאָעט דאַרפן די אַבסטראַקטע פּראָבלעמען נישט פאַראינטריגירן.

אייזלאַנדס דערקלערונג איז געווען אָפּגעדרוקט אין 1918. פינף יאָר שפּעטער זיינען כמעט אַלע פון דער וויכטיקער גרופּע, מיטן אויסנאַם פון אייזלאַנדן און זישא לאַנדוי, געווען פאַרבונדן מיט דער קאָמוניס־טישער „פרייהייט״.

דער גורל האָט אַזוי געפירט, דאָס אידישע פּאָעטן האָבן, ווי אַ כות וואָלט זיי אַריינגעשטויסן, זיך שטענדיק געפונען זיצן ביים ליטעראַרישן טיש מיטן פּאַרטיי־טוער און אַקטיוויסט. דער פּאָעט איז נאָר געזעסן, די קוכער און סאַרווער זיינען געווען די פּאַרטיי־מענטשן. זיי האָבן גע־האָט די קאָנטראָל אויף די צייטונגען און אפילו זשורנאַלן.

די השפּעה פון סאָציאַליסטן, אַנאַרכיסטן, קאָמוניסטן אויף אידישע פּאָעטן האָט זיך אָפּגעטאָן. איצט גאָר, צום שטוינען, גיבן דאָס ביסל איבערגעבליבענע פון „בונד״ אַן אָנווייזונג פאַר פּאָעזיע און אידישער ליטעראַטור. צושטאַנד געקומען איז עס מתמת בונדיסטישע אַקטיוויסטן האָבן זיך איינגעפּעסטיקט אין געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, דורך וועלכע עס גיט זיי אַ געלעגנהייט, זיי גאָר!! צו זיין די רופער, איינבאַרופער און איינאָרדענער פון קולטור־קאָנגרעסן; זיי זיינען זיך מתעסק אַרום צייט־שריפטן און ליטעראַרישע אויסגאַבן; דאָס איז גורם, אַז אַ צאָל אידישע שרייבער זיינען אָנגעוויזן מיט פּרנסה אויף זיי!

אַזאַ מזל: פריער סאָציאַליסטן, אַנאַרכיסטן, קאָמוניסטן, איצט בונ־דיסטן!

דעם דערהויבענעם איד **דוד סאַן**

# צום שורש



„הנה, ימים באים נאם אדני יהוה והשלחתי רעב בארץ, לא רעב ללחם ולא צמא למים, כי אם לשמע את דברי יהוה".

(זע, טעג קומען, זאָגט גאָט דער האַר, און איך וועל שיקן אַ הונגער אין לאַנד, ניט אַ הונגער נאָך ברויט, און ניט אַ דאָרשט נאָך וואַסער, נייערט צו הערן די ווערטער פון גאָט.)

עמוס

**
*

אידיש מיט אידישקייט וועט פאַרזיכערן דעם קיום פון פאָלק. מיר זיינען איצט ביים ראַנד פון אָנהויב — פון אַ נייעם בראשית.

אַלע אַסימילאַטאָרן: די העלעניסטן, משכילים, סאָציאַליסטן, אַנאַרכיסטן, אידישיסטן, האָבן געהאַט אַ רפואה פאַרן אידישן פאָלק — אַוועקנעמען אים פון גאָט.



ביים לערנען

# אָן תורה איז ניטאָ קיין אידיש פאָלק

אידישיסטן זיינען אפשר גאָר אין תוך אַ נייע אַסימילאַטאָרישע אויפ־לאַגע. ווי פאַרקאָכטע אַזאַרט־שפּילער, שטעלן זיי אין דעם קיום פון פאָלק אויף לשון. די מסקנא, אַז אָן אידיש וועט חס וחלילה ניט זיין קיין אידיש פאָלק, איז ביז גאָר פאַרקרימט.

חער כלל־טוער און פּעדאַגאָג א. גאָלאָמב. רעכנט צו די דינאַמישקייט פון אונדזער פאָלק צו אידיש לשון. פון אַזאַ סברה באַקומט זיך גאָר, אַז אידיש איז געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני. און ווער ווייסט, אפשר גאָר פאַר מתן תורה.

א. גאָלאָמבס טעזע שטיצט זיך אויף דער השערה, אַז דאָס אידישע פאָלק האָט זיך פאַר אַ משך פון טויזנט יאָר געשטאַלטיקט אין „אַשכנזישן פאָלק". דאָס „ספרדישע פאָלק" איז אין דער זעלבער צייט געגאַנגען באַרג־אַראָפּ. איך בין זיך משער, אַז דער ווירדיקער שריפטשטעלער און אוהב־אידיש א. גאָלאָמב, שטיצט זיין השערה אויף באַשטימטע ראיות. אָבער כדי זיך ניט פאַרנעמען אין אַ וויכוח מכוח דעם ענין, מוז מען זיך אָנשטויסן, אַז גאָלאָמב מיינט דעם משך פון טויזנט יאָר זינט אידיש, אָדער עברי־טייטש איז געוואָרן דאָס לשון פון „אשכנזישן פאָלק".

גאָלאָמב שטעלט זיך איין: „אשכנז האָט ניט אויפגעהערט צו שאַפן פון בבל אָן", אָבער אַביסל ווייטער אין זיין עסיי „אידן און אידיש", אין שיקאַגער ליטעראַרישן זשורנאַל „אונדזער וועג", פאַרכאַפּט ער זיך: „עס הייסט ניט, אַז דאָס לשון אשכנז איז געווען דער שעפערישער פאַק־טאָר. איך זאָג אָבער, אַז דער גאַנצער שעפערישער און דעמאָגראַפישער אויפשטייג איז באַגלייט מיט דעם לשון אידיש און אין אים שפּיגלט זיך אָפּ דער אויפשטייג".

אַזעלכע אָנווייזונגען און אויספירן זאָגן אָן, אַז דער טעזיס און די רייד פון חשובן א. גאָלאָמב זיינען גאָרנישט שוה בשוה צווישן זיך. מ'קען בשום אופן נישט דערגיין: „עס הייסט ניט, אַז דאָס לשון אשכנז איז געווען דער שעפערישער פאַקטאָר". און אין זעלבן פּאַראַגראַף, איין שורה אַרונטער: „איך זאָג אָבער, אַז דער גאַנצער שעפערישער און דעמאָגראַפישער אויפשטייג איז באַגלייט געוואָרן מיטן לשון אידיש און אים שפּיגלט זיך אָפּ דער אויפשטייג".

אין אָנהויב פון זיין עסיי דרינגט גאָלאָמב, אַז אשכנז האָט ניט

אויפגעהערט שאַפן פון בבל אָן און אַז אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן אין אי־דישן לעבן אויף דער גאָרער וועלט אַלץ שטאַמט פון אשכנזישן „שבט" (שוין ניט „פאָלק"). ווייטער אין דער עסיי: „אין דעם לשון איז אַריין די גאַנצע שעפערישקייט און דאָס געשאַפענע פון דער גאַנצער, פון דער לענגסטער תקופה אין אונדזער געשיכטע. אידיש לשון האָט באַגלייט און אַריינגעזאַפּט אין זיך דאָס גאַנצע לערנען פון אשכנז, די גאַנצע תורה און דאָס גאַנצע לעבן פון שעפערישן אידישן פאָלק, איז בצמצום אַריין אין דעם לשון".

גאָלאָמב ווייסט, אַז אידן האָבן געלערנט תורה אין עברי־טייטש ניט מחמת דאָס לשון איז געווען תורה, נאָר תורה האָט מען פאַרטייטשט אויף עברי־טייטש.

אידן האָבן נישט צוליב עברי־טייטש פאַרביטן און פאַרלאָזן די תורה. אידן האָבן געהאַלטן דעם לשון נישט טראַכטנדיק, אַז מ'דאַרף פון דעם מאַכן אַ געטשקע און שטעלן אויף דעם דעם קיום פון פאָלק, רחמנא לצלן. אפילו די לעצטע 150־200 יאָר, וואָס גאָלאָמב רעכנט פאַר דער צייט פון גרעסטן אויפשטייג אין אונדזער געשיכטע בכלל (וואָס דאָס איז געשיכטלעך ניט אַזוי, און טאַקע פאַרקערט), זיינען נאָר די שעפער אַליין, די וואָס זיינען געקומען פון דער השכלה, געווען אָפּלאַכער און אָפּחוזקער פון דעם זשאַרגאָן: „די שפּראַך פון די דינסט־מוידן און עם־הארצים". ערשט די מאָדערנע אַסימילאַטאָרן האָבן, כדי אַוועקצונעמען דעם אידישן מענטשן פון תורה, זיך פאַרנומען אַוועקשטעלן דעם לשון ווי אַ מין הויפּט־עיקר פאַרן לעבן פון פאָלק.

מען קען דרינגען, אַז גאָלאָמב קומט צו דער מסקנא, אַז מחמת דעם, וואָס פאַר די לעצטע 150־200 יאָר (וואָס ס'איז נישט אַזוי) פון שעפע־רישקייט אין אַ לשון, וואָס האָט ערשט אַליין געגומען זיך פורעמען, איז הערפאַר בטל ומבוטל די איבער צוויי טויזנט יאָר אידיש לעבן זינט דעם חורבן בית שני.

פאַרשטייט זיך, אַז גאָלאָמב קומט ניט צו אַזוינע אויספירן בהדרגה־דיק. זיין עסיי הויבט ער אָן מיט אַ הויכן פּאַטאָס. און פירט מיט זיין עקסטאַז צו דער מסקנא, אַז דער קיום פון פאָלק איז נאָר, השם זאָל שומר און מציל זיין, איינגאַנצן אָנגעוויזן אויף לשון.

אונדזער פאָלק האָט קיינמאָל נישט געשטיצט זיין קיום אויף לשון, נאָר אויף אמונה. מחמת דעם זיינען מיר נאָר אַן עם סגולה. פון דור צו דור ענדערן זיך ביי אונדז סיי די שפּראַך און סיי אונדזער באַנעם. אָבער דער חותם, וואָס די תורה האָט געלייגט אויף אונדז בלייבט אויף אַלע דורות.

א. גאָלאָמב שאַפט השערות, אַז נאָר אידיש לשון איז דער שעפעריי־שער כוח אין אידישן פאָלק. אַן לשון איז ניטאָ קיין פאָלק. און כדי צו געבן זיין טעזע אַן אָנהאַלט זוכט ער צו באַווייזן, אַז דאָס „ספרדישע פאָלק״ (אַ מאָדנע איינטיילונג, ניט אַ טייל פון פאָלק. גאָלאָמב צעטיילט אונדז גאָר אויף עטלעכע פעלקער. אוי, ווי ! צו דעם פירט אַ שפּראַך־פעטיש ! מען טיילט גאָר אָפּ אַ טייל פון פאָלק מחמת עס קען נישט אידיש־לשון. ביי גאָלאָמבן זיינען אידן עטלעכע פעלקער, אפילו נישט קיין שבטים) איז געוואָרן אומשעפעריש, מחמת די ספרדים רייבן ניט אידיש.

ווי אַזוי אַ געלערנטער איד קען קומען צו אַזעלכע אויספירן איז צום שטוינען. אונדזער טויזנטער יאָריקע געשיכטע האָט אונדז קלאָר באַ־וויזן, אַז די פאָרמען האָבן זיך געביטן, דער תוך איז געבליבן. כל־זמן ס׳וועט זיין אַ צובונד פון אידן צו דער תורה וועט זיין אַ אידיש פאָלק.

אידן האָבן געשאַפן אין אַ סך לשונות און מיר האָבן זיי אַריינגע־נומען אין אונדזער פאָלקס־אוצר. דער רמב״ם האָט די וויכטיקסטע אַרבעטן זיינע געשריבן אין אַראַביש. דאָס פאָלק האָט זיינע ספרים ניט פאַרבראַקירט. דאָס אידישע פאָלק האָט אויף אַלע זיינע לשונות געלערנט פון רמב״ם. מחמת דער גאון בישראל האָט געגעבן דעם פאָלק אַ פאַר־שטאַרקערטערן גלויבן אין גאָט און אין דער געטלעכקייט.

נאָך אַ סך פריער פאַר דער שעפערישער עפאָכע פון די אשכנזישע אידן און אידיש לשון האָבן ספרדישע אידן געשאַפן ווערטן פון גרויסער אידי־שער גייסטיקייט. מיר האָבן געהאַט גרויסע און וויכטיקע תורה־צענטערן אין האָלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליע, שפּאַניע א. אַז. וו. דער אויפשטייג פון שעפערישקייט אויף אידיש לשון איז דאָך נאָך גאָר יונג אין פאַר־גלייך מיט די גאָלדענע עפּאָכעס אין אידישן לעבן, וואָס דאָס „ספרדישע פאָלק״ האָט צוגעטראָגן. ווען אידיש איז נאָך געווען עברי־טייטש איז שוין געווען אַן אָפּשלוס פון די ריזיקע פּענאָמענאַלע תקופות אין אונדזער לעבן.

אידיש לעבן האָט אָנגעהויבן דאַרן מחמת אידן האָבן זיך אָפּגעקערט פון תורה, ניט אין עפּעס וואָס לשון האָט גורם געווען. דער מאָדערניזם און די אַזוי גערופענע „עמאַנציפּאַציע״, וואָס האָט געבוירן די רעפאָר־מאַציע און ווי אַ פועל־יוצא אַסימילאַציע און שמד, האָבן אָפּגעקערט די אידן פון דייטשלאַנד, פראַנקרייך און איטאַליע פון אידישן מקור. כל־זמן אידן האָבן געלערנט תורה איז געווען אַ אידיש פאָלק און במילא אַ אידיש לעבן.

די „עמאַנציפּאַציע־רעפאָרמאַציע״ און שפּעטער די השכלה, נאָך דעם די פּאַרטייען פון די פּאָליטישע ריכטונגען און ועל כולם די אידישיסטן איצט, האָבן געהאָלפן און העלפן חרוב מאַכן דעם אידישן לעבן און ברענ־

געגן דעם פאָלק שאַ'זן. אידישקייט קען ניט אָנפאַרטרויען איר קיום אויף נאָר לשון. תורה קען מען לערנען און פאַרטייטשן אויף אַלע לשונות, פונקט ווי מען האָט עס געטאָן אין עברי־טייטש.

אידישיסטן האָבן זיך אָפּגעריסן און אָפּגעפרעמדט פון אידישער טראַדיציע. תורה איז גאָר ביי די אידישיסטן געוואָרן אַן ענין „פאַר כניאַקעס". מאָדערנע אידן וייכן פון תורה און פון אידישער הלכה און מנהגים.

די אידישיסטן האַלטן אין איין דערמוטיקן די קרובהשאַפט צום אידישן וואָרט און שעפערישקייט אויף אידיש. עס ווערן געדרוקט הונ־ז'ערטער ביכער אויף אידיש־לשון פון תורה־אידן וועגן תורה. וויסן די אידישיסטן פון דעם? מיר האָבן איבערגעריסן אונדזערע פאַרבינדונגען און קרובהשקיטן מיט דער רעליגיעזער ליטעראַטור אויף אידיש. ס'איז פאַר אונדז אַזוי פרעמד, ווי אַ ליטעראַטור פון אַ פרעמד און אומבאַקאַנט פאָלק.

מיר זיינען אַן עם סגולה. אונדז פאַרבינדט ניט און פאַראייניקט ניט לשון — אַחוץ לשון תורה. ווען מיליאָנען ניט־אידן וואָלטן פלוצים געגומען רעדן און שאַפן אין אידיש, וואָלטן זיי געוואָרן דורך דעם אידן? אונדזער גאַנג אין דער וועלט, ווי אַ פאָלק, איז אויסגעטיילט פון אַלע פעלקער. מיר זיינען נאָר אַ פאָלק צווישן פעלקער ניט מחמת לשון, נאָר מחמת אונדזער אייגנאַרט, אונדזער טראַדיציע, אונדזערע מנהגים און אונדזער פאַרבינדונג מיט תורה.

אידיש לשון איז נאָר אַ שטייגער, ניט קיין תוך. דער תוך אין קיום פון פאָלק איז תורה.

# דעם הייליקן שניידערל איז אומעטיק

מאַמע־לשון האָט טויזנטער לעבנס, וואָס נישט קיין קאַטאַוועסן און נישט קיין חזק קאָנען פאַרטרייבן. אידיש־לשון איז דער אָפּשפּעטער פון אַלע אָפּזאָגער. ס׳איז דאָס הייליקע שניידערל, וואָס עפנט שטיל און באַשיידן אונדזער טיר און ווי אַ בן־בית מאַכן מיר צוזאַמען אַ ברכה אויף זאַלץ און ברויט.

דאָס הייליקע שניידערל איז געגאַנגען מיטן זאַק אויף די פּלייצעס פון שטאָט צו שטעטל, פון דאָרף צו ישוב, און האָט אין אידישע שטי־בער געבראַכט דעם טעם פון וואָרט און די ליכטיקע גרוסן פון אידיש־רייד.

יאָרן זיינען אין געלאָף פאַרגאַנגען. אידישע קינדער האָבן זיך אָפּ־געקערט פון שניידערל און פון דער אידישער שטוב האָט זיך אָפּגעטאָן און ס׳איז פאַרגאַנגען די פרייד פון אידישע רייד.

דעם שניידערל איז ווינד און ווי. דאָס פאַרלאָזטע אידיש וואָרט איז אויף אַ טראַג־בעטל אַריינגעבראַכט געוואָרן אין אַ קאַלטן טורעם וואו עס וועלן אים פּרובירן טועם־זיין עטלעכע פאַרחלשטע אַקאַדעמיקער.

מאַמע־לשון איז געוואָרן אידישע שפּראַך, און פון אידישער שפּראַך האָט זיך אָפּגעטאָן דער חן און וואַרעמקייט פון אידישע רייד.

דאָס הייליקע שניידערל זיצט אין פּיין. אוי־ווי, אידיש ווערט מיט לייטן גלייך! ס׳איז שוין אַ קעגנשטאַנד ווי די אַרכיוו־לשונות: לאַטיין און אַלט גריכיש.

ס׳איז אַ שמחה: אידיש אין די הויך־שולן! וואָס פאַר אַ קיום וועט אידיש האָבן, אַז עס לעבט נישט אין דער אידישער שטוב און אונדזערע אידעלעך, אפילו די, וואָס האָבן אויפגעהויבן אין עקסטאַז דעם שריי־בער ברוך שעפּנער, און אים געשיקט אָנזאָגן די בשורה, אַז אַ פּאָר אידעלעך מאַטערן זיך ניט, נאָר קענען טאַקע אויסזינגען — „אַ ציגעלע, מיגעלע, לידעלע״, זיינען אויך נישט קיין זיכערע וואַליוטע, וואָס וועט קענען צודעקן אונדזער דעפיציט.

מיר טרייסטן זיך און גיבן זיך אַליין צו מוט. מיר זאָגן זיך נאָך אַלץ איינער דעם צווייטן: „שלום עליכם — עליכם שלום״. די קינדער אונדזערע אָבער הויבן גאָרנישט אָן צו וויסן, וואָס ס׳איז אַזוינס מחדש זיין די לבנה.

אוי־ווי! דעם הייליקן שניידערל איז אומעטיק. ער זיצט אין דרויסן אויף קאַלטע טרעפּ פון מאַרמאָרנעם טורעם און וויינט!

**
*

האָבן די גאָט־לייקענער געפונען דעם אמת? איז דורך זייער כפירה

דער מענטש דערהויבענער געווארן? כופרים בעיקרס טראַגן אריין איי־ביקע וואָך. אַן קדושה איז דאָס לעבן ווערטלאָז, און ווערט נאָר באַשרענקט צו גשמיות.

***

זיי פרעגן: וואָס איז אַ איד? די הלכה האָט עס שוין פון לאַנג קלאָר געמאַכט.

***

אַ פרומער איד לעבט לויט די דינים, וואָס גאָט האָט אים געבאָטן. יעדן טאָג לויבט ער גאָט און באַהעפט זיך מיט אים. דעם טאָג ווען גאָט האָט גערוט הייליקט ער און דערהויבט מיט פרייד און זינגט לידער פון עקזאַלטאַציע.

די פריידענקער און די אַלע, וואָס ווילן באַגליקן דער מענטשהייט מיט אַן אַנדער סדר עולם לעבן אין פוסטקייט. זיי זאָגן נאָר צו אַ יום־טוב וואָס וועט ווערן ווען מ׳וועט אומוואַרפן, אומברענגען, איבערבייטן און ערשט דעמאָלט וועט מען פּרובירן איינפירן אַ נייע אָרדענונג, וואָס וועט, אַזוי זאָגן זיי, ליכטיקן מיט דערהויבונג און פרייד. דערווייל לעבן זיי אין גראָקייט און וואָכידיקייט.

אידישיזם איז אַסימילאַציע און האָט געפירט צו אַסימי־לאַציע. אויב עס מאַכט צונישט דעם רעליגיעזן בונד צווישן אידן, מוז דער פועל־יוצא זיין אַסימילאַציע. ס׳איז שוין אַ טרויעריקער פאַקט.

***

די תורה פאַרבינדט דעם אידן מיט אחריות. די גויים האָבן נישט קיין פאַרפליכטונג. ס׳איז אַ רעליגיע פון אַגיטאַציע. ביי אונדז האָט משה אַראָפּגעבראַכט די לוחות פון באַרג סיני. די גויים האָבן זיך מתקנא געווען. זייער יוזל האָט נישט געבראַכט קיין לוחות, נאָר אַ רעדע — „די סוירמען אַן די מאונט“.

***

קריסטנטום: אַ רעליגיע פון לאָזונגען, נישט מעשים — אַחוץ האַס און מאָרד, איז קריסטליכע עטיק געמאַכט, קינצלעך, פּרעטענזיע. אידישע — איז אין און תוך פון כּלל. גויים האָבן געגעבן דאָס פיזישע אין מענטשלעכע ווערטן. אפילו אין דער פילאָזאָפיע — מיר האָבן געגעבן דאָס גייסטיקע. ס׳איז אַ רחמנות אויף די אידן, וואָס ווילן אַנטלויפן פון שטאַם, דערפאַר וואָס רוצחים באַפאַלן אונדז.

***

גויאישע רעליגיעס האַלטן זיך אָן אין לאָזונגען און זיי פאַרטוען זיך

נאָר אין געבעט: „לעט אוס פרעי". מחמת דעם טעם פאַרזעצן זיי דעם מאָראַלישן תוך פון רעליגיע. די גויים האַלטן זיך נאָך אָן אין געצנדינסט. דערפאַר האָבן זיי פײַנט דעם אחדות־הבורא און די וואָס גלויבן אין אים. די אויטאָריטעט איז די תורה, גאָטס וואָרט, נישט קיין מענטש אָדער אַ פון מענטשן אויפגעשטעלטער צענטער.

**
*

הענגט אַ ווײַנענדיקער יעזוס. ער קלאָגט צו זיך און צום פרימאָרגן. פאַר וואָס ער קען נישט באָרגן, פון ערגעץ אַביסל רו פון די טעמפע רייד. ער טוט מיט צער קלערן: „צו וואָס האָב איך עס באַדאַרפט אַ יעזוס ווערן?".

**
*

גויאישע ליטעראַטור איז אַן אָפּשפּיגל פון זייער לעבן. ס'איז אַ ליטעראַטור אָנגעפילט מיט טונקעלע ברואים, מיט מערדער. מאָרד, רציחה, גזילה און סאַדיזם איז אין אויבנאָן. אין דער אידישער ליטעראַטור איז דער „גרעסטער רוצח" דער בעל הטאקסע. מ'הייסט אונדז הנאה האָבן און זיך קוויקן מיט די גויאישע שרייבונגען און פאַרשווינען.

**
*

אוהב ישראל. געווויסע אידן פרעגן: וואָס פאַר אַ איד דאַרף מען זען געבן דעם טיטל „אוהב ישראל". וואָס דען, אַ איד האָט פײַנט אידן? עס קען געמאָלט זײַן. מיר האָבן זעלבסט־האַסער, אָפּלייקענער, אַנטלויפער און נאָכקרימער. אַזעלכע עפּיטעטן, ווי עס נוצט אַ פײַנבערג, ווי „אידליק" און נאָך פון דעם סאָרט, באַשטעטיקן, אַז נישט נאָר האָט ער נישט קיין באַציאונג צו אידן, נאָר ער האָט פאַראַכטונג צו די „אידלעקלעך". ס'איז ווי געזאָגט: „צו זײַן אַ איד איז נישט אַזאַ יחוס, אָבער אַ „אידליק" איז נאָך ווינציקער.

**
*

רבי יהושע בן חנניה, אַ גרויסער תלמיד־חכם, איז אַרויסגעטראָטן קעגן רבן גמליאל. רבי יהושע, אַ שמיד, איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן. וואָס האָט געאַרבעט שווער פאַרן שטיקל ברויט. אין וויכוח האָט רבן גמליאל, וואָס איז געווען ביי זיך זייער תקיף, אויפגעוואָרפן רבי יהושען:

— פון דײַנע הענט קען מען זען, אַז דו ביסט אַ שמיד.

דערויף האָט ר' יהושע אים געענטפערט:

— ווי איז צום דור וואָס דו ביזט געווען זײַן פירהער; ווײַ איז צו דער שיף וואָס דו ביזט געווען איר קאַפּיטאַן; ווייל דו ווייסט גאָר ניט פון דעם צער פון די תלמידי חכמים, ווי אַזוי זיי לעבן און פון וואַנען זיי נעמען אויף פרנסה.

האָט רבן גמליאל געבויגן זיין קאָפּ פאַר רבי יהושען און צו אים געזאָגט:

— ביזט גערעכט, זיי מיר מוחל!

האָט רבי יהושע געשוויגן.

האָט רבן גמליאל צו אים געזאָגט ווייטער:

— טו עס צוליב מיינע גרויסע עלטערן.

ערשט דעמאָלט האָט רבי יהושע זיך מיט אים איבערגעבעטן.

גאָר אַ סך צווישן שרייבער אפילו זיינען גלייך צו ביידן: צו רבן גמליאל און צו רבי יהושע.

**
*

אַ מוסר השכל קען מען און מ'דאַרף זיך אָראָפּנעמען פון דער טיפער חכמה, מיט וועלכער די איינפאַכע אידישע פרוי גליקל האמל האָט געליכטיקט. ישעה'ן לאַנג קען מען זיצן און הערן, ווי גליקל דערציילט אירע דעראינערונגען פאַר אירע קינדער און לערנט זיי, אַז אין גוטע און שלעכטע צייטן דאַרף מען זיין אַ מענטש. זי ברענגט זיי אַ משל פון אַ קייסער, פון אַ פויגל, פון אַ דאָקטאָר — אַלץ כדי זיי צו געבן „די גוטע לערע". די פיינסטע מענטשלעכקייט איז דאָ אין איר „לערע". זי זאָגט ניט קיין איבעריק וואָרט און אירע רייד דערגייען צום האַרצן:

„ווען גאָט וויל אַ מענטשן דערנידעריקן וועלן אַלע זיינע פריינט שווייגן שטיל. זיי וועלן אים ניט העלפן, זיי וועלן וויכן פון אים. זיי וועלן זאָגן — ער איז ניט געראָטן. דער מענטש בלייבט אַליין, עלנט. פון טויזנט ועט זיך קיין איינער ניט געפינען, וואָס זאָל אים זאָגן: 'דו ביסט אַ מייניקער'. אָבער אויב גאָט וויל אַ מענטשן וואויל טאָן' וועלן זיינע שונאים שווייגן שטיל און וועלן זיך אפילו צו אים דערנענטערן".

גליקל האָט אונדז דערציילט וועגן דער שיינקייט פון אידישן לעבן און דער טיפער מענטשלעכקייט פון אַ אידישער פרוי.

**
*

אונדזערע קינדער האָבן זיך אָפּגעקערט פון אידישן לשון. כדי זיי האַלטן פאַרבונדן מיט אונדזער פאָלק מוזן מיר שטאַרקערן די אמונה.

**
*

אידיש לשון ביי די אידישיסטן איז אַ תוך; פון זייערע הוימען איז אָפּגעטאָן דער תוך, דער יום־טוב און די דערהויבונג פון אידישקייט.

**
*

# קיום פון אידיש נאָר אין אידישקייט

פאַר אונדזערע זיידעס און טאַטעס איז געווען קלאָר, וואָס ס'איז אַ איד און וואָס איז אידישקייט. ס'איז זיי גאָר קיינמאָל ניט איינגעפאַלן צו דריינגען עפּעס אַנדערש. אַ איד איז געווען דער, וואָס האָט געגלויבט אין אחדות הבורא, האָט אָפּגעהיט מצוות און איז געגאַנגען אין די דרכים, וואָס די תורה האָט פאַר אים אָנגעצייכנט.

אידן בכל תפוצות ישראל זיינען פאַרבונדן געוואָרן דורך גלויבן. לשון־קודש, אין וועלכן מ'האָט צו גאָט גערעדט, איז געווען דאָס אוני־ווערסאַלע לשון, וואָס האָט פאַרברידערט איד מיט איד. פרעמדע לשונות האָט זיי ניט פאַרפרעמדט. „יהודי אנכי", „שמע ישראל" זיינען געווען די כישוף־ווערטער, וואָס האָבן געעפנט נישט נאָר טיר און טויער אין אידישע שטיבער, נאָר אידישע הערצער.

דורות לאַנג האָט דאָס אידישע לעבן געהאַט דאָס אייגנאַרטיקע אויס־זען: אַ פאָלק בין העמים, האָבן זיי פון גאָטס דרכים נישט אָפּגעטראָטן, און דאָס האָט זיי געמאַכט קאָנטיק ווי אַן אויסגעטיילט פאָלק. אַרומגע־רינגלט פון פאַרווילדעטע פעלקער, פעלקער אָן קולטור, אָן וויסן, האָט דאָס אויסגעוויילטע פאָלק געלערנט תורה. תורה, דער קוואַל, אין וועלכן עס שטראָמען אַלע חכמות פון דער גאָרער וועלט.

בעת די שכנהשע קינדער זיינען געזונקען אין אָבערגלויבן און פינצ־טערניש, אין אומוויסנקייט און ברוד, איז דאָס אידיש קינד געגאַנגען לערנען תורה. דורך דער תורה האָט ער געהאַט די פאַרבינדונג מיטן גאַנצן אָנהויב פון מענטשן מין אויף דער ערד, און אפשר נאָך פריער — פון דעם בראשית, ווען אַלץ איז נאָך ניט געווען; ווען אַלץ איז נאָך געלעגן פאַרבאָרגן אין „תוהו ובוהו".

יהודה איז געווען אַ מין דורכשפּאַציר פאַר מערדערישע פעלקער, וואָס האָבן גערויבט, אומגעבראַכט און צעשטערט, אָבער דעם גלויבן אין „אחד" האָבן זיי ניט געקענט צעשטערן; דאָס פאָלק ישראל האָבן זיי ניט געקענט אָפּווענדן פון אידישער מאָראַל און אידישע דרכים. ווען די גאַנצע אַנטיקע וועלט מיט דער רוימישער אימפּעריע האָט געהאַלטן ערב אונטערגאַנג, זיינען אין ירושלים געווען צוויי תורה־צענטערן — בית הלל און בית שמאי. אויף אַלע וואַנדער־וועגן האָט דער איד זיך ניט אָפּגעזונדערט פון דער תורה. ער איז געגאַנגען מיט פרייד און גרייט־קייט צו הייליקן גאָטס נאָמען — קידוש־השם — מיטן רוף פון אידי־שער דערקענטעניש און איינהייטלעכקייט: „שמע ישראל יהוה אלהינו יהוה אחד".

קיין פאָלק האָט נישט געהאַט אַזאַ פאַרבינדונג מיט פעלקער, ווי דאָס אידישע פאָלק. אונדזער תורה איז אַן אַלמענטשלעכע, אַן אַלוועלטלעכע. דער גלויבן אין איין גאָט איז דער גלויבן אין איין וועלט, וואו גאָטס קינדער לעבן.

אידישע מאָראַל איז נישט צו פאַרגלייכן. אַרומגערינגלט כסדר פון רויבערישע, קריגערישע פעלקער, האָט דאָס אידיש פאָלק אויסגעטיילט פאַר זיך אַ פענעצל ערד, אויף וועלכן עס האָט געליכטיקט מיט מאָראַל און הויכע מידות. בעת גויים האָבן זיך אויפגעשטעלט אַ מענטש־גאָט. מחמת דעם, וואָס זיי זאָגן, אַז דורכן טויט פון מענטש־גאָט איז דעם בן־אָדם מכפּר געוואָרן זיינע זינד, האַלטן זיי אין זינדיקן און אין איין בעטן פאַרגעבונג. לעטס פרעי — דאוואי מאָליטסאַ". מ'דאַרף זיך נאָר מתוודה זיין. אַזאַ סדר הערשט זינט קריסטנטום איז געוואָרן די רעליגיע פון די געצנדינערישע פעלקער. קאָנסטאַנטין דער ערשטער, דער רוימישער אימפּעראַטאָר, וואָס האָט קריסטנטום געמאַכט פאַר אַ מלוכה־רעליגיע, איז טראַץ דעם, וואָס ער האָט דערמאָרדעט זיין זון, דערטרונקען זיין ווייב און האָט אין זיין הויף איינגעשטעלט מאָרד, רויב און אויסגעלאַסנקייט פאַר אַ סדר, פאַררעכנט ביי די קריסטן אַלס אַן הייליקער. קען מען אַזוינס זיך אויסמאָלן ביי אידן? ווען דאָס רעשטל פון דער חשמונאים־דינאַסטיע האָט זיך פאַרנומען אויף פאַרברעכערישע וועגן, האָט דאָס אידיש פאָלק פון זיי זיך אָפּגעקערט.

אַזוי גיך ווי אַ פאָלק איז באַזיגט געוואָרן אויפן שלאַכט־פעלד איז עס אומגעקומען גייסטיק. זיין געדעכעניש איז אָפּגעווישט געוואָרן. אונדז האָבן אָבער באַשיצט נישט כלי־זיין, נאָר די פעסטונג, די אומצוגלייכלעכע גייסטיקע פעסטונג — בית הלל און בית שמאי, וואָס האָט אונדז געשירעמט אויף אַלע בייזע וועגן, וואו דער שונא האָט אונדז געטריבן.

* * *

אונדזער וועג אין לעבן און צווישן די פעלקער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אברהם אבינו, איז געפירט געוואָרן דורך לענדער, אומות און נסיונות. מיט אברהמען האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אידישע פאָלק — איין משפחה אין איין גרויסער וועלט פון געצן־דינער. אברהמס וועג, דער וועג צו גאָט, דעם גאָט פון גערעכטיקייט, איז געווען אַ שווערער און איינזאַמער, אַ וועג בלויז פאַר די ווינציקע, אָבער דער כוח פון איינציקן איז אפשר פונקט אַזוי חשוב ביי גאָט, ווי דער כוח פון גרויסע מאַסן — נאָר צען צדיקים קענען ראַטעווען.

אונדזער גאַנג, מיט אַלע שוועריקייטן און סכנות, האָט אונדז נישט אַראָפּגעפירט פון דרך. אַ סך זיינען אָפּגעפאַלן אויפן לאַנגן וועג, אָבער

דאָס פאָלק, מענער, פרויען, קינדער און זקנים האָבן אויף איין ווײַלע זיך ניט אָפּגעווענדט פון גאָט. עס זײַנען געווען אַזעלכע צווישן אונדז, וואָס האָבן גאָר געוואָלט מאַכן אַנדערע טײַטשן וועגן גאָט, ווי אלישע בן אבויה, אָבער דאָס פאָלק, ווי שפּעטער אין אַמסטערדאַם, האָט זיך אָפּגע־קערט פון די רייד, וואָס האָבן זיך פאַרנומען אַרויסצודרינגען, אַז דער בורא עולם איז ניט דער בורא עולם.

אידן האָבן מיט ליבשאַפט אָפּגעהיט די אַלע דערהויבענע מידות, וואָס גאָט האָט געשענקט זײַן אייציק פאָלק, ביז עס איז אויפגעקומען די השכלה. דאָס איז געווען אַ מין „הבה נתחכמה לו". די פאַרזהכן פריער פון די אַלע סאָרטן העלעניסטן, וואָס האָבן געוואָלט אַראָפּפירן אידן פון גאָטס וועג — האָט זיך ניט אָנגענומען אין פאָלק. סוף כל סוף האָט זיי, די העלעניסטן, די צייט אומגעבראַכט און אָפּגעווישט זייער זכר. די העלעניסטן זײַנען באַשטאַנען, אַז מ׳דאַרף זיך פאַרגריכעווען. די נײַע „הבה נתחכמה׳ניקעס", האָבן געוואוסט, אַז צו טאָן ווי די פאַרגריכעשטע אידן האָבן געוואָלט, וועט זיך ניט אײַנגעבן, האָבן זיי געוואָרפן אַ שפּאָגל־נײַעם רוף: „אַ פענצטער צו דער וועלט: אַ איד אין הויז, אַ מענטש אין גאַס".

די משכילים זײַנען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געוואָרפן אַ בילבול אויפן פאָלק. זיי זײַנען געווען די ערשטע פון צווישן אונדז, וואָס האָבן דעם אידן אָפּגעטיילט פון מענטש. ביי זיי איז איד און מענטש נישט געווען צוזאַמען. ס׳האָט געמיינט, אַז כדי צו זײַן אַ מענטש אין גאַס מוז מען לאָזן דעם איד אין שטוב. אַזוי האָבן די משכילים גערעדט צום אידן, די קרוין פון די פעלקער, וואָס דער כביכול האָט אויסגעוויילט, ווי זײַן פאָלק און אים געקרוינט ווי אַן עם קדוש.

וואָס איז געווען די גאַס, וואו די משכילים האָבן דעם אידן געהייסן זײַן אַ מענטש? די גאַס פון ברוד, טעמפּקייט, רציחה, אומוויסנקייט, אַנ־אַלפאַבעטיזם, שקלאַפערײַ, אונטערדריקונג. די גאַס וואו די ווערט פון אַ פערד האָט געהאַט מערער אָנזען, ווי די חשיבות פון בן אָדם.

אויף וועמען האָבן די משכילים אונדז געהייסן זיך פאַרקוקן? אויף די שאַפער פון זייער קולטור, וואָס זײַנען געווען לעב־יונגען, פאַרזונ־קען אין זינד; שווערד־מענטשן; שקלאַפן־אייגנטימער; פריצים, וואָס האָבן סיי געמאַכט קאָנצערטן, קולטור האָט עס געהייסן; סיי אַמאָל געלייענט אַ בוך; און סיי ווילדע הוליאַנקעס, אויסגעלאַסענע אָרגיעס.

אויף וועמען האָט די השכלה געהייסן אונדז זיך פאַרקוקן, כדי צו ווערן מענטשן? אויף די גריכן, וואָס זייער גאַנצע קולטור איז, ווי יהודה הלוי האָט כאַראַקטעריזירט: „אַ שיינע פרי, אינווייניק פוסט", אַ

קולטור געבויט אָרום מיטאָלאָגיע, אָרום געצנדינסט, אויף די רוימער — די מערדער און פליגדערער, רוצחים און צעשטערער? אויף די סלאַווישע פעלקער, וועלכע זיינען געשלאָגן מיט אומוויסנקייט און פינצטערניש? אויף די דייטשן, דאָס פאָלק פון מערדער, וועמען מ'האָט צוגערעכנט אַלע שעפערישע דערגרייכונגען פון זייערע גייסטיקע מענטשן, וואָס האָבן גאָר אין תוך באַזונגען געצנדינסט, וועמענס העלדן זיינען ווערד־מענטשן און געטער, וואָס צעשטערן איינער דעם צווייטן כדי צו אָנקומען אין זייער גן־עדן „וואַלאַהאַלאַ" און האָבן די זכיה אויפגענומען ווערן פון גאָט אָדין, ווערן גאָר די וואָס זיינען געשטאָרבן אַ העלדישן טויט. אומברענגענדיק אַנדערע מענטשן. די, וואָס זיינען געוואָרן באַשטראָפט צו שטאַרבן אַ נאַטירלעכן, פרידלעכן טויט איז נישט געווען באַשערט צו אָנקומען אין „וואַלאַהאַלאַ" און הנאה האָבן פון פרעסן מיטן גאָט אָדין, און אונטערהאַלטן זיך מיט געשלעגן און יאַגד.

מיר האָבן ערשט געדאַרפט גיין ווערן „מענטשן" אין גאַס!! ביי אידן האָט מען געלערנט קליין און גרויס. אין דער צייט ווען אין „גאַס" האָט מען פאַרשלאָסן אַלע צוטריטן צו וויסן, וואו בילדונג איז געווען דער מאָנאָפּאָל פון אַ פּריוויליגירטער גרופּע, איז פאַר אידישע קינדער געווען אָפן אַלע קוואַלן פון אידישער חכמה, אידיש וויסן, תנ"ך, תלמוד. די שאַפונגען פון גרויסע אידישע דענקער און שעפער; די וואָס האָבן געלערנט נשמה־ציכטיקייט, האָט מען מבטל געמאַכט; אויב מ'לערנט אידיש וויסן איז מען נישט קיין מענטש, אַ מענטש קאָן מען נאָר ווערן ווען מ'לערנט „חכמת־יון", די חכמה פון געצנדינער. יהודה הלוי האָט געזאָגט: „זיי דאַרפן זיך ביי אונדז לערנען, נישט מיר ביי זיי. אונדז האָט גאָט אויסגעוויילט פאַר זיין פאָלק און געגעבן די תורה, נישט זיי".

די משכילים האָבן זיך טאַקע געהאַלטן ווי אידן. פאַרקערט, זיי האָבן בלויז געוואָלט „אויסמענטשלען" דעם אידן, אים אויסבעסערן, רעפאָרמירן, אַרויסשיקן אים אין גאַס אָן באָרד און פאות, ער זאָל זיך קענען אָנערקענען, ווי אַ מענטש דורך אָפּנעמען זיך אַ מוסר־השכל פון דער הילפלאָזיקייט, דערשלאָגנקייט אין וועלכע עס האָבן געלעבט די שכנים.

אפשר איז די כוונה פון די משכילים געווען אַ גוטע, אָבער זייער שטייגער האָט געטריבן אידן צו שמד. זיי האָבן נישט נאָר געהייסן דעם אידן איבערלאָזן זיין אידישקייט אין שטוב, זיי האָבן אידישקייט אויך פון שטוב פאַרטריבן. קיין אַנדער אידישקייט האָבן זיי אים ניט געקענט געבן. ס'איז געווען אַ צו שטאַרקע קאָנקורענץ מיט אונדזערע גרויסע אידן פון אַלע צייטן. אין אַזעלכע שטיבער זיינען געוואַקסן קינדער, וואָס

האָבן שוין געטראָגן בגדים מיט מעשענע קנעפּ, אָבער גאַנצע מענטשן זיינען זיי נישט געוואָרן. זיי האָבן ערשט זיך געדאַרפט שמדן כּדי קענען זיך צורעכענען צו די „גאַנצע מענטשן". וואָס האָט זיי געקענט איינהאַלטן אין די שטיבער? דאָס אידישקייט דאַרטן האָט מען שוין נישט געקענט אויפזוכן.

די השׂכּלה איז אַרויס פון באַלעבאַטים און סוחרים־קלאַס, צום שוס־טער־גאַס. די שוסטער־גאַס האָבן פון אָנהויב די משׂכּילים נישט גע־קענט איינעמען. פּונקט ווי די העלעניסטן אין יהודה האָבן ניט געקענט איינעמען דאָס הינטערלאַנד. די משׂכּילים האָבן קאָקעטירט מיט העב־רייאיש און זייערע קינדער האָבן שוין נישט געוואָלט וויסן ניט פון דער שפּחה־אידיש, און ניט פון דער הארנטע־העברייאיש. זייערע לשונות זיינען געוואָרן — דייטש, רוסיש, פּויליש — די שפּראַכן פון גאַס. סך־הכּל: השׂכּלה האָט געבראַכט אַסימילאַציע און דעם פּועל־יוצא: שמד...

די אַסימיליאַטאָרן, די מאָדערנע העלעניסטן, האָבן נישט גערוט; אָפּ־צורייסן דאָס פאָלק פון שורש איז געווען זייער ציל. די יורשים פון די משׂכּילים אויף דער שוסטער־גאַס, זיינען געוואָרן די סאָציאַליסטן און די אַלע, וואָס האָבן זיך פאַרנומען צו ברענגען גליק דעם ברודער אַרבע־טער. רעדן אידיש — יאָ, ס׳איז די שפּראַך פון פאָלק, אָבער אידיש נישט ווי אַ ציל, נאָר ווי אַ מיטל. אַזוי האָבן באַגרינדעט די אַסימילאַ־טאָרישע אידישע סאָציאַליסטן, מיט אַב. קאַהאַן בראש. די טענדענץ איז געווען: ווי גיך מ׳וועט דעם אידישן אַרבעטער דורך דער אַגיטאַציע מאַכן פאַר אַ גוטן סאָציאַליסט, וועט מען אידיש קענען אַריינשליידערן אין מיסט־קאַרב. אידער אָבער סאָציאַליזם וועט לייזן אַלע פּראַגן, האָט מען דעם אידישן אַרבעטער צוגעגרייט צו פאַראַכטן זיין אייגן לשון דורך פאַר־דאַרבן אים. די יורשים פון דער השׂכּלה האָבן נאָך אַלץ געהאַלטן, אַז אידיש איז זשאַרגאָן.

די השׂכּלה האָט זיך אָבער נישט אָפּגעשטעלט אין שוסטער־גאַס. זי האָט געמאַכט אַ מין זיגזאַג אַרום. זי איז אַרויס פון רשות פון די וואָול־גאַריזאַטאָרס, צום מענטשן פון בוך. ביי אים איז נישט אידישקייט גע־וואָרן חשוב, נאָר אידיש גאָר. אידיש, הייסט עס, האָט גאָר געדאַרפט פאַרבייטן אידישקייט. פּונקט ווי די ערשטע משׂכּילים־אַסימילאַטאָרן האָבן גערופן „די מענטשן אין גאַס", אַזוי האָבן די נייע אַסימילאַטאָרן אָנגע־הויבן רופן „וועלטלעך". אַ גרויסער מהלך פון גאַס ביז וועלטלעך. אָבער דער תּוך איז געווען — אָפּפירן אידן פון טראַדיציע. מ׳האָט זיך אַזוי פאַרטאָן אין וועלטלעכקייט, אַז מ׳איז דערגאַנגען צום אַבסורד, אַז אַ אידיש בוך קען פאַרבייטן אַ ספר, אָדער רחמנא לצלן — די תּורה.

שמואל לעווין, וועלכער איז געווען אַ מין פֿאָרשטייער פֿון דער דאָזיקער שיטה — אידיש קעגן אידישקייט, פֿרייט זיך אין דער „פֿרייער אַרבעטער־שטימע" (1טער אָקטאָבער, 1958), אין אַן אַרטיקל „כף־הקלע פֿון עמאַציעס"), אַז אַסימילאַציע האָלט אָפּ אַ נצחון. אין אַ טאָן פֿון געווינער, הרינגט ער, אַז אַפֿילו מיט 60 יאָר צוריק האָבן אידן זיך גענומען אָפּקערן פֿון אידישקייט. פֿרומקייט איז שוואַכער געוואָרן, זאָגט ער. ער רעדט וועגן שוואַכער פֿרומקייט און פֿאַרגעסט דערמאָנען דעם איינפֿלוס, וואָס די השכלה האָט געהאַט אויף אידן, וואָס האָבן געפֿאָלגט און אַרויס אין „גאַס". לעווין טייטשט טרויעריק אויס: „דער פֿאַקט איז, אַז אידישקייט, אידישע טראַדיציע, איז אויך דאָרט שוואַכער געוואָרן, אַפֿילו ביי די מיטליאַריקע". און מיט נצחון רופֿט ער אויס: „פֿון דער יוגנט איז אָפּגערעדט, זי האָט זיך דעמאָנסטראַטיוו אָפּגעקערט פֿון גלויבן, פֿון טראַדיציע. זי איז געוואָרן וועלטלעך, פּראָגרעסיוו [געוואַלדיק פּראָגרעסיוו איז צו זיין וועלטלעך!], ציוניסטיש, סאָציאַליסטיש. אָדער זי האָט זיך געווענדט צו אַן אַנדער אידייע אָדער אידעאַל".

וואָס עס זיינען עפּעס די די אַנדערע אידייען און אידעאַלן, דאָס האָט לעווין נישט מגלה־סוד געווען. אפֿשר אַביסל קריסטלעכקייט? אידיש און אידיש־לשון איז זיכער נישט צווישן די נייע אידעאַלן, וואָס זיי האָבן אָנגענומען. אין אמת, אָבער, פּירט ער אויס, טראַדיציע אָן רעליגיע האָט נישט קיין האַפֿט און ממשות.

די דאָזיקע אַסימילאַטאָרן, וואָס שטאַמען אָפּ פֿון „בונד" און אַלע אַנדערע מינים סאָציאַליסטישע גרופּירונגען און פֿאַרנעמען זיך צו מבטל מאַכן אידישקייט, הויבן גאָר אָן צושרייבן צום „בונד" די ראָלע פֿון פֿאָלקס־רעטער, מחמת אַמאָל אין די בימי־פּאָגראָמען האָבן זיי געהאַט אַ זעלבסט־שוץ — „אַ זעלבסט", נישט קיין פֿאַר „יענעם". די חשמונאים, בר־כוכבא און די אַלע גרויסע אידישע גבורים זיינען גאָר נישט מיט גאָר נישט. די גבורים זיינען דאָך געגאַנגען זיך מקריב זיין על קידוש־השם, אָבער זיי, די בונדישע זעלבסטשוצלער, האָבן געשאַפֿן אידישע געשיכטע.

דערפֿאַר איז נישט קיין וואונדער די בונדישע ווילדקייט, וואָס פּראָקלאַמירט, אַז דער איינציקער פּאָזיטיווער כוח אין אידישן לעבן איז געווען דער „בונד". עס קומט אויס, אַז פֿאַרן „בונד" איז אידיש לעבן געווען פֿאַרלאָזן און פֿאַרווילדעוועט. זיי זיינען עס געקומען אויסלייזן דעם אידישן מענטשן.

דער „בונד" וויל נאָך אַלץ מזכה זיין אונדז מיט זיין גאָט, אַ מין סאָציאַליזם, השם זאָל אָפּהיטן. אָט־די אידייע פֿון די לעונינס, טראָצקיס,

סטאַלינס און כרושטשעווס דאַרפֿן עס פֿאַרבייטן די אידישע אמונה, וואָס איז אַ מוכסטער פֿון עטיק, מאָראַל און דערהויבענע מידות. זיי ווילן פֿאַר־בייטן דעם כוח, וואָס האָט אויפֿגעהאַלטן אידישן קיום, אויף גלויבנס, וואָס זיינען שקר, ווי אַלע געצנדינסטן.

דער „כל ישראל ערבים זה בזה", האָט געהאַט די גרעסטע באַדייטונג פֿאַר אונדזער זיין. אידן זיינען פֿאַרבונדן געוואָרן דורך גלויבן, נישט דורך לשון; דורך תפֿילות, נישט דורך אַ ליד. דערפֿאַר קען זיך נישט אָננעמען אין אידישן באַוואוסטזיין, אַז לשון קען פֿאַרבייטן גאָט.

דער מאָדערנער וועלטלעכער איד האָט אָפּגענומען, נישט צוגעגעבן צו אידישקייט. די „וועלטלעכע אידישקייט", וואָס איז בלויז געשטיצט אויף לשון האָט נישט געשאַפֿן קיין ווערטן, קיין מנהגים, שטייגער אָדער טראַדיציע. זיי פּרובירן אַריינפֿירן אידישן צערעמאָניאַל, אָבער נישט אין שטוב, נאָר פֿון פּלאַטפֿאָרמעס אין האָטעלן. אַזאַ סאָרט פּרואוו האָט נישט קיין שום באַרעכטיקונג און קאָן נישט האָבן קיין קיום, מחמת ס'איז אַ מין ערזאַץ, אָן נשמה, אָן יום־טוב, אָן פֿייערלעכקייט און אָן דער התלהבות, וואָס איז די ברכה פֿון גלויבן.

די אַלע „וועלטלעכע" שולן, וואו מ'האָט קינדער אונטערריכט, נישט געלערנט, אין אידיש לשון, האָבן געהאַט אַ קליינע פּעולה. קיין איין וויכטיקן פֿירער, דיכטער, שרייבער אָדער אָנגעזעענע פּערזענלעכקייט האָבן די שולן נישט אַרויסגעשיקט פֿאַרנעמען אַן אָרט אין אידישן לעבן. אין דער זעלבער צייט, אָבער, האָבן פֿון די תלמוד־תורות און ישיבות אַריינגעשטראָמט טויזנטער אידישע בני־תורה צו אידישע כלל־טוערי, צו ווערן אידישע מדריכים.

אויף אָט־די קינדער (און נישט פֿון די וועלטלעכע שולן), איז געשטיצט דער קיום פֿון אידישן פֿאָלק. די אידישיסטן בויען אַלץ אויף טעאָריע, צום אידישן פֿאָלק קאָן מען קיין טעאָריע נישט צופּאַסן. מיר זיינען אַן אַלט פֿאָלק און מ'קען אונדז נישט אומברענגען מיט טעאָריעס. בלויז אונדזער גלויבן האָט אונדז אויפֿגעהאַלטן; מיר'ן איבערגעלעבט גרויסע, שטאַרקע פֿעלקער מיט פֿאַרנעמלעכע קולטורן. די טעאָריע־שאַפֿער האָבן אונדז מזכה געווען מיט פֿאַרשיידענע טייטשן, קיין נצחון איבערן רבונא דעלמא כולה האָבן זיי נישט געהאַט. זיי האָבן נאָר געקענט אַראָפּפֿירן אַ געוויסע צאָל פֿון אידישן דרך. אפֿילו היטלער, ימח שמו, האָט אונדז נישט גע־קענט אומברענגען. די אידן, וואָס זיינען געגאַנגען צו די קאַלך־אויוונס מיט „אני מאמין" האָבן געגעבן דעם המשך צו אונדזער אידישן לעבן און זיין.

* * *

די אידישיסטן מאַנען מ׳זאָל זיך האַלטן ביי אידישקייט, אָבער זיי האָבן נישט קיין שום אופן, ווי אַזוי צו געבן באַדייט זייער „אידישקייט״. ס׳איז אַ געמיש. די בונדיסטן האַלטן, אַז זיי זיינען דער שוץ און דער „איינציק פאָזיטיווער כוח״ ביי אידן. די קאָמוניסטן — וועגן זיי איז דאָך אָפגערעדט. זיי רופן זיך אָן: „די געטרייסטע זין פון אידישן פאָלק״. די שפּראַך — אידישיסטן גלויבן, אַז בלויז אידיש איז דער כוח, וואָס וועט אויפהאַלטן דאָס פאָלק. די שפּראַך ביי אַ פאָלק, וואָס רעדט אַלע לשונות פון אַלע פעלקער און וואָס האָט אפילו אין די הייליקע ספרים געגעבן אָרט צוויי אידישע שפּראַכן. (און פון די אידישיסטן איז עס געבוירן געוואָרן דער טעזיס פון זייער רבין חיים זשיטלאָװסקי, אַז אידן זיינען אַ שטער, זיי שטייען אין וועג פון געשיכטע־גאַנג. אַזוי זאָגן דאָך אויך די קריסטלעכע טעאָלאָגן.)

די דאָזיקע טעאָרעטיקער פאַרזעען דעם אמתן קוואַל פון וואַנען עס קוועלט אַרויס אידישקייט און אידיש לעבן: די תלמוד־תורה, די ישיבה. זיי גיבן עס דעם אידישן קינד אַן אינהאַלט, נישט די חשיבות פון אַ לשון, נאָר אין אַ אמונה, וואָס האָט אויפגעהאַלטן דאָס פאָלק, נישט צוליבן לשון, נאָר מחמת בטחון אין אלהים.

די קינדער אין די תלמוד־תורות און ישיבות זיינען עס די אויפהאַלטער פון קיום־העם. נישט די סעמעלעך און דזשעקעלעך, נאָר די משהלעך און שלמהלעך מיט די פּאהלעך. ס׳איז דערפאַר ווערט איבערגעבן די שטימונג פון נאָוועליסט יצחק באשעוויס וועגן די אידעלעך מיט די פאהלעך. באשעוויס איז אַ וועלטלעכער איד („וואָט עווער איט מינס!״) מיט אַ בענקעניש צו גאַנצער אידישקייט.

דערציילט באשעוויס אין „פאָרווערטס״ (אונטערן פסעוודאָנים „ד. סיגאל״), וועגן אָנגעגענען זיך מיט חסידישע קינדערלעך אין די קעטסקיל בערג. קינדערלעך, וואָס רעדן אידיש מיט טאַטע־מאַמע, בעת די אידישיסטן, אונטער דער השגחה פון „בונד״, רופן איין קולטור־קאָנגרעסן און רייסן זיך אַ פּאָלע פאַר אידיש, לערנען אידישע קינדער תורה פאַרטייטשט אויף אידיש און אידיש איז זייער אומגאַנג־לשון.

אידישיזם איז אַ קולטור־היסטאָרישע פאַרזעעניש. דער אידישיזם איז באַנקראָט. די אידישיסטן האָבן נישט געשאַפן דעם קלימאַט פאַר אַן אידישן המשך. די קינדער פון די מאָדערנע שולן, וואָס זיינען געווען די האָפענונג פון די אידישיסטן האָבן זיך אָפגעווייטערט פון אידיש. נאָך אַ לשון דאַרף מען בענקען ווי נאָך אַ געליבטע. די יוגנט פון די מאָדערנע שולן האָבן זייער אַכטונג פאַר אידיש לשון אפילו נישט פאַר־

צייכנט אויף פאַפּירענע געמעלעכצן.

די „וועלטלעכקייט" האָט אויך געבוירן אַלע פאַרזעעענישן. די „כנענים" אין ישראל זיינען געקומען פון דעם „וועלטלעכקייט" טראַכט.

טראַדיציאָנעלע אידישקייט גיט אַן אינהאַלט — יום־טוב, דערהויבונג און די גרויסע אחריות פון גלויבן אין פאָלק. וואָס פאַר אַ בונד איז איינגעשטעלט צווישן דעם אידן, וואָס איז אויסגעשיילט פון אידישן באַ־נעם, אידישער הלכה און דעם תורה אידן?

חיים ליבערמאַן, אין זיינער אַן עסיי „פרומע און פרייע אין ישראל" (וואָס קאָן שוין זיין חל פאַר עם ישראל), גיט איבער אַ דרשה, וואָס הרב יהודה גרשוני האָט געהאַלטן אויפן צוזאַמענפאָר פון דער מזרחי־הפועל המזרחי. ליבערמאַן נעמט אַרויס איין געדאַנק פון הרב גרשוניס פאָרטראג איבער הלכה, וואָס קען, ווי אַ כלל, צוגעפּאַסט ווערן צו די אָפּווייכער פון אידישן באַנעם. זיי האָבן נאָך צייט: „דער דין איז, אַז נאָר אַ זאַך וואָס איז אָפּגעריסן, אָפּגעריסן און אָפּגעטיילט פון זיין וואָרצל איז מקבל טומאה, אָבער כל־זמן אַ זאַך איז אָנגעהעפט נעמט זי ניט אָן קיין טומאה. תבואה, כל־זמן זי איז ניט אָפּגעשניטן, קען ניט ווערן טמא. וואָסער כל זמן ס'איז נאָך אין קוואַל אָדער אין טייך ווערט ניט טמא. אַזוי איז אויך די זאַך מיט אַ קינד פון אידישן פאָלק: כל זמן ער איז צוגעבונדן צום כלל ישראל איז ער צו־געבונדן צו זיין וואָרצל און אויף אים איז ניט גילטיק קיין טומאה. בלויז ווען אַ יחיד רייסט זיך אָפּ פון כלל ישראל און ווערט אַ נפש פאַר זיך, גייט אַרויס פון אים די חיות פון אידישער אייביקייט און ער איז מקבל טומאה".

מיר מוזן איינשאַפן צוריק אידישן סדר און אינהאַלט נישט אין אַ שולע וואו מ'לערנט נאָר קינדער אַ לשון, אָן אַן אינהאַלט, אָן אַ צובונד צום אייביקן פאָלק, נאָר אין דער אידישער היים.

ס'איז נויטיק נאָך אַמאָל איבערגעבן באַשעיוויסעס געדאַנקען, וואָס קומען זיך צוזאַמען מיט דער אידייע פון געבן אַ באַגייאונג און אַן אַנ־דער זין צום ענין אידישיזם:

„אידיש קאָן עקזיסטירן אויב די שפּראַך וועט ציען זאַפטן פון די אַלטע אידישע ווערטן. אידיש וואָס רייסט זיך אָפּ פון די אַלטע אידישע ווערטן, איז פאַראויס באַנקראָט.

„דער אידיש וואָס גייט איצט אונטער איז נישט אידיש, נאָר אַן אָפּ־געריסן גליד פון אידיש — אַ נאַקעטע שפּראַך. דער אידיש וואָס קאָן און דאַרף בלייבן וועט זיין ענג פאַרבונדן מיט אידישקייט. עס מוז אויפ־קומען אַ נייער אידישיזם: אידיש פון קוואַל, אידיש פון אידישן בוים,

פון גאָרטן פון אידישקייט. דער אָפּגעריסענער אידיש האָט אַרויסגעבראַכט יעווסעקישע ליקווידאַטאָרן און קברנים. דער פולער אידיש האָט נאָך איצט אין זיך דעם כוח אויפצוהאַלטן אידן אין דער וועלט. אויפצוהאַלטן די אידישע קולטור, דעם אידישן כבוד און די אידישע אייניקייט".

צו דערציען קינדער אָן פאַרבינדונג צו דער אמונה, מיינט זיי צו פאַרווילדעווען. אַ מין פאָרמע פון אַנטלויפן, פון אַסימילאַציע, בלויז מיט אַ שמירהלע — אידיש. אַזאַ מצב איז דאָס שוין.

אונדזער מארטיראָלאָגיע איז נישט געווען מחמת לשון. נאָר מהמת אומה און אמונה, וואָס קען נישט אָפּגעטיילט ווערן.

אונדזער וועג איז דער וועג פון אברהם אבינו — אַ שטייגער געבויט אויף גלויבן, אויף גערעכטיקייט, אויף גוטע מידות. אַ גלויבן מיט איינזעעניש און בטחון, אַז צען גערעכטע מענטשן, צדיקים, קאָנען ראַטעווען אַ זינדיקע שטאָט פון פאַרניכטונג.

אונדזער יוגנט האָט אָפּגעווייכט פון אידישן לשון. מיר האָבן שוין באַלד נישט קיין עלטערע. פאַר די געבליבענע איז נאָך פאַראַן אַן אויסוועג: צוריק צום שורש. אידיש וועט ערשט אויפלעבן, ווען דער אינהאַלט און תוך וועט זיין און ווערן תורה. אידיש וועט צוריק ווערן דאָס לשון פון אפשר דעם גאַנצן פאָלק ישראל. און העברייאיש וועט דעמאָלט ווערן צוריק לשון קודש, ווייל אָן לשון קודש האָט העברייאיש און דאָס העברייאישע פאָלק ווייניק אָנהאַלט. אידיש פאַרן און אין פאָלק; לשון־קודש פאַר דער תורה און די הייליקע ספרים.

די אידישיסטן מוזן פאַרלאָזן די פּלאַטפאָרמעס און זען אַוועקנעמען אידיש פון די אפיקורסישע, אַסימילאַטאָרישע הענט. און נאָר אין דעם זכות וועט געצויגן ווערן דער המשך פון אידיש — תורה פאַרטייטשט אויף מאַמע־לשון.

* * *

איך האָב ליב אידן און אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט אידן: רעליגיע און אידן זיינען איינס.

די שנאה צום אידישן פאָלק איז די שנאה פון געצן־דינער צו גאָט.

# לאָמיר מציל זיין דאָס אידישע קינד

## (חיים ליבערמאַנס רוף צו לעשן דאָס ברענענדע אידישע הויז)

כדי מ׳זאָל דאָס אידישע קינד ביי אונדז אין אַמעריקע, קענען מציל זיין פון פאַרגרעבונג, פון אויסוואַרצלונג, פון אָפּגעפרעמדטקייט, מוז דער אידישער קהל פון לאַנד אין אַלע זיינע ישובים אויפוואַכן און לויפן געשווינדט אָפּלעשן די שריפה, וואָס די וויסטע אַסימילאַציע האָט אָנגעצונדן אין דער אידישער היים.

דעם פייער דאַרף מען פאַרלעשן מחמת דאָס אידישע הויז ווערט פאַרצערט. צוליב דער סכנה פון אַ פאַרניכטונג איז דער פאַרנעמלעך, חשובער שריפטשטעלער און ירא שמים, חיים ליבערמאַן, אַרויס אין מיטן מאַרק, האָט צעשפרייט די הענט און מיט ווי אין קול וואָרנט ער: אידן! אידן, אייער הויז ברענט! וואַכט אויף, וואַכט אויף!

אַזאַ התראה איז ניט קיין שפילעכל. ס׳איז נישט עפּעס אַ מין זיך רייצן, רחמנא לצלן. עס איז פאַרצווייפלונג, עס איז אַ וויי־געשריי: „אין דער אידישער נאַכט אין אַמעריקע״. עס איז אַ רוף צום אידישן מענטשן, ער זאָל זיך אומקוקן און זען ווי זיין יחוס ווערט אויסגעלאָשן; זיין קינד, וואָס דאַרף ממשיך זיין, רוקט זיך אַוועק פון פאָלק.

דער אידישער מענטש האָט פאַרזען מקיים צו זיין דעם פאַרזאָג: „חנוך לנער על פי דרכו גם כי יזקין לא יסור ממנו״. דערצי דאָס אינגל לויט זיין וועג, אויך אַז ער וועט אַלט ווערן וועט ער זיך ניט אָפּקערן דערפון.

דאָס אידישע קינד איז אָפּגעטראָטן פון אידישן דרך, און דאָס איז גורם, חלילה, אַ נאַציאָנאַלן טויט. אָבער דער גרויסער מאמין חיים ליבערמאַן ווייסט, אַז מ׳קען נאָך ראַטעווען זיך און דעם גאַנצן ישוב פון פאַרגיין. ס׳איז נאָך צייט געבליבן צו אָפּהאַלטן און פאַרהאַלטן דעם פאַרפלייץ, דעם גאַנג צו נאַציאָנאַלן אומקום און מ׳קען נאָך פאַרוואַנדלען — „דעם טראָט פון טויט, אויפן טאַנץ פון לעבן״.

דאָס אַמעריקאַנער אידיש לעבן איז פאַרוואָרלאָזט און פאַרווילדעוועט געוואָרן, מחמת אידן האָבן זיך אָפּגעקערט פון יסוד אויף וועלכן דאָס אידישע פאָלק און זיין קיום האַלט זיך — תורה. דאָס אָפּווענדן זיך פון

דער תורה האָט עס גורם געווען די שריפה פון אַסימילאַציע, וואָס פאַר־שלינגט די אַמעריקאַנער אידן און טרייבט צו אַ נייעם חורבן.

דער ליטעראַטור קריטיקער איד חיים ליבערמאַן ווייזט אָן: „ווען מען שיידט זיך אָפּ פון אידישקייט און מען דערווייטערט זיך פון תורה, ענדיקט מען ניט דערמיט, מען בלייבט ניט שטיין אויף איין אָרט. מען גייט ווייטער — צו אַסימילאַציע און צו שמד, רחמנא לצלן. עס איז ניטאָ קיין נייטראַלע פּאָזיציע אָן תורה. דער מענטש, וואָס שיידט זיך אָפּ פון דער תורה, זאָגט רש״י, איז זיין סוף, אַז ער גייט און באַהעפט זיך צו דער עבודה זרה״. די תורה זאָגט קלאָר אָן דעם באַשייד: „ענטוועדער־אָדער, — אויב ניט איד, איז גוי. קיין מיטלוועג איז ניטאָ״.

גרויס איז די סכנה. צו שעדלעכקייט איז אויסגעשטעלט דער אידי־שער ישוב אין אַמעריקע. אויפן אידישן מענטשן און אויפן אידישן קינד לויערן טויזנטער שדים, רוחות און די טריפהנע לילית, די קעניגין פון די טיוואַלים אַליין.

די טעכניק, די וויסנשאַפט, די דערפינדונגען זיינען איינגעשפּאַנט געוואָרן צום דינסט פון שטן מקטרג. די אַלע איינריכטונגען, און איינשטעלן, רייסן ביי די פּאַלעס, לאָזן דעם אידישן מענטשן און דאָס אידישע קינד ניט צורו.

חיים ליבערמאַן ווייזט אויף: „קיינמאָל אין דער גאַנצער אידישער געשיכטע איז נאָך ניט געווען אַזאַ געפערלעכע לאַגע ווי היינט. קיינמאָל האָט דער שטן ניט געהאַט אַזעלכע מיטלען און אַזאַ צוטריט צום אידן ווי היינט. זייער בייע געווער זיינען: ראַדיאָ, טעלעוויזיע, פילם״.

די ראַדיאָ און טעלעוויזיע ברענגען אין אידישן שטוב אַריין גלחישע דרשות. דורך דער שויב פון טעלעוויזיע־קעסטל, ווערט דער פּויפּסט אַ בן־בית אין אידישע היימען און צו זיין „עבודה״ ווערן אידישע קינדער צו־שויער און צוקוקער.

די פילם, די קינאָ, דאָס איז גאָר אַ טיוולישע מאַשין. זי דערהויבט, פּאַרסענטימענטאַליזירט און פאַרכלינעט פילמען מיט אַ קריסטלעכן תוכן. דער גלח און די נאָנע ווערן ראָמאַנטיזירט. דער טראָפּ אויף זייערע אויפ־פירונגען ווערן אָנגעגעבן נאָר אויף פרומקייט; אויף צדקות, אויף מעשים טובים; אויף דעם עיקר, אַז די גלחים און די נאָנעס זיינען בלויז פאַר־טאָן אין שפּרייטן מענטשן־ליבע אין שטעלן זיך אין דינסט פאַרן ואהבת לרעך. אידישע קינדער קוקן זיך צו צו דער אויסגעטראַכטער אידיליע, צו דעם פאַלשן וועג פון אויפפּאַסן און אויסטייטשן און זיי ווערן באַווירקט.

חיים ליבערמאַן רעדט מיט צער וועגן דעם חורבן, וואָס איז באַ־פאַלן דאָס אידישע הויז: „אַמאָל איז דאָס אידישע הויז געווען אַ פאַר־

מאַכטע פעסטונג, פאַרשלאָסן און פאַרהאַקט אויף טויזנטער שלעסער. היינט איז דאָס אידישע הויז אָן ווענט. די ווענט פון אידישן הויז זיינען איינגעפאַלן און ווי אַ ביידל אין פעלד איז עס אָפּן אויף אַלע זייטן, און אַלע ווינטן בלאָזן אַריין און אַלע רוחות טאַנצן דאָרט זייערע קאַראַהאָדן״.

חיים ליבערמאַן באַפעסטיקט אַלע זיינע טענות מיט ראיות, ער גיט איבער אַ שלל מיט געשעענישן, פּאַסירונגען, מעשיות, פון וועלכע עס שרייט אַרויס דער צער און ווי אויפן בראָך, וואָס אונדזערע קינדער ווערן פאַרגרעבט.

חיים ליבערמאַן גיט איבער וועגן אַ אידישן יונגנמאַן, אַ קאַלעדזשגעענדיקטער און פּראָפעסיאָנאַל, וועלכער האָט ליבערמאַנען געפרעגט: וועלכער משה איז געווען פריער — משה רבינו אָדער משה בן מיימון (דער רמב״ם).

ס׳איז אמת, בייזע כוחות רייסן זיך אַריין אין אידישן לעבן, אָבער אַלץ איז נאָך ניט האָפענונגסלאָז. אַלץ אין אידישן לעבן איז נאָך ניט אַריינגענומען אין יאוש. עס זיינען נאָך פאַראַן גוטע אידישע קינדער, קינדער וואָס דאָרשטן נאָך תורה. נאָר לערנען איר און דערוויסן זיך אַלע חכמות, וואָס שטראַלט אַרויס פון דער תורה. צוליב זייער זכות טאָר מען זיך נישט מיאש זיין. און טאַקע צוליב זיי, אָט די איינציקע, אָט די ווינציקע, רופט עס חיים ליבערמאַן דעם אַמעריקאַנעם איד צו דערקענטעניש, צו זיך אויפנעמען און באַהעפטן זיך מיט אָט־די וואָס ראַטעווען זיך פון דעם „גאָלדענעם חורבן״, וואָס האַלט אין פאַרשלינגען דעם ישוב אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

חיים ליבערמאַן אין זיין געפאַר־רוף ווייזט אָן: „אין אַלע דורות האָבן טאַטעס און מאַמעס געהאַט צו דערציילן וואונדער־זאַכן פון זייערע קינדער. פון די קינדער זיינען אַרויסגעקומען נייע אידישע דורות, וואָס האָבן ווידער געהאַט צו דערציילן וואונדער־זאַכן פון קינדער. אַזוי פון פאַרצייטיקן ירושלים אָן״.

אין אַמעריקע האָט זיך אָפּגעטאָן אָט־דער וואונדער פון אידישן גייסט און די ליכטיקייט פון אונדזערע דורות. געשען איז דאָס, מחמת אידישקייט איז אויף הפקר געלאָזן געוואָרן. מען האָט אידישקייט פאַרביטן פאַר אַלע עבודה זרה׳ס.

עס טרעפט אַז אַ קינד זאָל זיך אויפוועקן. עס טרעפט: ביי איינעם אין אַ שטאָט, ביי צוויי אין אַ משפּחה״. און זיי גייען גאָר קעמפן פאַר אידישקייט קעגן זייערע עלטערן. „דאָס רוב פאַלן זיי אין קריג. נאָר אַמאָל זיינען זיי מנצח. דאָס זיינען קינדער העלדן פון גאָר אַ באַזונדער מין, וואָס ברענגט אַ נייעם גלאַנץ אין דער מיסטיק פון אידישן גייסט.

און פון די דאָזיקע אַמעריקאַנער קינדער איז אויך דאָ צו דערציילן וואונ־דער־זאַכן, ווי אין די דורות פון אַמאָל". און חיים ליבערמאַן דערציילט זיי.

ער גיט איבער וועגן אַ אידישן אינגל, וואָס האָט ניט געהאַט קיין שום אַנונג פון אידישקייט און איז געשטאַנען אין סכנה אָפּגעשמדט צו ווערן, רחמנא לצלן. אָבער דער איינגעשלאָפענער אָפּשטאַם האָט אים ניט געלאָזן רוען. ער האָט צו זיך געטראַכט: „איך גיי ווערן אויס איד און ווערן אַ קריסט, וואָס קריסטענטום איז האָבן זיי מיך געלערנט, אָבער וואָס אידישקייט איז האָט מיך קיינער ניט געלערנט". און ער האָט צו זיך ווייטער געזאָגט: איך ווייס וואָס איך קריג [קריסטלעכקייט], אָבער איך ווייס ניט וואָס איך גיב דערפאַר אַוועק — ווי מעג איך מאַכן אַזאַ בלינדן בייט?"

דאָס פערצן צי פופצן יאָריק אינגל איז אַוועק דערפאַר זיך דערקונ־דיקן, וואָס ער ווערט אָן. ער שאַפט זיך איין אַ בוך אין אַ אידישער בוך־האַנדלונג וועגן „יענעם מאַן". נאָכן איבערלייענען דאָס בוך האָט ער גלייך געלאָזן וויסן צו זיינע גלחים: „דער עסק איז אויס".

מיט ראיות און פאַקטן גיט איבער חיים ליבערמאַן נאָך עטלעכע געשיכטעס אַזוינע, וואו ער דערציילט פון פאַרבלאָנדזשעטע אידישע קינדער, וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט די פאַרוואָכידיקייט פון זייער סביבה און האָבן ניט דערלאָזן זיך אָפּצופרעמדן פון אידישן פאָלק און אידישן תוך.

חיים ליבערמאַן רופט, מאָנט און דערמאָנט דעם אידישן קהל, אַז ער זאָל זען פאַרהיטן, אַז דאָס אידישע קינד זאָל, חס וחלילה, נישט אויסגע־וואָרצלט ווערן פון אידישן שטאַם, פון אידישן שורש, אַז עס זאָל ניט פאַרוואָרפן ווערן אין כף הקלע און אַוועקגעשלײדערט ווערן צו די שדים, די רוחות און לאפיטוטן, און מחמת דעם איז ליבערמאַנס התראה צום אַמעריקאַנעם אידן און אפילו צו די אידישע מדריכים, אידישע פירער, רבנים: „אידישע פירער, רבנים, דרשנים, מנהיגים, גבאים, פּרנסים, קולטור־טוער און סתם אידן: איר פאַרזינדיקט דאָס אידישע פאָלק אין אַמעריקע! איר פאַרגיסט דאָס דאָזיקע בלוט! און עס וועט קומען אַ טאָג פון רעכנשאַפט און פון אייער האַנט וועט עס געמאָנט ווערן!"

**
*

חיים ליבערמאַנס בוך „וואַכט אויף, וואַכט אויף! דאָס אידישע הויז ברענט!" איז אינגאַנצן פאַרטאָן אין וועקן אידן, זיי זאָל קומען לעשן דאָס אידישע הויז. עס איז אַ רוף צו שטורעמען די גאַסן; רופן מיט פויק, מיט טרומייטער, ווי דבורה הנביאה, צונויפזאַמלען זאָל מען אידישע קינ־דער און אויסשרייען: „אידישע קינדער! שמע ישראל!" און אפשר

וועט דאָס גורם זיין, אַז די טומאה זאָל פאַריאָגט ווערן פון דער אידישער שטוב.

חיים ליבערמאַנס רייד ווערן געזאָגט מיט אימפעט, מיט וואַרעמקייט און ערנסטקייט. ס'איז גאָר ניט אָפּצופרעגן זיינע ראיות, זיין רוף און אַרויסרוף וואָס מוז אַלאַרמירן דעם אידישן מענטשן, עס קען אים ניט לאָזן גלייכגילטיק און רואיק. עס מוז אָנרירן יעדן אידישע טאַטע־מאַמע.

„וואַכט אויף, וואַכט אויף! דאָס אידישע הויז ברענט!" איז נישט נאָר אַ טיף־אידישער בוך, נאָר אַ בוך פון דערהויבענער אידישקייט, פון קדושה. ס'איז אַ בוך, וואָס מוז גרייכן יעדן אידן. און זיך צו האַלטן כסדר וואָך מוז דאָס ספר תמיד ליגן פאַר די אויגן, כדי מען זאָל נישט פאַרגעסן, וואָס ס'איז דאָרטן פאַרשריבן.



ל"ג בעומר טאַנץ

## ביי אידן — ניט געדאַכט זאָל עס ווערן!

מיט שטוינונג דערמאָנט מען איציק פעפערס אָדע צו סטאַלינען, וואו ער פאַרגלייכט אים מיט דער זון. אָבער די וואָס פאַרקרימען זיך פון איציק פעפערס געצנדינערישע שטימונגען, אַנטלויפן ניט מיט עקל פון די שבחים, וואָס איז צוגעטשעפּט געוואָרן צו לייוויקן, און ווערן ניט אַלאַרמירט פון די קראַנקע ווידמונגען פון אידישע שרייבער צו אידישע שרייבער. די וואָס זיינען נאָך ביים זינען האָבן געדאַרפט קריעה רייסן.

וואָס יצחק יאַנאַסאָוויטש האָט צוגעטיילט יעקב גלאַטשטיינען, גיב איך איבער אין דער עסיי „טרויעריקע רייד פון אַ אידישן שרייבער". אָבער דער יאַנאַסאָוויטש איז ניט איינזאַם. אין ישראל זשורנאַל „היימיש" וויל די פּאָעטעסע רקודה פּאָטאַש נישט אַנדערש, ווי די „עמפּייר סטעיט"־געביידע האָט זיך געקניט־געבוקט פאַר אפרים אויערבאַכן, און די הייליקע ירושלים איז אים, אָט דעם אויערבאַכן, אַרויס באַגעגענען און געטרונקען לחיים (גראַם — ירושלים) פון זיינטוועגן.

די פּאָעטעסע עליזה גרינבלאַט פאַרשוועכט דעם טאַטנס אויפשטיין צו חצות פאַר עבודת הבורא, מיט איר אויפשטיין אינמיטן נאַכט כדי לייענען וואָס וויליאַם נאַטאַנסאָן זאָגט וועגן לייוויקן.. אים קען זי ניט גרייכן, ער איז משיח. אָבער פון פאַרמיטלערס נאַטאַנסאָנס רייד קומט זי אַרויס „געלייטערט פון פיין". אַ פשוטער לייענער נעמט זיך איבער, וואָס ער האָט די זכיה צו לעבן מיט יצחק באַשעוויס אין איין דור.

אָט־די טרויעריקע וואַקכאַנאַליע האָט אַ שורש: וועלטלעכע אידישקייט. און אָט־דער אומעט האָט שוין געבוירן דעם פאַשיסטיש־קאָמוניסטישן קלימאַט צווישן אונדז.

מחמת איך האָב אָנגעוויזן, אַז אַ געוויסער פּאָעט איז ניט ראוי פּרעמירט צו ווערן, איז מיין נאָמען אין חרם אין דער צייטונג וואו דער פּאָעט איז נייעס־רעדאַקטאָר. פּרנסה האָבן די לייט פון מיר צוגענומען, וואָלטן זיי געהאַט די פּאָליציאישע מאַכט, וואָלטן זיי באַשטימט מיך פאַרטיליקט.

איציק פעפערס לויב סטאַלינען איז דאָך נעבעכדיק לגבי די שבחים, וואָס פלייצן פון איינעם צום צווייטן. ניט נאָר צו דער זון, נאָר זיי גלייכן שוין צו אַ בשר ודם צום, להבדיל אלף הבדלות, בורא עולם. נו, מילא, פעפער האָט עס געטאָן, ער האָט געדאַפּט באַשיצן זיין נפש. פאַר וואָס טוען זיי עס?!

# אינהאַלט



## שטילקייט און געוויש פון וואָרט



## פון נידער

## היימען ווינטן בלאָזן



## ביים קאַמין



## צום שורש